לודוויג יאַקאָבאָווסקי.

# ווערטהער דער יוד.

ראָמאַן



פערלאג
ב. שימין, ווארשא.



פערקויף:
געזעלש. „צענטראל", ווארשא.

ווארשא. תרע"ג.

# אינהאלט,

# לודוויג יאַקאָבאָווסקי.

(ביאָגראַפיע).

לודוויג יאַקאָבאָווסקי איז געבאָרען געוואָרען דעם 21-סטען יאַנו־אַר 1868 אין סטרעלנאָ, פרייסישע פראָווינץ פּויזען. זיין פאָטער איז געוועזען אַ קליינער יודישער סוחר. אין דעם נודנעם פערשלאָפענעם קליינשטעדטעל, האַרט ביי דער רוסישער גרעניץ, זענען פאַריבער זיינע ערשטע יאָהרען, און די שווערע קינדהייט האָט געלייגט אַ שטעמפּעל אויף זיין שפּעטערדיג לעבען און שאַפען. די דחקות און אָרימקייט, וואָס האָבען איהם בעגלייט פון וויגעל אָן, האָבען זיך טיף איינגעקריצט אין זיין ווייכער קינדער-נשמה און האָבען געגעבען זיין גאַנצען וועזען אַן ערנסטע גרונדשטימונג—פון צער און ביטערניש.

דער אַפּעטיט ביים קליינעם יאַקאָבאָווסקין איז גרעסער געווען פאַר די בוטער-ברויטען, וואָס דער פאָטער זיינער האָט איהם געהאַט צו געבען, און אין פיל פון זיינע לידער געפינען אַן אָבקלאַנג די טרויע־ריגע טעג פון זיין קינדהייט.

אַז ער איז אַלט געוועזען זעקס יאָהר, האָבען זיך זיינע על־טערן איבערגעצויגען קיין בערלין. דאָ, אין דער הויפּטשטאָדט פון דייטשלאַנד, איז דעם פאָטער זיינעם געלונגען נאָך דער גרעסטער אַנ־שטרענגונג פון אַלע זיינע קרעפטען אַרויפצואַרבייטען זיך און צו פער־בעסערן זיינע לעבענס-אומשטענדען.

פון דאַן אָן איז בערלין געוואָרען יאַקאָבאָווסקיס אייגענטליכע היימאַט. דאָ האָט ער צוגעבראַכט כמעט אַלע לערן-יאָהרען זיינע, דאָ האָט ער אַרויסגעוויזען זיין קראַפט אין די יאָהרען פון רייפקייט, און דאָ האָט ער אויך געפונען דעם נעהר-באָדען פאַר זיין קונסט.

אין בערלין האָט ער צוערשט בעזוכט אַ פּריוואַטשול. שפּעטער, אַלס ניינעהריג יונגעל, איז ער אָנגעקומען אין דער לואיזענ־

שטעדטישער איבער-רעאַלשול, וועלכע ער האָט שפּעטער שטענדיג דערמאָהנט מיט אַ געפיהל פון דאַנקבאַרקייט. אונטערן אונגעהייערן אײַינפלוס פון שיללערס „רויבער“, האָט אַ ווילדער דורשט צום לייענען איהם בעהערשט. וואָס ס'איז איהם אין האַנט געקומען געדרוקטעס — צייטונגען, גאַסענבלעטלעך, היסטאָרישע ביכער, וואָס דער פּאָטער זיינער האָט זעהר ליב געהאַט, „העכסט-אינטערעסאַנטע“ ראָמאַנען, וואָס די דינסטמיידלעך האָבען איהם צוגעשאַרט, — אַלץ האָט ער געשלונגען מיט דער אייגענער גיריגקייט. און אַלץ איז געפאַלען אויף אַ פרוכט-באַרען באָדען און געמאַכט איהם פריה רייף. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט עס איהם אַ ביסעל קאַליע געמאַכט, איהם אָבגעצויגען פון לערנען, און פון דעם ביז-אַהער גוטען שילער איז געוואָרען אַ פוילער יונגעל. צוליבדעם האָט ער, עלף יאָהר אַלט, געמוזט פערלאָזען די רעאַלשול און איבערגעהן צוריק אין דער פּריוואַטשול, וואו ער איז פערבליבען ביז צום פערצעהנטען יאָהר.

אַז ער איז אָבער וואָס ווייטער אַלץ בעסער און בעסער געוואָרען, האָט מען איהם ווידער צוגענומען אין דער רעאַלשול, און פון איצט אָן האָט ער געמאַכט גרויסע פּאָרשריט, זיך גערעכענט צווישען די בעסטע שילערס און אין הערבסט פון יאָהר 1887 געענדיגט גלענ-צענד די רעאַלשול.

יאַקאָבאָווסקי איז געווען אַ וואונדערליך קינד, אַ וואונדערליך יונגעל, און ווי אַ באַכט-וואַנדלער פלעגט ער אָפט אַרומגעהן. שוין פון קינדווייז אָן האָט זיך אין איהם אַ דיכטער-נשמה גערעגט, און זיך אָבגעקעהרט פון דער אויסענוועלט, האָט ער ליב געהאַט צו פער-זינקען אין דעם טרוימען-לעבען, אין דער מלוכה פון שטילע בעהאַל-טענע שמערצען. דערביי האָט נישט ווייניג מיטגעווירקט אַנ'אויסער-ליכער אומשטאַנד. צוליב אַ קורצען אָטעם האָט יאַקאָבאָווסקי נישט שאַרף גערעדט, דערצו אויך אַ ביסעל קרום געקוקט און איז ועל-כולם נאָך געווען אַ יודיש יונגעל, און זעהר פיל האָט ער זיך געמוזט אויסשטעהן פון די אומברחמנות'דיגע חברים זיינע. איז דען אַ חידוש, וואָס ער, דער אויסגעשלאָסענער פון די יוגענד-שפּילען, האָט שרעקע-דיג און פערביטערט געזוכט די שטילקייט און די איינזאַמקייט?

אָבער די טיפסטע ווירקונג האָט אויף יאַקאָבאָווסקיס ענטוויקלונג געהאַט דער טויט פון זיין מוטער, וואָס איז געשטאָרבען נאָך צוואַנציג יסורימדיגע קראַנקהייטס-יאָהרען, און דער טויט פון זיינעם אַ יוגענד-

פריינד, וועלכען ער האָט צום ליבסטען געהאַט. די דאָזיגע ביידע שלעג פונ'ם שיקזאַל האָבען אינגאַנצען ערשיטערט און פערטונקעלט זיין טיף עמפינדליכע נשמה. בעטריבט און מבולבל איז ער געשטאַנען פאַר די רעטענישען פון דעם שיקזאַל, זיין פרומער קינדער-גלויבען האָט זיך אָנגעהויבען צו וואַקלען און זיין גייסט איז שיער נישט געפאַלען אַ קרבן צום זעלבסטמערדערישען פעסימיזם.

און אין אָט דעם נשמה-צער האָט איהם גערעטעט און געטרייסט שיללערס אידעאַליזם. ביים שיין פון אַ ליכטעל האָט ער געלייענט „דאָן קאַרלאָס", ראַן זיך פערטיפט אין די אַנדערע דראַמען פון דעם גרויסען דייטשען דיכטער, צי וועלכען ער האָט אויף אייביג בעהאַלטען אַ געפיהל פון טיפסטער דאַנקבאַרקייט.

צו 19 יאָהר איז יאַקאָבאָווסקי אָנגעקומען אין דער אוניווערזיטעט, וואו ער איז אינגיכען בעקאַנט געוואָרען צווישען די חברים אַלס פערפאַסער פון „פוקסען"- און סטודענטען-לידער.

נאָכפאָלגענדיג מיט אַ לעבהאַפטען אינטערעס די ליטעראַרישע בעוועגונג, וואָס האָט צו יענער צייט אין דייטשלאַנד איבערגעלעבט איהר צווייטען שטורם- און דראַנג-פעריאָד, האָט ער שטודירט אין דער אוניווערזיטעט דאָ אין בערלין, דאָ אין פרייבורג, און אין יאָהר 1891 בעקומען דעם דאָקטאָר-טיטעל אויפ'ן סמך פון זיין דיסערטאַציע וועגען „קלינגער *) און שעקספיר". זיין גריבלערישער פאָרשער-גייסט האָט געפיהלט אַ בעזונדערע נייגונג צו פילאָזאָפיע, וואו עס האָבען איהם געשטראַהלט אַלס לייט-שטערן שפינאָזאַ, דאַרווין, העקעל. מיט גרויס התמדה האָט ער אויך שטודירט געשיכטע און ליטעראַטור און דערביי אַ ביסעל צייט געווידמעט דער פאָליטישער עקאָנאָמיע.

אָבער די שטרענג-וויסענשאַפטליכע אַרבייט, וואָס האָט זיין געהערענדע אינערליכע וועלט קלאָרער און טיפער געמאַכט, האָט נישט בעפרידיגט זיין דראַנג נאָך וויסען. דער גייסט פון דער וועלט-שטאָדט האָט איהם בעהערשט און פערהאַפט מיט טויזענד אָרעמס. דער טיף אין איהם איינגעוואָרצעלטער אידעאַליזם האָט איהם אַריינגעוואָרפען אין די סאָציאַל-עקאָנאָמישע קאַמפען פון דער געגענוואַרט, וואו ער איז שטענדיג געשטאַנען אויף דער זייט פון די ערנידעריגטע און

---

*) בעוואוסטער דייטשער דיכטער.

בעליידיגטע. ער איז אויך אַרויסגעטרעטען אַלס געגען-רעדנער אויף די אַנטיסעמיטישע פערזאַמלונגען, מיט וועלכע בערלין האָט אַזוי געטומעלט ענדע די אַכציגער און אָנפאַנגס די ניינציגער יאָהרען. מיט איינעם וואָרט, דער מאָדערנער טהאַטען-מענש האָט אויפגעוואַכט אין דעם אַמאָליגען בעל-החלומות.

האַנט אין האַנט מיט דער דאָזיגער וויסענשאַפטליכער און פראַקטישער אויסבילדונג זענען געגאַנגען ליטעראַרישע און דיכטערישע אַרבייטען. אַזוי האָט ער פערפאַסט פון מאָדערנע נאַטור-וויסענשאַפטליכען שטאַנדפונקט אַ ביכעל „די אָנפאַנגען פון דער פאָעזיע"; האָט זיך בעטייליגט אין דער גרינדונג פון אַ צווייוועכענטליכער זשורנאַל פאַר לעבען, קריטיק און דיכטונג פון דער געגענוואַרט; איז געווען איינער פון די אַרויסגעבער פון אַ „אינדיווידואַליסטיש-סימבאָליסטישען אַנטאָלאָגיע", מיט'ן טיטעל „נייע דיכטונג", דערמיט האָט ער שוין סטודענטענווייז נעלייגט דעם גרונד צו יענער ליטעראַריש-היסטאָרישער און קריטישער בילדונג, וואָס האָט איהם שפּעטער פערזיכערט אַנ'אָרט צווישען די בעסטע דייטשע קריטיקער און איהם געמאַכט פאַר דעם פעראַנטוואָרטליכער פיהרער פון דעם זשורנאַל „די געזעלשאַפט".

אָבער אויך אַלס דיכטער איז יאַקאָבאָווסקי פריה אַרויסגעטרעטען פאַר דער עפענטליכקייט. שוין אין יאָהר 1888, נאָר 20 יאָהר אַלט, האָט ער אַרויסגעגעבען זיין ערשטען באַנד ליריק, אונטערן טיטעל „אויס בעוועגטע שטונדען", וואָס ענטהאַלט זיינע יוגענד-פראָבען פון 1884 ביז 1888. דאָס דאָזיגע „פעסימיסטישע בוך פון צער", ווי אַ געוויסער דייטשער קריטיקער רופט עס אָן, איז נישט פריי פון חסרונות בנוגע צו דעם פאָרם און דעם אינהאַלט. דאָך ענטפּלעקט זיך שוין דאָ אַ שטאַרק לירישע און גאַנץ אייגענאַרטיגע קראַפט, וואָס האָט געגעבען גוטע האָפנונגען אויף שפּעטער.

זיין צווייטע לירישע זאַמלונג „פונקען", וואו זיין קינסטלערישע פערזענליכקייט ווייזט זיך שוין אַרויס מעהר רייכער, איז ערשינען אין 1890, און אין צוויי יאָהר אַרום איז אַרויס דאָס וואונדערליכע בוך זיינס „ווערטהער דער יוד". לכתחלה האָט ער דעם דאָזיגען נאַטוראַליסטישען ראָמאַן געשריבען אין בריפפאָרם און איהם שוין געהאַט פערענדיגט אין פרייבורג אין 1889. אָבער ער איז מיט איהם אין דער ערשטער רעדאַקציע געבליבען אומצופרידען און האָט איהם אין אַ מינוט פון פערצווייפלונג פערברענט, נאָר באַלד דערויף בעשלאָ-

סען איהם ווידער אויפצושרייבען אין דער פאָרם פון אַנ׳ערצעהלונג. און מיט אַ מאָדנער היץ האָט ער גלייך אָנגעהויבען, און אָפט מיט טרעהרען אין די אויגען האָט ער איהם געשריבען, ביז ער האָט איהם אין 1891 געענדיגט, שוין זייענדיג אין בערלין.

אין דער דאָזיגער אָנשטרענגונג פון אַלע זיינע קרעפטען, האָט ער אָנגעהויבען אַ ביסעל צו זיך צו קומען פון זיין פריהערדיגען יוגענד-פעסימיזם. אָבער די שווערע האַנט פונ׳ם שיקזאַל האָט איהם ווידער צו דער ערד געשליידערט. איינעם נאָך דעם אַנדערן האָט ער פערלאָרען דעם פאָטער, די בעסטע פריינד און אַ ברודער. אין 1891 איז געשטאָרבען זיין צווייטער ברודער, דער ליבלינג זיינער, נאָך לאַנגע יאָהרען שלאַפקייט. און אַז יאַקאָבאָווסקי איז צוריקגעקומען פון זיין ברודערס לויה, איז ער געוואָהר געוואָרען דאָס שרעקליכסטע: זיין כלה מאַרטהאַ איז מיט עטליכע שעה צוריק פון אַ טיפוס געשטאָרבען. ער האָט קיין קרעכץ נישט אַרויסגעלאָזט, בלויז אַ פייף געטאָן מיט די ליפען. — איצט האָט ער אַלץ פערלאָרען, וואָס ער האָט ליב געהאַט, און עפעס אַ ווילדע פרייד פון פערצווייפלונג האָט דורך איהם דורכגעציטערט, ווי געזאָגט:

„אַצינד קען דיר קיין זאַך מעהר געשעהן”.

„אַזאַ צער מאַכט נאָך ווילדערע נשמות ווי ביי מיר שטיל און שטאַרק”, האָט ער שפּעטער זיך געהאַט אויסגעדריקט וועגען דעם. די צייט האָט געלינדערט זיינע שמערצען; אָבער פערגעסען האָט ער קיינמאָל נישט געקאָנט זיין „בלאָנדקאָפּ מיט די בלויע אויגען”, וואָס האָט איהם זיין לעבען פערזיסט. זי פלעגט זיך אַריינגנבענען אין זיינע פערבלאָנטערטע חלומות, זי האָט געקלאַפּט אין דער טיר פון זיינע טעג, זי איז געוועזן „די בלום פון זיין נשמה”, די פּאָעזיע פון זיינע ביכער.

בי ל׳כוויז האָט אין איהם געזיגט דער ווילען צום לעבען; זיין נשמה האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר געשטאַרקט דורך דער אַרבייט זיינער, און די טראַגעדיע פון זיין לעבען האָט זיך געענדיגט מיט זיין זיטליכער דערהייבונג — זי האָט פון איהם אויסגעשמידט אַ כאַראַקטער.

צוגלייך מיט דער אויסבילדונג פון יאַקאָבאָווסקיס גייסטיגער פערזענליכקייט איז געגאַנגען דאָס רייף-ווערען פון זיין קינסטלערישען „איך”. די יאָהרען 1891—1896 קען מען בעטראַכטען פאַר זיין איבער-גאַנגס-פעריאָד. דעם נאַטוראַליסטישען „שטורם און דראַנג” האָט ער

שוין געהאַט בייגעקומען. ער האָט זיך געווענדט צו דער ראָמאַנטיק— אונטער אַ געוויסען איינפלוס פון דער דעמאָלדיגער ליטעראַטור-שטרע-מונג אין דייטשלאַנד, — האָט שטודירט די פאָלקס-פּאָעזיע און די אַלט-ראָמאַנטישע קונסט-פּאָעזיע און האָט געשאַפען אַ נייעם קונסט-סטיל, וואָס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין אַ גאַנצער רייהע אייגענאַרטיגע ווערק זיינע, ווי די קולטור-היסטאָרישע נאָוועלע „דער קלוגער שייך", די קאָמעדיע אין יאַמבען געשריבען „דיאַב דער נאַר", די זאַמלונג געדיכטען „פון טאָג און טרוים", די ליבעס-נאָוועלען „אַננע-מאַריע", דאָס סקיצען-בוך „דער שטן לאַכט" א. אַנד. די דאָזיגע דיכטונגען וויזען אונז יאַקאָבאָווסקין נישט נאָר אַלס אויסגעצייכענטען, זאָגאַר אַלס גלענצענדען פאָרשטעהער פון דער מאָדערנער קליין-קונסט, זיי זאָגען אויך עדות אויף זיין זיגרייכער ענטוויקלונג צו אַ געזונדער לע-בענס-אָנשויאונג.

פון 1897 אָן איז ער געשטאַנען אין קראַפּטפולען געפיהל פון זיין מענליכקייט אויף דער הייך פון אַ גרויסער האַרמאָנישער וועלט-אָנשויאונג, אַ זעלבסטבעוואוסטער, אונאָבהענגיגער קינסטלער. דאַן האָט ער געשאַפען זיינע „לייכטענדע טעג", אַ זאַמלונג פון עכטער לעבענס-ליריק, און דעם סימבאָליש-ראָמאַנטישען ראָמאַן „לאָקי", וועלכען ער האָט געענדיגט אין פערלויף פון 25 טעג, פערווײלענדיג זומערצייט אין 1897 אין ביירן וואָס אין טיראָל.

זיין קינסטלערישע פערזענליכקייט אין איהר שטענדיגען שטרע-בען צו אַלזייטיגקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין וואָס ווייטער אַלץ רייכערער טעטיגקייט. זייענדיג פון 1898 דער פעראַנטוואָרטליכער פיהרער פון דער „געזעלשאַפט", איז ער אַרויסגעטרעטען הויפּטזעכליך אַלס פערטיידיגער פון דער מאָדערנער קונסט. שטרעבענדיג צו הייבען די גייסטיגע קולטור פונ'ם פאָלק אין סאָציאַלען אידעאַליזם, האָט ער אַרויסגעגעבען ביכער פאַר'ן פאָלק, וואָס זענען מאַסענווייז פערשפרייט געוואָרען. ער האָט זיך בעטייליגט אויך אין אַרויסגעבען די ראָמאַנ-טישע אַנטאָלאָגיע „די בלויע בלום" *) און האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ גאַנצער מאַסע ברייטע פּלענער.

אָבער זיין אָרגאַניזם איז אַפּנים נישט געווען בעשאַפען פאַר אַזאַ

*) „די בלויע בלום" — סימבאָל פון ראָמאַנטיזם.

אָנגעשטרענגטע טעטיגקייט. אין לעצטען יאָהר האָבען זיינע פריינד געקאָנט בעמערקען אַ שטאַרקע פערענדערונג אין איהם. אַ נערוועאישע עמפינדליכקייט האָט פעריאָגט דעם פרייליכען מוט פון אַמאָל. זיין אויסזעהן איז געוואָרען חושך, זיין קראַפט — אָבגעשוואַכט. ער האָט זיך געקלאָגט אויף אַ שלעכטען זכרון, און צייטענווייז האָט ער געליטען פון אַזאַ שוואַכקייט, אַז גאַנצע טעג נאָכאַנאַנד איז איהם אוממעגליך געווען צו אַרבייטען. פול פיין איז פאַר זיין גייסט, וואָס האָט פון קיין רוה נישט געוואוסט, געוועזען דאָס פערשווינדען פון זיינע קרעפטען, און מיט הייסער בענקשאַפט האָט ער געלעכצט נאָך דער גענעזונג. זי איז אָבער נישט געקומען. דאַן האָט זיך זיין אַיינגעמידטע נשמה נאָכאַמאָל דערהויבען און ער האָט געשאַפען זיין לעצט ווערק אַנ׳„אַקט אין פערזען”. אַ בוקעט לידער איז דאָס געווען, וואָס זיינע ציטערנדע הענט האָבען צונויפגעקליבען און וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבען „גליק”.

און דאַן איז ער אַוועקגעפאַלען. נאָר זעלטען פלעגט ער צו זיך קומען אויף אַ ביסעל צייט. סוף נאָוועמבער איז איהם איבערגעפאַלען אַ צייטווייזע בעוואוסטלאָזיגקייט. דער דאָקטאָר האָט קאָנסטאַטירט אַ לייכטען טיפוס און זיין יונגסטער ברודער האָט איהם איבערגעפיהרט אין שפּיטאָל. בשעת זיינע פריינד האָבען איהם אין אַ פּאָר טעג אַרום דאָרט מבקר חולה געווען, האָט ער אויף זייער פראַגע, וואָס ער מאַכט, געענטפערט: „אָ, זעהר גוט, זעהר גוט!” באַלד נאָכדעם איז ער ווידער אַריינגעפאַלען אין אַ בעוואוסטלאָזען צושטאַנד, פון וועלכען ער האָט זיך שוין מעהר נישט אויפגעחאַפּט.

דעם 2-טען דעצעמבער 1900, 9 אַ זייגער אינדערפריה, איז ער אויסגעגאַנגען נאָך נישט קיין 33 יאָהר אַלט. אויף דעם יודישען בית-עלמין אין וויסענזעע ביי בערלין האָט ער געפונען זיין אייביגע רוה.

זיין לעבען איז געוועזען אַ שטענדיגער קאַמף, אַ קאַמף קעגען נויט אין דחקות, קעגען קראַנקהייט און שיקזאַל-פּלאָגען; און נאָך פיל מעהר קעגען די פינסטערע קרעפטען פון זיין אינערליכקייט. אָבער אַ שטאַרקער גייסט, האָט ער זיך מיט אַלע כחות געשטעלט אַנטקעגען, נישט אַרונטערצוזינקען, און פון דער זעעלישער טונקעלקייט פון זיין יוגענד, פון דעם חושך פון זיינע טעג, האָט ער געשטרעבט צו דערהייבען זיך צום ליכטיגען לעבען, צו פילאָזאָפישער קלאָרקייט.

ענדליך, אין די לעצטע צוויי יאָהר, האָט דער שטערן פון זיין רוהם אָנגעהויבען צו שטייגען און דאָס גליק — האָט איהם צוגעשמייכעלט. איז ער אָבער גלייך אין רעכטען מיטען פון זיין רייכען שאַפען אָבגערופען געוואָרען פון „דער הייליגער מלוכה ערד“, וואָס ער האָט זי אַזוי געליבט.

---

געאָרג בראַנדעס.

## לודוויג יאַקאָבאָווסקי.

... ער האָט אָנגעהויבען דעם וועג זיינעם אַלס גריבלער און צוויפלער, אַלס איינער, וואָס ליידט צוליב זיך אַליין און צוליב אַנדערע, פול חלומות וועגען דעם ערלייזענדען אמת און דער הייליגער פּאָעזיע...

מען קאָן זאָגען אָהן אַ גוזמא, אַז די אַנטיסעמיטישע בעוועגונג אין דייטשלאַנד האָט געהאַט אַנ'ענטשיידענדען איינפלוס אויף זיין לעבען. דאָס האָט זיך גענומען פון דעם פיינגעפיהל זיינעם בנוגע צו די ערנידערונגען, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעהן, און פון זיין באַווייזען אויפפּאַסען זיך אַליין אַלס עכטען דייטש.

דער צווייטער אומשטאַנד, וועלכער האָט איהם געמאַכט פאַר דעם וואָס ער איז געוואָרען, איז אַ רייה טיף שמערצליכע פערלוסטען, וואָס ער האָט אין אַ משך פון איינינע יאָהר געליטען דורך דעם טויט. ער האָט פערלאָרען איין פריינד נאָך דעם צווייטען, די מוטער, דעם פאָטער, ברידער, די כלה. פון זיין מאַרטהאַ האָט יאַקאָבאָווסקי געגעבען אַ חנ'עוודיגע שילדערונג אין זיין ערצעהלונג „מיין בלינדער פריינד”, וואָס געפינט זיך אין דער זאַמלונג „דער שטן לאַכט”. איהר האָט ער אין זיינע „לייכטענדע טעג” געווידמעט אַ רייה ריהרענדע געדיכטען, און פון איהר פערלוסט שטאַמט פיליכט אויך די פיינע שטימונג פון צער און מרה-שחורה, וואָס מען בעגעגענט כמעט איבעראַל אין די שריפטען זיינע.

אין דער זאַמלונג „דער שטן לאַכט” געפינען זיך איינינע אויסגעצייכענטע קליינע ערצעהלונגען פון דעם אַלטען בערלין... ער האָט

אויך אָנגעשריבען אַ נאָוועלע „דער קלוגער שייך״, וועלכע שפּילט זיך אָב אין צפון-אַפריקאַ; זי איז רעאַליסטיש אַזוי ווי יענע קליינע ערצעהלונגען, אָבער אין העכסטען גראַד בולט, מיט רוהיגער שילדערונג פון דער באַרבאַרישער ליידענשאַפטליכקייט און דורשט נאָך נקמה. אין די דאָזיגע איינצעלנע זאַכען ווייזט זיך יאַקאָבאָווסקי אַרויס אַלס אַ נאָכפאָלגער פון קלייסט *). מעגליך, אַז ווען איהם וואָלט בעשערט געווען אַ לענגער לעבען, וואָלט ער ענטוויקעלט זיינע פעהיגקייטען ביז צו דער מדרגה פון פאַרבענרייגער און פלאַסטישער שילדערונגס-קראַפט, ווי זיי לאָזט זיך שוין מערקען אין אָט די ערצעהלונגען. אָבער אין דעם לעבענסווערק זיינעם, וואָס ליגט פאַר אונז, ווירקט ער נישט דורך דער דאָזיגער בעגאַבונג, נאָר דורך זיין פעהיגקייט, צו ברענגען דאָס געפיהל אין בעוועגונג, דורך דער ליריק זיינער און דורך אַ נייגונג צו שמערצליכער רעפלעקסיע.

צוויי פון זיינע ביכער זענען בעזונדערס ווערטפול, דער ראָמאַן „ווערטהער דער יוד״ און די זאַמלונג „לייכטענדע טעג״. איןביידע ווערק טרעט אין דייטליכע שטריכען אַרויס די גייסטיג עמפּינדליכע און קינסטלעריש פּראָדוקטיווע פּערזענליכקייט מיט איהר שטאָלץ און מיט איהר וואַרימקייט. דער ראָמאַן „ווערטהער דעם יוד״ איז טיף שפּאַנענד. דער טיטעל איז נישט גאָר ריכטיג אָנגעגעבען, דען דער ווערטהער-מאָטיוו האָט אַ קנאַפּע שייכות צום אינהאַלט פון בוך. דאָס, וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך אין ראָמאַן, איז די לאַגע פון דעם יונגען יודישען סטודענט אין דער דייטשער געזעלשאַפט ביי היינטיגען טאָג, זיין זעעלען-לעבען, זיינע ערנידערונגען, די קאַמפּען, וועלכע ער האָט אויסצושטעהן, די אידעאַלען, וואָס ער בילדעט אויס אין זיך, די ענטטוישונגען, וואָס ער ליידט. עס איז צו שטוינען, אַז דער דאָזיגער ראָמאַן איז געשריבען פון אַ דרייאונצוואַנציגיעהריגען. דער פּלאַן פון דעם בוך איז גרויסאַרטיג אָנגעצייכענט און מיט אַ זיכערער טיכטיגקייט דורכגעפיהרט, פיעל געשטאַלטען זענען מיט מייסטערשאַפט געשילדערט. צוערשט דאָס קליינע בלאָנדע מיידעל, וועלכעס דער העלד האָט ליב, און וועלכעס ווערט, נאָך אַ לאַנגען ווידערשטאַנד, זיין געליבטע. דאַן די הויפּטפּערזאָן אַליין, וואָס זיין פּסיכאָלאָגיע איז ענטוויקעלט מיט איבער-

*) בעדייטענדער דייטשער דיכטער.

ראַשענדער קראַפט פון זעלבסט-קענטניש, ווייל עס איז פאַר'ן לעזער קיין שום ספק נישט, אַז דער העלד און דער מערפאַסער פון דעם דאָזיגען ווערק זענען איינע און דיזעלבע פערזאָן. מ. גאָלדשמידטס בעריהמטער ראָמאַן „אַ יוד" איז אפשר בעסער געשריבען, ער האָט אָבער נישט דאָס דאָזיגע פערפלייצענדע געפיהלס-לעבען; יענער ראָמאַן איז נישט אַזוי יוגענדליך און נישט אַזוי עכט אין זיין טראַגיק. דער דאָזיגער קינסטלעריש געבויטער, אמת אָהן בעזונדערער קונסט דערצעהלטער ראָמאַן איז האַרץ-פערהאַפענד, איז אַ שטיק לעבעדיג לעבען, וואָס שלאָגט אַזוי שטאַרק און וואַרים. דער העלד אַליין איז פיהלבאַר אַזוי ווי אַ מימאָזע, גרויזאַם ווי אַ פחדן אַנטקעגען דער, וואָס ער ליבט, און דאָך מיט אַ רעכטדענקענדען קאָפּ פון אַנ'אונגעוועהנליכען מאַן. ער האַסט די פעהלערן און חסרונות פון זיין פאָלק, ער אַליין וויל זיין, נאָך געטהעס ווערטער, „איידעל, הילפרייך און גוט", און ער וויל, זיינע גלויבענס-ברידער זאָלען ווערען ווי ער.

אָבער ער האָט די שוואַכקייטען און פעהלערן פון דער יוגענד; ער קאָן אַלס יונגער סטודענט נישט שווייגען פאַר זיינע חברים וועגען זיין ליבעס-פערהעלטניס און ווערט דורכדעם געצוואונגען פלאַנמעסיג צו פערפיהרען דאָס יונגע מיידעל, וואָס האָט איהם אַזוי שטאַרק ליב, און וואָס נאָך ערגער איז, ער מאַכט זי אומגליקליך דורך דער אומגליקליכער נייגונג, וואָס ליגט אין דער נשמה זיינער, צו פייניגען די, איבער וועמען ער פיהלט די מאַכט זיינע.

אויב ס'איז דאָ אַ מענש, וועלכען ער אַכט זעהר הויך, איז עס דער לעהרער זיינער, אַנ'אַלטער פילאָלאָג; נאָר זיין יונגע שיינע פרוי וואַרפט איהרע אויגען אויפ'ן סטודענט, וועלכער ווייזט זיך צולעצט שוואַך אַרויס קעגען איהר און קאָן נישט ווידערשטעהן איהר בעגעהר.

דער דאָזיגער טייל פון ראָמאַן איז נאָר ריכטיג פערטראַכט, אָבער זעהר אויבערפלעכליך דורכגעפיהרט. דעסטאָ מייסטערהאַפטער איז געשילדערט די קאַטאַסטראָפע: דער אַלטער פאָטער פונ'ם העלד, אין פלוג גאָר נישט קיין שלעכטער, ערצויגען אין די השגות פונ'ם אַלטפרענקישען יודענטום, ווערט בעריכערט דורך אַנ'אַקציען-אונטערנעהמונג, וועלכע מאַכט צו גלייכער צייט אומגליקליך די-יעניגע מענשען, וואָס דער זוהן זיינער וויל זיי צום ווייניגסטען שאָדען ברענגען; און דער יונגער העלד קען גלייך אין די אויגען נישט קוקען די, וועלכע ער עהרט

אַזוי שטאַרק און צו וועלכע זיין האַרץ פיהלט זיך אַזוי צוגעבונדען; ער ווערט אָבגעגעבען אַ קרבן דעם צער און דער שאַנדע.

דער פאָטער פערשטעהט איהם אַזוי ווייניג, אַז ער איז העכסטענס שטאָלץ מיט דעם שאַרפזיניגען געשעפט, וואָס ער האָט געמאַכט. דער זוהן ווערט ערנסט קראַנק, און בשעת זיין נידערגעבראָכענעם צושטאַנד ווערט ער געוואָהר, אַז דאָס יונגע מיידעל, וואָס ער האָט געליבט, מיינענדיג, אַז ער האָט זי פערלאָזען און מורא האָבענדיג, עס זאָלען נישט ענטדעקט ווערען די פאָלגען פון איהר פערהעלטניס, האָט געזוכט דעם טויט איהרען אין דער שפרעע *). און ער ענדיגט זיין לעבען דורך אַ זעלבסטמאָרד.

עס ליגט אַזאַ גוט קענען די ווירקליכקייט הינטער דער ערצעהלונג און אַזאַ אינערליכקייט אין דער שילדערונג, אַז, אויף וויפיל מיר איז בעקאַנט, ווירקט קיין שום נייערער דייטשער ראָמאַן נישט שטאַרקער, ווי אָט דער דאָזיגער ודוי פון אַ יונגענמאַן, אָט דאָס דאָזיגע זיך אַליין אָנקלאָגענדיגע וועה-געשריי, און שרייבענדיג די דאָזיגע ווערטער, טוט עס מיר אַזוי שטאַרק באַנג, וואָס איך האָב זיי נישט געהאַט אַרויסגעזאָגט, בשעת דער פערפאַסער האָט נאָך געלעבט.

זיין צווייט גרעסער ווערק „לאָקי, אַ ראָמאַן פון אַ גאָט“ ווערט פון דער ליטעראַרישער קריטיק אין דייטשלאַנד געשטעלט פיל העכער ווי „ווערטהער“, אָבער מיט גרויס אומרעכט. עס איז נישט אַזאַ געלונגען בוך, הגם אין זיין יסוד ליגט עטוואָס זעהר זינרייכעס... יאַקאָבאָווסקי האָט דעם שטאָף אַזוי פאָרבערייט, ער זאָל דורך איהם קענען דורכפיהרען די גרונד-געדאַנקען, וועלכע זענען נאָהענט מיט די אויסגעדריקטע אין „ווערטהער“. לאָקי איז דער גרינג-געשעצטער, שלעכט בעהאַנדעלטער יוד אין דער קריסטליכער געזעלשאַפט, וואָס די ערנידערונגען און אומגערעכטיגקייטען מאַכען איהם פאַר אַ רעוואָלטירער געגען די געטער, פאַר אַ רעוואָלטירער, בייז און גרויס צו גלייכער צייט...

... פון דעם דאָזיגען ראָמאַן ווענדט מען זיך גערן צו זיין גרויסער זאַמלונג געדיכטען „לייכטענדע טעג“, וואָס נעהמט אַרום די ענטשיידענדע זכרונות פון זיין לעבען. עס איז געפיהל-פּאָעזיע און רעפלעקסיאָנס-פּאָעזיע, אָבער פון בעדייטונג... דאָ געפינען זיך גייסטרייכע

*) דער טייך, אויף וועלכען עס שטעהט בערלין.

און האַרצריהרענדיגע געדיכֿטען, וואָס ווערפען-אויף אַ סיטואַציע און רופען אַרויס אַ שטימונג.

אויסערדעם האָט זיך יאַקאָבאָווסקי נאָך ערוואָרבען אַ גרויס פערדינסט, וואָס קיין אַנדערער האָט עס נישט אין דייטשלאַנד. אונטערן אײַנדרוק פון י. פּ. יאַקאָבסענס ווערטער „ליכֿט איבערן לאַנד פערשפּרייט, דאָס איז, וואָס מיר ווילען", האָט ער אַרויסגעגעבען גוטע ביכֿער פאַר'ן פאָלק צו שפּאָטביליגע פּרייזען. בשעת אַנדערע האָבען געטהעס 150-יעהריגען געבורטסטאָג געפייערט מיט קאָסטבאַרע הוצאות און נאָך קאָסטבאַרערע דענקמעלער, האָט ער מיט פלייס און פערשטאַנד געזאַמעלט דאָס בעסטע און פערשטענדליכֿסטע פון געטהעס ווערק און האָט עס אַרויסגעגעבען אין איין דיקען קליינעם באַנד צום פּרייז פון צעהן פעניג. אינאיינעם מיט דער מענשליכער שטרעבונג — זיך אויסצולעבען — און מיט דער דיכֿטערישער שטרעבונג — אויסצודריקען זיין מהות אין קינסטלערישער פאָרם, האָט ער נאָך געהאַט די אַגיטאַטאָרישע שטרעבונג, צו מאַכֿען דאָס פאָלק פאַר אַ שותף פון דער הויכֿער קולטור.

מײַן געשטאָרבענעם ברודער.

פֿון דעם טאָג׳ס קאַמף־געווימעל
בין איך אַוועק, און צו דיר געקומען,
ווען ס׳האָט דער קילער קבר
אַצינד אַ יאָהר שוין צוגענומען.

לעבען, טויט: וואָס זיי דיר געבען,
אַך, ס׳זענען געווען בית־עלמין־פֿריידען!
און אַצינד, אין דײַן יאָהרצײַטס־טאָג,
שיק איך דיר ס׳דאָזיגע בוך פֿון לײַדען.

# ווערטהער דער יוד.

אַז איך בין נישט פאַר מיר, ווער דען
זאָל פאַר מיר זיין? און אַז איך בין נאָר
פאַר מיר אַליין, ווער בין איך דאַן?

אלט שפריכוואָרט.

## ערשט קאַפּיטעל.

דאָס קליינע זיבעניעהריגע יונגעל מיט די בלויזע העמד-אַרבעל, ביידע הענט פערשטעקט אין די קעשענעס פון זיינע ברייטע הויזען, איז געשטאַנען פאַר זיין קליין שוועסטערל און זיך מיט התמדה און מבינות צוגעקוקט, ווי זי נעהמט צוזאַמען אין דעם גרויסען קובעל מיט איהרע פולע הענטלעך די קאַפּע-טאַסען און מיט וויפיל אָנשטרענגונג זי וואַשט זיי ריין. ער איז אַזוי גרויס געווען, ווי דער שטוהל, ביי וועלכען ער איז געשטאַנען, וועהרענד דאָס קליינע מיידעל האָט קוים מיט איהרע קורצע הענטלעך געקאָנט צו איהם אַרויפגרייכען. זעהט אויס, אַז עס געפעלט איהר גאָר שטאַרק דאָס פלעסקען זיך אינ׳ם לעבליכען וואַסער; דען איידער עס ווערט ביי איהר אַ טאַסע ביז זויבער-ריין געוואַשען, אָבגעטריקענט און געשטעלט אויף דעם טיש נעבען קאָך-אויוען, פערגעהט שטענדיג אַ שפּאַר ביסעל צייט.

געוויס, אַלעמאָל ווען זי שטעלט אַוועק אַ טאַסע צום טריקענען, גיט זי איהר ברודער, וואָס קוקט זיך אַלץ צו איהר צו מיט בעוואונדערונג, אַ שפּריץ מיט עטליכע וואַסער-טראָפּען אין געזיכט אַריין און צולאַכט זיך, ווען ער קאָן ניט אויסמיידען איהרע פלינקע פינגערלעך און בלייבט שטעהן פערבליפט, מיט אַ אָפען מויל. שטאַנדהאַפטיג, ווי אַן׳עכטער ריטער, מאַכט ער זיך גאָרנישט פון דעם, וואָס זיין פינפיעהריג שוועסטערל רייצט איהם אַלעמאָל מיט׳ן אָבשפּריצען; ער בעוואונדערט אַלץ נאָך מעהר איהר בעל-הבית׳טישע בריה׳שקייט, דעריבער, ווייל ער אַליין פלעגט נעבען האַרטנעקיג קעמפען מיט אַלע די זאַכען, וואָס זענען געמאַכט אויס פאַרצעלליי אָדער גלאָז. ער האָט בישט געקאָנט פערשטעהן, אַז ביי אָט דעם געוואַרף פון איבער- און אונטער-טאַסען, וואָס שטויסען זיך צוזאַמען אין קובעל, זאָל ביי איהר

קיין איינס נישט צוזבראָכען ווערען צי אַראָבפאַלען.

ענדליך מערקט זיך אָבער דאָס קליינע מיידעל, ווי איהר על-טערער „גרויסער״ ברודער בעוואונדערט זי, און מיט דעם עכט-ווייב-ליכען אינסטינקט פון אייטעלקייט גיט זי אויף איהם אַ צו-להכעיס׳דיגען קוק און רייצט זיך מיט איהם:

„נע, פריץ, דאָס אָ קאָנסט דו נישט!״

יעצט, ביי אָט דעם בעליידיגענדען אַרויסרוף, וועקט זיך אויף דער מאַנסביל אין איהם. ער דערפיהלט זיך אַלס שילער, דען שוין אַ האַלב יאָהר, אַז ער געהט אין דער שול, און מיט אַ געזיכט פול פעראַכטונג, וואָס לאָזט זיך נישט איבערגעבען, ענטפערט ער איהר:

„פ-פאַ! אַזעלכעס איז דאָך נאָר פאַר אַייך, מיידלעך!״

דערמיט געהט ער אַוועק פון איהר שטוהל, לאָזט זי שטעהן מיט אַ רויט געוואָרען געזיכט און שטעלט זיך אַנידער ביי דער פליטע נעבען זיין מוטער.

די מוטער קעהר אַלט זיין אונגעפעהר דרייסיג יאָהר, אין דאָס בלייכע געזיכט איהרס גיט צו דערקענען דאָס שווער פערהאָרעוועטע, אָבער צופרידענע האַנדווערקער-ווייב. איבער די היץ פון דער פליטע האָט זיך איהר געזיכט לייכט פעררויטעלט. עס האָט געהאַט אַ גאַנץ סימפּאַטיש אויסזעהן, ווען עס פלעגט דאָס קאָלענדיגע וואַסער אַרויס-הייבען פון די פייערקעס, און דאָס פלאַקערנדיגע פייער האָט דערויף אַ העל-רויטע שיין געוואָרפען. זי איז אַצינד פערנומען געווען מיט שיילען קאַרטאָפעל און וואַרפען זיי אין וואַסער און האָט זיך דעריבער די גאַנצע צייט נישט אומגעקוקט אויף די ביידע קינדער. נאָר ווען דאָס קיילעכיגע קעפּעל פון איהר בלאָנדען יונגעל האָט זיך געטו-ליעט צו איהר פאַרטוך, האָט זי אַנ׳אויגענבליק לאַנג אַריינגעקוקט אין זיינע העל-בלויע פּיפּיגע אויגען און דאַן אַריבערגעוואָרפען אַ בליק צו דער קליינער ליזע, וועמען דאָס וואַשען פון די טאַסען איז מיט אַמאָל איבערדריסיג געוואָרען און וואָס פלוצלונג האָט זי זיך דערמיט שנעל אָבגעפּאַרטיגט, ווייל זי האָט שוין נישט געהאַט קיין צוזעהער, וואָס זאָל זי בעוואונדערן.

„מאַמאַ, וואָס וועט זיין נאָך צום קאַרטאָפעל-טייגעכץ?״ — האָט זיך ענדליך דאָס יונגעל געלאָזט הערען, וואָס האָט, זעהט אויס, נישט גערן געהאַט אונטערצוהאַלטען דאָס שטילשווייגען.

„אַ יונגעלע פרעגט זיך נישט אויף אַזעלכע זאַכען!" רעדט איהם די מוטער אויס, „און דו געהסט דאָך שוין אין שולע."

„זעהסטו!" מישט זיך פלוצלונג אַריין דאָס קינדערשע קולכ'על ליזעס, וואָס איז דערפרייט געווען צו געבען פון זיך צו וויסען און דעם ברודער איהרען אַ פערדראָס צו מאַכען.

און פריצען האָט עס אַצינד טאַקי ווירקליך פערדראָסען. אַקעגען צו רעדען דער מוטער זיינער האָט ער זיך נישט דערוועגט, האָטש ער האָט אויפ'ס לעבען גערן געהאַט געוואָהר צו ווערען, וואָס אויף היינטיגען אָווענד וועט זיין. אָט דער וואונש זייגער האָט גע-האָט אויסצושטעהן אַ שווערען קאַמף מיט זיין בעוואוסטזיין אַלס שי-לער, און אַרויסגעהאָלפען האָט ער זיך פון דעם דערמיט, וואָס ער איז אַרויס קעגען זיין שוועסטערל.

„נישט דיין עסק!" מאַכט ער צו ליזען, וואָס איז אַ פערבליפ-טע געבליבען שטעהן נעבען איהם.

„מאַמאַ, פריץ הויבט שוין ווידער מיט מיר אָן!" קלאָגט זי מיט אַ וויינענדיגער מינע.

„פריץ, אַז דו וועסט נישט אויפהערען מיט איהר, שיק איך דיך אין דער אַנדערער שטוב אַריין", צווימט איהם די מוטער איין.

דאָ האָט אַ הילך געטאָן אַ לאַנגער גרילצענדיגער פייף פון דער פאַבריק אַרויס, וואָס האָט זיך געפונען אינ'ם הויף פון זעלבען הויז.

„מאַמאַ", האָט זיך דאָס יונגעל ווידער געלאָזט הערען, „אַצינד איז שוין זיבען, אָט באַלד וועט ער קומען!"

דאָס וואָרט „ער" האָט מערקווירדיג געווירקט אויף איהר. די יונגע פרוי איז געוואָרען אומרוהיג און זיך אומגעקוקט צום וואַנד-זיי-גער, בשעת ווען דאָס קליינע מיידעל האָט פלוצלונג אָנגעהויבען אַרומטענצלען אַרום פריצען און איהם שטיל געפרעגט:

„פריץ, וועט ער מיר מיטברענגען עפּעס?"

פריץ האָט אַצינד ביי אָט דער אויסערסט געוויכטיגער פראַגע און פון זיין שוועסטערלס לעבעדיג געזיכט איינגאַנצען אין זיין יונ-געל-כעס פערגעסען. ער שאָקעלט נאָר צושטימיג צו מיט'ן קאָפּ און שעפּטשעט שטאַרק פערטאָן מיט איהר, אַז זייערעביידענס אויגען פינקלען אַזש. דען דער אָנקומענדער וועט זיי, ווי דעמאָלט פאַר אַ האַלב יאָהר, אַז ער איז צו זיי צוריקגעקומען, זיכער עפּעס מיט-ברענגען.

„נעהם נאָר דאָ, פריץ, דאָס ליכט און קום מיט מיר פאָראויס!" זאָגט די פרוי און דריקט דעם יונגעל אין דער האַנט אַריין דאָס ברענענדיגע ליכט. ער נעהמט עס ציטעריג און נישט זיכער און האַלט עס פון זיך ווייט, אויס מורא, אַז ער קאָן עס נאָך אַראָבלאָזען, און געהט אין דער פאָדער-שטוב, וואָס האָט געפיהרט צו דער גאַס אַרויס און שטעלט עס דאָרט אַוועק אויף דער קאָמאָדע.

מיט פרובענדיגע בליקען וואַרפט די פרוי דורך דאָס געמיטליכע און זויבערע צימער, מיט דעם ווייס שימערנדען בעט, דעם רויט בעבלימטען טעפּיך, די באָרדאָ-פליוש-סאָפע, די פּראַכט-מעבעל-שטיק איהרע, די אויסגעפוצטע גאַרדינען, דאָס שוואַרצע גלאַנצענדיגע פּאָלירטע קלאַוויר; דען אַז איהר הערר פון צימער, דער קאַנדידאַט לעאָ וואָלף, קומט היינט צוריק פון די קאַניקולען, זאָל ער זיין צימער ווידער האָבען אַזוי היימליך און אויסגעפוצט, ווי אין די פריהערדיגע סעמעסטרען. א פרישער זייף- און וועש-גערוך שטראָמט דאָס צימער דורך און בעווייזט דערמיט, אַז עס האָט ערשט נישט לאַנג דורכגעמאַכט אַ גרינדליכע רייניגונג און געוואָרען אויסגעשטאַט מיט פרישע גאַרדינען.

אינדעם קלינגעלט מען.

„מאַמאַ, מאַמאַ!" שרייען די קינדער און פליהען פון שטוב אין קאָרידאָר אַריין די טיר צו עפענען. און איידער די יונגע פרוי האָט בעוויזען אונטערצוקומען, האָט דער קליינער יונג די טיר אויפגעריסען און יובלענדיג און בעגריסענדיג זיך געחאַפּט צו דער האַנד פון דעם אָנגעקומענעם.

דאָס איז ווירקליך געווען ער, דער קאַנדידאַט לעאָ וואָלף, וועמענס וויזיט-קאַרטע ס'פינקעלט אויף דער דרויסענדיגער טיר, פערצירט מיט דעם גאָר בעזונדערען אויסגעציקעלטען סטודענטישען גע-קרייזעל.

„אָבער, קינדער, לאָזט דאָך דעם הערר וואָלף פריהער אַריין", קלינגט דער יונגער פרויס שטימע און זי טרייבט זיי צוריק, בשעת ווען דער אָנגעקומענער האָט לאַכענדיג און דערפרייט, איבער דער וואַרימער אויפנאַהמע, זיין קופערט אַנידערגעשטעלט אוןביידע הענד זיינע זיי איבערגעגעבען.

„לאָזט זיי נאָך, פרוי פעטערס... און צום ערשט ווינש איך אייך הערצליך אַ גוט ג'אָווענד". דערביי דריקט ער איהר וואַרים די

האַנט, און אַז זי פון איהר זייט בעגריסט איהם דעסגלייכען הערצליך, דאַנקט ער איהר.

„וואָס מאַכט עפּעס אייער מאַן? האַפּענטליך אַלע געווים פריש און מונטער ביי אייך? ס'וואָהר? נע יאָ, דאָס פריים מיך. נע, און די קינדער אויך? דאָס זעה איך דאָך... לאָזט נאָר דעם קופערט שטעהן, איהר ווערט איהם דאָך נישט קאָנען אַריינגעהמען!"

די קינדער האָבען זיך אומזיסט געמאַטערט איהם אַריינצוטראָגען אין צימער. ער דערלאָזט אויך נישט, די יונגע פרוי זאָל בייהילפיג זיין, און טראָגט איהם אַליין אין צימער אַריין.

נישט גערן זענען די קינדער אין דער קיך אַוועק און שמועסען דאָרט שטאַרק איבער דעם אָנקומען פון זייער „לאַנגען" פריינד. אַ וויכטיגע ראָלע שפּילט דערביי דאָס „מיטגעבּרענגטע", און פון די קינדערס פינקעלדיגע אויגען שיינט אַרויס, אַז זיי מיינען זייער האָפ־נונג שוין באַלד דערפיהלט צו זעהן.

לעאָ האָט זיך אַ ביסעל בעקוועם געמאַכט. די שטיוועל און דעם זשאַקעט אויסגעטון, אָנגעטון די וואַרימע שיך, אַזוי האָט ער זיך אויסגעשטרעקט אויף דער סאָפע און אָבגערוהט פונ'ם מאַטערניש אויף זיין צעהנשעהדיגע אייזענבאַהן־רייזע. און דאָס רוהען ווירקט אויף איהם איצט אַזוי גוט. די נערוועזע קאָפּ־שמערצען האָבען איהם אין פערלויף פון דער גאַנצער רייזע אַזוי געפייניגט, איהם אַריינגעבּרענגט אין אַ פאָלקאָמער גייסט־שטומפּקייט, אַז ער האָט שוין קיין אויג נישט געהאַט פאַר די שיינהייטען פון דער נאַטור. דורך וועלכע דער צוג פלעגט פאַרבייאַיילען. און דאָ איז עס אַזאַ אַנגענעהם געפיהל אין איהם, וואָס רוהט אויף זיינע נערווען און געהט אין איהם דורך, ווייך ווי אַ מערב־ווינט, אַז ער ציהט זיך און שטרעקט זיך ווי אַ מיד קינד. ווי געדעמפּט ברויזט דער ליאַרם פון דער גרויסער שטאָדט אינ'ם צימער אַריין צו איהם, און מאַנכעס מאָל נאָר ציטערט עס, ווען אונטען שלעפּען זיך קאָליערנדיג שווערע וואָגענס פאַרביי. און אויך דאָס הילכיגע לאַכען פון די ביידע קינדער קלינגט פון צייט צו צייט שוואַך אָב אינ'ם צימער. ווייטער איז אַ ווייכע געשמאַקע רוהיגקייט.

דאָס ליכט שטעהט נאָך אַלץ זיך רוהיג שמעלצענדיג אויף דער קאָמאָדע און בעלייכט מאַט דאָס צימער. ער האָט נישט געוואָלט זיך לאָזען אָנצינדען די לאָמפּ זיינע, נישט בלויז דערפאַר, וואָס ער האָט

ליב דאָס האַלב-טונקעלקייט, נאָר אויך צוליב דעם, ווייל ער איז צו פֿיל געוועזן די ווירטין צו רופֿען אָדער אַליין אויפֿצושטעהן. לאַנג-זאַם געהט דורך זיין בליק דורכ׳ן צימער און ער זעהט אַ בעפֿרידיג-טער, ווי זיין אַלטע איינאָרדנונג איז אָבגעהיטען. דאָס בעט, די שטוהלען, דאָס ביכער-רעגאַל דאָ און דאָרט, דער שרייבטיש, דער וואַש-טיש אין ווינקעל, דאָרט זיין ליב „געליהען" קלאַוויר, און דאָרט די ביידע בילדער פֿון זיינע עלטערן פֿיין געוויבערט אויף דער וויים-בעבלימטער טיש-דעקע. אַ שוואַכער שיין רוהט אַצינד אויף זיי, און אַ פּאָר סעקונדען ליגט זיין בליק, ווי צוגעשמידט, אויף דעם שאַרף געשניטענעם יודישען געזיכט פֿון זיין פֿאָטער, אויף דעם שמאָלען פיי-נעם ליידענס-אָנבליק פֿון זיין מוטער. ערשט פֿאַר צעהן שעה האָט ער דעם פֿאָטער אַדיע געזאָגט און שוין אַזויפֿיל מייל ווייט פֿון איהם. און לאַנגזאַם שטייגט אויף פֿאַר זיין אינווייניגסטען אויג, ווי ער האָט זיך געזעגענט מיט דעם פֿאָטער זיינעם. און אָט דער מענש, אָט דער פֿעטער, אָט דער קעניגסבערגער איז געשטאַנען דערביי מיט זיין יו-דישער... „אַך, דעם פֿאַרשוין קאָן ער נישט אַריבערטראָגען". האָט עס שוין אַזוי געזאָגט דעם פֿאָטער, נאָר אַלעמאָל האָט זיך זיין פֿאָ-טער פֿון איהם אויסגעלאַכט און זיך אָבגערופֿען וועגען קעניגסבערגען, אַז ער איז אַ אויסגעצייכענטער באַנקיר און אַז ער איז די רעכטע האַנט זיינע... „איבעריגענס, וואָס געהט מיך דער פֿאַרשוין אָן?" טראַכט לעאָ, רייבט זיך אַ מידער די אויגען און ציהט זיך שלעפֿעריג.

אַזוי האָט ער געקאָנט אָבליגען האַלב אין טרוים קעגען אַ האַל-בע שעה, ביז אַ האַסטיג געקלינגעריי האָט איהם אויפֿגעריסען דערפֿון. ער האָט אויפֿגעהאָרכט און פֿערנומען, ווי פּרוי פֿעטערס און הינטער איהר די קינדער אַיילען דעם קאָרידאָר דורך, די טיר צו עפֿענען. און באַלד גיט איהם זיין נאָמען אַ ברום אין אויער, אַרויסגערעדט פֿון אַ ביר-באַס-שטימע. אַהאַ, זיין קוליער-ברודער *) שליף, דאָס „פֿאַס", מאַכט איהם דעם ערשטען בעזוך. אָבער גלייך צוהילכען זיך מעהרער טריט אויפֿאַנאַנדער איבערן קאָרידאָר דורך, און איידער ער האָט נאָך בעוויזען זיך אויפֿצוהויבען, ווערט אָנגעקלאַפּט, די טיר

*) קוליער (Couleur) — פֿאַרב פֿון אַ סטודענטישען פֿערבאַנד, און דער פֿערבאַנד אַליין הייסט אויך אַזוי.

זיינע עפענט זיך, און עס שפּאַצירען אַריין פיר מונקעלע געשטאַלטען.

„ב'אווענד, לופוס. וואָס מאַכסטו? שלאָפסט דאָך גאָר ווי אַ מירמעל-טיר! האָסטו דען הינען קיין רעכטע טראָן-לאָמפּ נישט, נאָר דאָס חלב'נע ליכטעל?"

„אַ גוטען אָווענד, ליבע קוליער-ברידער, ב'אָווענד „פּאַס", ב'אָ-ווענד „שפּונט", ב'אָווענד „בושעל"! דערביי דריקט לעאָ, וואָס איז געוואָרען אָנגערופען מיט'ן שיינעם נאָמען „לופוס", קרעפטיג די הענט די דריי, וועלכע רעאַגירען אויף די אויבענדערמאָהנטע שיינע נעמען „פּאַס", „שפּונט" און „בושעל". „נענו, ווען האָט איהר דאָ נאָך?" פרעגט לעאָ ערשטוינט.

„ערלויב, ליבער קוליער-ברודער, נייער פוקס *) פון אונזער פערעהרטער בורשענשאַפט גוועסטפאַליאַ, הייסט מאַקס פאָן האָרסט. זינט אַכט טאָג אַקטיוו!" גריילצט די פאָנפעדיגע שטימע פון אומבע-קאַנטען פערטען.

„גוט געזאָגט פאַר זיינע יאָהרען!" בעקרעפטיגט דער ברומענדי-גער ביר-באַס פון שליף אָדער „פּאַס".

„קום נאָר אַהער, פוקס!" רופט איהם לעאָ לאַכענדיג צו, נעהמט דאָס ליכט פון דער קאָמאָדע און בעלייכט דערמיט דעם אָנבליק פון „נייעם". אויף אַן'אויגענבליק לאַנג זענען די געזיכטסצוגען פון לעאָ און האָרסט גרוילליך בעלויכטען געוואָרען, און פאָרשענדיג האָט איינע אין אַנדערנס געזיכט אַריינגעקוקט.

„גאַנץ שיין, פוקס, קומסט אין גרינעם מיץ גאַנץ שאַרף פאַר און דאָס קעפּעל אויך גאַנץ לייטיש צורייניגט, און די וואָנסען אויך גאַנץ שיין, ווערסט האָפענטליך אונזער בורשענשאַפט נאָר עהרע פער-שאַפען?"

טראָץ די צושטימיגע ווערטער פון האָרסטען, פיהלט לעאָ, אַז זיין געזיכט איז איהם אונסימפּאַטיש. ער ווייסט נישט צומאָל פאַר-וואָס, צי דאָס פאָנפעדיגע רעדען, צי דאָס שטאָלצע, דאָס צופיל, ווי „אָבגעלעקט", צורייניגטע אויסענדיגע. ער האָט זיי געבעטען זיצען.

---

*) פוקס — אויף דער סטודענטען-שפּראַך אַ סטודענט פון די ערשטע צוויי סעמעסטרען.

ער איז אַוועקגעגאַנגען לאָזען אָנצינדען די לאָמפּ און דערווייל די פיר אַליין געלאָזט.

דעם ערשטען אויגענבליק זענען זיי דאָ געזעסען שטיל. ענדליך הויבט האָרסט אָן:

„זאָג נאָר, „פּאַס”, זינט ווען איז עס וואָלף אין אונזער קוליער?”

„זינט אַכט סעמעסטערען”, איז געווען דער ענטפער, „ווען ער איז פון דער פּעננע (חדר) — ער האָט געמיינט דערמיט די „שולע” — אַרויס”.

„ער איז אַ יוד?”

„יאָ”, האָט עס אַ ביסעל צוציגען אָבגעקלונגען.

„נע, איהר ווייסט, ער איז שוין אַ ביסעל צו „שטאַרק” יוד. די האָר און נע, איהר ווייסט, עפּעס דער גאַנצער שטייגער זיינער... אַ ביסעל צו שטאַרק יוד. ס'וואָהר!”...

„האַלט ס'מויל, פוקס”, מישט זיך אַצינד אַריין דער לאַנגער גערשטמאַן, וואָס האָט צוליב דעם לאַנגען האַלז זיינעם געקריגען דעם שענק-נאָמען „בושעל”. „דאָס זאָל דיך נישט אָנגעהן! ער איז אונזער קוליער-ברודער און מיט דעם — פונקטום. און ער איז אַ גאַנץ וואוילער יונג. ער שלאָגט זיך טאַקי נישט אַזוי גוט אויף מענזור *), ער האָט אָבער קוראַזש און שטעהט שטייף ווי אַ ווירע. און ער איז דער פערטרויטסטער פריינד פון מאַנצאָווען, אונזער בעסטער שלעגער!”

די אַנדערע בעשטעטיגען עס צושטימיג. נאָר האָרסט פערציהט אַ ביסעל שפּאָטיש דאָס מויל זיינס און לאַכענדיג אין זיך דערמאָהנט ער זיך אָן אַ אילוסטראַציע פון אַ אַנטיסעמיטיש וויצבלאַט, וואו ס'איז פאָרגעשטעלט געווען אַ מענזור צווישען אַ קריסט און אַ יוד און שוין ביים ערשטען גאַנג ליגט דער יוד, נאָך דעם הויכען „וואו!”-געשריי, אויסגעצויגען אויף דער ערד. נע, עס איז טאַקי געווען אַ יוד מיט אַזאַ שרעקליכער האַקען-נאָז און וואורשט-ליפּען”... דאָס האָט צו קאָמיש אויסגעזעהן. ער האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער אויפ'ן קול:

„נע, פוקסעל, ווער נאָר נישט דאָ אַזוי גרויסאַרטיג! איבער וואָס אייגענטליך האָסטו זיך עס אַזוי צושמייכעלט?” ברומט פּאַס פון

---

*) מענזור — אַ סטודענטישער דועל אויף שפּיזען.

זיין טיפסטער קעהל-טיפקייט.

„אַך, גאָרנישט. מעהר קיין יודען האָבען מיר דאָך נישט אינ׳ם קוליער?" גרילצט האָרסט ווידער גייגיריג און דרייט זיך די בלאָנ-דע וואָנסען זיינע.

„נעע..."

דאָ קומט לעאָ אַריין מיט דעם אָנגעצונדענעם לאָמפ. האָרסט קאָן שוין זיינע געזיכטס-שטודיען ווידער בעגייען. קיין האַקען-נאָז איז אפילו נישטאָ, קלערט ער ביי זיך, אָבער די האָר, דער שוואַר-צער וואָנסען-אויסשפּראָץ, די טונקעלע אויגען... געוויס, דאָס סעמי-טישע אויסזעהן גלייך צו דערקענען! און דער איז זיין קוליער-ברו-דער... דאָס איז איהם גאַנץ קנאַפּ אַנגענעהם געווען!

ווען זיי האָבען זיך אַלע פינף אַרום טיש אַנידערגעזעצט, האָט לעאָ געפרעגט, פאַרוואָס זיי האָבען איהם נישט אָבגעוואַרט אויפ׳ן וואָקזאַל. „דער שלים-מזל׳דיגער פוקס" איז שולדיג געווען דערין. זיי האָבען אָבגערעדט צו דער בעשטימטער צייט זיך צו טרעפען, נאָר דער פוקס האָט זיך אָבער צוליב דער שווערער „שאַרפער" פריזור זיינער פערשפּעטיגט, און דעריבער זענען זיי אָנגעקומען צום וואָקזאַל, אַז לעאָ איז שוין געהאַט אין שטוב אַוועק.

„עה, פיקסעל, דו ביזט אַלזאָ דערין שולדיג? נע, וואַרט אויף!" האָט לעאָ געלאַכט, „דו זעהסט אויס טאַקי אַ גאַנץ שיין גאוה׳דיג מענשעל! אַלע טאָג לאָזט מען זיך צוויי מאָל פריזירען, ס׳וואָהר?"

„נע, איך האַלט עס דורכאויס פאַר שאַרף און פּאַטענט!" ענט-פערט האָרסט, זיך פיהלענדיג אַ ביסעל אָנגעריהרט.

„נע-נע, האַלט שוין אַמאָל ביידע אַייערע מיילער, און דו, לעאָ, שאַף ליבערשט אַ ביסעל פליסיגס אַהער!" האָט אויסגעקלונגען דער שמערץ-געשריי פון שליפס רויהער ביר-קעהל.

„זעהר גערן, שליף", איז לעאָ אַיינשטימיג, „אָבער מיינע ווירטסלייט זיצען אַצינד גראָד ביים אָווענד-ברויט, און דאָ קאָן איך נישט גוט..."

„ריכטיג," האָט זיך „אַצינד" שפּונט געלאָזט הערען, אַ שטילער מענש און אַ „שטילער" דורכגעברענטער טרינקער. „געהען מיר ליבערשט אין אונזער שענק אַריין."

דער פאָרשלאָג איז אַלעמען געפאַלען. בשעת ווען לעאָ האָט זיך דאָס געזיכט און די הענד געוואַשען, אָנגעטון די שטיוועל

און דערביי מיט די אַנדערע זיך אַ ביסעל איבערגעשמועסט, האָט האָרסט בעטראַכט די ביידע שטעה-פאָטאָגראַפּיעס, וואָס האָבען דעם טיש בע-פוצט. אַז ער האָט בעמערקט דאָס עכט-יודישע געזיכט אויף איינעם פון די בילדער, האָט ער שפּאָטיש אַ שמייכעל געטון און ביי לעאָן גיפטיג געפרעגט, „ווער אָט דער מענש איז״.

לעאָ האָט אויסגעשטעלט אויף איהם אַ פּאָר אויגען.

„דו האָסט מיך געקאָנט, האָרסט, אַ ביסעל דייפליכער פרעגען, דערצו נאָך, אַז דאָ האַנדעלט זיך עס וועגען מיין פאָטער!״

„אַה! פּאַרדאָן! איך האָב עס נישט געוואוסט!״ ענטפערט האָרסט און שטעלט צוריק דאָס בילד אַנידער, צוקענדיג מיט די אַקסלען. זיי האָבען זיך ביידע אַ ביסעל אונהיימליך דערפיהלט. זיי האָבען גע-שפּירט, אַז זיי זענען זיך איינס דאָס אַנדערע נישט סימפּאַטיש...

„פאַרוואָס טוסטו נישט אָן דעם קוליער-מיץ?״ ווענדט זיך פוקס צו לעאָן, הגם אינערליך וואָלט ער צופרידענער געווען, ער זאָל נישט דאַרפען געהן צוזאַמען מיט איהם אינ׳ם קוליער.

„פוקס״, האָט זיך אַצינד לעאָ שוין נישט געקאָנט איינהאַלטען, „פערמאַך נאָר געפעליגסט דאָס גרויסע מויל דיינס! פאַר אַ פיקסעל ביזטו טאַקי אַ זעלטענער פלוידערזאַק. נע, איך גלויב, אַז ביים שענק-טיש וועלען מיר דיך שוין אָבגעוואוינען דערפון.״

די איבעריגע האָבען זיך גלייך גענומען זיי ביידע צו בערוהי-גען. זיי האָבען נישט געוואוסט דאָ מיט וועמען צו האַלטען און זע-נען דעריבער זעהר צופרידען געווען, אַז מען איז שוין אויף דער גאַס אַרויסגעקומען, וואו דאָס געטומעל פון דער וועלט-שטאָדט האָט זיי ווי אַ ווילדע יאַגד אַנטקעגען געיאָגט.

## צווייט קאַפּיטעל.

אויפ׳ן צווייטען טאָג, דעם ערשטען נאָוועמבער, האָבען זיך אָנגעהויבען די ערשטע פאָרלעזונגען אין דער אוניווערזיטעט. לעאָ האָט אָבער פון דער בומלעריי דעם אָוועגד צופריהער געפּאַקט אַ שטאַרקען קאַטאַר, האָט ער זיך עס געפונען פאַר צוועקמעסיג צו בלייבען אין דער היים און זיך ערשט ווידער ווי געהעריג איז איינצולעבען אין זיין צימער. דאָס האָט ער טאַקי דורכאויס געטון. אין פאַרמיטאָג ווי אין נאָכמיטאָג האָט ער זיך גלייכגעלייגט די זאַכען, צוריק אין אָרדנונג אַיינגעפּאַקט די וועש, ווייל אין קופערט איז זי אַ ביסעל צוקנייטשט געוואָרען, איינגעאָרדענט און אויסגעשטעלט די ביכער פונ׳ם ביכער-רעגאַל, אויפ׳ן קלאַוויר געצימבעלט; קורץ, געטון יענע טויזענדערליי קלייניגקייטען, וואָס קאָנען אַ גאַנצען טאָג פערנעהמען און מען זאָל צומאָל נישט וויסען מיט וואָס.

ביים אויספּאַקען קומט איהם אין האַנד אַריין אַ דיקער שווערער בריף. אַ פּאָר סעקונדען לאַנג האַלט ער איהם אין דער האַנד. יאָ, ריכטיג. אַנ׳אויפטראָג פון זיין היימאַט איבערצוגעבען דעם בריף דער פריילין גרעטע בערגער.

אַ בעזונדער געפיהל געהט אין איהם שטענדיג דורך, ווען ער דערמאָהנט זיך אָן דעם זעלטזאַמען מיידעל. און אין זיין אונבעשטימטער עמפּינדונג איז געלעגען אַ שטאַרקע דאָזע רעספּעקט, ערשטענס ווייל זי איז געווען די איינציגע טאָכטער פון זיין פערעהרטען גימנאַזיאַל-דירעקטאָר פּראָפעסאָר דאָקטאָר בערגער, אַ טאַט-זאַך, וואָס רופט אַרויס עהרפורכט אין יעדען שילערס האַרץ, און צו ווען ער האָט זיך אויך, אַלס שילער, פערהאַלטען מים פיל „עהרפורכט“. דערצו נאָך זייער געמיינזאַמע טאַנץ-שטונדע...

און דאַן ווידער דאָס אייגענאַרטיגע בעשעפעניש אַליין!

אין דער צייט, וואָס ער האָט דעם בריף אין דער האַנט גע־האַלטען, האָט ער זיך גענוי ערינערט אין יענער סיטואַציע, אין וועלכער ער האָט זיך בעקאָנט מיט איהר. און אַיילענדיג, ווי פּאַ־לענדיגע טאָן־פּערל, טויכט פאַר איהם אויף אַ גאַנצער בילדער־צוג, טאַנץ־שטונדען, פאַרשטעלונג, יודישקע, שטרייט, קאַלטקייט...

דאָ ערשיינט פאַר איהם ווידער איהר שיין געוויקסיג געשטאַלט מיט דעם ענערגישען טיטוס־קאָפּ, מיט די קאַלטע, נישט־דעפינירבאַרע, גרויע אויגען, וואָס זייער רעטזעלהאַפטער אויסדרוק האָט איהם שטענ־דיג אַזוי פראַפּירט... *)

ער לייגט ענדליך דעם בריף אויפ׳ן טיש אַוועק, און שטיל פערשווינדען אַלע ערינערונגען פאַר אַנדערע, וואָס טויכען אויף פאַר זיינע אויגען.

אינדעם איז אָנגעקומען אַ פּאַקעט.

קעגען אָוועגד ערשט האָט ער עס אויפגעפּאַקט, נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט בעפּרידיגט זיינע אָרדנונגס־אינסטינקטען. אינ׳ם פּאַ־קעט זענען אַלערלייי שיינע זאַכען געלעגען. אַ ווירטשאַפטס־געשאַנק פון זיין פאָטער פאַר די פרוי ווירטין, אַ בוי־קאַסטען, שנירלעך קרע־לען און אַ בילדעו־בוך פאַר די קינדער, און דאַן, ער נעמט פּרובענ־דיג אין דער האַנד אַריין אַ דאַמען־האַנטשוה־שאַכטעל, און אַ פרייליכער שמייכעל שטראַהלט דורך דאָס געזיכט זיינס.

די דעמערונג שלייכט זיך שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, אין צימער אַריין. אַצינד איבער דעם טיש, איבער דער סאָפע, באַלד איבער דעם גרויליכען פרישען בעט, איבער דעם שוואַרצען קלאַוויר, ביז די ווייטסטע שטוב־ווינקלען ווערען פערהילט אין אַ מאַטע גרוי־קייט, דאַן שלייכט זי לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג צו דעם טרוימענדען, וואָס האַלט דאָס שאַכטעל אין האַנד, זיצט ביים פענסטער און קוקט אַרויס מיט אַ גליקליכען שמייכעל אין דער טונקעלקייט.

ער האָט צו טראַכטען, אַזוי פיל צו טראַכטען, אַזוי אַיילענ־דיג, אַזוי היפּענדיג, דאָ פון דאָס, דאָ פון דעם, און טרוימען דאָ פון דאָס, דאָ פון דעם...

---

*) פראַפּירען — ערשיטערן, פרעמד פאָרקומען.

ער האָט נישט בעמערקט, ווי אין שטוב איז דערווייל פינסטער געוואָרען. דען זיינע געדאַנקען, זיינע טרוימען טאַנצען אום ווי לייכ־טע פלאַטערנדיגע מלאָכימלעך, ווי שעפּטשענדיגע קאָבאָלדען *) אַרום אַ שלאַנקער מיידעלשער געשטאַלט, וואָס איהם דאַכט זיך אויס, אַז ער זעהט זי, דאָ און דאָ, און דאַן ווידער דאָרט... ווי זי גריסט און שמייכעלט צו איהם און ווינקט מיט די שלאַנקע, פלינקע פינגער, ווי זי האָט אַצינד אַזאַ קאָמיש-ברוגזליכע מינע געמאַכט און מיט איין קעהר פון איהם זיך אָוועקגעדרייט און צו זעהן געגעבען דעם פלאַ־טערנדיגען קליינעם מאָצאַרט-צאָפּ. פּלוצלונג צולאַכט ער זיך אויפ׳ן קול...

זיין אייגען הויך געלעכטער האָט מיט אַמאָל אויפגעוועקט פאַר איהם די ווירקליכקייט. הוש, פערשוואונדען איז דער בלאָנד-קאָפּ, די ווייסע הענט, דאָס שטייף געפלאָכטענע צאַפּעלדיגע צעפּעל... און זי איז טאַקי ווירקליך פערשוואונדען...

ער קוקט נאָך אַלץ גליקזעליג דורכ׳ן פענסטער אַרויס, אָבער זיין אַיינבילדונגס-קראַפט איז זי שוין נישט אימשטאַנד אַ צווייט מאָל אַרויסצופישופען. זי איז געבליבען פערשוואונדען, און בלויז דאָס שוואַרץ-גלאַנצענדיגע עלעגאַנטע קעסטעלע אין דער האַנט זיינער האָט איהם ערינערט אָן דער, וואָס איז אַזוי לעבעדיג געווען אין זיין וויזיאָן, וועמען ער וועט באַלד אַזוי לעבעדיג-וואַרים זעהן.

יאָ, העלענע! אַז ער טראַכט פון איהר, מוז ער שטענדיג שטיל אין זיך לאַכען. אָט דער בלאָנדער טייוועל, אָט דאָס שלאַנקע געשטאַלטעל, אָט דאָס צולהכעיסדיגע קעפּעלע! אַזוי רופט ער זי אָן און ווערטעלט זיך פון איהר אין דער שטיל, און שטענדיג פיהלט זיך אין אָט די איינזאַמע בעציי בונגען שטאַרק אָנגעהיצטע האַרצענס-וואַרימקייט, אַ היבש ביסעל ענטציקונג און... פיל ליבע.

נאַטירליך, וועט זי זיך מיט דעם געשאַנק זעהר פרייען, אין דעם קאָן גאָר קיין צווייפעל נישט זיין, מיינט ער. פרייען? געוויס, זי וועט זיך אונגעהייער פרייען!

און ער דערמאָהנט זיך אָן אַלערליי עהנליכע סיטואַציעס, וואָס

---

*) קאָבאָלדען — לויט דעם פאָלקסגלויבען ביי די דייטשען אזעלכע קארליק-ארטיגע (צווערגהאפטע) העסליכע הויז- און בערג-גייסטער.

זייביידע, ער אַלס שענקענדער און זי אַלס בעשענקטע, האָבען „אָב-געשפּילט". עס פלעגט שוין זיין אַ ביסעל צו פיל! ווי זי האָט עס נייגיריג אַרומגעשמעקט דעם פינף-און-צוואַנציג מאָל צוגעשנירטען און פופציג מאָל אַיינגעהילטען פּאַקעט, און אָפטמאָל נאָך אַריין מיט'ן נע-זעל, אום צו דערגעהן, וואָס פאַר אַ געשאַנק ס'קאָן זיין, ווי זי האָט עס צאָרניג מיט די פיס געטופּעט און ענערגיש ביי די פינף-און-צוואַנציג שנורען געריסען, ווייל „דאָס דויערט אַזוי לאַנג", דאָס איז געווען אייגענטליך שוין צו פיל רייצענד. און דאַן, אַז זי איז געבליבען שטעהן אַזוי נאַאיוו, מיט אַ אָפענעם מיילכעל, און האָט זיך אַרומגעקוקט דאָס געשאַנק פון אַלע זייטען — וואָס אָט איינמאָל איז עס געווען אַ בוך, דאַן איינמאָל אַנ'אָרעם-באַנד — און דאַן ווי זי האָט עס איהם מיט דער גאַנצער קראַפט איהרער די האַנט געדריקט און זיין מויל געקושט, נע, דאָס איז שוין געווען צו שפּאַסהאַפט, צו „זיס!" און היינט וועט דאָך עס טאַקי ווידער אַזוי זיין!

יאָ, געוויס, פאַרוואָס זאָל עס דען היינט נישט אַזוי זיין? פערקעהרט, פיל שענער נאָך, פיל וואַרימער, שטילער, אינטימער. האָט ער זי דאָך שוין צוויי מאָנאַטען נישט געזעהן, און די בריף, וואָס האָבען איהם פערנומען איבער די קאַניקולען צייט און אין זיין בלאָנד-קאָפּ דערמאָהנט, יאָ, זיי האָבען דאָך איהם נישט געקאָנט פער-בייטען אָט דאָס קליינע ליבליכע קעפּעל מיט די צאַרטע, ווייכע בלאָנד-האָר, און דאָס ווייסע געזיכט און די בלייכע, שלאַנקע הענט... און אָט די בלייכע, שלאַנקע הענט...

ער איז צו צום טיש און האָט גענומען דעם אַלבאָם, אין וועל-כען עס האָט זיך איהר פאָטאָגראַפיע געפונען. עס איז שוין אָבער געווען צו פינסטער, ער זאָל זי גענוי קאָנען זעהן. ער האָט נאָר געקאָנט אויפכאַפּען דעם פיינעם שלאַנקען אומריס פון איהר געשטאַלט, און פאַר זיין פאַנטאַזיע איז עס גענוג געווען, ער זאָל זי זיך אַרויס-בישופען אַזוי לעבעדיג, ווי זי וואָלט אַצינד נעבען איהם זיין.

וואָס פאַר אַ טרוימער ער איז! אַלץ נאָך זיין אַלטע געוואוינ-הייט אין דער רוהיגער שטילקייט רייצפולע געדאַנקען-פעדים אויסצו-שפּינען, אַלץ נאָך דער אַלטער „האַנס דער טרוימער", ווי זיין שול-קאַמעראַד און פריינד ריכאַרד האָט איהם אָנגערופען!

צוליב אָט די געדאַנקען-קייטען זיינע, וואָס האָבען זיך אַרום

אַ קליין מיידעל-פּנימעל בעוועגט, האָט ער אינגאַנצען גאָר פערגעסען אָן די געשאַנקען פאַר דיביידע קינדער.

דאָס איז אַ אונפערגעסליכקייט, וואָס איז נישט צום פערגעבען. ער רייסט אויף די טיר.

„הע, פריץ, ליזע, קומט נאָר צו מיר אַריין!"

ווי אַ שטורם-ווינט זענען זיי ביידע געקומען אָנצולויפען. דאָס איז געווען דער גרויסער מאָמענט, אויף וועלכען זיי האָבען שוין פון נעכטען אָן געוואַרט. אַז זיי האָבען לעאָס צימער געטראָפען פינסטער, האָבען זיי אַ ביסעל צוריקגעהאַלטען זייערע טריט.

„אַריין, אַלעמאָל אַריין!" בעפעהלט ער לאַכענדיג, אַז ער זעהט, ווי די צוויי קינדער-קעפּלעך זענען געבליבען שטעהן אין פערלעגענ-הייט: „אָט וועל איך ליכטיג מאַכען, און... נע, איהר ווייסט דאָך שוין, לאָבוסלעך קליינע, וואָס שטעהט אייך פאַר? הע?"

עס האָט איהם שטאַרק אַמוזירט, ווי די ביידע קינדער האָבען זיך פעסט געהאַלטען ביי דער האַנט און אַזוי פערלעגען געקוקט, דאָ איינס צום אַנדערן, דאָ צו איהם.

אָבער ווען די לאָמפּ האָט די געלע ליכטיגקייט מיט דעם שטי-לען ווינטעל-געררויש פון זיך אויסגעשטראַהלט, דאַן איז צו דער פרייד און צום יובלען פון די קינדער גאָר קיין ענדע נישט געווען. דער זיבעניעהריגער פריץ האָט גלייך געוואָלט אַרויסווייזען זיין אָנגעבוי-רענעם אַרכיטעקטור-טאַלענט, האָט ער אין אויגענבליק בעדעקט דעם גאַנצען טיש מיט די בוי-העלצלעך פון זיין בוי-קאַסטען, און דאָס פינפיעהריגע מיידעל האָט קראַמפּהאַפט איהרע קרעלען-שנירען צוגע-האַלטען און נישט געוואוסט, מיט וועלכען זאָל זי זיך פריהער זאַט אָנ-קוקען, מיט דעם אָ, צי מיט דעם גרויסען בילדער-בוך.

אַז אַנ'אויגענבליקליך דרייסט-אויפגעשטעלטע געביידע פון קליי-נעם בוי-מייסטער האָט זיך פּלוצלונג אומגעוואָרפען און שיער נישט אַרויפגעפאַלען אויף דער לאָמפּ, האָט לעאָ אויסגעפונען פאַר זיכערער, ער זאָל עס איהם צוריק אַיינפּאַקען אין די איינצעלנע העלצלעך.

און די גאַנצע צייט איז איהם אַלץ אַ פראַגע געלעגען אויף די ליפּען.

נאָך נעכטען, ווען ער האָט בעגריסט זיין ווירטין, האָט ער זיך געוואָלט וואַגען דערצו, ער האָט זיך אָבער אַיינגעהאַלטען. זי טאָר דאָך נישט וויסען דאָס מינדסטע פון זיין פערהעלטניס צו איהר

שוועסטערס טאָכטער העלענע. נאָר וויניגסטענס האָט ער אָצינד פון די קינדער געוואָלט געוואָהר ווערען, צי זייער „טאַנטע לענע" איז געווען דאָ ביי זיי היינט, אָבער ביי אָט די „ווייסע" בערלינער קינ-דער מוז מען עס קונציג מאַכען. דעריבער האָט ער די קינדער פרי-הער אויסגעפרעגט וועגען אַלע זייערע קרובים, וואָס ער אַלס אַלטער בייוואוינער זייערער ווייסט פון זיי, דערנאָך וועגען אָנקעל ריינעקע, דאַן וועגען דער טאַנטע שולצע, און דאַן נעבענביי וועגען „טאַנטע לענע".

דאָ האָט ער זיך אָנגעהערט פערשידענע זאַכען. טאַנטע לענע איז נישט געווען ביי זיי אַ לאַנגע צייט. ערשט יענע וואָך איז זי איינמאָל געקומען און נעכטען איז זי געווען. און מיט אַנ׳אויסערסט וויכטיגער מינע האָט פריץ דערצעהלט, אַז לענע האָט געזאָגט צו דער מאַמאַ „זי קאָן דיך גאָר נישט ליידען". פאַר דאָס האָט לעאָ, כלומרשט אויך אַזוי פערבייזט, בעשלאָסען מיט פריצען וועגען איהר, אַז זי איז „זעהר אַ שלעכטע טאַנטע".

פונדעסטוועגען האָט ער נישט געקאָנט דערגעהן פון זיי, צי „טאַנטע לענע" וועט היינט אויך קומען. ער האָט צוריק אַיינגעפּאַקט פאַר די גליקליכע קינדער זייערע געשאַנקען, און נאָך פיל מאָל „דאַנק-שיין", די געשאַנקען מיט ביידע הענט צוהאַלטענדיג, זענען די קינדער אַריינגעפאַלען אין אַנדערן צימער צו דער מוטער.

דריי פערטעל אַכט איז ער פינקטליך געווען שוין פאַר איהר גע-שעפט אין דער זיידעל-גאַס. אונטערן לינקען אָרעם דאָס קליינע פּאַ-קעט, אין וועלכען דאָס געשאַנק פאַר איהר איז געווען אַיינגעפּאַקט, אין דער רעכטער האַנד אַ העל-געלער דיקער שפּאַציר-שטאָק, האָט ער זיך אַזוי געשלענדערט פאַרביי די ביידע גרויסע העל-בעלויכטענע שוי-פענסטער.

ביי יעדען מאָל פאַרבייגעהן האָט ער בליץ-שנעל דורך דעם גלאָז-פענסטער פון דער טיר אַ זייטיגען בליק געוואָרפען אין געשעפט אַריין.

זיין הונגעריגער בליק חאַפּט איינמאָל אויף אַ געשטאַלט אַ שלאַנ-קע, דאָס אַנדערע מאָל ווידער אַ בלאָנדען מאָצאַרט-קאָפּ... דאָס איז זי געווען. ער האָט עס געוואוסט, אָדער פיל מעהר נאָך, ער האָט עס געפיהלט!

פריילין דרייט ער אין דער רעכטער האַנט זיינער דעם שפּאַ-

ציר-שטאָק און ווי אין געדאַנקען פערלוירען קוקט ער שטאַר ערגיץ פּאַר זיך. ער האָט עס ליב געהאַט אַזוי. שוין פון קינדוויז אָן איז ער אַ שלעכטער בעאָבאַכטער געווען פון לעבען און קיינמאָל נישט גע-לערנט צו זיין אויפמערקזאַם אויף דאָס שפּראַצען און וועבען פון דער נאַטור. ער האָט בעסער ליב געהאַט אַלערליי געדאַנקען נאָכצוקלע-רען און זיך נישט אינטערעסירט מיט דעם, וואָס אַרום איהם קומט פאָר. אָפּט האָט עס געטראָפען, אַז פון פערטראַכטקייט איז ער אויף אַ לאַמטערן-סלופּ אַרויף אָדער אָן אַ מענש זיך אַ שטויס געגעבען, וואָס פלעגט איהם ערשט אַריינברענגען צוריק אין דער ווירקליכקייט.

„וואָס זעהט איהר נישט וואו איהר געהט, איהר פאַסקודנער יוד!"

ער בלייבט ערשטוינט. פערנומען אין זיינע געדאַנקען, האָט ער מיט'ן שפּאַציר-שטאָק אַ קלאַפּ געטאָן אַ פאַרבייגעהער אין ברוסט. ער קוקט אויף דעם, וואָס זידעלט איהם, מיט אויפגעריסענע אויגען.

ער האָט דערפיהלט ווי פּחדנות'דיג און שוואַך ער איז געוואָרען.

אַזעלכע זידלערייען איז איהם אויף דער גאַס אויסגעקומען טאָג-טעגליך צו הערען פון אָבגעריסענע גאַסען-יונגען, אַרבייטער און אָפטמאָל אויך פון אָנשטענדיג געקליידטע הערען. ער האָט שוין נישט געהאַט אין זיך יענע פרישקייט, מיט וועלכער ער פלעגט אָט די מענ-שען אין די פריהערדיגע יאָהרען האַסען. זיין האַס איז געוואָרען טעמ-פּער. און די זידלערייען האָבען אויך, דורך דער שטענדיגער ווידער-האָלונג, פערלוירען ביי איהם זייער שטעכענדיגע שאַרפקייט.

די ערשטע צייט פלעגט עס איהם אַ ווערג טון אין דער קעהל, אַז ער איז נישט אימשטאַנד געווען אַנדערש אָבצוענטפערן, נאָר מיט דער פויסט. ווען ער איז נאָך אַ קליין קינד געווען, פלעגט ער אָנ-קוקען יענע אַלע, וואָס האָבען איהם געזידעלט, מיט אַ שרעקליכער אַנגסט, ווייל ער האָט נישט געקאָנט פערשטעהן קיינמאָל, פאַרוואָס, און מיט אַ געוויין אין שויס פון זיין קראַנקער, בלאַסער מוטער זיך טוליען... אַצינד איז ער אויסערליך רוהיג געוואָרען. ער האָט איבער-געטראָגען די טעגליכע זידלערייען, אַזוי ווי דעם שיקזאַל, וואָס איז נישט מעגליך אויסצומיידען. טיילמאָל פלעגט ער זיך זאָגאַר מיט בי-טערניש דערפון אויסלאַכען. נאָר אין זיין געלעכטער האָט זיך גע-פיהלט דעמאָלט דער אויסדרוק פון פערביסענעם וואוט.

ער האָט אַלץ נאָך נאָכגעקוקט יענעם פאַרבייגעהער. באַלד איז ער איבערן ברוק אַריבער און זיך אַנידערגעשטעלט פונקט קעגענאי-

בער דעם געשעפט פאַרן אײַנגאַנג. פון דאַנען האָט ער גענוי גע-
קאָנט בעאָבאַכטען די טיר פון מאַגאַזין; און דאָ האָט ער בעשלאָסען
צו וואַרטען, ביז זי וועט אַרויסקומען. פאַר די ביידע העל-בעלויכטענע
שוי-פענסטער האָבען דורכאַנאַנד מאַסען מענשען פאַרבייגעאײַלט.

אין דער מענשען-פאַליע פאַרביי דעם געשעפט זענען מאַנכעס
מאָל אָנגעפאַלען אויפשיינונגען, וואָס האָבען איהם געגעבען די מעגליכ-
קייט שאַרף אין מאַגאַזין אַרייַנצוזעהן. ער האָט זי אָבער דאָרט נישט
געפונען.

„זי טוט זיך, וואַהרשיינליך, אַצינד אָן דאָרט אין הינטער-שטי-
בעל", טראַכט ער זיך און געהט צוריק איבער דעם ברוק אַריבער,
כדי פון דאַנען אַכטונג צו געבען אויף דער מאַגאַזין-טיר.

פון ווײַלע צו ווײַלע האָבען נאָך אויפגעטויכט אײנציגע ווער-
טער אין זיין בעוואוסטזיין, און ער דערשפירט אין זיך אַלעמאָל אַזאַ
אונאַנגענעהמע, נערוועזע, צאָרניגע עמפינדונג...

אינדעם קומט זי אײַלענדיג פון מאַגאַזין אַרויס. אַ זוכענדיגער
בליק איבער דער גאַס. אָט דערקאָנט זי איהם. נעהנטערט זיך צו.

„דו, דו!" לאַכט דאָס גאַנצע צאַרטע געזיכט איהרס, וואָס איז
אַצינד מיט רויטקייט איבערגעהויכט געווען.

מעהר האָט זי קיין וואָרט נישט געזאָגט. זי האָט נאָר איינמאָל
צערטליך אַ גלעט געטאָן מיט איהר קליין הענטעל איבער זיינע באַ-
קען און גענומען איהם געאַרעמט. זיי וויסען שוין ביידע, וואו זיי
האָבען צו געהן. עס געפינט זיך דאָ אין דער סעבאַסטיאַן-גאַס אַ שטיל
געמיטליך קאָנדיטאָריי, וואו זיי פלעגען אָפט זייערע ראַנדעוואוס מאַ-
כען, וועלען זיי אויך היינט, נאָך צוויי מאָנאַטען צושיידט זיין, דאָרט
אַ ביסעל זיך אויסשמועסען.

„האָסטו אַ גוטען וועג געהאַט? וואָס האָט עפּעס די טאַנטע גע-
זאָגט, אַז דו ביזט געקומען? און פריץ און ליזע? נע, זיי האָבען
זיך דאָך געוויס זעהר געפרייט. ווייסט דו, לעאָ, האָט דיך פריצעל
ליב, דער קליינער פופקע. נעכטען טאַקי בין איך געוועזן ביי דער
טאַנטע און אַ פרעג געטאָן ביי איהר פאַרבייגעהענדיג, גאַנץ פער-
שטעלט... נע, זי טאָר דאָך דערפון נישט וויסען! — ווען דו וועסט
קומען. און דיין פאַפּאַ? און דיין פריינד ריכאַרד מאַנצאָוו? איז ער
ווירקליך קיין פרייבורג אָבגעפאָהרען?..."

ער הערט זיך גליקזעליג אַיין צו דעם מבול ליבליכע פראַגען

און בעגלייט זיינע ענטפערס מיט צערטליכע בליקען. ווידער האָט איהם איבערוועלטיגט דאָס אַנגענעהמע געפיהל, זיך פיהלענדיג נעבען איהר, אַז ער האָט איהרע קליינע פינגער געהאַלטען, אויפ׳ן שמאָלען, בלייכען געזיכט געקוקט, די טרייע בלויע אויגען געזעהן, די פער-שייטע בלאָנדע פּאַזי-פריזור, וואָס איז אַזוי טיפּיש פאַר די בערלינע-רינס, די גראַציעזע האַלטונג פון קערפּער, דאָס זאַנפטע וויגען זיך ביים גאַנג... ער האָט אין זיך אַיינגעזויגען די אַלע אַיינדריקען מיט דעם גליקזעליגען בעוואוסטזיין פון אַ פערליבטען.

זיצען זיי ביידע אין הינטער-צימער פונ׳ם קליינעם קאָנדיטאָריי, ער — ביי זיין קאָמאַן-מעסיגע *) משקה: ביר, זי — ביי איהר בעליב-טען מאכל: עפּעל-קוכען מיט סמעטענע. ער האָט איהר אַראָבגענומען דעם גרויסען רעמבראַנדט-הוט, דערביי האָבען זיינע ליפּען שטיל בע-ריהרט איהרע האָר — זי בעמערקט עס און לאַכט אין זיך שטיל — דאַן נעהמט ער איהר אַראָב דעם גראַנאַטען ענג-געפּאַסטען מאַנטעל.

ער האָט צום ליבסטען געהאַט צו זעהן זי אַזוי, אַז איהר שלאַנ-קע שיין געוואַקסענע פיגור, איהר קליין בלאָנד קעפּעל זאָל זיין אָפּע-נער פאַר זיינע אויגען. אויסערדעם האָט איהם דער גרויסער רעמ-בראַנדט-הוט זעהר געשטערט, ווען זי האָט געוואָלט איהם עפּעס זאָגען אויפ׳ן אויער, וואָס זי טוט עס נאָר, כּדי אַ שטילען קוש אָבצופּרעסען אויף זיין אויער-לעפּעל, אויף זיין האַלז און באַק, און וואָס פלעגט געשעהען צעהנדליגער מאָל אין פערלויף פון אָוועגד.

„...אַצינד מוזטו מיר אָבער זאָגען, אויב דו האָסט מיך שטאַרק נאָך ליב, לעאָ".

זי האָט זיך געפיהלט גליקליך, וואָס זיי זענען אַליין געוועזן אין צימער.

„בלאָנד-קאָפּ מיינער, כ׳האָב עס דיר דאָך אַלעמאָל געשריבען, אין יעדען בריף..."

„אַך, דו קאָנסט אַלץ שרייבען. פּאַפּיר איז דאָך אַזוי געדולדיג!"

און דערביי האָט זי צו איהם צוגעבויגען דעם קליינעם קאָפּ איהרען, אַז דאָס צאַרטע פּראָפיל האָט זיך ענערגיש אָבגעשלאָגען קע-גען דער ווייסער טיש-פּלאַטע. און וואָרט פאַר וואָרט פליסטערט ער

---

*) קאָמאַן (komment) — בעצייכענונג פון די סטודענטישע חברה׳שע מנהגים.

צו איהר ליידענשאַפטליכע ליבעס-אויסדריקען, וואונשען, פערזיכע-רונגען.

זי האָט זיך שטאַרק פערדרויטעלט און איהרע אויגען גליקזעליג אַראָבגעלאָזט געהאַלטען, און עס האָט זי איבערגעוועלטיגט אַ זעלטזאַם געפיהל, וואָס האָט דורכגענומען דעם קערפער איהרען מיט אַזאַ גליק-ליכקייט, אַז זי האָט אַ בערוישטע צוגעצויגען צו זיך זיין אָרעם און איהם שטאַרק געדריקט.

ער האָט זי ערשטוינט אָנגעקוקט.

„עס איז דיר עפּעס?“

„ניין, ניין, עס איז מיר גאָרנישט... כ׳האָב דיך נאָר אַזוי ליב, כ׳האָב אַזוי פיל געבענקט נאָך דיר. — כ׳האָב מיר געלאָזט מאַכען אַ ניי קלייד, ווייסט, איינגאַנצען אַש-גרוי! געפעלט עס דיר?

...און כ׳האָב אַזוי געבענקט נאָך דיר. שטענדיג, ווען כ׳האָב אויפ׳ן קלאַוויר געשפּילט, האָב איך פון דיר געטראַכט. ווייסט דו דערפון?...“

„געוויס!“ בעשטעטיגט ער מיט פינקעלדיגע אויגען.

זיין בעקאָנען זיך מיט איהר איז דאָך געוועזען דעמאָלט, ווען ער האָט זי ביים קלאַוויר-שפּיל איבערראַשט מיט זיין אַריינקומען. מיט אַ האַלב יאָהר צוריק האָט ער זיך געלאָזט אַריינשטעלען אַ קלאַ-וויר אין זיין צימער. אַז ער איז איינמאָל מיטאָג-צייט אַהיימגעגאַנגען פון אוניווערזיטעט און אַרויפגעקומען אויף די טרעפּ, דערהערט ער פון זיין צימער אַרויס טענער, וואָס...

דאָ האָבען זיך זיינע ערינערונגען פלוצלונג איבערגעביטען, כדי עפּעס צו פרעגען.

„ווייסט דו, כ׳האָב דעמאָלט באַלד פערשטאַנען, אַז דאָס מוז זיין אַ יונגע בערלינערין. „דאָס געבעט פון אַ יונגפרוי“, אָט אָ די שרעקליכע סענטימענטאַלע זאַך! געדענקסט דו נאָך, ווי דו ביזט רויט געוואָרען, ווען כ׳האָב געעפענט די טיר און געטראָפען דיך זיצען ביי דעם קלאַוויר מיינעם?“

„איך גאָר רויט? דו ביזט רויט געוואָרען, לעאָ! ס׳איז טאַקי נישט רעכט געווען פון מיין זייט; טאַנטע האָט עקסטראַ געזאָגט, איך זאָל נישט אַריינגעהן אין דיין צימער. איך בין אָבער געווען צו נייגיריג און האָב אַזוי געוואָלט זעהן דאָס נייע קלאַוויר...“

„און דאָס צימער מיינס און דאָס אַלערהעכסטע „מיך“? ס׳וואָהר?“

„דו רעדסט דיר שוין צו פיל אַיין, לעאָ. בלויז דאָס קלאַוויר, דיך האָב איך דאָך נאָך צומאָל נישט געקאָנט. טאַנטע האָט מיר בלויז עטליכע מאָל געהאַט דערצעהלט פון דיר. דו בעצאָהלסט אַלעמאָל אַזוי פינקטליך דאָס דירה-געלט, האָט זי געזאָגט, און דו ביזט אַזוי צוגעלאָזט צו די קינדער!“

„אָבער יעדענפאַלס האָסטו זיך זעהר זשענירט, דען האָסט דאָך נישט געוואָלט שוין ווייטער שפּילען; און פאַר מיר האָסטו אויך נישט געוואָלט גאָרנישט פאָרשפּילען, און האָסט אַזוי צורייצט קורץ „אַדיע“ געזאָגט און ביזט אַוועק. כ׳האָב מיר דעמאָלט גרויסאַרטיג אַמוזירט. אַצינד אָבער, מיין שאַץ, האָב איך שיער נישט פערגעסען גאָר דערין. כ׳האָב דאָך פאַר דיר עפּעס געבּרענגט!“

דערביי האָט ער אין דער האַנט אַריין גענומען דאָס קליינע פּאַקעט.

„נע, שאַץ, ביזט געוויס נייגיריג? ס׳וואָהר? טרעף צום ערשט, וועסטו עס קריגען! נע, בלאָנד-קאָפּ?“

און עס האָט איהם גרויסאַרטיג אַמוזירט, אַז זי האָט גענומען אויסרעכענען אַלערליי נאַרישע און אונמעגליכע זאַכען, ווי וויג-פערד, נייה-מאַשינען, וואָס איז דאָך גאָר נישט מעגליך געווען, זיי זאָלען זיך קאָנען געפינען אין אַזאַ קליינעם פּאַקעט; מיט איין וואָרט, זיי האָבען אַזוי פיעל אַלאַטריאָ *) געטריבען און געלאַכט און געשפּאַסט, ווי גאָר העכסט געשייטע מענשען זענען עס אימשטאַנד צו טון אין די יאָהרען פון זייער פערליבטקייט.

ביי דעם אַלעם איז ער עס שטענדיג דער צוהערער מיט דעם שמייכעל אויף די ליפען, וואָס שאָקעלט צושטימיג צו און וואַרפט פון צייט צו צייט אויך אַריין אַ פּאָר ווערטער, וועהרענד זי דערצעהלט אַלצאינאיינעם מיט אַנ׳אויסערסט וויכטיגער מינע די אַלע טויזענדערליי קלייניגקייטען, וואָס האָבען מיט איהר פּאַסירט אין דער צייט, ווען ער איז נישט געווען.

איהר מאַמאַ איז אַזוי נייגיריג דערויף געוואָרען, פון וועמען עס זענען די פיל בריף אויס גיטערסטאַל. די שוועסטער איהרע איז „אַ שלעכט שטיק, נישט צום אויסהאַלטען“, און מאַריע, איהר

*) אַלאַטריאָ — זאַכען, וואָס געהערען נישט צום ענין.

חבר׳טע, האָט אַ פערהעלטניס מיט עפּעס אַ פערבומעלטען סטודענט, וואָס פיהרט זי געוויס נאָר אַרום פאַר׳ן נאָז. —

לעאָ האָט זי ביי דעם שאַרף אָנגעקוקט, אָבער דאָס לאַכענדיגע געזיכט איהרס האָט איהם גלייך בערוהיגט — און איינמאָל האָט זי זיך אויסגעגליטשט און עס האָבען זיך איהר אויפגעלאָזט די האָר, און די יונגע לייט האָבען אויף איהר „אַזוי״ געקוקט, אַז זי האָט זיך גע-שעמט ביז צום שטאַרבען, און גראָד איז דערביי געשטאַנען איינער אַזאַ „העסליכער יוד״ — זי וואָלט זיך ליבערשט פריהער די צונג אָב-געביסען, איידער צו האָבען די ביידע ווערטער אַרויסגערעדט.

„ער זאָל זי חאָטש נישט האָבען געהערט״, איז געווען איהר ערשטער אַנגסטיגער געדאַנק, און זי האָט פון דער זייט אַ פערלעגע-נעם קוק געוואָרפען אויף זיין געזיכט, אָבער פון דעם בליק זיינעם, מיט וועלכען ער האָט אויף איהר געקוקט, און פון דעם שווייגען זיי-נעם, האָט זי פערשטאַנען, אַז איהרע ווערטער האָבען איהם געטראָ-פען אויף דער עמפינדליכסטער זייט זיינער.

זי האָט זיך גלייך אַ בויג געטאָן איבער דעם טיש, און מיט דער גאַנצער צערטליכקייט, אויף וועלכער זי איז נאָר פעהיג געווען, האָט זי איהר בלאָנדען קאָפּ אַנידערגעלעהנט אויף דער לינקער האַנט זיינער, וואָס ער האָט געהאַלטען אויף דער טיש-פּלאַטע, און זי געקושט מיט אַ לאַנגען הייסען קוש.

ער זעהט באַלד איין, אַז זי האָט דערפון אַזוי פיל קרענקונג, און ער גלעט לאַנגזאַם איהרע וועליגע בלאָנדע האָר. ער האַלט אויף דער לינקער האַנט זיינער איהר קאָפּ און פליסטערט צו איהר אויפ׳ן אויער:

„דאָס איז זעהר העסליך געוועזן. ס׳וואָהר אַזוי, מיין בלאָנד-קאָפּ?״

דאַן נעהמט אַרום זיין רעכטע האַנד דאָס פיינע, ווייסע קין און הויבט לאַנגזאַם צוריק אויף דאָס טונקעל-צוהיצטע געזיכט איהרס. זי קאָן איהם אין זיינע אויגען אַריין נישט קוקען און האַלט אַראָב-געלאָזט די ברעמען; באַלד נעמט זי זיין האַנד און דריקט זי שטאַרק צו צו איהר יונגער הויך-בעוועגענדיגער ברוסט.

דאָס האָט שוין עטליכע מאָל מיט איהר געטראָפען, שוין עטלי-כע מאָל האָט ער עס געהערט פון איהר. דאָס ערשטע מאָל איז ער געוואָרען אויפגעבראַכט, און עס איז דעריבער צווישען זיי אַ ליידענ-שאַפטליכע „סצענע״ געוועזן. „זי האָט גאָרנישט מיט דעם געמיינט״.

„און ווירקליך טאַקי, איז זי דען נישט גערעכט? האָט ער רעכט, דאָס וואָרט „יוד" פאַר אַ זידעל-וואָרט אָנגענהמען? דורכאויס נישט. פיהלט ער זיך דורכדעם בעליידיגט, דאַן ליגט דאָך די שולד אין איהם, אין זיין צו שאַרפער עמפינדליכקייט, וואָס איז אייגען איהם ווי זיינע גלויבענס-ברידער. ער איז אַזוי עמפינדליך געוואָרען — ער האָט עס נאָר-וואָס אַצינד ווידער דערפיהלט — אַז ער האָט כמעט קראַמפהאַפט בעליידיגונג אויסגעפונען דאָרט, וואו עס איז אין דער ווירקליכקייט גאָר קיין שפור נישט געווען דערפון. דאָס איז ביי איהם אַ גרונדפעהלער, וואָס ער האָט שוין אַזוי אָפט אין זיך בעמערקט, און וואָס ער גלויבט, אַז ער וועט עס אין זיך בייקומען.

דאָ דערמאָהנט ער זיך אָבער אָן די זידלערייען, וואָס ער האָט פריהער פאַר דעם מאַגאַזין איהרען געהאַט אויסצושטעהן. אייגענטליך האָט ער שוין געדאָרפען צוגעוועהנט זיין דערצו, נאָר גראָד דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געהאַלטען פאַר פריי פון אַלע די ספּעציפיש-יודישע אייגענהייטען און בעזונדערהייטען, האָט ער אַ זידלעריי דערפיהלט טאָפּעלט טיפער און טאָפּעלט שמערצליכער.

און עס האָט איהם אַרומגענומען אַ מין גרויל פאַר דער פיינד-שאַפט, פון וועלכער עס קומט איהם אויס טאָג-טעגליך צו זעהן און צו הערען, זאָגאַר אַצינד, אַז ער זעהט פאַר זיך זיצען אָט דאָס בלאָנדע בעשעפעניש, וואָס האָט איהם ליב און וואָס האָט אין איהר נאַאיווקייט און ליעבע געוויס נישט געוואָלט איהם בעליידיגען, און פונדעסטוועגען אומבעוואוסט, כמעט פון נאַטור-אינסטינקט, עס געטאָן. ווי טיף מוז עס זיין אַיינגעוואָרצעלט אָט דער האַס, ווען אָט דאָס מיידעל האָט אין פולער אומבעוואוסטקייט אַזאַ וואָרט געקאָנט פון זיך אַרויסרייסען; זי, וואָס האָט איהם נאָך דערצו אַזוי שטאַרק ליב.

און עס שטייגט אויף אין זיין ברוסט, אַזוי ווי אַ שווערע לאַסט, און עס שטייגט און שטייגט און אָט לייגט עס זיך אין זיין האַלז, אַז פון זיין הייזעריגער קעהל האָט זיך אַ שטילער שריי אַרויסגעריסען.

„וואָס איז דיר, לעאָ?"

איהר שטים האָט געקלונגען אַזוי בעטענדיג, אַזוי ריהרענד, און איהר געזיכט האָט אויסגעזעהען אַזוי צערטליך און בעזאָרגט.

ער שטויסט אָב פון זיך די האַנט איהרע.

„לאָז אָב, איך בין דאָך אויך נאָר „אַ העסליכער יוד!"...

דאָ האָט זי שוין מעהר נישט געקאָנט אײנהאַלטען די טרעהרען...

## דריט קאַפּיטעל.

אַכט טאָג כמעט איז ער שוין אין בערלין, און ער האָט זיך נאָך אַלץ קיין צייט נישט גענומען, דעם בריף פון זיין אַמאָליגען לעהרער, פון דירעקטאָר בערגער, אָבצוגעבען דער טאָכטער זיינער. עס פערדריסט איהם דאָס אָבלייגעניש זיינס און ווי שטענדיג, אַז ער דערפיהלט זיין אָבגעשוואַכטע ענערגיע, טוט ער זיך אַ כח אָן, אויף אַזויפיל, אַז ער נעהמט זיך ענדליך אָנשרייבען אַ בריף, אין וועלכען ער בעט די פריילין בערגער, זי זאָל איהם בעשטימען די צייט, ווען ער קאָן קומען צו איהר.

מיט אַ טאָג שפּעטער האַלט ער שוין איהר ענטפער אין דער האַנט. ער וואונדערט זיך, וואָס ביי איהר איז אַזאַ קליינע, גאָר נישט אויסדריקענדיגע, מילבען-דינע דאַמען-האַנטשריפט. ער האָט פון איהר ערוואַרט אַ האַנטשריפט אַן אָריגינעלע און ענערגישע. בלויז די סטי-ליסטישע פאָרם, מיט וועלכער זי האָט פערענדיגט איהר קליין ברי-וועל, דאָס נאָר האָט בעוויזען דעם אַלטען האַרטנעקיגען אופן פון אַט דעם מיידעל, וואָס האָט זיך אין זיין צייט, שוין אין דער פרימאַנער טאַנץ-שטונדע, בעגאַנגען מיט איהם אָהן שום אַכטונג.

„איך ענטפער אויף אייער בריף און בלייב
גרעטע בערגער".

נע, דאָס האַלט ער פאַר ענערגיש, פיללייכט עקסטראַ ענערגיש, ווייל זיי פלעגען שטעהן ביידע אַלעמאָל קריגספאַרטיג איינס קעגען דאָס אַנדערע...

ער איז בייגיריג געווען, ווי האָט זי זיך עס איינגעלעבט אין בערלין. שוין אַ היבשע צייט, אַז ער האָט זי נישט געזעהן. דאָס לעצטע מאָל איז עס געווען אין זיין היימאַטס-שטעדטעל, איידער איהר

פּאָטער דער דירעקטאָר האָט צום צווייטען מאָל חתונה געהאַט. אין שטעדטעל האָט מען דעמאָלט געמורמעלט פון אַ קריגעריי צווישען דער טאָכטער און דער פונקט אַזוי יונגער ווי שיינער שטיפמוטער. און לעאָ האָט דעריבער געגאַרט צו זעהן, ווי אַזוי זי וועט אויפנעהמען פון איהר שטיפמוטער די גריסען, וואָס ער האָט איהר איבערצוגעבען.

זונטאָג פאַר מיטאָג צוועלף אַ זייגער האָט ער זיין בעזוך געמאַכט, מאָהרען-גאַס 12, I. אויף דער טיר איז געשטאַנען: „פּענסיאָ-נאַט פרוי פאָן האָרסט".

דער נאָמען איז איהם אויפגעפאַלען. דער יונגסטער פוקס פון זיין בורשענשאַפט האָט אויך געהייסען „פאָן האָרסט". פיללייכט זיינע אַ פערוואַנדטע, טראַכט ער זיך.

ער קלינגט אָן. עס קומט אַרויס אַ דינסטמיידעל, און ער דער-לאַנגט איהר זיין קאַרטע איבערצוגעבען. אין אייניגע סעקונדען אַרום האָט ער זיך געפונען אין אַ געשמאַקפול אויסגעשטאַטען קליינעם אויפ-נאַהם-סאַלאָן.

די שיין פון דרויסען האָט שלעפעריג קוים דורכגעטריפט דורך די גאַרדינען און פאָרטיערען פון די פענסטער און בעגאָסען דאָס צי-מער מיט אַ שטילער מאַטער ליכטיגקייט. פון אונטען האָט אויף און אָב אַהער דערגרייכט אַ דומפּ געוויש, אויף און אָב קוילערט זיך אַ וואָגען פאַרביי, פון וואָס דאָס צימער טוט אַ ציטער און עס הויבט זיך אָן שאָקלען דער קרוין-לייכטער. ווייטער רוהט דאָ אַ לייכטער הויך פון זונטאָג-שטילקייט, וואָס האַרמאָנירט אַזוי גוט מיט די טונ-קעלע געדעמפּטע פאַרבען פון צימער.

איהם האָט עמפּפאַנגען די דאַמע פון הויז דאָ, אַ פולע קאָרפּולענ-טע, קליינע פערזאָן. און שוין פון עטליכע מינוט רעדען מיט איהר, דערוויסט ער זיך, אַז ער האָט דאָסמאָל ווירקליך געטראָפען, דער יונגער פוקס איז טאַקי איהר ברודערס זוהן, און דעם „הערר קאַנ-דידאַט" קאָן זי שוין „אויסגעצייכענט" פון „איהר" מאַקס דערצעהלונ-גען א. א. וו.

ביי אַט די ווערטער איז אין לעאָ דורכגעגאַנגען אַ זאָנדערבאַר געפיהל. איהם איז פאָרגעקומען, ווי ער וואָלט אין די רייד פון דער פולער קליינער דאַמע פאַר איהם אַ פאַלשען טאָן פערנומען. ווייל פונקט ווי דער יונגער פאָן האָרסט איז איהם נישט געווען סימ-

פּאַטיש, אַזוי האָט ער פערשטאַנען, אַז דער יונגער אַריסטאָקראַט האָט איהם געוויס אויך נישט זעהר גערן.

דאַן פרעגט זי זיך נאָך אויף דעם העדר דירעקטאָר בערגער און אויף זיין אייגענעם פּאָטער. ער האָט איהר שוין געוואָלט אָבדאַנקען פאַר איהר פריינדליכקייט, נאָר איידער ער האָט עס נאָך בעוויזען צו טון, האָט זי זיך פּלוצלונג געווענדעט צו איהם מיט דער עטוואָס מאַליציעזער *) בעמערקונג, מען זאָגט, דער פּאָטער זיינער זאָל זיין דער רייכסטער אין שטעדטעל, און זאָגאַר אין אַ קורצער צייט זאָל ער עס האָבען געוואָרען, און מיט וואָס אייגענטליך האָט ער עס „געהאַנדעלט” ?

ער איז רויט געוואָרען; אין ערשטען אויגענבליק איז איהם צומאָלס נישט קלאָר געווען, וואָס ער זאָל אָבענטפערן אויף אָט דער, פאַר איהם גאַנץ אומגעריכטער און שפּיץ-שטעכעדיגער בעמערקונג. פון צאָרן האָט עס איהם נאָר אַ צוק געטאָן אַרום די ליפּען... ער האָט אַלץ נאָך געשוויגען, און די אויגען פון דער פּולער קליינער דאַמע האָבען דערוויל געפינקעלט פון פערגעניגען.

ער האָט אַלץ נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס אַזוינס האָט עס זי געקאָנט ברענגען דערצו.

אינדעם איז אַריינגעקומען אַ יונגע דאַמע, און ווען די קליינע, פּולע פּערזאָן האָט גענומען אַרויסווייזען צו איהר אַזויפיל אויפפּאַלענדע ליבליכקייטען, אויף וואָס די אַריינגעקומענע האָט קורץ און נישט גערן געענטפערט, איז זי ערשטוינט באַלד אָבגעגאַנגען פון דאַנען.

אַצינד זענען דיביידע געבליבען אַליין. אַנ׳אויגענבליק לאַנג האָבען זיי זיך איינס דאָס אַנדערע גלייך אין די אויגען אַריינגעקוקט. לעאָ האָט דערשמעקט דאָס אַמאָליגע עקשנות, ווען זי האָט איהם אַזוי קאַלט אויסגעפרעגט, וואָס ער מאַכט, וואָס דער פּאָטער זיינער מאַכט, און וואָס עס הערט זיך אין דעם אַלטען, קליינעם היימאַט-שטעדטעל א. ד. ג. ער האָט דערויף קורץ און אויך פונקט אַזוי קאַלט אָבגעענטפערט. און אין דער צייט, וואָס ער האָט בעזאָרגט זיין אויפטראַג און איבערגעגעבען די גרוסען פון איהר „שיינער” שטיפמוטער, האָט ער זי אויפמערקזאַם אָבסערווירט.

---

*) מאַליציעז — ליסטיג, פערביזט, שטעכעדיג.

זי האָט שוואַך צוגעשמייכעלט.

„האַלט איהר ווירקליך מיין שטיפמוטער פאַר אַזוי שיין?"

געוויס, ליבע פריילין, זי איז די שענסטע פרוי, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זעהן. אַלע פרימאַנער, ווייס איך, זענען רויט געוואָרען ווי די אינדיקעס, אַז זיי פלעגען בעגעגענען די פרוי די-רעקטאָרין. איך האָב עס אַמאָל אַליין זאָגאַר מיט מיינע אויגען געזעהן!"

באַלד אָבער, אַז לעאָ האָט אַראָבגעלייענט פונ'ם געזיכט איהרען, זוי פיינליך עס איז פאַר איהר דאָס געשפּרעך, האָט ער אויפגעהערט אויף אָט דער טעמע צו רעדען. דאַן דערצעהלט ער איהר, ווי אַזוי ער האָט אַצינד געטראָפען זייער היימאַטס-שטעדטעל, ווי עס האָט זיך דאָרט זינט צעהנדליגער יאָהרען נאָך קיין זאַך נישט פערענדערט, ווי זיין פערעהרונג צו איהר פאָטער, דעם הערר דירעקטאָר, ווערט נאָך יעדען שמועס מיט איהם אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער — אַ שמייכעל בעווייזט זיך אויף איהרע ליפּען, און איהר געזיכט קריגט פאַר איהם מיט אַמאָל אַזאַ זעלטען שיין און סימפּאַטיש אויסזעהן — אַז זייער יוגענד-חבר, זיין פריינד ריכאַרד, שטודירט אַצינד אין פרייבורג, און ווי לייד עס טוט איהם צו זיין מיט איהם צושיידט,— קורץ, אַלע די קלייניגקייטען, וואָס האָבען אַ שייכות צו די אייג-וואוינער פון זייער היימאַט, און וואָס זיי אינטערעסירען זיך דערמיט אַזוי לעבהאַפט.

אינדעם האָט זי איהם פאָרגעוואָרפען אַ פראַגע, וואָס האָט איך איהם מיט אַמאָל צוריק אויפגעוועקט קעגען איהר זיין אַלטען כעס.

„און וואָס מאַכט עפּעס אייער שוצלינג?"

„מיין שוצלינג?" האָט ער פערבליפט צוריק געפרעגט.

„נו, יאָ, כ'מיין פריילין ראָזאַליע, נע, פערגעסען די פאַמיליע איהרע... אָט יענע מיט דער לאַנגער נאָז?..."

זי האָט איהם שפּאָטיש אָנגעקוקט און דערביי האָט זיך די שלאַנקע האַנט איהרע געשפּילט מיט דעם קייטעל פון איהר זייגערל.

איהם איז גלייך קלאָר געוואָרען, וואָס זי מיינט, און מיט עטוואָס אַ פערהאַקטער שטימע ענטפערט ער איהר:

„פערצייהט מיר, גנעדיגע פריילין, וואָס איך וועל אייך אויף אָט דער איראָנישער פראַגע נישט ענטפערן. איהר ווייסט דאָך זעהר גוט, אַז יענע דאַמע אינטערעסירט מיך גאַנץ ווייניג, נאָר ספּעציעל

קעגען אַייך בין איך אַלעמאָל איהר ריטער. איך הויב נישט אָן צו וויסען, וואָס איהר האָט צו דעם מיידעל! נו, יאָ, אַז זי איז שוין דורכאויס העסליך, מיט אַ לאַנגער נאָז, ספּעציפיש יודיש אויסזעהן...״

„איך האָב זי נישט געקאָנט איבערטראָגען שוין אין דער טאַנץ-שטונדע. אַזאַ אַנטיפּאַטיש בעשעפעניש פאַר מיר, אַזוי אָהן דאָס מינדסטע פון אייגענאַרט און געשמאַק, און צו דעם נאָך אומעטום אָט די אויפרייסענדיגע קליידונג, און אַזוי בעהאָנגען מיט צירונג...״

די גאַנצע סיטואַציע איז איהם אַצינד לעבעדיג פאַר די אויגען געשטאַנען. דאָס איז געווען ביי די טאַנץ-שטונדען, וואו ער און דעם דירעקטאָרס טאָכטער האָבען זיך בעטייליגט. זי איז געווען דע-מאָלט דער מיטעלפּונקט פון די יונגע מיידלעך. פיל מאָל האָט גע-טראָפען, אַז זיי פלעגען דורכאַנאַנדביידע טאַנצען און פיהרען הייסע שמועסען. איינמאָל איז אונטערגעקומען אַ טאַנץ-שטונדע, אין וועל-כער עס האָט אָנטיילגענומען אַ ניי מיטגליד, טאַקי יענץ יודיש מיי-דעל. ווי אַלעמאָל, זענען דעמאָלט די מיידלעך געשטאַנען אַרום דעם דירעקטאָרס טאָכטער און געשמועסט און געלאַכט. ווען די קליינע העסליכע יודישקע איז צוגעקומען צו דעם רעדעל מיידלעך און געוואָלט בעגריסען די גרעסטע בערגער, האָט זי זיך פון איהר אומגעדרייט, צוקענדיג מיט די אַקסעל, און לאַכענדיג זיך נישט ווי-סענדיג געמאַכט פון יענערס גריסען זיך צו איהר. די יודישקע איז געבליבען שטעהן אין גרויס פערלעגענהייט; פון אַלע זייטען האָבען אויף איהר געקוקט בייזע שטעכעדיגע בליקען; און באַלד דערויף האָט די גאַנצע מחנה מיידלעך אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ הילכיג געלעכטער, אַז זי איז טויט-בלאַס געוואָרען און נישט געוואוסט, וואָס מיט זיך צו טון.

מיט צושראָקענע טרעהרענפולע אויגען האָט זי זיך קוים-קוים צוגעשלעפּט אויף איהר אָרט. ער האָט דעמאָלט צוגעזעהן די גאַנ-צע סצענע, און ווי פון אַנ׳אומבעוואוסטער מאַכט געטריבען, איז ער צו זיין דירעקטאָרס טאָכטער צו און זיך גלייך מיט איהר אָבגערע-כענט, אַז אַזאַ בענעהמען פון איהר פּאַסט נישט פאַר קיין יונגער געבילדעטער דאַמע.

דערויף האָבען זיי זיךביידע שטום און צאָרניג איבערגעקוקט, פאַר דעם קליינעם שטעדטעל אַ שרעקליכע אונערהערטע סצענע, און פון

דעמאָלט אָן האָט ער זי שוין מעהר קיינמאָל נישט אַיינגעלאַדען צום טאַנצען.

און אויף דעם יודישען מיידעל האָט ער זיך שוין אויך דערנאָך מעהר נישט אומגעקוקט. ער איז אַליין דעמאָלט ערשטוינט געווען פון זיין דרייסטקייט און געפיהלט אַ פערבאָרגענע אַנגסט, דער דירעקטאָר זאָל נישט אַמאָל געוואָהר ווערען דערפון. אויסערדעם איז ער אויף זיך בייז געווען, פאַרוואָס ער האָט זיך אַיינגעשטעלט פאַר אַ בעשע-פעניש, וואָס ער אַליין וואָלט אויך נישט געקאָנט ליידען, עפּעס אַ מיידעל פון אַ פערהאַסטען יודישען קרעמער. טיילמאָל פערענטפערט ער זיך עס, אַז ס'איז נאָר מיטלייד געווען, אָבער דאָס מאַכט ער זיך באַלד אַזאַ אויסרייד. ווען עס זאָל וואָהר זיין, וואָלט ער דאָך געדאַרפט דער-פיהלען, אַז זיין עמפּינדונג פאַר יענעם מיידעל איז אוראַלט, ווי דאָס געמיינזאַמקייטס-געפיהל, וואָס געהט איבער פון יוד צו יוד אַזוי ווי אַ געהיימניספּול פלואידום *), אַז מען קאָן זיך און מען פער-טרויט זיך איינס דאָס אַנדערע, זאָגאַר זיך נישט האָבענדיג צו-מאָלס געזעהן. אָט דאָס געפיהל פון איניגסטער צוזאַמענגעהעריגקייט האָט ער שוין פיל מאָל עמפּונדען און פון פיין זיך עס פערשאָלטען. ער בעקעמפט עס אין זיך! דען עס קומט איהם פאָר אַלס ראָמאַנטיש געפיהל, אַלט געפיהל, וואָס ער מוז עס אין זיך בייקומען. ווען ער זאָל אָנטרעפען אַ אָרימען יוד און אַ אָרימען פויער, אַזוי ווייסט ער שוין בעשטימט, צו וועמען זיין מיטלייד וועט זיך אָברופען. און אָט דאָס געפיהל פון מיטלייד מוז לויט זיין מיינונג אָבשטאַרבען, צו מאַכען אָרט פאַר אַ נאַציאָנאַלען. ער קעמפט אָפט אין זיך און מיט זיך, נאָר ער קומט עס ביי בלויז אויבערפלעכליך. שטענדיג בלייבט אָט דער געהיימניספּולער באַנד, וואָס פערבינדט איהם מיט די יודען, און שטענדיג בלייבט דאָס האַלבע אַיינגעלעבטקייט מיט די נישט-יודען.

און געטריבען פון אָט דעם אַטאַוויסטישען געפיהל, האָט ער זיך אָנגענומען פאַר יענעם מיידעל, צוליב דעם זענען עס איבערגע-ריסען געוואָרען די בעציהונגען צו דעם זעלטזאַם-אָנציהענדען בעשעפעניש, וואָס זיצט אַצינד פאַר איהם. ווי אונסימפּאַטיש עס איז געווען יענע יודישקע!

---

*) פלואידום (Fluidum) — פליסיגקייט, פליסיגער קערפער.

„און דערצו נאָך ווייס איך, אַז אײַך איז אויך אָט דאָס מיידעל נישט געווען סימפּאַטיש. וואָהר איז, אַז זי איז טאַקי נישט שולדיג, וואָס איהר פאָטער ווערט אונטער די אויגען אַזוי געטאַדעלט, אָבער איז עס דאָך געקומען נאָך פון דעם...“

„געוויס! אַז איהר האָט געוואוסט, ווי איך האָב אָט דעם אַלטען שווינדלער געהאַסט, ווי אָט דער שווינדלער ווערט געהאַסט פון אַלע אָרענטליכע יודען. דאַן זענט איהר דאָך אַליין אַממעהרסטען שולדיג, וואָס דער האַס קעגען יודען איז אַזוי שטאַרק פערשפּרייט. וועגען הירש-לייבען האָב איך דאָס אַלץ געוואוסט, אָבער דאָס יונגע בעשעפעניש... איך האָב גאָר אינגאַנצען דעמאָלט פערגעסען, אַז זי איז די טאָכטער פון יענעם. דאַן האָב איך נאָר געמיינט, אַז דערפאַר ווייל זי איז העסליך געווען, האָט איהר זי נישט געקאָנט פערטראָגען. ווער עס איז אַליין שיין, דער האָט אַן׳אינסטינקטיווען ווידערווילען קעגען אַלעם, וואָס איז העסליך.

„עה, הערר וואָלף, אַ קאָמפּלימענט? געוויס דער ערשטער אין אייער לעבען, ס׳וואָהר?“ פרעגט זי איהם לאַכענדיג.

„איהר האָט מיר קיינמאָל נישט געגעבען דאָס געלעגענהייט דערצו“, ענטפערט ער איהר אַ ביסעל שטעכעדיג.

זיי האָבען דערפיהלט ביידע אין אָט דעם אויגענבליק, אַז זייערע שטעכווערטלעך מאַכען זיי נאָר עקסטראַ, אַז זייער אָבנייגונג איינס פונ׳ם אַנדערן איז נישט אין ערנסט. בליץ-שנעל האָבען זיי באַלד בעמערקט, ווי איינער דעם אַנדערן האָט דורכגענומען דורך און דורך, און ביידע לאַכען אַצינד הילכיג איבער יעדע אומשולדיגע געמיינזאַמע ערינערונג. שנעל האָט זיך צווישען זיי אַ מונטערער פרייליכער שמועס ענטוויקעלט, אָהן אָנצוהערענישען און אָהן שטעכווערטלעך. אַז זיי האָבען זיך דערנאָך דעם „זיי-געזונד“ געזאָגט און זיך געגעבען די הענט, האָט עס אויסגעזעהן, ווי זיי וואָלטען דאָ אַצינד אויף דעם פּאַר זיי ביידען פרעמדען בערלינער באָדען געשלאָסען צווישען זיך שלום. זיי האָבען זיך אַן׳אויגענבליק לאַנג אָנגעקוקט, נאָר אינדעם האָט זי צוריק אַ הויב געטון שטאָלץ דעם קאָפּ, אַזוי ווי זי וואָלט אויף זיך בייז געוואָרען, פאַרוואָס זי איז געווען אַזוי צוגעלאָזט, און באַלד דערויף איז ער אויך געוואָרען אונהעפליך און האָט איהר ביים אַוועקגעהן נישט געקושט די האַנט. און אַזוי איז ער אַוועקגעאַנגען.

בשעת זיינע געדאַנקען זענען פערנומען געווען מיט דעם זונדער-

באַרען מיידעל, איז ער איבער דעם ברוק ביי דער קירך פאַרבייגע-גאַנגען. דאָ האָט ער זיך געמוזט אויף אַ סעקונדע אָבשטעלען. פון דעם ברייט-געעפענטען פאָרטאַל*) האָט זיך געצויגען אַ שוואַרצער שטראָם פון מענשען, און פון דעם געוואַלדיגען אינווייניגסטען רוים האָבען זיך געהערט די לעצטע פולע אַקאָרדען פון אַ קירכען-ליד. ער האָט זיך אומגעקוקט אינ׳ם שוואַרצען שטראָם אויף די איינצעלנע מענשען. עס זענען ס׳מעהרסט געוועזען דאָ יונגע מיידלעך און אַלטע פרויען, זעהר ווייניג מאַנסלייט און כמעט גאָר נישט קיין בחורים. דאָרט געהט אַן אַלטיטשקע אין דרייען געבויגענע באָבע, נעבען איהר אַ גלאַט-אָבגע-ראַזירטער זקן, און דאָרט ווידער בעוועגען זיך צוויי יונגע מיידלעך מיט געצירטע געזאַנג-ביכער אין גאָלד-שניט-באַנד, און קיכערן, אַז צוויי יונגעלייט יאָגען זיי אָן און פוצען זיך צו צו זיי. דאָ קומט אָן אַ יונגע פרוי, דאָס געזיכט איז ביי איהר ראָזיג אויפגערעגט, דאָס געטויפטע קינד האַלט זי אויפ׳ן אָרעם אין בלענדענד-ווייסע שטעק-קי-שענס, קעגען איהר געהט אַ יונגער הערר מיט אַ געלאַנגווייליגטען אָנ-בליק, זעהט אויס, איהר מאַן.

און דאַן ווידער זעהט ער אָנקומען אַ מיידעל דורכאויס אין שוואַרצען אָנגעטון, דעם קאָפּ צו דער ערד אַראָבגעלאָזט, און ווען זי איז צוגעקומען נעהענטער, האָט ער בעמערקט, אַז איהרע אויגען זענען רויטליך פון וויינען. דאַן האָט ער בעמערקט, אַז זי איז שוואַנגער.

פאַר איהם איז אַצינד קלאָר געוואָרען די טראַגעדיע דאָ.

אין דעם ערשטען אויגענבליק איז איהם העלענע אויפ׳ן זינען געקומען, עפּעס אַזוי גאַנץ אומגעריכט. ער האָט נישט געוואוסט אַליין פאַרוואָס, נאָר איהר ערינערונגס-בילד איז אָבער באַלד פערשוואונדען אין דעם כאַאָס פון איינדריקען, וואָס האָבען איהם אַצינד איבער-וועלטיגט.

ווי ער איז דאָ אַזוי לאַנגזאַם איבער דעם פּלאַץ געגאַנגען, וויל ער זיך דערמאָהנען, ווען ער איז דאָס לעצטע מאָל געוועזען אין קירך. אין סינאַגאָגע. דאָס איז שוין זעהר, זעהר לאַנג געוועזען. אין דער וואַנגעלישער קירך? אין רעפאָרמאַציאָנס-טאָג דעם לעצטען הערבסט איז ער געוועזען אינ׳ם דאָם. נאָך היינט פיהלט ער אין זיך יענעם גע-

*) פאָרטאַל — דער אַרכיטעקטאָניש בעפוצטער הויפּט-אַריינגאַנג אין דער קירך.

וואַלדיגען אַיינדרוק, וואָס די פייערונג האָט אויף איהם געמאַכט, יוי יעדע עמפינדונג ווערט אויפגעלעזט אין אַזאַ זעלטזאַמען עפּעס, וואָס איז אונמעגליך צו בעשרייבען. דאָס מאַטע ליכטיגקייט פון דער ריזען-קירך, די שטילע פייערליכע רוה, די קעגען הימעל געהויבענע, צום הימעל ווייזענדיגע זיילען, דער וואונדערבאַרער כאָר, דאָס אַלץ בע-וועגט זיין אויפנעהם-צאַרט האַרץ צו מיסטישע שטימונגען. דערנאָך אָבער, אַז ער האָט דערהערט אויפשטורמען דאָס דונער-ליד „אַ שטאַרקער בורג *) איז אונזער גאָט", האָט איהם אַזאַ שרעקליכער וועה-טאָג אָנגענומען, אַז עס זענען איהם אַזש טרעהרען געקומען אין די אויגען אַריין. ער האָט זיך נישט געקאָנט דעמאָלט ערקלערען, פאַר-וואָס דאָס איז איהם געוואָרען. מעהר האָט ער שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטען די מאַטע שיין פונ׳ם דאָם. נאָך ליכט און לופט האָט ער געלעכצט. אַז ער איז אין דרויסען אַרויסגעקומען און פערנומען די טענער פונ׳ם ליד אין זיין מאַרך, ווי פון דער דעמערנדיגער ווייט-קייט, איז עס געוועזן פאַר איהם, דעם מענש אָהן גלויבען, אַזוי ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר דעם טויער, וואו עס געפינט זיך ליבע און פרידען... ער, דער יוד, אָהן ליבע און אָהן פרידען אין זיך.

---

*) בורג — אַ בעפעסטיגט אָרט. די בעפעסטיגטע בעוואוינונגען פון די ריטער אין מיטעלאַלטער, וואָס פלעגען ס׳מעהרסט געמאַכט ווערען אויף בערג און פלעגען זיין אַרומגערינגעלט מיט טויערן, גראָבענס, הענג-בריקען, אַז עס איז אַזאַ בורג כמעט אונמעגליך געווען איינצונעהמען.

## פערט קאַפּיטעל.

זיבען אַ זייגער איז לעאָ פון אוניווערזיטעט געקומען. ווי ס'איז זיין געוואוינהייט געווען, האָט ער אייליג פאַרביי די הייזער דורכגעשפּאַנט, נישט קוקענדיג אויפ'ן געטומעל פון גאַס, און אַלעריי געדאַנקען-פעדים אין זיין מח אויסגעשפּונען. היינט אינדערפריה האָט ער דער־האַלטען אַ קורצען בריף און די ביידע הונדערט-מאַרק-אַנווייזונגען, וואָס זענען איהם, אַלס מאָנאַטס-טשעק, אויף דעצעמבער בעשטימט געווען. עס האָבען נאָך זאָגאַר געפעהלט צוויי טאָג צום ערשטען דעצעמבער, נאָר זיין אַלטער, טראַכט ער מיט אַ שמייכעל, האָט איהם אַצינד שוין דאָס געלט אין בריף אַריינגעלייגט, כּדי זיך איינצושפּאָרען דאָס פּאָרטאָ.

אין פאָטערס בריף איז פאַרבייגעהענדיג דערמאָהנט געוועהן וועגען אַן'אָנגעלעגענהייט, וואָס האָט איהם דאָסמאָל אונגעהייער בעשעפטיגט. זיין פאָטער שרייבט איהם, דאָס די לענצ'שע כעמיקאַליען-פאַבריק ווערט פערוואַנדעלט אין אַ אַקציז-געזעלשאַפט, און אַז ער שטעלט זיך אָן דער שפּיץ פון אָט דער אונטערנעהמונג און וועט איבערנעהמען פאַר זיך אַ גרויסען טייל פון די אַקציעס. אַזוי ווי די רענטאַביליטעט *) דערביי איז אַ זיכערע, וועלען וואַהרשיינליך אויך דער דירעקטאָר בערגער, דער גלח מאַנצאָוו און אַנדערע, וואָס האָבען ביי איהם געלט-דעפּאָס, זייערע קאַפּיטאַלען אַריינלייגען אין די אַקציעס. מיט דער אונטערנעהמונג הויבט זיך יעדענפאַלס אָן אַ נייע האַנדעלס-עפּאָכע אין זייער היימאַטס-שטעדטעל א. אַ. וו.

---

*) רענטאַביליטעט — פּרנסה.

דאָס אַלץ בעשעפטיגט איהם אַצינד ביים אַהיימגאַנג, און אַליין נישט וויסענדיג פאַרוואָס, האָט איהם אָט דאָס נייעס שטאַרק בעאומרו-היגט. ער האָט נישט גערן געהאַט, דער פאָטער זאָל זיך אַריינלאָזען אין אַזעלכע שטייגער אונטערנעהמונגען — „שפעקולאַציעס״ — ווי ער רופט עס מיט פעראַכטונג; דען זיין אונגעהייער עמפינדליך פיינגעפיהל האָט פערלאַנגט פון זיין פאָטערס נאָמען און רוף דאָס אַלסדינג צו בעזייטיגען, וואָס קאָן דעם בעגריף „באַנקיר״ אונאַנגענעהם מאַכען. זיין פאָטער איז און זאָל זיין, אַזוי האָט ער פאַנטאַזירט, דער מעגליך עהרליכסטער סוחר, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען. ער מוז דורך זיין עהרליכקייט און ישרנות און גראָדקייט ביי די קאָמערציעלע עסקים פון זיין זייט דערצו בייהעלפען, אַז דער בעגריף „יודישער באַנקיר״ זאָל מעהר נישט האָבען דעם אַזוי אָפט העסליכען בייגע-שמאַק פון שווינדלערישקייט, שפעקולאַציאָנס-מאַכעריי א. ד. ג. און ווייל זיין פאָטער האָט סוחריש ביי איהם געגאָלטען אַלס מוסטער פון עהרליכקייט און ישרנות, איז איהם דערפאַר אַזוי נישט צום האַרץ געווען, וואָס ער טרעט דאָ פלוצלונג אַרויס אין דער עפענטליכקייט אַלס הויפט-אַקציאָנער פון דער נייער אַקציען-אונטערנעהמונג. בעזונדער נאָך איז איהם זעהר נישט צום האַרץ געווען, וואָס די אַנדערע פער-מעגליכע מענשען ווען זייערע שווער אָבגעשפאָרטע קאַפּיטאַלען אויך אויסטווישען אויף אַקציעס; עס האָט זיך איהם שוין געמאָלט אין זיין פאַנטאַזיע, ווי אין פאַל, אַז די געשעפטען פון דער אונטערנעהמונג וועלען אַוועקגעהן שלעכט, וועט די גאַנצע שולד דעמאָלט פאַלען אויף זיין פאָטער, וואָס האָט זיי צוגערעדט צו דעם עסק. דאָס דאַרף בשום אופן נישט געשעהן, בעשליסט ער ביי זיך.

און נאָך אַזאַך האָט איהם שטאַרק בעאומרוהיגט, וועגען וועל-כער זיין פאָטער האָט איהם צובעמערקט גאָר אין ענדע פון בריף. ער שרייבט איהם, אַז זיין שוועסטערס זוהן בעטייליגט זיך אויך אין דער אונטערנעהמונג. דאָס איז לעאָן זעהר נישט געפעלען געווען, ווייל דעם פעטער זיגמונד זיינעם האָט ער קיינמאָל נישט געקאָנט פער-טראָגען. אַז ער דערמאָהנט זיך אַמאָל אָן אָט דעם פאַרשוין מיט דעם אונטער-נאָזעדיגען דיאַלעקט, מיט די לוסטיגע אייגעלעך, מיט דעם פאָנפעדיגען רעדען און מיט די שפיציגע שוואַרצע וואָנסען, שפירט ער דערביי אַ נישט-צום-ערקלערענדיגע אונאַנגענעהמע עמפינדונג. פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס זיין פאָטער האָט דעם דרייצעהניעהרי-

גען זיגמונד פונ׳ם קליינעם שטעדטעל אין פויזען אַראָבגענומען צו זיך, כּדי זיינע עלטערן פון אַנ׳עסער צו בעפרייען, האָט ער איהם שוין דעמאָלט מיט זיין קינדערשען אינסטינקט נישט געקאָנט ליידען, און נישט געקאָנט פערטראָגען די קריכֿערישע, האַרץ־גנבישע מאַניער זיי־נע. און אָט דאָס געפיהל פון װידערװילען איז אין איהם אויך שפּע־טער, אין אַלע יאָהרען פון זייער געמיינזאַם צוזאַמענלעבען, אַלץ נישט שװאַכֿער געװאָרען. לעאָ האָט גאַנץ גוט געװאוסט, אַז טראָץ זיגמונדס שמייכלערישע בענעהמונג צו איהם, האַלט ער איהם דאָך פאָרט טיף ביי זיך אין האַרצען פאַר „אַ נאַרישען יונג״, רופט איהם „שוטה ערץ״, װייל ער פערשטעהט נישט צו נעהמען די מענשען און דאָס לעבען אַזוי שלוי און אויסגערעכֿענט, װי ער.

לעאָ דערמאָהנט זיך אין יענעם װאָרט, װאָס זיגמונד האָט איהם צוגעװאָרפען, װען ער איז איינמאָל, אין זעכֿצעהניעהריגען עלטער, געהאַט צוגעלאָפען צו איהם, אַז ער האָט דאָס ערשטע מאָל איבער־געלייענט דעם „דאָן קאַרלאָס״. ער האָט זיך געהאַט דעמאָלט פאַר איהם אַנידערגעשטעלט מיט דער גאַנצער עמפּינדונג פון זיין בעגייסטערט יונג־ליש האַרץ, און איהם פאָרגעלעזען די װאונדערבאַרע פּראַזען װעגען מענשען־װירדע פון דעם מאַרקיז פּאָזאַ, נאָר דערויף האָט זיגמונד אַ בי־סעל אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון זיינע רעכֿען־ביכֿער, מיטליידיג גע־קוקט אויף איהם און בלויז אַ זאָג געטאָן: „שטות!״ — אונזין, הייסט עס.

אָט אָ דאָס װאָרט האָט איהם לעאָ קיינמאָל נישט געקאָנט מוחל זיין.

און אָט דעם פאַרשוין, זיין פעטער, װי ער האָט אין זיך פער־ביטערט געטראַכֿט, װעמען דער פאָטער זיינער האָט איבערגענומען אויף דער העכסטער שטעלע אין זיין באַנק־געשעפט, איהם האָט אַצינד װידער זיין פאָטער אויסגעקליבען פאַר אַ העלפער ביי דער נייער אונ־טערנעהמונג. דאָס פערשאַפט איהם דאָס גרעסטע אונאַנגענעהמליכֿקייט; ער װייסט אַליין נישט פאַרװאָס.

איהם איז זיך שװער געװען צו בעפרייען פון געדאַנק, װאָס װאו נאָר זיין פעטער זיגמונד איז געשעפטליך זעלבסטשטענדיג בעטיי־ליגט, זענען פאַרהאַן אַזעלכע גרויסע סומען צו פערדינען! דאָס איז פאַר לעאָן, װאָס האָט זעהר װייניג פערשטאַנען אין געשעפטס־זאַכֿען, געװען אַלעמאָל אַ רעטעניש, זאָגאַר „אַ שאַנדע״, װי ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז מען זאָל אויף דער בערזע קאָנען גרויסע סומען

געוויינען און פערלירען, נישט דאַרפענדיג דערביי מיט קיין פינגער צו ריהרען. דאָס איז פאַר איהם געווען דאָס אייגענע וואָס „שווינדעל" און „וואוכער".

ווי פיינט ער האָט איבערהויפט אַזעלכע שטייגער בערזען-געשעפטען! עס דערמאָהנט זיך איהם, ווי זיגמונד האָט איינמאָל, אין זיין געגענוואַרט, דעם פאָטער פאָרגעלייגט עפּעס אַ צווייפעלהאַפט געשעפט, ביי וועלכען עס איז געשטאַנען צו פערדינען ביז צוויי הונדערט פראָצענט. ער האָט דעמאָלט דערביי צוגעוואָרפען אַ בעמערקונג, אַז אַזאַ פערדינסט איז איינפאַך „געמיין". האָט איהם דערויף זיין פאָטער פערוואונדערט אָנגעקוקט, און דער פעטער זיינער האָט זיך צולאַכט אויפ׳ן קול און כמעט מיטליידיג געזאָגט צו איהם: „דו ביזט אַליין נאָך דערזעלבער „שוטה". עס וועט שוין פון דיר קיין לייט בישט זיין!"

ער האָט זיך ווידער פערטראַכט אין געדאַנקען וועגען דער אַקציען-אונטערנעהמונג, און איידער ער האָט זיך אומגעקוקט, איז ער שוין געשטאַנען פאַר זיין הויז. ער געהט לאַנגזאַם איבער די דריי טרעפּ אַרויף און שליסט אויף די טיר פון זיין צימער. דיביידע קאָרידאָרען, לינקס און רעכטס פאַר איהם, זענען בעלויכטען און וואַרפען אַ מאַטען שיין אויף דעם בריף-קעסטעל, וואָס איז צו זיין טיר צוגעקלאַפּט. ער בעמערקט דערין עפּעס אַ ווייס, אַ בריף, און נעהמט איהם אַרויס. נאָכדעם ווי ער האָט דעם מאַנטעל, הוט און שטעקען אויף אַ שטוהל אַנידערגעוואָרפען, געהט ער צום טיש צו און צינדט זיך אָן די לאָמפּ. דער געלער שיין האָט איהם אַ שטאָך געטון אין די אויגען, אַז ער האָט זיי געמוזט צוזאַמענציהען, וואָס האָט זיין ערנסט געזיכט צוגעגעבען אַ פערצאָגט אויסזעהן.

דער בריף איז געווען אויס פרייבורג פון זיין פריינד ריכאַרד מאַנצאָוו. — פאַמעליך און אויפמערקזאַם לייענט ער די זעקס זייטען... בשעת דעם לייענען לייגט ער איהם אויף אַ מינוט אַוועק, זעצט זיך אויף דער סאָפע און פערטראַכט זיך אין די געדאַנקען. דערנאָך נעהמט ער ווידער לייענען.

אַ מידער לאָזט ער ליגען דעם בריף אויפ׳ן טיש, געהט צום פענסטער צו, און ווי אין גייסט אָבוועזענד, קוקט ער שטאַר אַרויס אין דער טונקעלקייט.

אין דרויסען פאַלט אַ שניי. די ווייסע שנייעלעך ווערען פונ׳ם

ווינט אין דער קרים געטריבען און געוואָרפען אויפ׳ן גאַס אין קליינע קופּקעלעך צוזאַמען, און אַז עס צוגיסט זיך אַ ליכט-פאַליע דעריבער, גלאַנצען זיי אַזוי ווי גלאָז-שטויב. אַ שטאַרקער נאָוועמבער-ווינט יאָגט זיך דורך די פענסטער פאַרביי און צושליידערט די קליינע בלישטשענ-דיגע שניי-מאַסען אויפ׳ן געזימס פון פענסטער. מיט אַ יונגער ריזען-קראַפט חאַפּט דער שטורם די טונקעלע וואָלקענס און פליקט זיי פונ-אַנדער ווי אַ צוריסענעם מאַנטעל. אונטען לויפען בעשנייטע מענ-שען מיט טאָפּעלטער אַיילעניש איבער דער גאַס דורך, די הענט אין די קעשענעס פערשטעקט. די פערד, בעפּודערט מיט אַ פייכטען שניי-הייטעל, דאַמפּען שטאַרק פון היץ אין דער קיהלער לופט אַריין. די ליכט-פונקטען פון די לאַמטערנס ציטערן שוואַך איבער דער לענג פון גאַס, און דאָס עלעקטרישע ליכט אין די שויפענסטער פלאַמט העל און חוצפּה׳דיג אויפ׳ן גאַסען-ברוק. דאָס שטענדיגע גערויש און געטו-מעל און געקלינגעריי שיינט דאָסמאָל שטאַרקער צו האָבען אַריינגע-דרונגען אינ׳ם צימער פון איינזאַמען לעאָ.

אָבער איהם אינטערעסירט נישט דער ליאַרם דאָ. זיין פריינדס בריף האָט איהם אַצינד מערקווירדיג אויפגערעגט. עס האָט איהם אָנ-גענומען אַ שטאַרקע בענקשאַפט איהם צו זעהן. עס האָט זיך איהם אַזוי געוואָלט, ער זאָל אַצינד זיין נעבען איהם; צו זעהן זיינע גוטע, טרייע אויגען, זיין ערנסט, פערברוינט געזיכט, זיין בלאָנדען מענליכען קאָפּ, און אַצינד מיט איהם צו שמועסען איבער זיין לי-בען, ליבען בריף.

ער האָט איהם אויך געשריבען פון דער אַקציען-אונטערנעהמונג און אַז ווייל לעאָס פאָטער בעטייליגט זיך דערין, האָט אויך זיין פאָטער, דער גלח מאַנצאָוו און דער דירעקטאָר בערגער געפונען פאַר גלייך זייערע געלט-דעפּאָס אַריינצולייגען אין די אַקציעס. דאָס האָט איהם שרעקליך פּראַפּירט. זיין פאָטער האָט דאָך איהם געשריבען נאָר פון דער וואַהרשיינליכקייט, מאַנצאָוו און בערגער זאָלען אָנטייל נעהמען, און דאָ גיט איהם ריכאַרד צו וויסען דעריבער ווי וועגען אַנאָבגעטוענע זאַך שוין. און ריכאַרד איז עס דאָך ערשט געוואָהר געוואָרען פון גינטערסטאַל, הייסט עס, אַז דאָס איז שוין אַ געוויסהייט געוועזן, נאָך איידער דער פאָטער זיינער האָט איהם אינ׳ם לעצטען בריף מיטגעטיילט דערפון. וואָס האָט דעם פאָטער זיינעם בעוואויגען, ער זאָל עס פון איהם האַלטען בסוד? פאַרוואָס האָט ער איהם אין

זיין שרייבען בלויז אָנגעוואונקען פון אַ וואַהרשיינליכקייט, אַז ער האָט שוין געהאַט דעמאָלט די זיכערקייט פאַר זיך? אָט די פראַגע האָט איהם אַלץ מעהר און מעהר בעשעפטיגט און זיך ביי איהם פעראייניגט, אַליין עס נישט פערשטעהענדיג, מיט אַ שרעקליכער אונצופרידענהייט. אין אַ געוויסער מאָס איז עס פאַר איהם געווען דאָס פאָרגעפיהל פון אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך שוין אַזוי קלעגליך פאָרגעשטעלט אין זיין לעבהאַפטער זעלבסטפייניגענדיגער פאַנטאַזיע. און אַצינד קאָן ער שוין קעגען דעם גאָרנישט טון, קריצט ער מיט די ציינער. מען האָט איהם ווי געוועהנליך באַלד מיטגעטיילט דעם געשעהענעם פאַקט, און קיין אָנדייטונגען פריהער!

אויף זיינע ליפען האָט זיך אַ שמייכעל בעוויזען. האָט מען איהם דען צו וויסען געגעבען ווען וועגען געשעפטס-זאַכען, ווען זיין עצה געפרעגט?

אַך, ניין, דאָס קיינמאָל דאָך נישט!...

„ס'וואָלט געקאָנט דערפון שיין גוטס אַרויסקומען!" לאַכט ער, און בעמיהט זיך זיין חשד אָבצוּווענדען.

„מיין אַלטער ווייסס מסתּם, וואָס ער טוט. ער איז דאָך עפּעס אַ געניטער עהרליכער סוחר, און אַלץ, וואָס איך רעד זיך איין, איז איינפאַך נאַרישקייטען!" טראַכט ער זיך. נאָר צוליב איין זאַך נאָך האָט ער זיך אַלץ נישט געקאָנט בערוהיגען; וואָס קעניגסבערגער בעטייליגט זיך אויך דערין.

„באַ! מען דאַרף נאָך אויפוואַרטען!" זאָגט ער צו זיך אויפ'ן קול און געהט פון פענסטער ווידער צו צום טיש. ער נעהמט דעם בריף נאָכאַמאָל אין דער האַנט אַריין און לייענט איבער דאָס לעצטע זייטעל; דערנאָך לייענט ער עס ווידעראַמאָל איבער. זיך אַוועקזעצענדיג אויפ'ן עק סאָפע, לייענט ער עס איבער צום דריטען מאָל. באַלד דערויף צוקט אַ ביטערער שמייכעל אַרום זיינע ליפען. דאָ שרייבט ער איהם, ער זאָל זיך נישט אַזוי קווּעלען מיט זיינע געדאַנקען וועגען דעם יודענטום, דען סיי ווי וועט ער דאָך דערמיט דאָס פּראָבלעם נישט בעצווינגען. און אַז ער איז אַ וואוילער יונג, און ווען אַלע יודען זאָלען זיין אַזוי ווי ער, וואָלט דאַן גאָר קיין יודען-פראַגע נישט געווען א. ד. ג.

דער גוטער ריכאַרד! זאָגאַר אַ קאָמפּלימענט געמאַכט, אַז אַ וואוי-

לער יונג בין איך. אָבער אויפהערען דערפון צו טראַכטען, דאָס איז גרינג צו זאָגען!

ער שפּרינגט אויף פון דער סאָפע און שפּאַנט האַסטיג אויף און אָב איבערן צימער, אַזוי ווי ער וואָלט וועלען דערמיט איינהאַלטען די געדאַנקען, וואָס שטורמען אויף איהם אָן... ווי אַנ'אויפגעשוואָלענער באַרג פערפלייצט עס אָבער זיין ווילען און ציהט אָב זיינע געדאַנקען, וואָס ער פלעגט אין דער שטיל אַזוי אָפט שפּינען און אָהן שיעור מאָל ווידערהאָלען. ווי מיט צוויי שטימען, איינע פאַר, די אַנדערע געגען דעם פריינד זיינעם און זיין גוט געמיינטער עצה, רעדט עס אין איהם:

„נישט נאָכקלערען דעריבער? אַך, ווער עס קאָן עס נאָר!"

אַזוי ווי עס וואָלט נישט פאַר יעדען מאָדערנעם יוד, וואָס קוקט אַריין מיט וואַכע אויגען אין דער ברוטאַלער ווירקליכקייט, דאָס פּראָבּ-לעם אויפגעשוואומען, ווי אַ גרוי ריזען-גרויס געשפּענסט, אָנגעהויבען מיט דעם שטילען וועהמוטיגען האַרץ-געוויין פון רעזיגנאַציע ביז צו דעם פערכסטען העפ-העפ-געשריי פון דער גאַס! אַך, וואָס פאַר אַנ'-אַהנונג קען ער האָבען, וואָס הייסט — צו זיין יוד! צו זיין יוד מיט יעדען אָדערל, מיט יעדען טראָפּען בלוט, און אין אַנ'אַנדער זין דאָך נישט עס צו זיין מיט דאָס מינדסטע! און אָט שרייבט איהם ריכאַרד אַליין, אַז ער איז גאָר קיין יוד נישט, ווייל ער האָט נישט, ווי טויזענדער גרויסשטעדטישע יודען, קיין רעליגיאָן, אין זין פון דער ביבעל. ווי גערעכט ער איז! איהם איז טאַקי גוט מיט דעם, איהם, דעם גלחישען זוהן, וואָס קומט דאָ דורך אויף דער ערד מיט זיין ליבען קינדערשען גלויבען, און איז געוויס אין זיך גליקליך צו קאָנען אַזוי דורכקומען אויפ'ן הימעל אויך. וואָס איז ער אַקעגען דעם? אויף זיינע ערדישע פראַגען און צווייפעל האָט ער שוין נישט קיין ענטפער, ווי אַזוי זאָל ער נאָך האָבען אַנ'ענטפער אויף די הימלישע?...

פאַר זיין גייסט האָבען אויפגעטויכט די טעג פון זיין קינדהייט, טעג, וואָס אַז ער דערמאָהנט זיך אָן זיי, מוז ער זיך צולאַכען אויפ'ן קול, אַזוי הומאָריסטיש און טרויעריג זענען זיי געווען. אָבער דאָסמאָל האָט ער אין זיך געפיהלט נאָר דאָס לעצטע.

וואָס פאַר אַ מלמד ער האָט געהאַט! עס איז געווען אַזאַ אַלטער משונה'דיגער מענש מיט פעדאַנטישע מאַניערען און אַ פאַנפאַטער שטי-מע, און שטענדיג האָט ער אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט קיינמאָל נישט געהאַט צו עסען צו דער זאַט, און אין דער שעה, וואָס ער

האָט געלערנט מיט די קינדער די יודישע רעליגיע, איז ער זיך קיינ־מאָל נישט בעגאַנגען אָהן דעם שטעקען זיינעם, און אַז ער האָט נאָר געקריגען זיין שכר־למוד, פלעגט ער דערנאָך שוין זיין אַזוי זעלטען אויפגעלייגט. פאַר דעם געלט האָט ער געהאַט אויף שבת אַ גאַנז צום עסען.

ער זעהט איהם אַצינד פאַר די אויגען, ווי ביים לערנען שאָקעלט זיך אַהין און אַהער זיין גאַנצער אייבערשטער טייל קערפּער, און ווי די שטימע זיינע גאָרגעלט אויס באַלד טיפע און שטומפּיגע און באַלד הויכע און קוויטשענדיגע טענער, און אַז ער דאַרף איבערמישען אַ בלעטעל פון סידור, בענעצט ער זיך אַלעמאָל מיט דער צונג דעם טייט־פינגער.

וואָס פאַר אַ שד איז עס געווען אין זיי, וואָס זיי פלעגען אַלע־מאָל אַזוי אויסגעפינען די אַלע לעכערליכע אייגענהייטען פונ׳ם מלמד און איהם נאָכקרימען! אין שולע ביי די לעהרער האָט מען זיך קיינ־מאָל נישט דערוועגט אויף אַזאַ זאַך. שטענדיג, ווען עס טרעפט זיך איהם צו הערען פונ׳ם לערנען אין יודישען חדר, קומט איהם אין די אויערן אַריין די פּאָנפּעדיגע שטימע פון יענעם אַלטיטשקען, און באַלד זעהט ער איינס נאָך ס׳אַנדערע די שוואַרץ־האָריגע קינדער־קעפּלעך, וואָס בויגען זיך איבער די סידורים אַריבער און לאַכען און טרייבען אַלאַטריאָ אונטערן טיש, ביז דער אַלטיטשקער דערזעהט, ווי מען רע־גירט אַזוי אַרום און שאָקעלט דערויף צו וועהמוטיג מיט׳ן גרייזגרוי־ען קאָפּ און קלאַפּט צו דעם סידור און געהט אַ פערמאַטערטער אַרויס פון שטוב. דאָ הויבט מען ערשט אָן צו לאַכען. און ער פלעגט אַלע־מאָל מיטלאַכען!

און וואָס האָט ער דאָס געלערנט, פרעגט ער זיך אַליין מיט אַ וועהטאָג אין האַרץ. די יודישע אותיות, יענע פערקיילעכדיגטע, אָט שמאָל־ברוסטיג שלאַנקע, אָט דיק־לייביג צונויפגעגאָסענע שוואַרצע צייכענס מיט די פּינטעלעך און שטריכעלעך, שטעהען אַצינד פאַר איהם אַוועקגעשטעלט ווי אַ שורה צינענע סאָלדאַטען. ער פלעגט זיי, די יודישע אותיות, מעכאַניש לערנען און פלעגט פון זיי מוזען צוזאַמענשטעלען אַזעלכע קאָמיש־לאַנגע ווערטער, וואָס האָבען אָפּט אַזוי לעכערליך אָבגעקלונגען, אַז אַמאָל האָט איהם אפילו דאָס הייליגסטע וואָרט גע־רייצט צום לאַכען. ווייטער אַריין, האָט דער אַלטיטשקער טיילמאָל דיקטירט פאַר זיי וואָרט ביי וואָרט מיט דייטשען טעקסט אַ שטעלע

פון דער ביבעל, וואָס זיי האָבען זיך דערנאָך געמוזט אויסלערנען אויף אויסעגוועייניג. ווי אַזוי האָט ער שוין געקאָנט דערביי רעליגיעזע עמפינדונגען אין זיך אויפנעהמען? אונמעגליך!

ער דערפיהלט, ווי די וויהעס זיינע ווערען איהם הייס, פּאַמעליך דרייט ער אַראָב דעם ברענער; די לאָמפּ האָט זיך איהם צוברענט צו העל, צו רייסענדיג.

ער האָט ליב די היימליך-געמיטליכע האַלב-טונקעלקייט; ווייל אין אַזאַ אַנגענעהמער טונקעלקייט שפּינט ער אַזוי גוט זיינע איינזאַמע גע-דאַנקען-פעדים אַלץ ווייטער און ווייטער, אַז אין דעם אויגענבליק פון העכסטען עפעקט פערגעהט ער אַזש צו קליינע מאָנאָלאָגען, צוליב וועלכע ער מוז דערנאָך אַליין פון זיך לאַכען.

ער האָט זיך צוגעלעהנט אויף דער סאָפע און פערמאַכט די אוי-גען. אַזוי האָט ער זיך געפיהלט גוט, און אַזוי האָט ער פּאַמעליך און אויפמערקזאַם ווידער געקאָנט אויפלעבען די וועהמוטיגע ערינערונגען פון זיין קינדהייט, וואָס זענען איינס נאָך איינס פאַרביי איהם דורכ-געגאַנגען ווי אין אַ שנעל איבערלויפענדיגער פּאַנאָראַמע.

ער האָט זיך געזעהן אַלס קליין פינפיעהריג יונגעל יום-טוב׳דיג אָנגעטון אינ׳ם „נייעם אַנצוג״; דען נאָר אין די היינטיגע „פייער-טעג״ פלעגט ער איהם געהן, דעם ערשטען נייעם אַנצוג, וואָס מען האָט איהם געמאַכט. פריהער פלעגט פאַר איהם זיין מוטער צושניידען אַנ-צוגען פון זיין פּאָטערס אָבגעטראָגענע מלבושים. יענעם יום-טוב, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אין דעם שוואַרצען אַנצוג געקומען אין דער סינאַגאָגע, וועט ער קיינמאָל נישט פערגעסען. יונגעלווייז פלעגט ער אַזוי אָפט אין סינאַגאָגע אַריין געהן. דעמאָלט איז נאָך זיין פּאָטער געוועזען אָרים און געגאַנגען אַלע „שבת״ אין „שוהל״ אַריין, און ער איז שטענדיג מיטגעגאַנגען.

דערביי פּאַלט איהם נישט-ווילענדיג אויף, וואָס דער פּאָטער זיינער האָט שפּעטער אָנגעהויבען אַלץ ווייניגער צו געהן אין דער סי-נאַגאָגע, און זיין לייכט-שפּיריגער מיסטרויאישער חוש האָט דערשמעקט דאָ אַ פיינליכען, פאַר איהם, צוזאַמענהאַנג צווישען דעם פערמעגענס-פערהעלטניס און דער פרומקייט פון די יודען. מיט אָט דעם חשד קע-גען זיינע גלויבענס-גענאָסען איז ער אַזוי ווייט פערגאַנגען, אַז ביי איהם איז געבליבען, וואָס זיי זענען אָרימער, אַלץ זענען זיי פרימער, וואָס זיי זענען רייכער — אַלץ „אויפגעקלערטער״.

אָט דער געדאַנק האָט איהם זעהר געפּייניגט. ער וואָלט אפילו די דאָזיגע פאַלשע מיינונג לייכט געקאָנט אָבווענדען, אָבער אָט דער קרענקליך-איינזייטיגער חוש איז אין איהם אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט געווען, אַז ער האָט נאָר שטענדיג ביי די יודען אַ פעהלער געוואָלט געפינען, און קיין שום אָבווענדונג נישט געקאָנט פערטראָגען.

„אַזוי איז עס”, זאָגט ער שטיל, „וואָס מען ווערט רייכער, אַלץ ווינציגער בעלעסטיגט מען דעם ליבען הערר גאָט!”

יאָ, יאָ, זיין נייער, שוואַרצער אַנצוג!...

ווי פּאָרזיכטיג ער איז געווען און אַזוי אָבגעהיטען, ער זאָל איהם נישט פערשמוציגען! און נעבען איהם איז געגאַנגען זיין בלייכע, קראַנקע מוטער, אָנגעטון אין שוואַרצען בלאַנקען קלייד מיט דעם גאַנצען ביליגען צירונג, וואָס זי האָט פערמאָגט; און דער פאָטער אינ׳ם גרויסען צילינדער-הוט, וואָס ער פלעגט צוויי מאָל אין יאָהר פונ׳ם שאַכטעל אַרויסנעהמען און אָבבאַרשטען, און אינ׳ם לאַנגען שוואַרצען ראָק, וואָס האָט איהם איבער די קניה געגרייכט. ווי ערנסט און פייערליך פלעגען זיי דעמאָלט געהן צו דער סינאַגאָגע ביים מאַרק-פלאַץ! און ער אויך מיט זיי! וויפיל ער האָט זיך געפרייט דעמאָלט, וואָס ער האָט געטראָגען דעם גרויסען הייליגען סידור! און אויפ׳ן וועג צום „שוהל” האָבען זיי בעגעגענט נאָך אַנדערע יודען, אַלע אויסגעפּוצט אין שענסטען שטאַט, מיט ערנסטע געזיכטער און מיט דיקע סידורים אונטערן אָרעם. אינ׳ם טעמפּעל איז מען געזעסען און מתפלל געווען אין ווייסע מיצלעך און אין ווייסע העמדער, און אין פייערליכע מאָמענטען האָט מען זיך געשאָקעלט מיט׳ן גאַנצען קערפּער, און געשריען און געזונגען און יעדע ווילע אונטערגעשפּרונגען און געקרעכצט און זיך געשלאָגען אויף דער ברוסט, טיף אָבגעזיפצט, און אַלע האָבען נאָכאַנאַנד אַרויפגעבליקט אין דער הייך. און ביי דעם אַלעם הערט זיך דאָס קליינע יונגעל אַיין מיט אַנ׳אָפען מויל צו די ערנסטע, דורכלויכטענדיגע, וואונדערליכע געדאַנקען פונ׳ם חזן, וואָס האָט אַזוי געוואָרפען מיט דעם קאָפּ זיינעם, כמעט ביז אויפ׳ן סידור, און געשריען און געקרעכצט נאָך העכער פאַר׳ן גאַנצען עולם. איינמאָל, געדענקט ער, האָט ער זיך נישט געקאָנט אַיינהאַלטען דערביי פון געלעכטער, אָבער אַ פירכטערליכער סטראַשענדיגער קוק פונ׳ם פאָטער האָט אין איהם אָבגעשלאָגען דעם חשק צום לאַכען.

אַצינד, ווען אָט די בילדער פון דער יוגענד האָבען איהם פאַר די גייסטיגע אויגען פאַרבייגעשוועבט, האָט זיך אויף זיינע ליפען אַ שמייכעל בעוויזען. אָבער אין זיין שמייכעל איז געלעגען אַ מאָמענט פון וועהמוט, פון טרויער. דאָס געהט שטענדיג אין איהם דורך, אַז ער דערמאָהנט זיך אָן די שווערע טעג פון זיין קינדהייט, ווען ער איז נאָך אַ קליין גלויביג קינד געווען, און דאָס בלאַסע געזיכט פון זיין מוטער האָט נאָך דעמאָלט שטיל צו איהם גערעדט און זיין קאָפּ אויף דער שויס גענומען, ווען ער פלעגט שטענדיג אַזוי אייפעריג קושען אויףביידע זייטען דעם סידור, אַז ער איז אַמאָל אויף דער ערד אַראָבגעפאַלען, ווען פרייטאָג-צונאַכטס זענען אויפ'ן ווייסען טישטוך די צוויי לייכטער געשטאַנען, און דער פאָטער האָט אַ קורצע תפלה געזאָגט און איהם געגעבען צו עסען אַ שטיק „חלה"; אין יענעם אָווענד פלעגט זיין פיש, דאָס זעלטענע מאכל, צוליב וועלכען זיין מוטער האָט זיך אָפטמאָל פאַר דער גאַנצער וואָך אָבגעזאָגט פון די נויטיג-סטע מעדיצינען און פילען, וואָס זי האָט געדאַרפען. טאַר דאָך „פיש" אויפ'ן הייליגען פרייטאָג-צונאַכטס נישט פעהלען. דערנאָך פלעגען פון בעקאַנטשאַפט צו זיי אַריינקומען נאָך יודען, און די מאַנסבילען פלע-גען דערצעהלען פון זייערע געשעפטען, וואָס זיי האָבען געמאַכט, און די פרויען — ווי זיי האָבען זייערע פיש צוגעברייט, און וואָס זיי האָבען געקאָכט אויף שבת א. אַ. וו.

אַז ער טראַכט וועגען דעם, געהט אין איהם דעמאָלט דורך אַ מין קיהלקייט און ער שפירט אַזוי ווי אַ פראָסטיג ציטערן. אַלעמאָל פאַלט איהם אויפס ניי אויף דער געדאַנק, ווער עס איז גליקליכער, ער, לעאָ וואָלף, וואָס איז שוין אַצינד אַלט דריי-און-צוואַנציג יאָהר און איז אַ „געלערנטער מאַן" אָדער ווער ווערען אַזעלכער, צי יענע קליינע תמ'עוואַטע נאַרישע יונגעל. ער ווייסט גאַנץ גוט דעם ענטפער דערויף. נאָר עקסטראַ פערשווייגט ער עס. אָבער טיילמאָל נישט. דעמאָלט הערט ער אין זיך אַ שטימע... ער דערמאָהנט זיך אָן זיין קראַנקער, בלאַסער מוטער, וואָס ער האָט אַזוי אָהן שיעור ליב גע-האַט, און גלייך ווערט פאַר איהם קלאָר, ווער עס איז גליקליכער...

## פינפט קאַפּיטעל.

זיין פאָטערס אַקציען-אונטערנעהמונג, די בעטייליגונג פון דעם, איהם ווידערוויליגען, פעטער זיגמונד, דאָס אָנטיילנעהמען פונ'ם פערעהרטען דירעקטאָר בערגער, דאָס האָט איהם נישט איין אָווענד פערגומען נאָך, אָבער אַז ער האָט דערהאַלטען אויף די שטורמישע בריף זיינע נאָר בערוהיגענדע ענטפערס, וואָס האָבען אויסגעלאַכט דעם פלוצלונג דערוואַכטען געשעפטס-אינטערעס אין איהם, איז ביסלעכווייז פערשוואונדען זיין זאָרג דעריבער און ער האָט זיך אַליין שוין געהאַלטען פאַר אַ פאַנטאַסט, פאַר אַ שוואַרץ-זעהער, וואָס שפירט איבעראַל נאָר אומגליק, חאָטש ס'איז גאָר קיין שפור דערפון נישטאָ.

דערביי האָט ער ביי זיך געמאַכט די מערקווירדיגע ענטדעקונג, וואָס צו זיינע אייגענע גלויבענס-ברידער בענוצט ער אַ פיל שטרענגערען מאַסשטאַב ווי צו די קריסטען, און אַז די פעהלערן פון די ערשטע פערגרעסערט ער שטענדיג און די פעהלערן פון די אַנדערע פערקלענערט ער. עס קומט איהם פאָר, אַז איבער האַנדלונגען פון יודען איז ער זיך גאָר נישט אימשטאַנד צו געבען קיין רוהיגען, זאַכליכען אורטייל, און ער פערענטפערט עס זיך, אַזוי גוט ווי ער קאָן, מיט דעם, וואָס פאַקטיש האָט אַ דורכפאַל פון אַ יוד אַ שרעקליכערע ווירקונג איידער פון אַ קריסט, טאַקי דערפאַר אַליין, וואָס דער ערשטער ציהט אויף זיך דערמיט פיל מעהר אויפמעקזאַמקייט ווי דער לעצטער.

מיט דעם דערגעהט ער ווידער ביז צום עקסטרעמסטען. ער געפינט שוין פעהלערן און _עולות, וואו אַזעלכע זענען גאָר במציאות נישטאָ, און מיט אַ מין פערגניגען טוט ער עס, מיט דעם פערגניגען

פון וועהטאָג; ווייל שטענדיג, ווען ער פלעגט פאַר זיך, אין זיך, ביי זיך, אַזאַ וואוט-רעדע קעגען יודען האַלטען, איז עס איהם גע-וועז דאַן אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַליין לאַנגזאַם און זיכער געשלאָגען אין האַרץ אַריין, אַזוי ווי ער וואָלט זיך מתודה געוועזן אויף זיינע אייגענע פעהלערן פאַר אַ אידעאַל געשטאַלט, וואָס ער האָט געפיהלט אין זיין נאָהענט, און וואָס ער איז דערנעבען געגאַנגען און געשטאַנען און געזעסען, פאַר דעם געשטאַלט פון אידעאַלען יודען, ווי ער האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט. און די אייגענשאַפט אין איהם, וואָס ער האָט זיך אַזוי געסטאַרעט די מינדסטע שוואַכקייט פון אַ יודען אויף אַ ריזען-פעהלער צו פערגרעסערן, דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזען ביי יעדער געלעגענהייט. אַז ס'איז איהם ווען אויסגעקומען צו לייענען פון שלעכטע טאַטען, וואָס יודען האָבען זיך אין זיי בעטייליגט, איז זיין האַס און גרויל שטענדיג אין איהם אַלץ געוואַקסען. לייענט ער אַמאָל אין דער צייטונג וועגען עפּעס אַ וואוכער-פּראָצעס, לויפט דאַן זיין אויג פיבעריש די נעמען דורך, און טרעפט ער אַ נאָמען מיט יע-נעם ספּעציפיש יודישען טעמבער, אַזוי קאָכט עס אין איהם פון כעס, און מעהר ווי זעלטען רייסען זיך איהם פון זיין מויל אַרויס אַזעלכע ווערטער, וואָס אפילו דער איבערצייגסטער יודען-פיינד וואָלט קיין שאַרפערע נישט געזאָגט.

גראָד דערפאַר, וואָס ער האָט, אַזוי ווי אַ הונט אויף היהנער חאַ-פּען, דרעסירט, אין אַ געוויסער מאָס, זיין אויפמערקזאַמקייט אויף אויסצו-געפינען אַזעלכע מאָראַלישע פעהלערן, איז ער אַמענדע שוין איבער-הויפּט מעהר נישט אימשטאַנד געווען צו ענטדעקען ביי אַ יוד עט-וואָס גוטס.

און די משא פון די אַלע עולות, וואָס ער האָט געגלויבט צו האָבען אויסגעפונען אינ'ם יוד, שלעפּט ער מיט זיך אַרום, און אָפּט-מאָל ווייזט זיך איהם אויס, אַז ער איז אַ מענש מיט צוויי נשמות, וואָס אונטערשיידען זיך איינע פון די אַנדערע, ווי ווייס און שוואַרץ, אידעלקייט און געמיינקייט.

איבערהויפּט אין די הייליגע פּייער-טעג פון דער קריסטליכער רעליגיע האָט ער זיך געפיהלט, אַזוי ווי די משא פון פערברעכען און פעהלערן, די משא פון זיין יודענטום, וואָלט איהם צו דער ערד צוגעדריקט. און דאָך איז עס געוועזן נאָר די געפיהלס-זייט, וואָס האָט איהם, דעם טרוימער, דעם בעל-החלומות, אין אָט די פּייער-טעג בע-

ריהרט; איז עס געווען די עמפּינדונג, וואָס איז אין איהם וואַך גע-וואָרען ביי זייער פייערונג, אַן׳עמפּינדונג, וואָס פלעגט ביי די יודי-שע פייער-טעג אויך אין איהם אַרויסגערופען ווערען און וואָס איז פון איהם קיינמאָל נישט פערשוואונדען. נישט דאָס רעליגיעז-קריסטלי-כע האָט איהם צוגעצויגען. דאָס איז פאַר איהם פונקט אַזוי גלייכגיל-טיג געווען ווי דאָס יודיש-רעליגיעזע. וואָס פאַר איהם איז אָנציהענד געווען פונ׳ם קריסטליכען „טאָג פון די הייליגע גייסטער״, פונ׳ם וויהנאַכטס-אָוועגד, דאָס האָט ער נישט געקאָנט דעפינירען, נאָר בלויז פיהלען.

אויך אַצינד איז דער וויהנאַכטס-אָוועגד שוין ווידער פאַר דער טיר געשטאַנען. אין דער גאַנצער וויהנאַכטס-וואָך בעווייזט איהם בערלין אַ פיזיאָנאָמיע, וואָס ער זעהט דאָ פאַר די אויגען נאָר פון איין וויהנאַכטס-יום-טוב צום אַנדערן. דורשטיג זויגט ער אַיין אין זיך, דער פּראָווינציאַל, די אַלע אַיינדריקען, וואָס שטורמען אויף איהם אָן.

מיט אויסזעהענדיגע אויגען געהט ער דורך די בעלעבטסטע גאַ-סען, וואו די מענשען-מאַסע ציהט זיך ווי אַן׳אייביג-פליסענדיגער שוואַרצער שטראָם אַלץ פאָראויס און פאָראויס. ער לאָזט זיך רוהיג מיטטראָגען פון דעם שטויסענדיגען געדרענג. די לופט איז איבערפולט פון אַ פיבערהאַפט ברומען און ברויזען, און דאָס לעבען דאָ יאָגט אין ווילדער האַסט אַלץ פאָרווערטס, אין איין טעמפּאָ, ווי דאָס גרויס-שטעדטישע לעבען קאָן עס אַרויסבעווייזען, זעהט אויס, נאָר צו דעם וויהנאַכטס-יום-טוב. אַז ער האָט זיך דערפיהלט מיד דורך אָט דעם לויפענדיגען שטראָם פון ערשיינונגען, וואו דער ריטמוס פונ׳ם לעבען שלאָגט צו אַיילענדיג און מאַשינען-אַרטיג האַסטיג, איז ווייליגווייז אָנ-געפאַלען אויף איהם פאַר אָט דעם בעטויבענדען ליאַרם פונ׳ם טאָג, פאַר אָט דעם ליכט-ים פונ׳ם אָוועגד, אַ אויסטערליש אַנגסט-געפיהל, וואָס איז נישט מעגליך אין ווערטער איבערצוגעבען. דער דרוק פון גרויסשטעדטישען לעבען האָט זיך איהם אַזוי שווער אויף דער ברוסט געלייגט, אַז ער האָט זיך געשפּירט ווי אָן אַ זייט געשטעלט פון דעם גאַנצען ליאַרם און געדרענג און געטומעל. ער איז אַוועק באַלד אין די פאָרשטעדט, וואו דאָס לעבען וואַרפט נישט אַזעלכע האַסטיגע חוואַליעס-רעדער איבער דער אויבערפלאַך, וואו דאָס מעכטיגע ברויזען פונ׳ם אייגענטליכען שטאָדט-קערפּער קלינגט שוין אונזיכער און גע-

דעמפט. דאָ האָט זיין אויג פערנומען אַנ'אויסטוישדיג-רייכע מאַסע פון איינצעל-בילדער, דאָ האָט ער בעאָבּאַכט דעם פּראָסטען געוועהנלי-כען מענש פון פאָלק, דעם האַנדווערקער, דעם אַרבייטער, דעם הונ-גערנדען פּראָלעטאַריער. דאָ האָט ער אינערליך פיל דורכגעלעבט.

און מערקווירדיג, אַז ער איז אַצינד אין ווייהנאַכטס-אָווענד לענג-אויס פון דער מאַנטייפעל-גאַס געגאַנגען, האָט ער עפּעס אַנ'אונ-אַנגענעהמע עמפינדונג געשפירט; בעמערקט ער ווי אַ פּאָר אַרבייטער הויבען זיך אָן אין די קאַלטע הענט אַריין, זיי צו דערוואַרימען, נעהמט ער פאַמעליך — עס געשיהט כּמעט אומבעוואוסט — און ציהט זיינע אייגענע האַנטשוה פון די הענט אַראָב און בעהאַלט זיי אין מאַנטעל.

ווען ער האָט בעטראַכט די פאַרבייגעהענדיגע אַרבייטער, איז איהם אויפגעפאַלען די עלעגאַנץ פון זיינע אייגענע קליידער. און ער האָט זיך געפיהלט, אַזוי ווי ער וואָלט אַ פערברעכען בעגאַנגען, אַזוי ווי ער וואָלט אָבגעטאָן עפּעס אַ זאַך, פאַר וועלכער מען דאַרף בעטען פערצייהונג. עס איז איהם זעהר פּיינליך געוועזען צו ווערען אַזוי שאַרף אָבגעקוקט פון יעדען פאַרבייגעהער. פון זייערע מינעס דאַכט זיך איהם אַרויסצולייענען עפּעס אַ שפּאָט. איהם קומט פאָר, ווי זיי טריי-בען איהם פון דאַנען מיט דער שטומער פראַגע: „וואָס דאַרפסטו דאָ, דו יוד"...

און פאַר דעם האָט ער די שרעקליכסטע אַנגסט געהאַט.

דאָס „יוד" האָט איהם שטענדיג ממש נערוועז געמאַכט. דורך זיין זעלבסט-פּייניגונג איז ער אַזוי פיהלבּאַר געוואָרען, אַז ער האָט דאָס אָ דערשמעקט איבעראַל, אַרויסגעלייענט פון יעדער מינע, פון יעדען בליק. דאָס האָט זיך אין איהם אויסגעבילדעט ווי אַ מין מאַניע.

אַז ער איז אַזוי געגאַנגען פאַרביי די הייזער-מאַסען און אומ-זיסט אויסגעקוקט דעם שימער פון אַ ווייהנאַכטס-בוים, האָט איהם דער עלענד און די אָרימקייט פון דער אַרבייטער-געגענד פערחאַפּט ביים האַרץ. ס'איז איהם געווען, אַזוי ווי אויף יעדער שוועל וואָלט זיך דאָ גענורעט די נויט און פערטריבען יעדען גלאַנץ, יעדען דופט, יע-דע פאַרבּ, זאָגאַר דעם היימליכען שימער פונ'ם קלענסטען ווייהנאַכטס-ליכטעל. און ווען עס האָט זיך מיט דער גאַנצער שווערקייט געלייגט אויף איהם די שווערע דריקענדיגע אָרימקייט פון אָט די שוואַרצע,

געשפּענסטישע הייזער-מאַסען, ווען ער האָט זיך פערבענקט דאָ נאָך אַ מענשען-לעבען און בלויז געזעהן דאָ נאָר פערשלאָסענע, פערקומער-טע, פערביסענע געזיכטער, דאַן האָט זיך דער אַזוי איינזייטיג אויס-געבילדעטער חשד זיינער פערגראָבען אינ׳ם פּיינליכען געדאַנק, אַז די יודען זענען עס שולדיג אין דעם דאָזיגען עלענד, און ער, ער האָט אויך זיין חלק אין אָט דער ריזען-משא, אַלצאיינס, צי ער איז שול-דיג אָדער אומשולדיג, דען די זינד נעהמען נקמה ביז דעם פערטען דור. און אַז עפּעס אַ גאַסען-מויד, וואָס האָט איהם פרעך צוגעוואונקען און ער איז נישט בעשטאַנען, איז איהם נאָכגעגאַנגען און דערנאָך איבערן גאַס נאָכגעשריען, אַז עפּעס אַ שיכור, וואָס האָט זיך גע-שלעפּט ביי די ווענט, האָט זיך צו איהם צוגעטשעפּעט און איהם דורכגאַנאַנד בעשאָטען מיט קללות, האָט עס איהם ווי געיאָגט דורך די גאַסען, און כמעט ציטערנדיג פון אויפרעגונג, איז ער צו זיך צו-ריק אַהיים געגאַנגען.

היינט, אין ווייהנאַכטס-אָוונד, נאָכדעם ווי ער האָט דורכגע-מאַכט זיין אַרומגאַנג איבער די פאָרשטעדט ביים בערלינער באַהן-הויף, מוז ער זיך זעהן מיט זיין העלענען.

מיט איהר רויט מיילעכעל וועט זי איהם פעררעדען פון זיינע שווערע געדאַנקען און זעלבסט-קוועלערייען. ער וועט איהרע שמאָלע, לאַנגע פינגער אין זיינע פיהלען, איהר אין די אויגען אַריינקוקען, דעם קאָפּ, דעם ליבען קליינעם בלאָנד-קאָפּ צווישען זיינע הענט נעהמען...

צו אַזעלכע אויסמאָלונגען איז ער טאַקי ווירקליך אַ ווירטואָז גע-ווען און ער האָט זיך געקאָנט שָעהן-לאַנג אַוועק די צייט דערמיט פערטרייבען.

עס איז עפּעס זונדערבאַר געווען מיט זייביידע. ער האָט נאָך קיינמאָל קיין מיידעל אַזוי הייס ווי זי נישט ליב געהאַט. אַנטקע-גען דער האָבען די אַלע צופעליגע סטודענטישע ליבשאַפטען נישט גע-האַט קיין שום בעדייטונג. אַ ביסעל תאוה, אַ פּאָר אָוונד-מאָהל-צייטען, אַ ביסעל פערליבט- און פערשייטקייט, און עס זענען די אַלע שוין צוגעלעגענע פּרות אָהן שום מיה דערגרייכט געווען. קיין אומ-בעריהרטע מיידלעך זענען עס דאָך נישט געווען קיינמאָל. ביי אַזעל-כע ליבשאַפטען האָט זיך זאָגאַר זיין פיינע, פיינליכע מאָראַל געפיהלט גאַנץ רוהיג.

װען זיינע קוליער-ברידער פלעגען זיך רענאָמירען *) מיט זייע-רע „יונגפרויען-ליבעס”, האָט ער גאַנץ אָפט קעגען זיי אויסגעדריקט זיין עקעל. פון אַזעלכע זאַכען האָט ער זיך שטענדיג אָבגעהאַלטען; װייל ער האָט דאָך געמוזט זיין אויפריכטיג פאַר זיך אַליין, װען ער װיל בלייבען יוד, ריין פאַר דער װעלט און פאַר זיך. דאָס איז טאַ-קי שטענדיג געװען אַלץ דער אַלטער געדאַנקען-קרייז, צו װעלכען ער פלעגט זיך אַלעמאָל אומקעהרען. ער האָט געװאָלט זיין אַנ׳אָנשטענ-דיגער „װאוילער קערל”! דערמיט פלעגט ער זיך ריהמען. פאַר זיין פערזאָן האָט ער געװאָלט װייניגסטענס דאָס פעררײכטען, װאָס אַנדערע מאַכען קאַליע.

אָבער מיט העלענען? דאָס איז שוין גאָר װאָס אַנדערש! דאָ איז ער זיכער געװען, אַז ער איז איהר ערשטע ליבע. און װעגען איהר טרייקייט און אומשולד האָט ער געקאָנט שװערען. ער האָט געהאַט איינמאָל דערין געצװייפעלט, האָט איהם שוין בלויז דער געדאַנק אַליין אַזוי שטאַרק צורודערט, אַז באַלד ביים נאָהענטסטען װידערזעהן, האָט ער איהר ליידענשאַפטליך די פיינע, שלאַנקע הענט געקושט, איהר קאָפּ צװישען זיינע הענט גענומען און זי אַזוי לאַנג און דורכדרינגענ-דיג אָנגעקוקט...

שפּעטער איז איהם שוין אַזאַ סיטואַציע פאָרגעקומען שרעקליך ראָמאַנטיש און לעכערליך, אָבער פונדעסטװעגען, אַז זי האָט איהם אָנגעקוקט אַזוי ערשטוינט, מיט אַזעלכע אויפגעריסענע אויגען און אַזוי בתמימות איהם אָנגעבאָטען צום קושען איהרע רויטע ליפּען, האָט עס איהם דעמאָלט טיף בערוהיגט.

ניין, זי איז נישט אימשטאַנד זיך צוצוחנפ׳ענען. זי איז נאָך ריין און אומבעריהרט. און אַז שליף, אָט דער „אָנגעזויפּענער ביר-האָהן”, בעהויפּט, דאָס זינט חוה׳ס האָכצייט איז נישט פאַרהאַן שוין מעהר קיין יונגפרוי, אַזוי איז עס איינפאַך אַנ׳אינפאַמע **) בעליידיגונג...

ניין, זיין מיידעל איז גאַנץ װאָס אַנדערש! און בעהויפּט װידער „שליף”, אַז די יודישע מיידלעך זענען פאַר איהם גאָר אַ בעזונדער „ביסען”, אַזוי האַלט ער נישט מיט איהם אין דערין אויך. ניין, אַזוי

---

*) רענאָמאַזש — פּראַהלעריי. בעריהמעריי. **) אינפאַם — נידערטרעכטיג, גע-מיין.

מאָנאָלאָגירט ער, שפּאַנענדיג אַלץ ווייטער אין די בעלויכטענע גאַסען, ביי איהם האָבען זיי גאָר נישט אויסגענומען! די יודישקעס האָט ער גאָר אָפּט נישט געקאָנטליידען. זיי זענען געוועזען פאַר איהם צו „ראַפינירט". אַזוי אָהן פרישקייט! אָהן מיידעלשער ציכטיגקייט! אַ בלאָנד גרעטכען האָט איהם, פערקעהרט, גאָר צוגעצויגען מיט אַנ׳אומבעגרייפליכער קראַפט. ווער שמועסט שוין זיין מיידעל.

אָט שטעהט ער שוין וויזאַווי דעם געשעפט, אין וועלכען זי געפינט זיך, און שפינט אַלץ ווייטער זיין געדאַנקען-קנויל. דאָס גערודער און יאָגעניש פון גרויסשטעדטישען גאַסען-לעבען האָט איהם אָבער באַלד פון זיינע געדאַנקען אויפגעוועקט. ער האָט נאָך ווידער געוואָלט אויפנעהמען זיין געדאַנקען-קייט, טראַץ דעם וואָס ער איז אינ׳ם געדרענג שוין נישט איינמאָל געשטויסען און מיטגעשלעפּט געוואָרען, דאָס איז איהם אָבער נישט געראָטען. ער האָט נאָר געשפּירט דאָס אומבעשטימטע געפיהל, אַז עס זענען איבערגעריסען געוואָרען זיינע געדאַנקען ביי עטוואָס אַנגענעהמעס, ליבליכעס, און דאָס האָט איהם פערשאַפט אַ צופרידענע נאָך-עמפינדונג.

היינט וויל ער זי אָבוואַרטען, ווייל זי האָט איהם וועגען דערויף געבעטען.

אין וויינאַכטס-אָוועגד איז זי בעשעפטיגט ביז נאָך עלף אַ זייגער, און ער קאָן זי דאָך נישט לאָזען אַליין אַהיים געהן. איהר פאָטער קאָן נישט נאָך איהר קומען זי אָבצופיהרען, ווייל ער איז פערנומען און האָט קיין צייט נישט, איהר יונגערע שוועסטער עמאַ קאָן אויך נישט קומען, און איהר ברודער האַנס איז דאָך ערשט פינף יאָהר אַלט און צו קליין נאָך צו נעהמען איהם פאַר אַ ריטער, און איהר חבר׳טע מאַריע איז אויך אין אַ געשעפט און איז נאָך דערצו מיט איהר צוקריגט א. אַז. וו. און ווען זי האָט איהם דעמאָלט אַזוי לעבהאַפט און בעטענדיג אָנגעקוקט און זיין באַק געגלעט צערטליך מיט דער האַנט איהרער, האָט ער עס איהר לאַכענדיג צוגעזאָגט. אין זיך איז ער עס באַלד גרייט געוועזען פאַר איהר צו טון; ער האָט אָבער ליב אַלעמאָל צו שפּילען דעם „מאַן" דערמיט, וואָס קוים וויל זי וואָס עס איז ביי איהם פּועל׳ן, לאָזט ער זיך פון איהר לאַנג און שטאַרק בעטען, פּייניגען...

ער שמייכעלט גליקליך פאַר זיך און לאָזט זיך לאַנגזאַם געהן דורך דער לאַנגער העל-בעלויכטענער גאַס. ער האָט דאָך נאָך פאַר זיך צוויי שעה צייט.

פון אויבען האָט זיך די לבנה פלוצלונג בעוויזען דורך די טונ־קעלע וואָלקענס. אָט רוהט זי גאַנץ געמיטליך אויף אַ וואָלקען־מויער און קוקט אויף דער ערד אַראָב. איהר אָבגעבליאַקעוועטע ווייסע ליכ־טיגקייט שטראָמט איבער די גאַסען און מישט זיך אויס מיט דער גע־לער, אַלע ווײלע אויפפלאַקערנדער, שיין פון די לאַמטערן. איהרע ברייטע פרעכע שטראַהלען האָבען פערטריבען די שטערן אַרום איהר, און בלויז ערגיץ ווייט אַוועק אינ׳ם טונקעלען הימעל בלינצלען אַ פּאָר איינזאַמע שטערנדלעך. ס׳יאָגט אַ קאַלטער ווינט דורך די גאַסען און פאַרבט די געזיכטער פון די פאַרבייאייַלענדיגע מיט רויטע פאַרבען.

לעאָ האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ דערבייאיגען קאַפע, וואָס פלעגט שטענדיג האָבען „דאַמען־בעזוך". ער האָט ליב געהאַט אויף אַ ברעג סאָפע זיך אָנצולעהנען און די קנוילען־מאַסע פון זיינע איינדרי־קען נאָכאַמאָל אין גרינגער איילעניש צו לאָזען פאַר זיך דורכגעהן. אָבער גלייך ווי ער האָט זיך נאָר אַ ביסעל בעקוועם געמאַכט און זיך ערשט קוים געהאַט דורכגעוואַרימט פון דער טיי מיט׳ן ראָם, איז די אויפהאָרכענדיגע שטילקייט פונ׳ם מענשען־לעערען קאַפע, און וועלכען ס׳האָט זיך אַצינד אויך עטוואָס געשפּירט פון דער ווייהנאַכטס־שטימונג, אומגעריכט געשטערט געוואָר׳ען.

ס׳איז אַ מיידעל האַסטיג אַ קום אַריין געטון און אין דער פלינק מיט זיך אַריינגעפיהרט צוויי קליינע יונגלעך.

„האַלאַ, הע, מיצע, דו", רופט צו איהר לעאָ אין שפּאַס. ער קאָן די קעלנערין שוין העכער אַ יאָהר צייט, נאָר זינט פיר וואָכען איז זי איהם פערלוירען געוואָרען פון די אויגען. די אַנדערע קעלנערינס האָבען פון איהר אין געלעכטער מיט קנאה דערצעהלט, אַז זי האָט זיך פערלאָבט מיט אַן׳אַלטען, רייכען יוד, און ער האָט זי אין זיין פאַמיליע אַריינגענומען.

באַלד איז זי שוין געזעסען מיט איהם ביי זיין טישעל.

„נע, שייניגקער, וואָס עפּעס אַליין? געהסט גאָר נישט היינט אין דיין קוליער? ס׳וואָהר, ס׳איז דיר דאָס אַ גרויס וואונדער? וויי־סט, וואו כ׳האָב אָט אָ די אָ — זי ווייזט איהם אָן אויף דיביידע קליינע יונגלעך — אויפגעכאַפּט? אויף דער גאַס, אינדרויסען, אויפ׳ן ווייהנאַכטס־מאַרק! נע — גו, זעץ זיך אַנידער, און דו גו, טאַקע אויך שטענדיג זיך זעצען — ווען כ׳וועל אַייך הייסען! קעלנער! אַ גרויסע פּאָרציע טיי, און שטוהלען..."

לעאָ האָט גלייך אַלץ פערשטאַנען. ער קוקט אויף דיביידע פיריעהריגע יונגלעך, וואָס האַלטען אין די בלאָה-געפרוירענע הענט-לעך „פּאַיאַצען״ צום פערקויפען און וואָס מיצע האָט זיי געגומען דאָ „אָנצוואַרימען״ און אָנצוקאָרמענען. דאָס מיטלייד, וואָס זי ווייזט אַרויס צו די ביידע קינדער, טוט איהם הנאה, און ווי זי האָט זיך אַזוי מוטערליך-פערטון אַראָבגעבויגען צו דעם קלענערען יונגעל, נעהמט ער זי צערטליך אָן ביי דער גאָמבע. אינ׳ם העלען ליכטיגקייט פון זשי-ראַנדעל, זעהט איהר געזיכט, רויט בעהויכט פון דער קעלט, אונגע-וועהנליך שיין אויס. זי האָט איהם נאָך קיינמאָל נישט אויסגעוויזען אַזוי סימפּאַטיש.

„זעהסטו, געהען אַזוי די עלענדע „סוחרים״ מיר פאַר׳ן וועג, און דער קלענערער יאָמערט אַלעמאָל: „לויף נישט אַזוי!״ און דער גרעסערער יאָמערט אויך, ווייל ער לייזט גאָרנישט. פרעג איך דעם קלענערען, צי ער וויל קוכען. קוקט ער מיך אָן מיט אַזעלכע אויפגע-ריסענע אויגען — זעה נאָר „לופוס״, וואָס פאַר אַ גרויסע אויגען עס זענען ביים יונגעל! ס׳וואָהר? האָב איך זיי גלייך מיט מיר דאָ אַריינ-געחאַפּט!...״

ווי זי האָט אַזוי מיט איהם וואויל-יונגעריש געשמועסט, איהם געדוצט און מוטערליך די קינדער ברויט אין די מיילעכלעך געשטאָפּט און זיי כסדר פאָרגעלייגט צו טרינקען, איז זיי איהם אַצינד וואָס אַמאָל אַלץ נאָך מעהר געפעלען. ער דערשמעקט אין זיך אַ שטיל אויפוואַ-כעדיגען וואונש. באַלד אָבער דערמאָהנט ער זיך אָן...

„זאָג נאָר, מיצע, איז עס וואָהר? דאָס מיט דער פערלאָבונג? אָט דאָס מיט׳ן רייכען יוד?״

„געוויס״, און עס לאַכט איהר דערביי דאָס גאַנצע געזיכט; זי נעהמט אַרויס אַ צירונגס-שיידעל און בעווייזט איהם אַ פערלאָבונגס-רינג — „געוויס זענען מיר פערלאָבט. וואָס האָב איך דען געקאָנט טון? דאָס אייביגע אַרומטרייבען זיך מיט די מענער, און דאָס בומ-לען צוזאַמען, דאָס איז טיילמאָל — כ׳ווייס אַליין נישט, ווי אַזוי כ׳זאָל עס זאָגען,—האָב דאָך געדאַרפט צו זיין אַ נאַר אַ גרויסער! בפרט נאָך אַז דער קערל שטאַרבט אַזוי אַוועק נאָך מיר? באַלד האָט ער מיך אַריינגעפיהרט צו זיין אַלטער, און זי און די איבעריגע קלעצער, שטייף ווי די העלצער, זאָג איך דיר, מען קאָן זיך פון זיי צום טויט לאַכען, און איך אין מיטען דערינען! זי איז אַזוי גראָב, — זי

בעשרייבט מיט דער האַנט אַ פענאָמענאַלען קרייז-בויגען. — ער איז אַ שעף ערגיץ-וואו, און אַז ער איז אַוועקגעפאָהרען אויף דער רייזע, האָב איך זיך גלייך אָבגעשמועסט מיט מיינס אַ חבר'טע און מיר האָבען אָבגעהוליעט אַ נאַכט. — ווייסטו, דאָס קאָן איך דאָך נישט אַזוי אָבלאָזען! און די גראָבע מאַמאַ דאָרט... אַזאַ נאָז!" — ווידער אַנ'אונגעהייערער קרייז-בויגען מיט דער האַנט. — „הע, קינדער, וואָס עסט איהר עפּעס נישט! נע, עס דאָך, דו פופקע מייגס... אָט אַזוי, נאָר געגעסען זאָל ווערען! ווי רופט מען דיך? נע, וואָס ענטפערסטו נישט —" און דאָס קליינע יונגעל האָט זיך אומגעקוקט צום „גרויסען" ברודער, ער זאָל איהם אַרויסהעלפען.

„אָטטאָ ווײדנער..." האָט ער פערלעגען געענטפערט.

לעאָ, וואָס האָט אין שפּאַס די גאַנצע צייט דאָס אַלץ צוגעהערט און צוגעזעהן, בעמערקט ביי דעם, ווי די האַנט איהרע גיט פּלוצלונג אַ ציטער און דאָס מויל בעוועגט זיך עפּעס אַרויסצורעדען... ענדליך פרעגט זי קוים:

„נע, און וואו וואוינסטו, אָטטאָ?" זי נעהמט איהם אויפ'ן שויס און קוקט איהם מיט אַנגסט אינ'ם קיילעכדיגען קליינעם קינדערשען פּנימעל אַריין.

דערויף ענטפערט דאָס אַנדערע יונגעל: „סקאַליצער-גאַס 17".

מיט אַ האַסטיגער בעוועגונג לאָזט זי אָטטאָן פון איהר שויס אַרונטער. זי ווענדט אָב דאָס געזיכט איהרס פון לעאָן, ער זאָל זי נישט קאָנען זעהן. אָבער לעאָ בעמערקט אַ פערוואונדערטער, ווי איהר ברוסט הויבט זיך שווער אויף און אָב און ווי עס פערהאַקט זיך דער אָטעם. עס רייסט זיך איהר אַרויס אַ הייזעריגער טאָן פון דער קעהל.

לעאָ האָט נישט געוואוסט אַצינד, וואָס ער זאָל דאָ אָנהויבען. דאָ קומט פּאָר עטוואָס אונגעוועהנליכעס. באַלד איז איהם איינגעפאַלען, וואָס זי האָט איהם דערצעהלט אַמאָל, בעת זי איז נאָך אין „עליזיום" אַ קעלנערין געווען, אַז זי האָט קליינע ברידערלעך, און די עלטערן איהרע וואוינען אין בערלין. דערמיט האָט ער שוין פערשטאַנען, וואָס דאָ קומט פּאָר. ער פיהלט איהר טיף מיט. פערטרויט ווענדט ער זיך צו איהר:

„ליב פרייליין מיין!"

זי דרייט זיך צו איהם אום און ער בעמערקט, ווי דאָס געזיכט איהרס איז טויט-בלייך. זי שפירט, אַז ער איז בליץ-שנעל דער-

גאַנגען דעם צוזאַמענהאַנג פון דעם אַלעם דאָ, און זיין רעספעקטפו־לער פערטרויטער טאָן, דאָס זעלטזאַמע, צו איהר געווענדטע „ליב פריילין מיין“,—אין דעם האָט זי פערנומען אַ וואַרים האַרציג וואָרט, אַ מענשליך מיטגעפיהל. „זעהט, די קינדער זאָלען זיך נישט אָנשטוי־סען“, בעט זי איהם, שטיל פליסטערנדיג, כ'האָב זיי שוין זינט דריי יאָהר נישט געזעהן. כ'בין דעמאָלט ערשט זעכצעהן יאָהר אַלט געווען, און אָטטאָ איין יאָהר ערשט, און פראַנץ דריי יאָהר...“

דאָ איז זי שטיל געבליבען און מיט ליידענשאַפטליכער צערט־ליכקייט בעקימערט נאָכגעקוקט, ווי דיביידע קינדער האָבען זייערע צוואַרימטע און רויטגעוואָרענע פנימלעך פערטון אין די טיי־שאָלען, און מיט דער אונזשעניִרטקייט פון יונגע קינדער חאַפּען זיי די פוטער־ברויטען, צובייסען זיי אויף שטיקלעך און עסען, און דער הויכער שפיגעל אויף דער וואַנט האָט געטריי אָבגעשלאָגען דאָס גאַנצע בילד דאָ; איהר שלאַנקע, פולע געשטאַלט, דאָס קליינע קאַפּעלישעל, דער לאַנגער, ווייסער באָא, אַלץ שפיגעלט זיך צוריק אָב פול און פלאַסטיש.

„אַ זעלטזאַם בילד“, קומט לעאָן אויפ'ן געדאַנק אַרויף.

באַלד פרובט זיך דאָס זעקסיעהריגע יונגעל אין גרויס פערלע־גענהייט אָבצוזאַנקען.

„נע, הער אויף, פראַנץ“, לאָזט זי איהם נישט אויסרעדען.

פראַנץ קוקט אויף איהר מיט אויפגעריסענע אויגען און וואונ־דערט זיך, פון וואַנען זי ווייסט זיין נאָמען.

„דו, אָטטאָ“, טאָרעט ער דאָס ברידערל זיינס, „מאַמאַ קוקט אונז אויס...“

„איך וועל אייך אַהיימפיהרען. ס'וואָהר, אָטטאָ, אַצינד ווע־לען מיר פאָהרען אין אַ דראָשקע. ס'וואָהר, ס'וועט זיין אַזוי גוט...“

און איהר האָט הנאה געטון, וואָס דאָס קליינע רויטע פנימעל האָט זי פריינדליך און דאַנקבאַר אָנגעקוקט.

„גיט מיר אַ פּאַיאַץ!“ פערלאַנגט לעאָ. ער האָט געזוכט אַ גע־לעגענהייט די יונגלעך עפּעס צו געבען.

„ס'איז ריכטיג אַזוי“, רופט ער אויס, אַז ער זעהט, ווי דאָס יונגעל וואונדערט זיך אויפ'ן מאַרק־שטיק, וואָס ער גיט איהם. גיב „עס אַוועק אין דער היים דער מאַמאַ. וועסט טון אַזוי? און דעם פּאַיאַץ נעהם אויך מיט! איך ברויך איהם שוין נישט!“

מיצע ענטפערט איהם דערויף מיט אַ דאַנקבאַרען שמייכעל און דערלאַנגט איהם די האַנט. דערביי איז ער געשטאַנען נעבען איהר אַזוי נאָהענט, אַז ער האָט אויף זיך געפיהלט די פולע ברוסט איהרע. אַ היץ האָט איהם אַדורכגעצוקט און אין זיינע אויגען האָבען אויפגע-שיינט פלעמלעך. אַ מינוט האָט ער געשוויגען.

„קאָן איך אייך נישט מאָרגען ווידער אין קאַפע דערזעהן?" בעט ער זי.

אין זיין טאָן האָט זיך געפיהלט עטוואָס צופלאָסענקייט, אומבע-האָלפענקייט, און דאָס איז איהר געפאָלען.

צום ערשט קוקט זי איהם לאַנג אָן, און דאַן פערבויגט זי זיך צו איהם. זיי האָבען זיך פערשטאַנען...

ער בעגלייט זי צו דער טיר און קוקט נאָך, ווי זי, פיהרענ-דיג דיביידע יונגלעך ביי די הענט, געהט מיט זיי איבערן ברוק. זיין בליק קאָן זיך נישט אָברייסען פונ'ם זעלטזאַמען טריאָ. זיי זע-צען זיך אויף אַ דראָשקע. אָט פאָהרען זיי אַוועק. וואָס אַמאָל דער-ווייטערט עס זיך אַלץ מעהר. אָט בעוויייזט עס זיך נאָך אַ פּאָר מאָל ביי די לאַמטערן, וואָס לייכטען אַצינד ווי פערשלאָפען, און ווייט אַוועק, גאַנץ ווייט אַוועק ווערט עס פערשוואונדען, אַזוי ווי עס וואָלט איינגעשלונגען געוואָרען פון דער טונקעלקייט.

שטאַרק פערטראַכט האָט ער זיך אַצינד אַוועקגעלאָזט אין דער נאַכט אַריין. ער מוז זיך אַצינד שנעל צואיילען זיין העלענען אָבצו-בעהמען. איבער דעם צער און גורל פון אָט דעם עלענדען, געפאַ-לענעם מיידעל, האָט ער שיער נישט פערגעסען אָן זיין אייגען גליק.

## זעקסטע קאַפּיטעל.

אַט איז שוין דערוויייל האַלב עלף געוואָרען, און לעאָ אַיילט זיך צו, שנעל אָנצוקומען צו העלענעס געשעפט, אום זי אָבצונעהמען, ווי ער האָט עס איהר צוגעזאָגט. פאַר דער צייט דאָ איז אין דרויסען עמפּינדליך קאַלט געוואָרען, אַז ער האָט געמוזט לויפען, אום נישט צו פרירען פון קעלט.

אויפ׳ן הימעל האָט שפּאַצירט אַ פולע קיילעכיגע לבנה און געשטראַהלט מיט אַ קיהלען גלאַנץ איבער דער שטאָדט אַראָב. עס האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי זי וואָלט וועלען פאַר׳ן וויהנאַכטס-אָוועגד וואָס מעהר קעלט אַראָבוועהען, וויינעגסטענס, זענען אַרום דער לבנה אַלע שטערן אַזוי שרעקליך פערבאָרגען געווען, אַז בלויז ווייט אַוועק נאָך איהר שטראַהלען-קרייז האָט קוים-קוים געפינקעלט עפּעס אַ נישט-אָנזעהעוודיגע מחנה פון ווייסע, שימערנדע פונקען. און אפילו זיי טליהען אויך אַזוי ווי געפרוירענע; ווייל אַלעמאָל בלינצעלט איינס אויף, ווי עס וואָלט הינטער יענעם פלאַטערנדען געזוכט בעשיצונג און וואַרימקייט. איבער דעם גאַנצען הימעל איז איבערגעצויגען דער פיינער הויך פונ׳ם ווינטער; די לופט איז קלאָר ווי קריסטאָל און עטעמט אויס נעפעל און דאַמף, און די האַרטע ערד סקריפּעט און רילצט פון די טריט אַזוי פיין אונטער די פיס. און איבער אַלעם פליסט אַ קאַלטער אָבגעבליאַקעוועטער לבנה-שיין, אַז די גאַסען זעהען אויס פערשטאַרט ווי אַייזיגע שטיין-מתים.

לעאָס שטימונג איז גאַנץ זעלטען אָבהענגיג געווען פונ׳ם וועטער. די גאַנצע שטימונג פון דער שטילער, קיהלער גאַס, מאַכט איהם נישט קיין פערגניגען. איהם ליגט נאָך אַלץ אין קאָפּ די סצענע אינ׳ם קאַפע; ער זעהט נאָך אַלץ פאַר זיינע אויגען די קיילעכיג רוי-

טע פנימלעך פון די קליינע קינדער, זייערע קליינע בלאָה-געפרוירע-נע הענטלעך, און נעבען זיי דער שיינער, עטוואָס פערשייטער קאָפּ פון זייער שוועסטער, ווי זי קוקט איהם אָן אַזוי לאַנג און בעטענדיג, ער זאָל זי נישט אויסגעבען. בעזונדערס איז איהם געפאָלען דער צערטליכער, כמעט ריהרענדער אויסדרוק פון איהרע אויגען, בעת זי האָט אָנגעקאָרמעט דיביידע יונגלעך. ס'איז געווען דערין עטוואָס ווייכקייט, ריינקייט; עטוואָס מוטערליכקייט איז געווען אין די בע-וועגונגען איהרע, ווען זי האָט זיך געעסקט אַרום די קינדער.

„נע, דאָס איז געווען טאַקי אַ וואונדערליך געשעהעניש”, טראַכט ער אין זיך, „ס'איז געווען אַ גרויסשטעדטישע איבערלעבונג, קאָפּע-הויז-פּאָעזיע, אָנגעזאַפּט מיט טרעהרען...”

אַצינד איז איהם פלוצלונג איינגעפאַלען, פאַרוואָס עס נעהמען איהם נישט די פּייערליכע שטיל זיך-דעמערנדיגע גאַסען. ריכטיג, דאָס איז עס טאַקי! עס האָט דאָ געדאַרפט צו זיין שניי, געדיכטער, הויכער-הויכער, שטייף-אָנגעהויפּענטער שניי, וואָס זאָל ווי אַ גרויסע רי-זיגע דעקע איבער דער גאַנצער שטאָדט זיין אויסגעשפּרייט. שניי! אָט וואָס עס פעהלט! עס האָט אויסגעוויזען זעהר נויטווענדיג פאַר דער פּאָעזיע פונ'ם ווייהנאַכטס-אָוועגד אַ געדיכטער שניי, אונטער וועלכען אַלע וועגען און גאַסען און הייזער זאָלען ליגען איינגעשלע-פערט, ווי אונטער אַ בלייכען לייוועגט. דאָס וואָלט אַ גאַנץ אַנדער איינדרוק אויף איהם געמאַכט. פון דעם האָט ער אַזוי פיל אין די קינדערשע מעשה'לעך געלייענט, ווי דער קנעכט רומפּרעכט האָט די גאַנצע בּאָרד און דאָס גאַנצע אָנטון אין שניי...

אין דער צייט פון זיין האַסטיגען שפּאַציר-גאַנג איז איהם קלאָר געוואָרען זיין גאַנצער פאָרשטעלונגס-לויף און ער האָט זיך נישט גע-קאָנט איינהאַלטען פון געלעכטער... קנעכט רומפּרעכט? וואָס קומט עס איהם עפּעס אַצינד אויפ'ן זינען אַרויף?

און דאָ האָט ער געזעהן היינט אַזוי ווייניג ווייהנאַכטס-בוי-מער; אין די קוליער-שטובען האָט ער כמעט גאָר קיין ווייהנאַכטס-בוימער נישט געזעהן. מיט דעם האָבען זיך צו פרייען נאָר די פער-מעגליכע. דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהם זעהר געפּייניגט. נאָר דער רייכער קאָן זיך פערגינען דעם לוקסוס פון די פייער-טעג; פאַר דעם אָרימאַן בלייבט נאָר איבער די פרייע צייט, וואָס מען פערשפּאָרט איהם שכירות צו צאָהלען, אָבער פייער-טאָג-שטימונג און פייער-טאָג-

פערגניגען — אַזוינס עקזיסטירט גאָר נישט פאַר דעם אָרימאַן. דערין זע־
נען שולדיג די רייכע, און נאַטירליך, די יודען אויך.

דאָס האָט איהם פלוצלונג פערווירט.

וואָס איז עס עפּעס? איז ער טאַקי ווירקליך נישט פעהיג נאָכ־
צוקלערען איבער וועלכער ס'איז סאָציאַלער בויט, נישט אויסצוגעפינען
דערביי, אַז יודען זענען אין דעם שולדיג? ווי אַזוי פערנעהמען זיך
עס אַלע זיינע געדאַנקען אויפ'ן זעלבען וועג אַוועק, פאַרוואָס דער־
געהט ער עס אין זיינע געדאַנקען אַלעמאָל צום זעלביגען שלוס? ער
דערשפירט אַצינד, ווי ער שטייגט דאָ איבער יעדע מאָס מיט דער
אומגערעכטיגקייט קעגען זיינע גלויבענס-ברידער, אַז ער איז זיי שוין
גאָר נישט אימשטאַנד עהרליך אָבצושאַצען. איהם האָט זיך געוואָלט
זיי זעהן שולדיג און אַזוי זעהט ער זיי טאַקי. אַזאַ שרעקליכע סו־
געסטיווע מאַכט האָט איבער איהם געקריגען דאָס שטענדיגע גריבלע־
ריי וועגען יודען-פּראָבלעם.

ער איז דעריבער וואָס אַמאָל אַלץ שלעכטער געשטימט געוואָרען
און ענדליך אַיינגעפונען, אַז דאָס גאַנצע נאָכגריבלעניש זיינס איבער
אָט דעם פּראָבלעם איז פון איהם אַ איינפאַכער „אונזין”. די דאָזיגע
ווערטער האָט ער צו זיך אונטערגעמורמעלט מיט דעם ברומענדיגען
טאָן-פאַל, וואָס ער האָט זיך אַיינגעוועהנט צו איהם אַלס קוליער־
סטודענט.

„...זעה, אַצינד ערשט קומסטו!” דערהערט ער אַ ווייכע שטימע
און האַפּט זיך פערווירט אויף פון זיין פערטראַכטקייט. „כ'וואַרט שוין
אַ פערטעל שעה דאָ. און ס'איז דאָך אַזוי קאַלט אַצינד!” קלאָגט זיך
העלענע פאַר איהם און דערביי קוקט זי איהם אַ גליקליכע אין די
אויגען אַריין.

ער דערלאַנגט איהר די האַנט, אָבער פון זיין געזיכטס-אויס־
דרוק זעהט זי, אַז זיינע געדאַנקען זענען אַצינד מיט עפּעס אַנדערש
פערנומען, נישט מיט איהר. זי וואַרט פון איהם, ער זאָל זיך פאַר
איהר ענטשולדיגען, אָבער זיינע ליפּען בעוועגען זיך נישט. דאָס ער־
גערט איהר זעהר שטאַרק און רייצט זי קעגען איהם אויף.

ער נעהמט זי געאַרעמט. קיינער רעדט קיין וואָרט נישט אויס.
לעאָ האָט גאַנץ גוט געפיהלט, אַז מיט זיין שטימונג אַצינד האַנדעלט
ער זעהר אומגערעכט קעגען דעם מיידעל, ער איז אָבער געווען אויף
אַזוי פיל אונטערגעוואָרפען, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט צוויגען

אַ פריינדליך וואָרט צו זאָגען. ער איז אַליין אויף זיך בייז געוואָרען.

ס׳איז וואָס אַמאָל געוואָרען קעלטער. די לבנה האָט אַלץ פּראָס-טיגער אויסגעשטראַהלט פון זיך דאָס אָבגעבליאַקעוועטע ליכטיגקייט, און די בלייכע גאַסען האָבען אויסגעזעהן בלאַס פערפרוירען און כמעט ווי פערציטערט פון קעלט; פון די זייטען האָט אַ נאָדעל-שאַרפער ווינט געיאָגט אין געזיכט. און צו דעם די טיפע שטילקייט, וואָס האָט זיך געפיהלט היינטיגע נאַכט מעהר ווי אַלעמאָל; קיין שום גערויש, קיין שום געלעכטער, בלויז מאַנכעס מאָל נאָר הערען זיך דומפּע איילינע טריט פון אַ פערשפּעטיגטען דורכגעהער.

זי ווערט אַנטקעגען איהם אַלץ מעהר אויפגערייצט.

וואָס איז עס מיט איהם? היינט, אין ווייהנאַכטס-אָוועגד? און זי האָט זיך דאָך אַזוי געפרייט דערויף, און ער האָט זי געלאָזט וואַרטען אַ פערטעל שעה!

אין אַזאַ קעלט!

און עס האָבען זי נאָך פערציפּעט עטליכע לאָבוס-יונגען. און דערביי האַלט ער זיך נאָך, אַזוי ווי ער וואָלט טאַקי געהאַט איבער וואָס אין כעס צו זיין, אַזוי ווי ער וואָלט געוואַרט, זי זאָל איהם אי-בערבעטען, בשעת זי האָט גאָר פון קיין זאַך נישט געוואוסט און פון טיפען האַרצען געגאַרט, אַז ער זאָל צו איהר גוט זיין. וואָס האָט ער שוין היינט ווידער פאַר אַ לוינע, טראַכט זי צאָרניג.

„לוינען?"

„כ׳קאָן איבערהויפּט נישט קיין לוינען", האָט ער איהר איינמאָל געזאָגט, „נאָר שטימונגען!" איהר מיידעלש קעפּעל האָט געוויס קיינ-מאָל נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס פאַר אַנ׳אונטערשיד ס׳איז דאָ צווישען „לוינען" און „שטימונגען". זי ווייסט נאָר, אַז ער איז אַלע-מאָל אין אַנ׳אַנדער לוינע.

„דו ווייסט, לעאָ" — די שטימע איהרע האָט געציטערט — „דו ביזט שוין היינט ווידער שרעקליך אָבשייליך. און דאָס — אין ווייהנאַכטס-אָוועגד! און האָסט מיך נאָך געלאָזט אַזוי לאַנג וואַרטען. דאָס איז זעהר אומגערעכט פון דיר! טאַקי ווירקליך זעהר אומגערעכט. — — און דערצו ברומסטו נאָך אַזוי. — כ׳וואָלט אַליין שוין ליבערשט אַהיימגעפאָהרען... ווען כ׳ווייס עס פריהער..."

„נע, פון מיינטוועגען", ענטפערט ער כמעט גראָב, „אַז זאָלסט טאַקי וויסען, בין איך געווען אין קאַפע „צענטראַל" און כ׳האָב נישט

געקאָנט פריהער פון דאָרט אַוועקגעהן! האָב בעגעגעגט דאָרט מיינס אַנ׳אַלטע בעקאַנטע!..."

זי האָט שוין מעהר קיין וואָרט נישט גערעדט. זי איז געוועז אויפגעבראַכט. דאָס קאַפע „צענטראַל" איז בעוואוסט געוועז אַלס דאַ-מען-קאַפע, וואָס זי, אַ בערלינערין, האָט נאָכ׳ן נאָמען נאָך זעהר גוט געקאָנט. און מיט איהר נאַאיווקייט האָט זי מיט דעם נאָמען „דאַמען-קאַפע" פערבונדען דאָס שרעקליכסטע, וואָס זי איז אימשטאַנד געוועז זיך פאָרצושטעלען. און דערצו נאָך „אַנ׳אַלטע בעקאַנטע"!

מיט איין ציה האָט זי אַ נעהם אַרויס געטאָן איהר אָרעם פון זיינעם און שווייגענדיג, מיט פערביסענער איילעניש, געגאַנגען נע-בען איהם.

אַז לעאָ איז געוועז שלעכט געשטימט, איז זיין בעסט פערגניגען געוועז, צו פייניגען די ליבסטע זיינע. און אַזוי איז עס איהם גע-ווען אַצינד אַ מין אַנגענעהמע פרייד, געהיים פון איהר צו בעאָבאַכ-טען די ווירקונג, וואָס זיינע פערביטערטע ווערטער האָבען געמאַכט אויף איהר. ער בעמערקט פון דער זייט, ווי די ברוסט איהרע בע-וועגט זיך מיהזאַם אויף און אָב, ווי די רויטע ליפען פרעסען זיך איהר צוזאַמען און די ווייסע אויבערשטע ציינער בייסען זיך איין אין דער אונטערשטער ליפ, ווי די וויהעס צוקען אויף אַזוי נערוועז, אַזוי ווי פאַר׳ן וויינען; נאָר איהם גלוסט נישט זי איבערצובעטען, חאָטש ער פיהלט גאַנץ גוט, אַז ער איז קעגען איהר אומגערעכט.

און זי געהט אַלץ, די אויגען פאַר זיך גלייך געווענדעט, און קוקט זיך נישט אום, נישט אויף לינקס, וואו ער געהט, נישט אויף רעכטס, וואו די מויערן-מאַסע הויבט זיך אַזוי געשפענסטיש אין דער קאַלטער העלער לופט אַרויף. און זי געהט אַלץ די אויגען פאַר זיך גלייך געווענדעט.

ווען ער האָט פאַר איהר געעפענט די הויז-טיר, האָט זי צו איהם שטיל „אַ גוטע נאַכט" געזאָגט, אָבער די הענט האָבען זיי זיך נישט געגעבען, נישט די ליפען צום געזעגענונגס-קוש. האַסטיג האָט זי הינטער זיך פערקלאַפט די שווערע סקריפענדיגע טיר, פאַר וועל-כער ער איז געבליבען שטעהן, בייז אויף זיך אַליין.

זאָל ער נישט זעהן, ווי זי קאָן שוין מעהר נישט איינהאַלטען אין זיך די טרעהרען.

## זיבעט קאַפּיטעל.

היינט, דעם צווייטען יאַנואַר, נאָכמיטאָג, איז ביי לעאָן געווען דער בריפטרעגער און האָט איהם געבראַכט אַ געלט-בריף פון זיין פאָטער און אַ בריף פון זיין פריינד ריכאַרד אויס פרייבורג. אין'ם ערשטען איז געלעגען זיין מאָנאַט-טשעק, וואָס ער פלעגט פינקטליך ערהאַלטען יעדען ערשטען פון חדש. נאָר צו דעם געלט-טשעק איז דאָסמאָל בעגלייט געווען אַ בריוועל פון זיין „אַלטען", וואָס האָט איהם פערשאַפט נישט ווייניג עגמת-נפש.

די לעצטע טעג איז ער עפּעס בכלל געווען שטאַרק פערזאָרגט.

העלענען האָט ער שוין נישט געזעהן עטליכע וואָכען. דאָסמאָל איז זי אויף איהם, ווייזט אויס, ערנסט אין כעס; ווייל צומאָל קיין בריף האָט זי איהם נישט געשריבען. דאָס האָט איהם שטאַרק פערדראָסען. אין'ם ערגערניש איבער זיך אַליין דערוויסט ער זיך ערשט, ווי שטאַרק עס פעהלט איהם דאָס מיידעל, ווי גערן ער האָט זי. דערביי פאַלט איהם אויף, וואָס ער בענוצט נישט דאָס וואָרט „ליבע". צי „ליבט" ער זי, אַזוי ווי זי איהם... המ, דאָס מאַכט איהם אַ ביסעל בעטריבט...

צו דעם נאָך פרעגט איהם דער פאָטער אַצינד אָן אַלץ אינאיינעם, צי ער אַרבייט עפּעס טיכטיג, אויב ער בעזוכט עפּעס אַ סך לעקציעס, פאַרוואָס ער שרייבט נישט פון דעם אַלעם, צי איז שוין נישט גענוג פאַר איהם די אַלע „קינדערייען". דערמיט מיינט זיין פאָטער דעם קוליער און דאָס קוליער-לעבען זיינס.

די אַלע פאַרוואורפען — האָטש אין גרונד גענומען, זענען עס נישט געווען קיין פאָרוואורפען, נאָר פראַגען, וואָס פון חשד האָט ער זיך זיי אַליין געמאַכט פאַר פאָרוואורפען, ווייל ער איז מיט זיך אַליין

און מיט זיין לעבען דעם לעצטען פערטעל יאָהר שטאַרק אומצופרידען געווען, — די אַלע פאַרוואורפען איז ער טאַקי ווערט! וואָס האָט ער געטאָן די גאַנצע צייט? אייגענטליך האָט ער דאָס גאַנצע סעמעסטער פערברענגט נאָר אין דמיונות. בעזוכט די לעקציעס האָט ער נאָר אַ טאָג איבער אַ טאָג, די אָווענדען ס׳מעהרסט האָט ער העלענען אָבגע-וואַרט אָדער פערברענגט אין דעם שענק פון זיין בורשענשאַפט, אויפ׳ן אַנדערן טאָג אָבגעשלאָפען ביז מיטאָג-צייט, דערנאָך צום ערשטען טאַנץ אַוועק אין קוליער אָדער מיטגעהאַלטען דעם פריהמאָרגען-טרונק, טייל-מאָל געגאַנגען צום פעכט-פלאַץ און זיך אומזיסט בעמיהט צו פערפאָל-קאָמען זיין העכסט מיטעלמעסיגע געשיקליכקייט צום פעכטען. און ביי אַלעם דעם קאָן ער, פונדעסטוועגען, שוין נישט זאָגען, אַז ער האָט נאָך ליב דעם קוליער אַזוי ווי פריהער. פערקעהרט! טיילמאָל האָבען איהם זיינע התחייבות׳ן פאַר׳ן קוליער זעהר קרעמפירט, און ער פלעגט זיין דאַן ביים שענק-טיש אַזוי נישט צום אויסהאַלטען, אַזוי נישט צום פערטראָגען, אַזוי שלעכט געשטימט, אַז ס׳איז איהם דע-מאָלט מיט דעם פוקס פאַן האָרסט, מיט דער פאַטענט-מאַלפע, ווי ער האָט איהם גערופען, כמעט שטענדיג זיך אויסגעקומען צו קריגען. בילד האָט פאַר איהם די גאַנצע אונטערהאַלטונג פון זיינע קוליער-ברידער אויסגעזעהן אַזוי אונגלויבליך נאַריש, אַזוי אונזיניג. דאָס אַלץ מיט אַנאַנדער פון מענזורען, שענקען, שלעגעריי, ווייבער, און ווייבער, שלעגעריי, מענזורען, שענקען. דער גאַנצער ביר-קאָמאַן איז איהם טיילמאָל אויסגעקומען נישט מעהר ווי אַ סך הכל פון שטותריי-ען. בעזונדערס איז איהם צווידער געווען דאָס שטענדיגע „נבול פה׳ן”; ווי ווייניג מפונק ער איז געווען, איז עס איהם, דאָס אויסקלויבען אַלץ אינאיינעם אַלס שטאָף צום רעדען דוקא אינטימקייטען פון פרוי-ען, אויף אַ היבשער צייט געוואָרען שטאַרק דערווידער.

ער ווייסט אַליין נישט, פאַרוואָס ער פיהלט זיך אַצינד אין קו-ליער שוין נישט מעהר אַזוי היימיש ווי פריהער. פיליכט איז עס געווען דערפאַר, וואָס זיין אינטימוס *) ריכאַרד, מיט וועמען ער האָט געקאָנט אַ שמועס טון איבער ערנסטע ענינים, פאַר וועמען דאָס גאַנצע עמפינדונג-לעבען זיינס איז געווען קלאָר און פערשטענדליך,

*) אינטימוס — פערטרויטער פריינד.

איז שוין נישטאָ מעהר אין בערלין. פיליינבט אויך דערפאַר, ווייל דער יונגער פאָן האָרסט האָט אַריינגעבּרענגט אינ׳ם קוליער דעם ניי-עם צוג פון „פאַטענטקייט”, וואָס ער האָט נישט געקאָנט פערטראָגען. אין זיין חשד האָט ער געגלויבט דאָ און דאָרט זאָגאַר אַנטיסעמיטישע טענדענצען צו בעמערקען. דאָס האָט איהם ס׳מעהרסט געערגערט.

מיט אַזעלכע „קינדערייען” זיך די צייט צו פערנעהמען!

אין גרונד גענומען, ווייסט ער, אַז דער פאָטער זיינער איז געדעכט. באַלד אָבער גריבעלט ער אין זיך נאָך און זוכט אויסצוגע-פינען עפּעס וויכטיגע פערענטפערונגען, פאַרוואָס ער פערנאַכלעסיגט אַזוי זיינע שטודיען; צום ביישפּיעל, וואָס זיינע נערוועזע קאָפּ-שמער-צען פייניגען איהם זעהר אָפט, דאָס דאַרף דאָך דער פאָטער וויסען, בפרט אַז ער האָט איהם שוין אַזוי פיעל מאָל געשריבען דערפון. דאָס מאַכט איהם אָפט אונפעהיג צו אַרבייט און האָט איהם צוגע-שמידט צו דער סאָפע. אמת, אַז פון זיין אַלטער נייגונג שעהנלאַנג אָבצוזיצען און צו שפּינען פאַר זיך אַלערליי געדאַנקען-בילדער, און טרוימען, און פאַנטאַזירען, אַז אָט די נייגונג האָט זיך אין איהם נאָך טיפער אַיינגעוואָרצעלט, — פון דעם האָט ער דעם פאָטער פערשוויגען, דען דער פאָטער זיינער האָט בכלל נישט געקאָנט אַזאַ חאַראַקטער-אייגענשאַפט.

„ביזט דערמיט אין דיין מוטער אַריין געראָטען”, פלעגט ער איהם אָפטמאָל זאָגען...

דאָס איז טאַקי געווען אין איהם אַ דורכאויס נישט-מאַנסבילשע אייגענשאַפט, עפּעס אַ ווייבערישע שוואַכקייט. געהאַט פערשטענדניש דערפאַר האָט נאָר זיין פריינד, „דער וואוילער קערל”, ווי ער פלעגט איהם רופען, ער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין ווייבערישקייט אין זיך, נאָר איז געווען בלויז ברייט-ביינעריגקייט, מאַנסבילשקייט, הוי-כע, בלאָנדע מאַנסבילשקייט.

יאָ, און דער בריף זיינער, אויף וויפיל ער האָט איהם דער-פרייט, האָט ער איהם אָבער געבּרענגט אַ נייעס, וואָס האָט אויף איהם ווי אַ העל-רויטע פאַרב געווירקט און איהם זעהר פערוווּרט. אַז דער גלח און דער דירעקטאָר האָבען אַריינגעלייגט זייערע געלטער אין זיין פאָטערס אונטערנעהמונג, דאָס האָט ער שוין געוואוסט פון לאַנג, אָבער אַז דער דירעקטאָר האָט אין דעם, ווי ריכאַרד שרייבט איהם פאַרבייגעהענדיג, אַריינגעלייגט דאָס חלק ירושה פון זיין טאָכ-

טער גרעטע, דאָס האָט איהם טיף פערווירט. ס'איז איהם אויסגעקו-מען לייכטזיניג. ער האָט זיך אַליין נישט געקאָנט אָבגעבען קיין רע-כענונג פאַרוואָס.

ווען די אונטערנעהמונג זאָל פלאַצען? ווען עס זאָל טאַקי, ווען עס זאָל טאַקי? דעמאָלט וואָלט פאַר איהם קיין זאַך נישט אַזוי שמערצ-ליך געווען, ווי דאָס אָ, אַז אָט דאָס זעלטזאַמע מיידעל, וואָס ער האָט ביי זיך אין האַרצען אַזוי טיף רעספעקטירט, זאָל דורך זיין פאָטערס אונטערנעהמונג בדלות ווערען...

זיין פאַנטאַזיע איז באַלד געוואָרען פערטאָן דערמיט און אויפ-גערעגט... וואָס ער איז זיך אַצינד נאָר משער, שטעלט זיך איהם שוין פאָר אין דער ווי געהעריג פעסימיסטיש דרעסירטער אַיינבילדונגס-קראַפט אַלס בעשטימטע זאַך...

נאַטירליך, וואָלט דעמאָלט דער פאָטער זיינער דערין שולדיג געווען, און דעמאָלט וואָלט ער, לעאָ, מאָראַליש איך בעטייליגט גע-ווען דערין. ער, וואָס זיין העכסטער אידעאַל איז ריינסטע עהרליכ-קייט און יושר, ער אַלס מיטשולדיגער אין „אַנ'עכט יודישען" פער-ברעך, ווי מען רופט עס אָן אַזוי אָפט... צוליב וועלכען זי וועט מו-זען ליידען... זי, גרעטע בערגער...

ביי דעם האָבען זיך זיינע געדאַנקען אָבגעשטעלט... גרעטע בערגער? ריכטיג! וועט זי טאַקי זיין דאָרט היינט? האָט ער אין זיך בסוד געפרעגט.

היינט ביינאַכט גיט דער יונגער פאָן האָרסט אַנ'אָוועגד-מאָהלצייט אין ד'ער וואוינונג פונ'ם פאָטער זיינעם, דעם געהיימען רעגירונגס-ראַט פאָן האָרסט, כדי פאַר איהם פאָרצושטעלען זיינע אַלע קוליער-ברידער. חאָטש ס'האָט זיך איהם זעהר נישט געגלוסט צו געהן אַהין, ווייל צווישען איהם און האָרסטען האָבען זיך באַלד פון אָנהויב אָן אַיינגע-שטעלט אַזעלכע אָנגעצויגענע בעציהונגען, וואָס זענען נישט וואַרימער, נאָר וואָס אַמאָל אַלץ קיהלער געוואָרען, האָט ער אָבער דאָך געמוזט געהן; דער „בורשען-קאָנווענט" האָט אָט אָ די „אויסערגעוועהנליכע" עהרע געוואָלט שעצען מיט דעם, וואָס ער וועט פון דעם אָוועגד-מאָהלצייט מאַכען אַנ'„אָפיציעל געשעהעניש", דעריבער מוזען קומען היינט אַלע מיטגלידער. צו דעם נאָך האָט ער בסוד די האָפנונג גע-האַט, אַז אויפ'ן אָוועגד וועט זיין די דיקע, נידעריגע טאַנטע מיט פריילין בערגער, דען דער פוקס האָט אַליין אָנגעוואונקען, אַז זיי

וועלען אפשר קומען. ער האָט געשפּירט ביי זיך, אַז איהר געגענ-ווארט איז פאַר איהם דאָס איינציגע, וואָס קאָן איהם מאַכען דעם היינטיגען אָוועגד אַ ביסעל וויינינער אונאַנגענעהם...

פונקט אַכט אַ זייגער אין אָווענד האָבען צעהן מאַן פון דער „גוועסטפּאַליא", צווישען זיי לעאָ, אַרויסגעמאַרשירט צום רעגירונגס-ראַט. דער יונגער פוקס האָט זיך אַציגד דורכאויס געפיהלט אין זיין עלעמענט. כדי צו איבעררַאַשען די קוליער-ברידער, האָט ער זיי נישט דערצעהלט פריהער, אַז ער האָט אויך אַיינגעלאַדען אויפ'ן אָווענד איניגע פרעמדע יונגע דאַמען. אין דער צייט ווען זיי אַלע האָבען אויפגעהאָנגען אין קאָרידאָר זייערע מאַנטלען און היט, און איבעראַנייס ענערגיש און געשיקט די בלאַנקע פריזור און די וואָנסען געקעמט און פערשפּיצט, ערשט דאַן האָט ער זיי צו וויסען געגעבען דאָס נייעס, אַז ס'וועט זיין דאָ נישט קיין „פּייערליכע בומלעריי", נאָר טאַקי אַנ'אָווענד-מאָהלצייט מיט אונטערהאַלטונג, מוזיק, טענץ. שיינע מיידלעך זענען דאָ א. אַ. וו. דערויף האָט מען אויפס ניי גענומען אויסצופּוצען די פריזור, די וואָנסען צו פערשפּיצען, דעם שניפּס צורעכט מאַכען א. ד. ג. דער גראָבער שליף איז געוועזען דער איינציגער, וואָס איז העכסט אונצופרידען געוועזען פון דער ענדערונג אין פּראָגראַם, און אַז דער פוקס האָט אַזוי גלענצענד פאַרגעשטעלט פאַר אַלעמען דעם אָווענד, האָט ער אָנגעהויבען פערראומערט צו מורמלען, אַז אַזעלכעס איז נישט מעהר ווי אַ גרויסע נאַרישקייט, אַז אַ רעכטער טרונק וואָלט געוועזען פיעל לייטישער ווי צו האָבען צו טון מיט די נאַרישע וויבער א. אַ. וו.

לעאָ האָט זיך דאָ שלעכט געפיהלט. נישט צוליב דער עלעגאַנץ פון דער אומגעבונג, נאָר דאָס שטאָלצע אָבגריסען פונ'ם רעגירונגס-ראַט און זיין פרוי, וואָס האָבען איהם גלייך פאַר אַ יוד דערקאָנט — אַזוי האָט לעאָ אין זיין חשד בעמערקט — דאָס איז געוועזען די סבה, צו-ליב וועלכער ער איז אַזוי שלעכט געשטימט געוואָרען. דעם פוקס'ס שוועסטער האָבען איהם אויך קאַלט אויפגענומען. דעריבער איז עס איהם בעזונדערס אַנגענעהם געווען, וואָס דאָס „פּאַס" שליף איז צו איהם צו און אַ פערראומערטער אַלץ געשאָלטען. אין לעאָן האָט ער האָטש געפונען אַ צוהערער. לעאָ איז אָבער צופיל צושטרייט געווען אויס-צוהערען דאָס שטילע מורמלען פון זיין ברומענדיג-הייזעריגען באַס. ס'איז איהם אַציגד געגאַנגען אין לעבען געוואָהר צו ווערען, צי האָרסטס

טאַנטע און פריילײן בערגער וועלען טאַקי זײַן אויפ׳ן אָווענד. ער האָט אָבער דעם פוקס נישט געוואָלט פרעגען וועגען דעם. יענער איז אַצינד געשטאַנען אַרומגערינגעלט פון זײַנע קוליער-ברידער און טריאומ-פירט, זעהענדיג מיט וויפיל רעספּעקט עס קוקען אויף איהם, איבער-ראַשט פון דער פייערליכער שטימונג און דער עלעגאַנטער וואוינונג, זאָגאַר די אַלטע בורשען. און טיף אין האַרצען האָט עס איהם פּער-דראָסען, וואָס לעאָ און „פאַס" שטעהען אָן דער זייט ערגיץ און זע-העו נישט זײַן טריאומף.

עס קומען אָן נייע געסט: אַ יונגער רעגירונגס-אַסעסאָר מיט צוויי קליינע שײַנינקע בלאָנדינקעס, זײַנע שוועסטער. עס זענען האָרסטס נאָהענטע קרובים, ווי דער פוקס האָט שפּעטער מיט זײַן אונטער-נאָז-שטימע ערקלערט.

ענדליך בעווייזען זיך — צום ערשט די איהם גוט בעקאַנטע פולע נידעריגע פרוי פאָן האָרסט, און הינטער איהר אייניגע יונגע דאַמען, צווישען וועלכע זײַן בליק האָט באַלד דערזעהן די הויכע, שלאַנקע געשטאַלט פון זײַן לאַנדסמאַנין.

אינ׳ם באַלד געוואָרענעם אַלגעמיינעם פאָרשטעלונגס-געטומעל איז זיי אויסגעקומען נאָר פאַרבייגעהענדיג זיך צו גריסען. שפּעטער איז ער פון האָרסטס יונגסטער זעכצעהניעהריגער שוועסטער געוואָ-רען, אַז דער הערר דירעקטאָר בערגער איז געוועזן איהר פאָטערס שטודיען-קאָלעגע און דערפון שטאַמט עס זייער בעקאַנטשאַפט מיט גרעטע בערגער.

לעאָ פיהלט זיך זעהר שלעכט, און אין פערלויף פון דעם גלענ-צענד איינגעגעבענעם, פרייליכען מאָהלצייט האָט ער זיך געפיהלט אַלץ ערגער. ער איז דעריבער זעהר צופרידען געווען, וואָס איהם און „פאַסען" איז נישט אויסגעקומען קיין טיש-דאַמע צו האָבען, ווייל צוויי יונגע העררען, ווי אַ זעכצעהניעהריג מיידעל האָט אין געלעכטער קאָנסטאַטירט, זענען דאָ צופיל. און „פאַס" איז אויך דערפון געווען צופרידען. דאַרף ער זיך דאָך שוין אַצינד נישט צו קימערן וועגען קיין זאַך אויסער דעם עסען. און דאָס האָט ער טאַקי געטון. אַז נישט בומלען, וועט דאָס האָטש זײַן די איינציגע „לייטישע" זאַך אינ׳ם גאַנצען אָווענד דאָ, האָט ער אונטערגעברומט צו לעאָן, וואָס איז נעבען איהם געזעסען.

וואָס די שטימונג אַרום לעאָן איז געוואַקסען, אַלץ וויניגער

איז איהם געווען געמיטליך. אין אַזעלכע געזעלשאַפטען האָט ער אַלע־מאָל צו שוואַרץ געקוקט אויף אַלץ. די קיהלע בליקען פונ׳ם געהיימ־ראַט, פון געהיימראַטס פרוי, פונ׳ם אַסעסאָר, פון אייניגע יונגע דאַ־מען, די שטאָלצע פערבייגונגען, אַז מען האָט זיך אומגערן אָנגעשטוי־סען, די קורצע פראַגען און ענטפערס, אַז מען האָט איהם און „פּאַסען״ געוואָלט אַריינציהען אין דער אונטערהאַלטונג, דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אין איהם דערוועקט דאָס באַנגע געפיהל, וואָס ער שפּירט זיך דאָ איבעריג.

ס׳האָט איהם הנאה געטון, וואָס דאָס עסען האָט זיך שוין געענ־דיגט, און דער געהיימראַט און די עלטערע דאַמען זענען אַוועק אין אַנדערן צימער שפּילען וויסט*) און פאַר די יונגע לייט געמאַכט פּלאַץ אינ׳ם סאַלאָן צום טאַנצען.

דער טיש איז געוואָרען אַוועקגערוקט צו דער וואַנד, פון די דילען אַראָבגענומען דער טעפּיך, אַרויפגעצויגען אויף זיך די האַנטשוה, וואָס „פּאַס״ האָט אונצופרידען צוגעקוקט, און גלייך איז מען פאַרטיג געווען צום טאַנצען. לעאָ איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט זיך אומגעדרייט כּמעט אַ פערצאָגטער צווישען די לוסטיגע שייגע פּרויען־געשטאַלטען. ס׳איז איהם שוין אַצינד צושטערט געווען די שטימונג פאַר׳ן גאַנצען אָווענד, בפרט נאָך, אַז אין זיין חשד האָט ער אי־בעראַל אויסגעפונען אַ בעשטעטיגונג זיך צוריקצוהאַלטען.

פונדעסטוועגען האָט ער זיך נאָך געפּאַסט און פון העפליכקייטס וועגען אַייגעלאַדען דיביידע יונגע דאַמען צום טאַנצען. אָבער נאָך אָט אָ די ביידע מאָל טאַנצען האָט ער זיך בענוגענט בלויז מיט דער ראָלע פון אַ צוקוקער. בלויז איינמאָל האָט ער זיך נישט געקאָנט איינ־האַלטען אַ שמייכעל צו טון, זעהענדיג ווי „פּאַס״ בעמיהט זיך נעבעך אומזיסט די בלאָנדע טענצערין און זיך אַליין אַרום זיין אייגענע אַקס צו פיהרען, און דאָס געזיכט איז איהם רויט ווי ביי אַנ׳אינדיק, אַז ער ענטשולדיגט זיך פאַר דער טענצערין און זי קוקט אויף איהם אַזוי מאַליציעז.

ווען דער רעגירונגס-אַסעסאָר מיט גרעטע בערגער האָבען פאַר־איהם פאַרבייגעטאַנצט, האָט לעאָ געפיהלט, ווי דאָס האַרץ האָט איהם

*) וויסט — קאָרטען-שפּיל מיט 52 פראַנצויזישע קאָרטען.

אָנגעהויבען הויך צו קלאַפּען. נישט דערפאַר, ווייל ער האָט זי גע-זואָלט, ווייל ער וואָלט זיך דאָס רעכט גענומען איהר צו פערוועהרען מיט איהם צו טאַנצען. ס׳האָט איהם נאָר געקרענקט, וואָס זי האָט נישט געפונען פאַר איהם קיין צייט חאָטש אַ פּאָר ווערטער צו זאָגען, זי, צו וועמען ער איז צוגעבונדען דורך אַזויפיל יוגענד-ערינערונגען. ס׳האָט איהם געקרענקט, וואָס אויך אויף איהר, אויף איהר אייגענ-אַרטיגען טעמפּעראַמענט, האָט די אַרומיגקייט אַזוי שטאַרק געקאָנט ווירקען, אַז זי האָט איהם כמעט אָפען אויסגעמיטען. וואָס האָט ער דען געטאָן?

דאָס געזיכט האָט זיך איהם פערקרימט פון פערדראָס. אינ׳ם זעלביגען אויגענבליק האָבען זיי ווידער פאַר איהם פאַרבייגעטאַנצט. און ווי ער האָט אַזוי נאָכגעקוקט דאָס געשטאַלט איהרס, האָט ער אַ בליק פון איהר אויפגעחאַפּט, אַזאַ זעלטזאַמען, אַזאַ נישט-ערקלער-ליכען...

ער גלויבט, אַז דאָס איז מיטלייד מיט איהם, וואָס זי עמ-פינדט, ווי שטאַרק מען גיט איהם דאָ צו פיהלען דעם יוד. מיט איהר פיינעם ווייבליכען אינסטינקט האָט זי דערפיהלט געוויס, אַז זיין האַרץ קאָן בלוטען פון טויזענד וואונדען, חאָטש מען זאָל גאָר-נישט האָבען פאַר איהם אויסגערעדט קיין שלעכט וואָרט, אַז עס קאָ-נען זיין בעליידיגונגען אומגערעדט און פון אַלעמען אומבעמערקט, צו-ליב וועלכע אַ פיין-פיהליגע זעעל קאָן פיינליך בלוטען, בעליידיגונגען, וואָס קאָנען מעהר וועה טון ווי אַ ברוטאַלער פּאַטש אין פּנים.

נאָר אַז זי זאָל אויף איהם מיטלייד האָבען, דאָס וויל ער נישט. צו דעם איז ער צו שטאָלץ. זי איז באַלד פאַר איהם ווידער פאַרביי-געגאַנגען געאַרעמט מיט׳ן אַסעסאָר, האָט ער זיך אומגעדרייט פון איהר און איז צוגעגאַנגען צו „פּאַסען", וואָס איז אויך איינזאַם אין אַ ווינקעל געשטאַנען און נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טון. „פּאַס" האָט זיך דערפרייט, וואָס ער האָט ענדליך וועמען געפונען, ער זאָל איהם קלאָר מאַכען, פאַרוואָס דער איינציגער טאַנץ, וואָס ער האָט גע-טאַנצט, איז איהם אַזוי שלעכט געראָטען. „אַז זי קאָן נישט טאַנ-צען". איבערהויפּט איז טאַנצען אַנ׳„אידיאָטישע מימיק", ברומט ער, און דער נאַרישער פוקס וועט מוזען, ביים נאָהנטסטען מאָל בומלען, אַריינזופּען אַ רעכטע פּאָרציע דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געזאָגט פריהער, אַז ס׳וועלען זיין דאָ טענץ. און מיט די ווייבער דאָ איז

עפּיס גאָרנישט צו מאַכן, נישטאָ וואָס „אין האַנט צו נעמען", אויסער די „גרויסע" דאָרט — דאָס מיינט ער גרעטע בערגער — זי איז שוין יאָ „עפּיס רעכטס" א. א. וו....

...ס'איז שוין לאַנג נאָך האַלבער נאַכט געווען, ווען עס האָט זיך געענדיגט. ווייל דער אַסעסאָר מיט די ביידע שוועסטער האָבען געוואָלט בעגלייטען דאָס פריילין בערגער, זענען דעריבער אַלע געסט מיטגעגאַנגען מיט דער נידעריגער פרוי פאָן האָרסט. די דראָשקעס זענען פון די ראָזיג בעהויכטע מיידעלשע קעפּ דורכאַנאַנד איינשטימיג אָבגעזאָגט געוואָרען, און אַזוי זענען זיי, ביז צוואַנציג פערזאָן כמעט, געגאַנגען לאַנגזאַם אין דער קיהלער העל-לבנה'דיגער נאַכט אַוועק.

איין לעאָ איז נישט מיטגעגאַנגען. זיין האַרץ איז צופיל איבערפולט געווען פונ'ם ביטערניש, וואָס ער האָט דורכ'ן אָוועגד היינט אין זיך אויפגענומען. באַלד האָט ער זיך מיט דער געזעלשאַפט קורץ און קאַלט, כמעט אונהעפליך אָבגעזעגענט. ער האָט געוואָלט הערען, צי ס'וועט איהם ווער בעטען מיטצוגעהן, אָבער אַלע האָבען געשוויגען. איז עס אַצינד אין איהם זיכער געוואָרען, אַז זיין חשד איז נישט געווען קיין אומזיסטער, אַז די בעליידיגונגען זענען נישט געווען קיין אויסגעטראַכטע, נאָר טאַקי ווירקליכע.

און זיין „אַדיע" האָט אָבגעהילכט ווי אַ פון וואוט צוזאַמענגעפּרעסטער קלאַנג...

## אַכט קאַפּיטעל.

דאָס איז איהם געווען פאַטאַל! *) דריי טעג נאָך דעם אָווענד-מאָהלצייט ביי האָרסטען, האָט ער אַרום צוועלף פאַרמיטאָג צופעליג גע-טראָפען העלענען און זי בעגלייט, און אויפ'ן וועג בעגעגענט ער זיך מיט'ן פוקס האָרסט און פריילײן בערגער.

דאָס איז איהם געווען פאַטאַל.

ער בעקלערט זיך דער אינפאַמער פוקס! וואָס פאַר אַ אידיאָטיש פנים דער קערל האָט אָנגעשטעלט, אַז ער האָט דעם שיינעם בלאָנד-קאָפּ דערזעהן געהן ביי זייך זייט... מ'וועט שוין אינ'ם קוליער זיינעם נישט מיד ווערען צו וויצלען זיך און צו ליאַרמען דעריבער. ער פלעגט שטענדיג אויסמיידען צו רענאָמירען פאַר זיי זיינע „פרויען-בעקאַנטשאַפטען"; ער האָט עס געהאַלטען פאַר זעהר „שטומפזיניג" אויסצופאַקען פאַר לייטען אייגענע אינטימקייטען, ווייל עס קיצעלט דאָס געמיינהייט דערצו. וואָס פאַר אַ באַנדע! פאַרהאַן דאָרט דער גראָבער שליף אָדער „פאַס", וואָס האָט בעאורטיילט יעדע פרוי בלויז לויט דעם קערפּער-פערנעהם; פאַרהאַן דאָרט דער שיכּור ברוק מיט'ן צונאָמען „צאַפּען", וועלכער האָט זיך נישט געקאָנט פריהער צופרידען שטעלען, ביז ער האָט נישט געהאַט אויסגערעכענט אַ גאַנצען אלף-בית מיידעלשע נעמען, וואָס זענען „אויסגעגאַנגען" נאָך איהם; פאַרהאַן דאָרט דער פוקס האָרסט, וואָס בעריהמט זיך, אַז נאָך אַלס טערטיאַ-נער **) איז ער שוין געווען אַנ'אַריינגעהער אין די פרויען-שענקען;

---

*) פאַטאַל — בעשערט, בעשטימט פון שיקזאַל.

**) טערטיאַנער — שילער פון דריטען קלאַס.

פאַרהאַן דאָרט גערשטמאַן, אָדער „בושעל״, דער בלאָנדער לאַנגער יונג, וואָס געהט אויס נאָך יודישע קעלנעריננס, ווייל שוואַרץ איז זיין ליבלינגס-פאַרב, און ווייל זיי האָבען „דריי טייוואָלים אין לייב״ א. אַז. וו.

אין אָט דעם שטענדיגען רענאָמירען זיך מיט ליבשאַפטען און פּרעכטיגע אינטימקייטען האָט ער נישט געגומען קיינמאָל קיין אָנטייל, פּונקט ווי זיין פריינד ריכאַרד האָט ניט גענומען קיין אָנטייל אין דעם. צווישען די איבעריגע קולעגער-ברידער האָט מען עס אפילו גע-האַלטען פאַר „קליינשטעדטעלדיג״, אָבער בסוד טאַקי רעספּעקטירט. דעריבער האָט מען אַזוי ווייניג געוואוסט פון דעם ליבעס-לעבען ביי זיי ביידע. און אַצינד איז עס לעאָן נאָך פּאַטאַלער געווען, אַז דער פוקס האָט איהם געטראָפען מיט העלענען, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַר דער צייט שוין צעהן מאָל געהאַט געקריגט און איבערגעבעטען, פּונקט אינ׳ם זעלבען אויגענבליק, וואָס ער האָט זיך אונזשענירט גע-שפּילט מיט׳ן רעכטען אויער איהרען...

אינ׳ם קוליער וועט מען זיך שוין וויצלען אָהן אויפהער. און ער וועט נאָך מוזען מאַכען אַ גוטע מינע צום דאָזיגען בייזען שפּיל; ווייל קוים וועט ער אַרויסווייזען עמפּינדליכקייט, מעג ער שוין זיכער זיין, אַז מען וועט איהם דערגעהן די יאָהרען.

אָבער דאָס אונאַנגענעהמסטע איז איהם געווען, וואָס גרעטע בערגער האָט בעמערקט, ווי העלענע איז צו איהם צוגעלאָזט. זי האָט עס גאַנץ געוויס בעמערקט; נישט אומזיסט איז זי פאַרביי מיט אַזאַ שטאָלצען בליק, אַזוי ווי זי וואָלט איהם נישט געזעהן, אַז ער האָט צומאָל נישט געגריסט זיך צו איהר. און דער פוקס האָט צו איהם זיך אויך נישט געגריסט.

דאָס אָ קרענקט איהם אויף דאָס ביי.

האָרסט וואָלט אין בעגלייטונג פון פריילייין בערגער נאָר דע-מאָלט נישט געדאַרפען גריסען זיך, ווען העלענע זאָל געווען „אַזאַ איינע״, נע, עפּעס אַזאַ... פּרויענצימער. אָבער זיין בלאָנד-קאָפּ צו האַלטען פאַר אַזעלכע, דאָס איז דאָך איינפאַך אַ פּרעכהייט! דערפאַר דאַרף „פוקס״ אויף דער קנייפּע געקנס׳עט ווערען... אָ, אָבער...

פאַרוואָס אָבער האָט ער, לעאָ, זיך נישט געגריסט?... די פראַ-גע האָט איהם צוטומעלט! די פראַגע איז איהם אויך זעהר נישט אַנ-גענעהם געווען. ער האָט אַליין נישט געוואוסט, פאַרוואָס ער האָט

עס נישט געטאָן. אין יענעם זעלטזאַמען אויגענבליק האָט איהם עפּעס אַ פורכט צוריקגעהאַלטען דערפון, עפּעס אַ פורכט, פון וועלכער ער האָט זיך קיין רעכנונג נישט געקאָנט אָבגעבען.

האָט ער זיך געשעמט? געשעמט צו גריסען?...

ווען אַזוי, דאַן איז דאָך אייגענטליך ער אַליין, לעאָ, מעהר נאָך שולדיג דערין ווי דער פוקס. אויב ער האָט זיך געשעמט דעם הוט אַראָבצונעהמען, ער, וואָס ווייס דאָך און קאָן דאָך העלענען, איהר וועזען און איהר ווערט, בעסער פון אַלעמען, אויב ער האָט...

דאָס קרענקט איהם וואָס אַמאָל אַלץ מעהר.

מיט דעם האָט ער זיין פערהעלטניס צו העלענען חאָטש אומבע-וואוסט, דאָך אָבער גאַנץ שאַרף און קלאָר אַרויסגעוויזען. איז עס טאַקי אויך נאָר אַ פערהעלטניס אויף'ן בערלינער שטייגער, אויפ'ן סטו-דענטישען שטייגער, וואָס איהם איז עס ביז אַצינד נאָך קיינמאָל נישט בּאַרגעקומען, און וואָס ביי זיינע קוליער-ברידער האָט ער עס שטענ-דיג אַזוי געטאַדעלט? פון זייערע רענאָמיסטישע ערצעהלונגען האָט ער גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די הויפּט שולדיגע ביי אַזעלכע שטיי-גער פערהעלטניסען, זענען שטענדיג די יונגעלייט, וואָס די עלענד'ע מיידלעך קאָנען נישט ביישטעהן קעגען זייער פראַהלעריי און פאַלען זיי אין די אָרעמס אַריין, ווי די מאָטען *) אינ'ם אָנגעצונדענעם ליכט.

נאָר דאָך... פעהלט דען נישט אין זיין פערהעלטניס דאָס ספּעצ-יעל כאַראַקטעריסטישע פון אַ „פערהעלטניס”, דאָס געשלעכטליכע? האָט ער דאָך קיינמאָל נאָך נישט, ווי דער „צאַפּען” דריקט זיך ציניש אויס, „איהר שטוב-טיר נישט צוגעשלאָסען פון אינעווייניג?”...

וועגען דעם האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געטראַכט, קיינמאָל נישט געטראַכט נאָך, אַז העלענע זאָל זיך איהם איבערגעבען, ווי אין זייער נאַטירליכער בענקשאַפט גיבען זיך איבער מאַן און ווייב.

און אַצינד, און אַצינד!...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַז לעאָ איז אַריינגעקומען אין דער גוועסטפאַלער קנייפּע, איז געווען צעהן אַ זייגער. און קוים איז ער איבער דער שוועל אַריבער, האָט מען איהם גלייך אויפגענומען מיט אַ שרעקליך געשריילעריי און

*) מאָטען — אַ מין קלייגע שמעטערלינגען.

געלעכטער, וואָס האָט איהם בעשטעטיגט זיין אַהנונג. באַלד האָט ער טאַקי דערקאָנט אינ׳ם חיטרע-פריילעכען געזיכט פון פוקס, אַז ער האָט דאָ „אויסגעפּלוידערט". לאַכענדיג האָט ער דעם דעוואָט *) „אַריינגע-פּאַטשטען" קוליער-דינער אַ וואָרף געטון דעם הוט און דעם ראָק זיי-נעם און האָט זיך אָנגעטון זיין גרינע קוליער-מיץ.

ער לאָזט רוהיג די חברה זיך אויסשרייען און אויסלאַכען. אינ׳ם ווילדען געטומעל וואַרפט מען איהם צו אַלערליי מיידעלשע נעמען, דערביי בעמערקט ער, ווי דער פוקס שרייט אויס נאָכאַנאַנד נאָר יו-דישע, רבקה, פרידה, חוה, שרה, חאַטש ער האָט דאָך גאַנץ גוט געזעהן, אַז העלענע איז געווען אַ בלאָנדע און נישט קיין יודישקע.

אַצינד איז ער זיך פּאַמעליך צוגעגאַנגען צום לאַנגען קנייפּע-טיש. דאָ זענען געזעסען פוןביידע זייטען אַרום ביי אַ טוץ סטודענ-טען, אָנגעטון אין גרינע מיצלעך און מיט רויט-גרין-בלאָהע בענדער אויף דער ברוסט. ביי דער שמאָלער זייט טיש אויבענאָן האָט פּרע-זידירט דער לאַנגער „בושעל" געשטמאַן און אַנטקעגען איהם, פון דער אַנדערער זייט, האָט לייטיש אָבגעשלאָסען דעם טיש דער פוקס-מאַיאָר „פּאַס" מיט זיינע דריי פיקסלעך. אַ שטאַרקער טאַבאַק-רויך האָט זיך אין געדיכטע פוילע וואָלקענס איבערן צימער דורכגעטראָגען, אַז ס׳האָט זיך קוים ערטערווייז אַרויסגעזעהן דער פערשוואַרצטער איבער-דעק אויפ׳ן טיש. אויף די ווענט זענען אויסגעהאַנגען געווען בילדער פון קוליער און פון אונצעהליגע קוליער-מיטגלידער, ריזיגע פּאָהנען, וואָס האָבען ביז צום איבערדעק געגרייכט, הערבען, שיין-פערפּוצטע טרינק-הערנער, בלאַנקע שפּיזען, און דאָס אַלסדינג איז בעהויכט גע-ווען מיט אַ פיינער, לייכטער טאַבאַק-גרויקייט. אין אַ ווינקעל איז גע-שטאַנען אַנ׳אַייזערנער אויווען, פון וואַנען די רויט-אָנגעגליהטע קויה-לען האָבען אַרויסגעפּאַליעט אַ פּאַרגע היץ, וואָס האָט זיך צוליב די גאַז-פלאַמען נאָך שטאַרקער געפיהלט. דערין האָט זיך נאָך אויסגע-מישט דער שאַרפער און אונאַנגענעהמער גערוך פון פערגאָסען און אויסגעדעמפּט ביר.

לעאָ האָט געגריסט אַצינד זיינע קוליער-ברידער מיט אַ קרעפטי-גען האַנט-דרוק.

---

*) דעוואָט — עהרפורכטספול, אונטערטעניג.

ג׳אָווענד בושעל, ג׳אָווענד צאַפּען, ג׳אָווענד שליף א. אַז. וו.

„וואָלף, דו, איז עס אַ מיידעל מיט אָדער אָהן אַ טיר־שלי־סעל?״ — פרעגט איהם פּאָס׳ס ביר־באַס־שטימע ביי דעם הילכיגען גע־לעכטער פון די איבעריגע.

לעאָ האָט מיטגעלאַכט.

„פּריץ״, גיט ער אַ רוף דעם דינער, „האָב איך דען גאָר נישט קיין קופּעל? כ׳וואַרט דאָך שוין אַ גאַנצע אייביגקייט. צו וואָס עקזיס־טירסטו דען?״

נאָך אַזאַ בעגריסונג איז דער דינער גלייך אָנגעלאָפען מיט אַ קופּעל.

„און אַצינד, דו פּיפּיג פּיקסעל, דערפאַר וואָס דו האָסט אויס־געפּלוידערט וועגען מיינע טונקעלע מעשים, זאָלסטו גלייך אַראָבלאָזען אַ גאַנצען קופּעל!...״

האָרסט האָט אויף לעאָס בעפעהל אַ צורייצטער אַריינגעקעהרט אין זיך אַ גאַנצען קופּעל אויף אַמאָל.

„און אַצינד דו, מיין „צאַפּען״, ווייל ביזט מיט אַ סעמעסטער יונגער פון מיר, נעהם אַ האַלבען, און דו „מאָפּס״, ווענדט ער זיך נאָך צו איינעם, וואָס האָט, דורך זיין גראָבען האַלז און דער נאָז, וועל־כע איז איהם געווען אַריינגעקוועטשט אינ׳ם געזיכט אַריין, אויסגע־זעהן ווי אַ מאָפּס, „דו נעהם אַ האַלבען. איך וועל אייך דאָ ווייזען, וואָס הייסט אָבצוחזק׳ען פון אַזאַ אַלטען לערנער ווי איך...״

בשעת לעאָ האָט אין אָפּיציעלען טייל פון דער בומלעריי אַזוי אומבאַרמהערציג געצאָהלט מיט ביר־שטראָפען פאַר דעם אָבחוזקען פון איהם, האָט ער אָבער דערנאָך, אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבען דאָס לוס־טיגע גוט־ברודערשע פערברענגען, זיך געמוזט פון זעהר פיל נישט וויסענדיג מאַכען, כדי נישט אַרויסצווייזען קיין צו שטאַרקע עמפּינד־ליכקייט, מען זאָל איהם צוליב דעם פאָרוואורפען מאַכען, וואָס קען ברענגען, עס זאָל צושטערט ווערען אינגאַנצען דאָס געמיטליכע אונ־טערהאַלטונג. אויסערדעם האָט ער שוין געהאַט אַריינגעגאָסען אין זיך אַ היבשע צאָהל קופּלעס, און נישט קאָנענדיג קיין סך פערטראָגען, האָט ער זיך געפיהלט באַלד פרייליך און בערוישט, אַז ער איז שוין אימשטאַנד געווען פיל פון אַלץ דורכצולאָזען אומבעמערקט. ביים קניי־פּע־טיש איז געזעסען אַצינד שוין נישט איינער, וואָס האָט זיך געפּו־נען ווייט באָכ׳ן גראַד פון „געמיטליכקייט״.

דער גאַנצער טיש איז געשוואומען אין ביר, און געדיכטע וואָל-קענס רויך האָבען זיך דיק און פויל געפּאַליעט אויף און אָב דורכ'ן צימער, אַז די גאַז-פלאַמען און דאָס גליהענדיגע פייער פונ'ם אויווען האָט זיך דורכגערויטעלט ווי פון אַ שלייער אַפער.

די שטימען זענען אַצינד אַ ביסעל הייזעריג און פון אונטערן נאָז, יעדעס גראָב און צווייידייטיג וואָרט רופט אַרויס אַ שטורם פון בייפאַל, וואָס דערגרייכט דעם העכסטען פונקט, ווען פּאַס הויבט אָן מיט זיין אַלבאָם. די סטודענטען פון די עלטערע סעמעסטערס האָבען עס שוין אפילו וויפיל מאָל געהערט, אָבער פאַר די יונגערע איז עס אַ נייעס. און בעגלייט פון אַ ברילענדיג געלעכטער, האָט ער בעוויזען איין בילד נאָכ'ן אַנדערן — עס זענען געווען ביז אַרום דרייסיג — און צו יעדען „פּרויען-קעפּעל", ווי ער פלעגט זיך אויסדריקען, האָט ער צוגעגעבען אַ לעבענס- און ליבעס-בעשרייבונג.

די פּיקסלעך האָבען אויסגעגלאָצט דערויף די אויגען, און „פּאַס" האָט איין גענוס אויפגענומען דעם בייפאַל פון דער פערזאַמעלטער קאָראָנאַ. *)

„נומער 7 אַ גובערנאַנטין ביי מיין פעטער! געווען דאָרט צו גאַסט! אין אַ גוט אויפ'ן לאַנד! אין אָוועגד אָנגעשיכורט מיט ווין! פוטשיקאַטאָ!..."

„נומער 22 פיינער נומער! כלה געווען... האָב זיך געמוזט קאָ-לאָססאַ-אַ-ל היטען..."

„און אַצינד, ס'לעצטע בילד. ררר. דער גאַר-גאָר-גאָר לעצטער נומער! שניידערין! איינציגע טאָכטער! דער פאָטער געשטאָרבען. די מוטער געגאַנגען אַרבייטען אויפ'ן טאָג. נע, און זי אַליין געאַרבייט — אַ-אַ-ך... כ'מיין, ליזע..."

„זי זעהט אויס פונקט אַזוי ווי וואָלפס מיידעל", שרייט אויס דער בעטרונקענער האָרסט.

לעאָ שלעפּט זיך וואַקלענדיג צו איהם צו. קוים וואָס ער שטאַ-מעלט אַרויס:

„דו נאַרישער פוקס, דו! אָט אָ דאָס בילד? מיין העלענע? אָט אָ דאָס? דו שעפּס, דו! ווערסט שוין דערפאַר בעשטראָפט ווערען! אַזאַ

---

*) קאָראָנאַ — צוהערער-קרייז.

אָרענטליך מיידעל האָסטו נאָך קיינמאָל אין דיין לעבען נישט געזעהן.
דו פוקס, דו! און ווער ס'וועט מיר נאָך אַמאָל עפּיס רעדען פון אַ שטוב-שליסעל, דער איז אין אַלע מיינע ביר-אויגען נישט מעהר ווי אַ ביר-יונג..."

„דו לופוס", לאָזט זיך הערען די טיפע באַס-שטימע פון „פּאַס'ן". „דו מאַך מיך נאַר נישט ווייס! האָסטו נישט געמאַכט גאָרנישט, דו שוואַכע בריאה! ווען נישט דו, וועט עס אַנ'אַנדערער טון, אַנ'אַנדערער".

נאָך אָט דעם טיפען אמת, וואָס ער האָט מעהר ווי צוואַנציג מאָל ווידערהאָלט פאַר לעאָן, האָט ער טיף אָבגעצויגען דעם אָטעם און אויסגעגלאָצט די אויגען צו דער זייט, וואו ס'זענען געזעסען די פוקסען, ביי וועלכע עס האָט זיך נאָר-וואָס געהאַט אָנגעהויבען אַ פרישער שטרייט.

דער יונגער פוקס מוירער איז פּלוצלונג דערוואַכט געוואָרען פון זיין „שטומפזין" און אָנגעהויבען מאָהנען, מען זאָל איהם אָבגעבען זיין „האַרטמאַן". דערויף האָט זיך גלייך דערהערט אַ שרעקליך געלעכטער, דערנאָך האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז היינט אינדערפריה האָט ער גענומען פון דער קיניגליכער ביבליאָטעק אַ באַנד „האַרטמאַן" און מיט-גענברענגט מיט זיך אַהער אין דער קנייפּע.

„אַזאַ שטומפזיניגער אויסוואורף!" קאָן עס „צאַפּען" נישט אויס-האַלטען און „פּאַס" בעקרעפטיגט עס מיט גרויס ווירדע:

„אַזאַ שטרעבער, אַזאַ געמיינער שטרעבער!"

און פאַקטיש האָבען זיי קיין שום אַהנונג נישט געהאַט, ווער ס'איז אַזוינס געווען דער האַרטמאַן. „פּאַס" ערקלערט מיט זיכערקייט: „ס'מוז זיין עפּעס אַנ'אַלטער פיליסטער!" „בושעל" איז געווען אַ מע-דיקער און ער האָט נישט געוואוסט מעהר, ווי דאָס וואָרט „פונ'ם אונבעוואוסטען", ביז דער פון אַלע זייטען געפייניגטער פוקס און לעאָ האָבען ערקלערט, אַז האַרטמאַן האָט געשריבען די „פיליזאָפיע פונ'ם אונבעוואוסטען".

פאַר דעם דיקען שליף איז דאָס שוין אָבער צופיל געווען.

דאָס מוז זיין גאָלע נאַרישקייט, האַלט ער אַ פייערליכע ביר-רעדע, דען אינ'ם „אונבעוואוסטען", דאָס הייסט, אינ'ם „טרוים", האָט ער נאָך קיינמאָל נישט פילאָזאָפירט, קאָן עס דעריבער אַ פילאָזאָף גע-וויס אויך נישט. איבערהויפּט איז די גאַנצע פילאָזאָפיע אַ גרויסע דומ-הייט, און לעאָ און דער פוקס זענען טאַקי גרויסע דומקעפּ, און פאַר

אַזאַ עם-הארצות דאַרפען זיי אַריינזיפען אין זיך אַ היבשען טרונק. פאַר אַ קוליער-סטודענט איז עס אַ געמיינהייט ביים קנייפע-טיש פון אַזעלכע צו רעדען, דאָס געהערט נישט צו קיין אָנשטענדיגער געזעל-שאַפט, און אַזעלכע נאַרישקייטען קאָנען זיי איבערלאָזען פאַר זייערע שטיוועל-פוצער. (שטורמישער בייפאַל פון די איבעריגע). העכסטענס דאַרף מען אָט די נאַרישקייטען איבערלאָזען פאַר די נישט קוליער-סטודענטען, פאַר די „פינקען" *), אָדער פאַר עפּעס אַ פערדאָרבענעם טייל פון דער מענשהייט, פאַר עפּעס אַ גאָרנישט. און וואָס געהער זיך אָן מיט לופוסען, איז עס פון איהם אונערהערט! די „שוואַכע בריאה" ווייס צומאָלס נישט ווי צו בעגעהן זיך מיט אַ פּרויענצימער...

מיט אַ טיפער בעפרידוגונג האָט זיך „פּאַס" ברייט אַראָבגעלאָזט אויף זיין שטוהל. ער איז אַצינד מיט זיך העכסט צופרידען געווען און אין איהם האָט זיך אויפגעוועקט אַ פערלאַנג, ער זאָל לעאָן, וואָס האָט שטאַר ערגיץ געקוקט פאַר זיך, מפייס זיין פאַר'ן אָבחוזקען פון איהם.

„וואָס האָסטו אַזוינס דערזעהן? הע, לופוס?" שרייט ער צו איהם גוטמוטיג.

לעאָ האָט אויפגעציטערט.

פונ'ם רוקן און דער פאַרע אינ'ם שענק, שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, איז אין איהם גאָר פלוצלונג עפּעס אַ געפיהל רייף געוואָרען. אויף זיין געזיכט האָט זיך בעוויזען אַנ'אויסדרוק פון זינגליכער תאוה. אין זיינע אויגען האָט אויפגעבליצט אַ בעגעהר, ווי אַנ'אומריינער פלאַם...

האַלב בערוישט, האַלב ניכטער, האָט ער זיך דערמאָהנט אָן העלענען... ס'איז אָבער אַנ'אַנדער העלענע געווען; דאָס איז געווען יענע העלענע, אין רויטען קלייד אָנגעטון מיט'ן אויסגעשניטענעם בוזעם, פון וואַנען עס האָט זיך אַרויסבעוויזען דער שלאַנקער ווייסער האַלז, און עס האָט גנביש אַפּערגעקוקט אַ קליין פּיצעל העמד-שפּיץ, אַ קליין פּיצעל ווייסער העמד-שפּיץ...

*) פינקען — אין אוניווערזיטעטען די סטודענטען, וואָס געהערען נישט צו קיין פערבאַנד.

## נײנט קאַפּיטעל.

הם, יאָ...

דער שליף איז גאָר נישט אַזוי אומגערעכט, טראַכט זיך לעאָ. כמעט בײ יעטוועדער בומלערײ האָט שליף פאַר אַלעמען געמאַכט פון איהם דאָס געלעכטער פאַר דער „סענטימענטאַלער שפּילעניש" — ווי ער האָט אָנגערופען זײן ליבע. זינט דער לעצטער בומלערײ זענען שוין פיר וואָכען פערגאַנגען, און דער געדאַנק העלענען אינגאַנצען צו בעזיצען האָט איהם וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער בעהערשט.

שליף איז גאָר נישט אַזוי אומגערעכט. בײם פריה-טרונק האָט ער איהם אײנמאָל געזאָגט: „הער אויס, לופוס, ביסט אַ קאָמפּלעטער נאַר. האָסט אַ מײדעל און בענעהמסט דיך ווי אַנ׳אײזעל. ווער עס דאָך אַנ׳אַנדערער טון! גיב זי מיר! אַז דו קעהרסט זיך אָב פון איהר, לאַכט זי זיך דאָך פון דיר אויס. איך קען שוין די פרויען גוט. ווער עס בעגעהט זיך מיט זײ נאַריש, דער האָט שטענדיג חרטה. אַלזאָ! נאָך דערצו אַזאַ פרוי ווי מיצע—נע, מאַך נישט אַזאַ מאַלפּיש פּנים — וואָס צווישען דיר און מיצע איז געשעהן — ווײס איך, הער נאַר, נאָך אַלס יונגער פוקס האָב איך שוין געקענט די מיצע דורך און דורך! הער נאַר, דאָס איז דאָך אײגענטליך לעכערליך! פאַלקאָמער אידיאָטיזם! עה! אַלזאָ, זײ נישט קײן אָקס און נאָך מעהר נאַרישער, ווי דו ביסט שוין! פערשטאַנען?"

נון, וועגען דעם איז לעאָ גאַנץ רוהיג געווען; אויסלאַכען וועט איהם העלענע געוויס נישט. איבערהויפּט האָט ער, שליף, אַ גאַנץ פאַלשע מײנונג וועגען דעם מײדעל זײנס; זי איז פון אַנ׳אָנשטענדי-גער פאַמיליע און פערדינט געאַכט צו ווערען,—וואַגט לעאָ איהם אָב-צווענדען.

זי איז נישט קיין „אַזעלכע“!

„רעד דאָך נישט אַזאַ נאַרישקייט“, ברומט איהם „פּאַס“ אַ צו-רייצטער אין די רייד אַריין, „מיט איהר הייראַטען קאָנסטו דאָך נישט און ווילסט עס נישט. אַלזאָ, רעד-זשע נישט אַזאַ נאַריש-קייט!“...

שליף איז גערעכט. ער פיהלט, אַז אַזוי איז טאַקי, ווייל ער ערגערט זיך דעריבער.

און דאָך קאָן ער איהר נישט זאָגען גאָרנישט, זיך נישט מודה זיין וועגען זיינע פיבערנדיגע בעגעהרען, ווען ער איז מיט איהר, ווען ער קריגט זיך מיט איהר, ווען ער קושט זי. עפּעס אַן׳אומבעוואוסטע פורכט האָט איהם שטענדיג צוריקגעהאַלטען פאַר דעם ריינעם ווערען איהרען, פאַר די ריינע בלאָהע אויגען איהרע. ער האַלט זיך דאַן גאַר אומגעלומפּערט, ווייל ער קאָן עס נישט מאַכען דיפּלאָמאַטיש, און דאַן ווידער האַלט ער זיך פאַר אַ פּחדן, ווייל ער קאָן נישט ברו-טאַל אַרויסזאָגען, וואָס עס פּייניגט איהם.

אָט אין אַן׳אָווענד זיצט ער מיט איהר גאַנץ אַליין אין דעם הינטער-שטיבעל פון אַן׳אָבגעלעגענער קאָנדיטאָריי. ביים לעצטען בע-געגעניש זייערען האָבען זיי זיך ווידער געצאַנקט — ער האָט, ווי גע-וועהנליך, נאָכאַמאָל פּראָוואָצירט עפּעס אַ סצענע, ווייל ער ווייסט צו גוט וואָס פאַר אַ מאַכט ער בעזיצט איבער איהר האַרץ — און דאָס איבערבעטעניש איז ביי זיי היינט געוועזען נאָך איניגסטער און ליבעס-פולער. ביי אַזעלכע איבערבעטענישען איז זי געוועזען ענטציקענד אין איהר איבערגעבונג און צערטליכקייט צו איהם, און דערביי פלעגט ער ענטדעקען אין איהר טויזענד נייע רייצפולע שיינהייטען, און עס פלעגט זיך פאַר איהם בעווייזען דער כישוף פון ליבליכסטער, נאַאיוו-סטער ווייבליכקייט. זי דריקט זיין קאָפּ מיט איהרעביידע אָרעמס צו איהר יונגער ברוסט צו און קושט זייגע האָר ווי בערוישט פון ליי-דענשאַפט.

ווען ער האָט געוואָלט דעמאָלט די ליפּען עפענען, אום איהר צו זאָגען: „קום מיט צו מיר אַהיים“, האָבען זיי זיך בלויז בעוועגט, אַז זי האָט איהם מיט ערוואַרטונג אָנגעקוקט, ער האָט אָבער דערויף קיין איין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסברענגען.

נאָך דערפאַר בייסט ער זי אין דעם פולען רונדען אָרעם, אַז

זי גיט אַוש אַ פערשטיקטען געשריי, און זי קוקט איהם אָן דערשראָ-
קען מיט אַ פראַגע אין די אויגען...

...ווידער אַנ׳אַנדער מאָל, ווען ער האָט זי, אין אַ קלאָר אויס-
געשטערנטען יאַנואַר-אָווענד, אַהיים בעגלייט, איז ער עקסטרע, אום
„אַ ביסעל שפּאַצירען צו געהן", ווי ער האָט געזאָגט, פאַרבייגעגאַנגען
מיט איהר פאַר דעם הויז, וואו ער האָט געוואוינט.

אָבער ווידער האָט ער איהר גאָרנישט געזאָגט.

עס האָט איהם אָנגענומען אַ זינלאָזער כעס אויף זיך, און באַלד
האָט ער איהם אויסגעלאָזט צום אומשולדיגען מיידעל. ער האָט דער-
שפּירט עפּעס אַ טיפע צופרידענקייט זי צו פּייניגען מיט שטעך-רייד,
מיט שפּאָטישע אָנצוהערענישען וועגען „פּרויען-אומשולד" אין אַלגעמיין
און בעזונדערס וועגען די „בערלינערינס", מיט צווייפעל אין איהר
ליבע, מיט צולהכעיסדיגע פראַגען און ענטפערס, אַז זי האָט זיך
דערפיהלט אָבהענדיג און איז אינגאַנצען געבליבען שטיל.

דאָס האָט איהם אָבער נאָך מעהר געערגערט, נאָר אין זיך
האָט איהם שטאַרק הנאה געטון דער טריאומף זיינער, וואָס זי האָט
ביי איהם געמוזט אויפגעבען און פערלירען איהר גאַנצען איך, איהר
גאַנצע ווידערשטאַנד-קראַפט.

דאַן האָט ער ווידער גענומען רעדען, צי איהרע עלטערן האָ-
בען נישט געזידעלט דעם „יוד" און פאַרוואָס זי האָט דערביי אַליין
נישט צוגעהאָלפען צו דעם. איהרע עלטערן האָבען דאָך שוין לאַנג
געמוזט בעמערקען, אַז זי ווערט כמעט יעדען אָווענד אָבגעפיהרט
אַהיים און אַזוי ווייטער.

דערויף האָט זי זיך צעוויינט און נאָך פיל מיה האָט זי זיך,
מיט טרעהרען אין די אויגען מודה געווען, אַז זי איז טאַקי בע-
רעדט געוואָרען דורך איהר שוועסטער עמאַ פאַר איהרע עלטערן,
נעמליך, פאַר איהר מאַמאַ, און אַז זי האָט געזידעלט דעם „פאַס-
קודנעם יוד"...

דאָס האָט איהם פאָלקאָם ווילד געמאַכט! וואָס ער האָט אַרויס-
גערעדט נאָר אַלס חשד, אום זי דערמיט צו פּייניגען, בעוויזט זיך
טאַקי אַצינד אַלס פאַקט.

ווי פיין ער טרעפט חושד צו זיין!

זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געוויינט מיט אַזוי פיל ביטערניש,
ווי אין דעם אָווענד. זי קאָן איהרע טרעהרען נישט אָבהאַלטען, ס׳איז

איבער איהרע קרעפטען, און אָהן אָבהאַלט האָט זי זיך צו איהר שמערץ איבערגעגעבען.

זי האָט נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס ס'איז מיט איהם געוואָרען.

און ווען זיי זענען אַריינגעקומען ביידע אינ'ם קאַלטען פאָדער-הויז ביי איהר היים, און ער האָט איהר מיט אַ פערביסענעם וואוט די האַנד דערלאַנגט, האָט זי עס שוין נישט אויסגעהאַלטען מעהר.

זי האָט פערוואָרפען איהרע אָרעמס אַרום זיין האַלז און גענו-מען שלוכצען און וויינען נאָך פערביטערטער ווי פריהער.

„וואָס האָב איך דיר געטון, וואָס דו ביזט אַזוי צו מיר?"

אָט די איינפאַכע, ריהרענדע ווערטער, אָט די הייסע טרעהרען, האָבען איהם אַציגנד מיט אַמאָל פערנומען ביים האַרץ. ער האָט דער-פיהלט, אַז ער איז קעגען איהר בעגאַנגען אַ גרויס אומרעכט. ער נעהמט זי אַרום מיט זיין לינקען אָרעם ביי דער טאַליע און מיט דער רעכטער האַנט הויבט ער אַרויף דעם קליינעם קאָפּ איהרען.

זי לאַכט צו איהם, זי לאַכט דורך די טרעהרען, אַז ער קוקט זי אָן און זאָגט צו איהר: „ליב מיינס, זיי מיט מיר צוריק גוט, כ'בין געווען אַזוי שלעכט, אַזוי אָהן אַ שיעור שלעכט צו דיר, ס'וואָהר, לענעשי?"

זי שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ. אינדעם גיט זיך איהם דאָס בלוט אַ גאָס אַרויף צום מח און ער דריקט אַזוי שטאַרק דעם שלאַנקען קערפּער איהרען צו זיך צו, אַז איהר פערגעהט אַזש דער אָטעם. ער פיהלט, ווי אַ הייסער שטראָם לויפט דורך איהר קערפּער דורך, ווי פון טוי-זענד פּאָרען געהט צו איהם איבער אַ הייס בעגעהרליכקייט, ווי גאָר פּלוצלונג דריקט זי איהם פעסט צו זיך צו און זויגט זיך איין מיט די ליפּען אין זיין האַלז...

און דערביי איז איהר אַ פיבערהאַפטע רויטקייט אין געזיכט אַריין געקומען.

אַנטקעגען פאָדער-הויז האָט זיך בעוויזען דורך אַ פענסטער די פולע לבנה און האָט אַ ברייטען פאַס זילבער-שיין צו זייערע פיס פערשפּרייט. באַלד איז זי צוריק פערשוואונדען געוואָרען. אַ שוואַרצער וואָלקען האָט זי שוין פערדעקט...

אַהיים געהענדיג האָט זיך אין איהם ווידער דערוועקט זיין כעס און פערדרוס. ער זידעלט זיך אויס, אַז ער איז אַ פחדן, אַז ער איז אַ נאַר, אַז ער איז נישט גענוג מאַנסביל צו קאָנען דאָס פערלאַנגען,

וואָס יעדער האַנס בעגעהרט פון זיין גרעטע, אַז ער איז אַ שמאַטע, וואָס פערדינט גאָר נישט פון אַזאַ בעשעפעניש געליבט צו ווערען. און ווען ער איז דעמאָלט באַלד דערויף אַריינגעגאַנגען אינ׳ם קאַפע „צענטראַל" און בעגעגענט דאָרט מיצען, וואָס „האָט אַצינד ווידער דעם יוד איהרען געלאָזט לויפען", ווי זי דריקט זיך דראַסטיש אויס, איז ער אַזוי צורודערט און נערוועז געווען אין זיינע בעוועגונגען און ווענדונגען, און זיין שטימע איז געווען אַזוי הייזעריג, און דערביי האָבען זיינע אויגען אַזוי גיריג אויפגעחאַפּט דאָס שלאַנקע געשטאַלט איהרס.

וואָס אַמאָל איז איהם אַלץ מעהר אויפגעפאַלען די עהנליכקייט פון די בלאָנדע איהרע האָר מיט העלענעס, אַז ער האָט זיצענדיג מיט איהר גאַנץ ברוטאַל אַרויסגעשלעפּט עטליכע האָר-נאָדלען, כּדי דער צאָפּ זאָל זיך פונאַנדערפאַלען. דאַן האָט ער זי געבעטען, זי זאָל זיך איהרע האָר פערפלעכטען מיט אַ מאָצאַרט-צאָפּ. און ווען זי האָט עס איהם לאַכענדיג צוליב געטון, האָט ער איהר „געפונדירט" דערפאַר אַ גלאָז גליה-וויין, און זיין אויפגערעגטע פאַנטאַזיע האָט אַצינד אין איהר נאָך מעהר עהנליכקייט מיט זיין מיידעל געפונען.

יאָ, איינמאָל האָט ער זי זאָגאַר אָנגערופען „העלענע". דעמאָלט איז זי בייז געוואָרען, ווייל זי האָט דאָ דערשמעקט אַ קאָנקורענטין און זיך באַלד צוגעזעצט צו אַנ׳אַנדערן הערר, אַז ער האָט שוין מעהר נישט געזעהן ווי דעם פּראָפיל איהרען.

אַצינד איז איהם דאָס אַלץ פאָרגעקומען אַזוי געוועהנליך, אַזוי זינליך און געמיין, אַז גלייך האָט ער אויף אַלעם טיף חרטה געהאַט און שטיל געטראַכט פון דעם ריינעם עהרליכען מיידעל זיינעם. ער רופט קורץ און גרילציג:

„קעלנער, צאָהלען!"

ביי דעם האָט זיך צו איהם מיצע מיט אַמאָל אומגעדרייט. זי וויל איהם נישט אָבלאָזען. זי בעט איהם, זי בעשווערט איהם זאָגאַר. זי וועט צו איהם זיין היינט אונגעהייער גוט.

זינט יענע סצענע אין ווייהנאַכטס-אָוועד מיט איהרע ברידערלעך, ווען ער האָט זיך בענומען קעגען איהר מיט אַזויפיל מיטגעפיהל, פיהלט זי זיך צו איהם צוגעצויגען. אויסערדעם איז אין איהם פאַרהאַן עטוואָס גאָר בעזונדערעס. ער פלעגט נישט זיין אַזוי גראָב, ווען...

„עס איז דאָך נאָך פריה", בעט זי זיך ביי איהם, „און צי וויל ער היינט נישט מיטגעהן צו איהר".

בעת דעם האָט זי אַ שפּיליע אויף געטון דעם ווינטער-סאַק, אַרויסגעהאַפּט דאָס קליינע גאָלדענע זייגערל פון דער טאַליע און עס איהם אַקעגען געהאַלטען פאַר די אויגען.

דער טיפער האַלז-אויסשניט האָט איהם ווידער צומישט. ער האָט זיך גלייך געמוזט דערמאָהנען אָן העלענען. ווען זי האָט זיך צו איהם איבערן טיש אַריבערגעבויגען, אַז ער האָט געמוזט צו איהר אַראָבקוקען, האָבען זיך איהר אַפּערגעשאַרט ביים בוזעם די פיינע שפּיצען פון שניי-ווייסען העמד.

זיין האַנט האָט זיך אַ בעוועג געטון זי אַרומצונעהמען. ער האָט זיך אָבער אָבגעהאַלטען מיט אַלע כחות, ווייל דאָס איז איהם פאָרגעקומען גראָב, אָרדינער. דאָך אָבער האָט ער זיך מיט אַ גרילצעדיגער שטימע בעשטעלט באַלד אַ פריש גלאָז גליה-ווין.

זי האָט איהם טריאומפירענדיג אָנגעקוקט און געשמייכעלט; דען זי האָט געזיגט. ער איז געבליבען מיט איהר, ער איז נאָך לאַנג געבליבען מיט איהר...

אַ פּאָר טאָג נאָכדעם האָט לעאָ ווידער געהאַט אַ בייזע סצענע מיט העלענען. ער האָט זי אָבגעוואַרט אַהיים צו בעגלייטען, און ווידער האָט ער זיך געבראָכען דעם מח, ווי אַזוי ער זאָל איהר מיטטיילען, וואָס ער וויל פון איהר. אַזוי איז ער נעבען איהר געגאַנגען שטאַרק פערנומען. זי האָט גלייך בעמערקט, אַז ער איז היינט ווידער שלעכט געשטימט. איז זי געוואָרען פאַרזיכטיג און זיך פערהאַלטען צו איהם אַלץ מיט מעהר צערטליכקייט און איבערגעבונג. אָט נעהמט זי די האַנט זיינע און קושט זי. אָט גיט זי איבער, זי וויל איהם גאָר אַ וויכטיג בייעס דערצעהלען, און אַז ער פרעגט דערויף בייגיריג: „וואָס?" ענטפערט זי איינפאַך און האַרציג: „כ'האָב דיך אַזוי ליב!"

און דערביי בעגעגענט ער אַ שטראַהלענדען בליק פון איהרע טיפע אויגען, פון וואַנען ער וויל זיך מוט נעהמען, זיין ווילען איהר צו זאָגען.

אָדער אָט רופט זי זיך אָב, זי וויל איהם עפּעס אַ סוד זאָגען, און אַז ער בויגט צו דאָס אויער, קושט זי איהם דאָס געזיכט אויס, און לאַכט, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אַרייננאַרען.

באַלד זענען זיי אָנגעקומען צו דעם אַלט-בעקאַנטען קאָנדיטאָריי

זייערען, און זיך זעהר געפרייט דערויף, וואָס זיי האָבען דאָס הינטער-שטיבעל ליידיג געטראָפען. אַז זי האָט געהאַט אויסגעטון פון זיך דעם מאַנטעל, האָט זי זיך אויף אַ מינוט אַוועקגעשטעלט פאַר'ן שפּיגעל און גענומען צורעכט מאַכען איהרע האָר. דאָ האָט איהם פּלוצלונג אָנגעגריפען אַנ'אונזיניגע תּאוה. פון הינטען האָט ער זי געגעבען אַ חאַפּ אין זיינע אָרעמס, מיט ביידע הענט אַרומגענומען איהרע ווייכע שטייפע בריסט און האָט זי אַזוי פעסט צו זיך צוגעדריקט, אַז ס'האָט איהר אַזש אָטעם פערפעהלט.

אַזאַ גראָבקייט האָט זי אויפגעבראַכט.

עטליכע פערשטיקטע קלאַנגען, און באַלד האָט ער זי, טיף אויפאָטעמענדיג, אָבגעלאָזט.

זי קוקט איהם צושראָקען אָן. זיינע אויגען האָבען אַזוי זעלט-זאַם געפינקעלט, און זיין בליק האָט אַזוי געברענט, אַז זי האָט זיך דערויף בלויז דערוועגט אויסצושטאַמלען:

„אָבער, לעאָ! ... פוי!”

„נע, וואָס איז דען?” ענטפערט ער איהר כמעט גראָב; ווייל ס'האָט איהם פערדראָסען, וואָס ער האָט זיך באַלד בעהערשט, אויסער-דעם האָט ער זיך געפיהלט בעליידיגט פון די ווערטער און פון איהר מינע. ער האָט געזעהן דערין, אַז ער וועט עס אַזוי גרינג ביי איהר נישט פועלן.

„וואָס האָב איך דען געטון? מאַך נישט דאָך אַזאַ מינע!” האָט ער הייזעריג אַרויסגערעדט.

„אָבער דאָס טוט מען דאָך נישט”, פּרובט זי איהם אָבצוווענדען.

„פאַרוואָס דען נישט? כ'קאָן זיך דאָך פיל מעהר נאָך ערלוי-בען! אַז ביזט ווירקליך מיינע טאַקי, המ, יאָ... נע, ווילסט טרינקען שאָקאָלאַד, צי קאַווע?”

זי וויל שאָקאָלאַד. דערביי האָט זי נאָך אַלץ מיט אַנגסט צו איהם פון דער זייט געקוקט.

ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבען איהר אויף דער סאָפע, נעהמט ער זי אַרום ביי דער טאַליע אַזוי, אַז זיין האַנט פיהלט דאָס אויף-און-אָבעטעמען פון דער ברוסט איהרער. זי וואַגט נישט זיין האַנט אַראָבצונעהמען, זי זאָל איהם נישט דערמיט אויפרייצען. נאָר ווען ער האָט זי ווידער צו זיך צוגעצויגען, דערוועקט זיך אין איהר דאָס מיידעלשע אומשולד-געפיהל. זי ווערט אויפגעבראַכט, וואָס זי

דערקענט איהם היינט פון אַ נייער, אַזאַ העסליכער זייט. ווי פון מיידעלשען אינסטינקט געטריבען, גיט זי איהם אַ פּאַטש אין פּנים אַריין.

ער איז געבליבען פערשטאַרט פון איבעררעשונג.

זי דערזעהט, ווי דאָס געזיכט זיינס ווערט טויט-בלאַס, און מיט אַ וועה-אויסגעשריי חאַפּט זי איהם גלעטען די רויטגעוואָרענע באַק זיינע און חאַפּט קושען די האַנט זיינע, וואָס איז פּלוצלונג געבליבען אַראָבגעהאַנגען, ווי אָהן לעבען.

דעם גאַנצען אָווענד האָט ער שוין מעהר קיין וואָרט נישט גע-רעדט צו איהר. ביים בעגלייטען האָט ער זי נישט גענומען געאַ-רעמט. ווען ער האָט זיך, נעבען זייער פּאָדער-הויז, געזעגענט מיט איהר, האָט ער איהר די האַנט נישט דערלאַנגט. ער האָט נאָר אַזוי העפליך אַראָבגענומען דעם הוט פאַר איהר, ווי ער טוט עס פאַר אַ פרעמדען, און זיך באַלד אָבגעקעהרט און אַוועקגעגאַנגען, און זיך קיין איינמאָל נישט צוריק אומגעקוקט.

זי איז געבליבען שטעהן אין פּאָדער-הויז און נישט בעמערקט צומאָלס, ווי די איינצעלנע פאַרבייגעהער האָבען דאָס טרעהרען-בעגאָ-סענע בלאַסע געזיכט איהרס בעטראַכט.

זי קוקט איהם נאָך, ביז די געשטאַלט זיינע ווערט פערשוואונ-דען אין דער טונקעלקייט. דאַן קוקט זי נאָך אַלץ פאַר זיך אין דער פוסטקייט אַריין, אַזוי ווי זי וואָלט געזוכט עפּעס, וואָס איז פאַר איהר אויף אייביג פערלוירען געוואָרען.

## צעהנט קאַפּיטעל.

צומאָרגענס האָט שוין פּאַר׳ן געשעפט לעאָ אויף איהר נישט געוואַרט, און צוויי טאָג דערנאָך אויך נישט, און דריי טאָג אויך נישט. ער האָט געוואַרט פון איהר, אַ בריף צו קריגען, אָבער ס׳איז קיין בריף נישט אָנגעקומען. דאָס האָט איהם זעהר פערוואונדערט.

אַזוי שטאַרק האָט זי זיך נאָך קיינמאָל נישט בעוויזען.

ביז אַהער פלעגט זייער ברוגז דויערן נאָר אַ קליינעם משך. אַ נישט-העפליכער, פערבייזטער „זיי געזונד" פון זיין זייט, טרעהרען פון איהר זייט. אויפ׳ן צווייטען טאָג פלעגט שוין אָנקומען אַ בעטענ-דיגער בריף, אין וועלכען זי פלעגט מיט דער איינפאַכער שפּראַך איהרער און דער האַנטשריפט, וואו די אותיות זענען אָנגעוואָרפען אַזוי גרויס און פערוואונדערט — אַזוי גרויס און פערוואונדערט ווי ס׳זענען די אויגען איהרע — איהם בעטען, ער זאָל ווידער מיט איהר גוט ווערען, זי וועט שוין שטענדיג צו איהם פריינדליך און ליב זיין, זי וועט איהם שוין קיינמאָל נישט קוועלען, קיינמאָל נישט ער-גערן, און זי קאָן האָפען, ער זאָל זי היינט אין אָווענד ווידער אָבוואַרטען.

און דעמאָלט פלעגט ער זי ווירקליך אָבוואַרטען פאַר׳ן געשעפט, און דאָס ווידערזעהן נאָך דער לעצטער בייזער קריג פלעגט שטענ-דיג זיין אַזוי זיס און ליב, אַזוי ווי ס׳איז אַלעמאָל דער זונען-שיין נאָך אַ שטורם.

אָבער דאָסמאָל האָט זיך דער זונען-שיין נישט געוואָלט בעווייזען. דריי טאָג לאַנג האָט ער אומזיסט געוואַרט אויף אַ בריף פון איהר. אויף אַ מאָמענט איז איהם אַ ביסעל געפאָלען אָט די שטאַנד-האַפטיגקייט פונ׳ם מיידעל, וואָס שפּירט זיך בעליידיגט אין איהר

אומשולד-געפיהל. זיין גאוה איז אָבער שטאַרקער געווען דערפאַר;
דען דורך איהר שוויגען האָט זי זיך געפונען טיף אָנגעגריפען.

דאָסמאָל, זעהט אויס, איז זי טאַקי אויף גאַנץ ערנסט אין כעס; דאָס איז זיכער.

זי קאָן אָבער לאַנג נישט אין כעס זיין; דאָס איז אויך זיכער, טראַכט ער זיך. און ער שטילט זיך מיט דעם, וואָס ער מאָלט זיך אויס אין זיין לעבהאַפטער פאַנטאַזיע, ווי זי גאַרט צו איהם און בענקט, ווי זי ווײנט צוליב איהם אין איהר חדר'ל, דורך אין טרעהרען, האַלט זי זיך מוטיג אָב פון שרייבען צו איהם, ווי זי טראַכט אַלץ וועגען איהם ביים שלאָפען געהן, ווי זי טראַכט אַלץ וועגען איהם ביים אויפשטעהן, ווי זי טראַכט אַלץ וועגען איהם איבערן גאַנצען טאָג אינ'ם געשעפט ביי דער אַרבייט א. אַ. וו.

זיין אייטעלקייט נעהמט דאָס אַלץ גיריג אויף.

אָבער אויפ'ן פערטען טאָג פיהלט ער זיך שוין אַ ביסעל אומרוהיג. ער האָט געזוכט די צייט צו פערטרייבען מיט שטרענג-וויסענשאַפטליכער אַרבייט, און איבערן פאַרמיטאָג איז עס איהם טאַקי געלונגען אויף עטליכע שעה אַריינצוצווינגען זיינע געדאַנקען אין דעם שטרענגען שטאָהלענעם קרייז פון „שפּינאָזישער דיאַלעקטיק". אָבער אַז ס'איז שוין געוואָרען מיטאָגס-שעה, נישט עס זאָל האָבען אַ בריף אָנגעקומען, די מיטאָגס-שעה, ווען העלענע פערלאָזט דאָס געשעפט, אום אַהיימצוגעהן צום עסען, האָט ער שוין לענגער אין צימער נישט געקאָנט איינזיצען.

ער מוז זי זעהן.

אין זעלבען אויגענבליק איז ער שוין אויפ'ן גאַס געווען און געאיילט מיט'ן גאַנצען אימפעט צום געשעפט צו. ער איז אָבער אָנגעקומען אַהין שוין נאָך צוועלף און האָט זי שוין דאַכט זיך נישט געטראָפען.

עס וואָלט פון זיין זייט געווען אַזאַ אונגעהייערער פעהלער, וואָס ער זאָל האָבען דער ערשטער נאָכגעגעבען, ווען זי דערזעהט איהם. און ער האָט זיך געפרייט אַצינד, וואָס ער איז גליקליך בעפרייט געוואָרען פון אַזאַ „בלאַמאַזש"*).

---

*) בלאַמאַזש — חרפּה, בזיון.

זי זאָל צום ערשט צו איהם קומען. אַזוי האָט ער זיך פעסט ענטשלאָסען.

„גאָר אָדער גאָרנישט!" מורמעלט ער פאַר זיך אויס. ס'איז דאָך איינפאַך לעכערליך, אַז כמעט שוין אַ יאָהר צייט, וואָס ער קאָן זיך מיט איהר, און נאָך אַלץ נישט דאָס מינדסטע דערגרייכט. ווען זיינע קוליער-ברידער זאָלען וויסען דערפון, וואָלטען זיי דאָך נישט אויפגעהערט פון איהם אָבצולאַכען, פון זיין משוגענעם אומגליק.

גאָר אָדער גאָרנישט! — — —

דעם גאַנצען נאָכמיטאָג האָט ער זיך מיט התמדה פאַר דער אַרבייט גענומען, און אַז ער האָט דורכגעשטודירט אַ גאַנץ קאַפּיטעל פון שפּינאָזעס עטיק, טראָץ דעם, וואָס די בעווייזען זענען דאָרט אַזוי וואונדערליך, ריין מאַטעמאַטיש דורכגעפיהרט, איז ער דערפון העכסט צופרידען געווען. אַזאַ געפיהל פון בעפרידיגונג נאָך אָבגעטועגער אַרבייט האָט ער שוין אַ גאַנץ לאַנגע צייט נישט געהאַט, דעריבער האָט ער זיך זעהר געפרייט, אַזאַ ענערגיע אין זיך ענטדעקט צו זעהן, וואָס איז אַזוי נויטיג צום אַרבייטען. האָט ער זיך דאָך געהאַלטען פאַר אַ דורך און דורך שוואַכע אינסטינקט-נאַטור, וואָס קאָן נאָר טרוימעריש נאָכשפּירען בלויז דאָס אייגענע עמפּינדונגס-לעבען.

דערמיט, פלעגט ער צו זיך זאָגען, איז ער איז זעהר ווייניג „יוד". ער בעזיצט נישט דעם דראָבנעם פלייס און די דורכברענענדיגע, אונטערגראָבענדיגע יודישע ענערגיע, ווי עס בעזיצט עס צום ביישפּיל דער פאָטער זיינער. אין דעם געפינט ער אַ שאַרפען אונטערשיד צווישען איהם און זיין פאָטער, וועמען ער נעהמט אָן, אַלעמאָל מיט מעהר זיכערקייט, אַלס טיפּ פון דעם אַלטען דראָבנעם יודישען דור פאַר דעם יאָהר 1870.

ער איז גאַנץ אַנדערש גאָר בעשאַפען! פיליכט איז דערין די מוטער זיינע שולדיג, פיליכט די ביכער, וואָס נאָך איהר טויט האָט ער זיך כמעט ווי אומבעוואוסט ערצויגען אין זייער גייסט; די ביכער, וואָס ער האָט יונגעלוויז ביים לייענען זיי קיינמאָל נישט געקאָנט איינהאַלטען די טרעהרען, איבערהויפּט דאָס מעהר פון אַלע געליבטע בוך זיינס „דאָן קאַרלאָס". און ווידער זיין ענטוזיאַזם, וואָס דער פאָטער זיינער פלעגט דערויף שמייכלען און צושאָקלען מיט'ן קאָפּ, און וואָס האָט ביי זיין פעטער קעניגסבערגער אַזויפיל שפּאָט אַרויסגערופען!...

דאָס זענען געווען פרעמדע איינפלוסען, פרעמדע עלעמענטען

אין איהם, וואָס מאַנכעס מאָל ביי אונטערהאַלטונגען און שמועסען, פלעגט זיך אָפט אינסטינקטיוו בליץ-שנעל אויפדעקען פאַר זיינע אויגען אַ גאַנצער אָבגרונד צווישען איהם און דעם אַלטען דור, אַז ער פלעגט אין מיטען שמועס אַנטשוויגען בלייבען.

יאָ, דאָס איז אַזוי זעלטזאַם געווען! אַז ער איז געווען אין אַנ׳אַנדער מיינונג, ווי דער פאָטער זיינער, זענען עס נישט געווען בלויז אייגפאַכע מיינונגס-פערשידענהייטען, וואָס ווערען דורך אַ שמייכעל, דורך אַנ׳אַקסעל-צוקען, פריינדליך פערגלייכט. דאָס איז געווען פשוט אַנ׳אַקסעל-צוקען פונ׳ם געגענזייטיגען נישט-פערשטעהן זיך!

דאָס איז געווען אַזוי זעלטזאַם, אַזוי זעלטזאַם...

„אַ גוי", האָט איהם קעניגסבערגער איינמאָל אָנגערופען.

„ניין", האָט ער איהם דעמאָלט געענטפערט מיט אַ בלישטש אין די אויגען, „בלויז אַנ׳אַנדערער יוד, נישט ווי דו ביזט עס, נישט ווי דו אַהנסט עס!"...

...אַזוי האָט ער גליקליך מיט אָט די ערינערונגען אַ שעה צייט אַוועקגעטרוימט. ער צולאַכט זיך דערויף...

ער צינדט זיך אָן די לאָמפּ און פערטיפט זיך ווידער אין שפינאָזען.

דעם דאָזיגען מענש האָט ער ליבער פאַר אַלעמען אין דער וועלט. ער שטעלט זיך איהם פאָר אין זיין אויפגעלעבטער פאַנטאַזיע ווי אַ קליינעם שוואַכען יוד, וואָס שלייפט אַ גאַנצען טאָג די דימענטען, אום צו האָבען וואָס צו עסען, און דערנאָך אין אָוועגד און ביינאַכט בעטראַכט ער מיט זיינע וואונדערבאַרע אויגען דאָס האַרץ פונ׳ם וועלטאַל, כדי פון איהם זיינע סודות אָבצולוישען. עפּעס אַ מערקווירדיגע אידעען-קאָמבינאַציע האָט זיך ביי איהם צוזאַמענגעשטעלט. די געשטאַלט פונ׳ם ערלייזער יעזוס קריסטוס האָט ער זיך אַלעמאָל אויך פאָרגעשטעלט עהנליך ווי די געשטאַלט פון שפינאָזען. ער האָט נישט געוואוסט, פאַרוואָס דאָס איז, נאָר אין זיין פאַנטאַזיע האָבען זיך די ביידע צוזאַמענגעשמאָלצען אין איינאיינציגען טיפּ, אין איינאיינציגען אידעאַלען מענשען, אין איינאיינציגען אידעאַלען יוד.

ווען דער שטאַרבענדער ערלייזער אויף דעם קרייץ ביי גאָלגאָטאַ האָט מיט זיין לעצטען גנאָדען-בליק די וועלט פערצייהט, אַזוי איז עס געווען דיזעלבע זיך-איבערגעבענדע ערלייזונגס-אידעע, וואָס שפינאָזאַ האָט, אינ׳ם חרם פון זיין יודישער קהלה, אויפבעוויזען צו

דער רעליגיע פון דער שמייכלענדיגער רעזיגנאַציע — דורך טרעהרען, און זיך-איבערגעבונג פאַר דער מענשהייט — דורך שמערצען.

צוליב אָט דעם גרונד האָט ער נישט געפיהלט אין זיך גאָרנישט פון דעם גרויזאַמען האַס, מיט וועלכען די פערפאַלענע יודישע דורות האָבען פערפאָלגט דעם ערלייזער, אין איהם האָט זיך דערוועקט אַ כמעט הייליגע פערעהרונג פאַר אָט דעם איינציגען, וועמענס צויבער-קראַפט און מילדע וואונדער-ווערטער וועגען ליבע און באַרמהערציג-קייט פונקלען יאָהר-טויזענדער דורך און לייכטען דורך מיליאָנען הער-צער. ער האָט נישט פערשטאַנען, פאַרוואָס עס האָבען נישט די יודען געקאָנט אָט דאָס געשטאַלט פונקט אַזוי פערעהרען, ווי אַ שטייגער אַ משה אָדער אַ שפינאָזאַ. באַלד איז איהם ווידער איינגעפאַלען וועגען דעם גלויבען אָן דעמס גאָט-עקזיסטענץ, אָן דעמס אָבשטאַם: דאָס זענען געווען בריקען, איבער וועלכע זיין געפיהל האָט נישט געקאָנט אַריבערקומען, פאַר וועלכע זיין פערשטאַנד האָט געוואָרענט און וועל-כע זיין מאָדערנער גייסט האָט אָבגעלייקענט.

אַצינד איז איהם ווידער באַנג געוואָרען דער פריינד זיינער רי-כאַרד. דער איז געווען דער איינציגער, מיט וועלכען ער האָט זיך געקאָנט אויסשמועסען איבער אַזעלכע פראַגען, דער איינציגער, פאַר וועמען ער האָט געקאָנט אָפען ענטפלעקען זיין געהיימסטע אינערליכ-קייט. עס וואָלט אַזוי גוט געווען, טראַכט ער זיך, ווען ער זאָל איהם קאָנען דאָ האָבען זיצען ביי זיך אויף דער סאָפע, און מיט דער לאַנ-גער גלחישער ליולקע זאָל ער איהם שטיל און קלוג צוהערען — אָבער וואָס איז דערפון, ריכאַרד איז אין פרייבורג, און ער, לעאָ, פער-מאָגט דאָ נישט קיין איינציגען, פון וועמען ער זאָל קאָנען האָבען גייסטיגע אָנרעגונג, פאַר וועמען ער זאָל זיך גייסטיג קאָנען אויס-רעדען.

ער לייענט ווייטער.

וואָס מעהר צייט ס׳פערגעהט, אַלץ אומרוהיגער ווערט ער.

ענדליך, אַרום זיבען אַ זייגער אין אָווענד, וואַרפט ער דאָס בוך אַוועק, לעשט די לאָמפּ אויס און געהט אַראָב אויף דער גאַס. כמעט אינסטינקטיוו איז ער אַרויף אויפ׳ן וועג, וואָס פיהרט צו העלענעס געשעפט, און אַריינגעגאַנגען אין אַ רעסטאָראַן, וואָס האָט זיך וויזאַווי דעם געשעפט געפונען.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבען אַ טישעל, וואָס איז ביים

פענסטער געשטאַנען, כּדי ער זאָל דורך דער צווישענשיידונג פון די גאַרדינען קאָנען אַכטונג געבען אויפ'ן געשעפט.

דאַן בעשטעלט ער זיך אָװענד-ברויט. כדי זיך אַ ביסעל צו צו-שטרייען, האָט ער גענומען עטליכע צייטונגען צו לייענען, באַלד האָט ער אָבער איינגעזעהן, אַז ער לייענט ווייטער אָהן יעדען זין...

די צייט ביז אַכט אַ זייגער האָט זיך פאַר איהם אונענדליך גע-צויגען. כמעט אַליין עס נישט בעמערקענדיג, האָט ער שוין געהאַט אויפגעגעסען דאָס אָװענד-ברויט און דערביי האָט ער נאָכ״נאַנד אַלץ פון דער זייט אויף אַנטקעגען אַריבער געקוקט, אום צו זעהן, ווי העלענע וועט דורך דער טיר פונ'ם געשעפט אַרויסגעהן. באַלד איז ער אָבער אומגעדולדיג געוואָרען צו וואַרטען; ער צוצאָהלט זיך און געהט אַרויס. נאָר אַז ער האָט קוים געהאַט אַרויס אויפ'ן גאַס, דערזעהט ער דאָס שלאַנקע געשטאַלט איהרס קווער איבערן ברוק געהן. ער האָט טיף אויפגעאָטעמט, וואָס, צום גליק, האָט זי נישט געזעהן.

ער האָט זיך שנעל דערווייטערט, נאָר אויף אַזויפיל, אַז ער האָט איהר נאָך געקאָנט נאָכפאָלגען מיט זיינע בליקען און נישט פער-לוירען פון די אויגען די קליינע פערשייטע פעלץ-מיץ איהרע.

גערן צו איהר? — ניין, קיינמאָל אין דער וועלט נישט!

נאָר פונדעסטוועגען האָט עס אין איהם געפיבערט נאָך איהר, ווידער מיט איהר צוזאַמען צו זיין, ווידער דעם קאָפּ צווישען זיינע הענט צו האַלטען און איהר צו זאָגען: „ס'וואָהר, לענעשי, האָסט מיך נאָך ליב?"

אָבער זיין עקשנות און אייטעלקייט האָט אין איהם צופליקט יע-דען נאָכגיביגען געדאַנק, וואָס האָט זיך אין זיין האַרץ אויפגעוועקט.

זי מוז צו איהם קומען — גאָר אָדער גאָרנישט!

ביים עק פון דער אַלטער יאַקאָב-גאַס האָט זי געענדערט דעם וועג, וואָס זי האָט געדאַרפט געהן. דער וועג צו איהר היים האָט זיך געשניטען אויף לינקס, זי איז אָבער אַוועק אויף רעכטס.

ערשטוינט פאָלגט איהר לעאָ נאָך פון דערווייטענס מיט זיינע בליקען. אָט פערנעהמט זי זיך אין דער אָראַניען-גאַס און פון דאָרט גלייך אין דער לינדען-גאַס.

אָהן צווייפעל, אַז דאָס געהט זי צו איהם.

עס געהט אין איהם דורך אַ גליקליכע שרעק, און עס פער-

גרעסערן זיך איהם זיינע טונקעלע אויגען, בשעת ווען ער קוקט אַזוי נאָך דאָס שלאַנקע געשטאַלט איהרס.

אַצינד האָט זי זיך אָבגעשטעלט פאַר זיין וואוינונג און קוקט אַהין אַרויף. אויבען זענען די פענסטער פון לעאָס צימער פינסטער געווען, און עס האָט אויסגעזעהן, ווי זי איבערלייגט זיך, צי זאָל זי אַהיימגעהן אָדער זאָל זי אַרויפגעהן מיט אַ בעזוך צו דער טאַנטע.

לעאָ זעהט פון וויי‌טענס, ווי זי שטעהט אַזוי בעוועגונגסלאָז און קוקט אַרויף. ער ווערט געריהרט. אָבער זיין טראָץ-געפיהל האָט איהם נישט דערלאָזט צו קיין שום נאָכגיביגקייט.

זאָל זי איהם שרייבען, קומען צו איהם, און — גאָר אָדער גאָר-נישט.

ער זעהט, ווי זי געהט זיך לאַנגזאַם אָב פון דאָרט, און איהם דאַכט זיך צו זעהן, אַז ס'איז דאָס קעפּעל איהרס אַראָבגעזונקען אויף דער ברוסט, אַז דער גאַנג איהרער איז אַזוי מיד און שלעפּעדיג גע-וואָרען, ווי דער גאַנג פון אַ פערטרויערטער.

און נאָך אַלץ שטעהט ער אויפ'ן זעלבען אָרט אין דער טונקע-לער געוועלבונג פון אַ טויער אויפ'ן גאַס און קוקט נאָך מיט פערוואונ-דערטע אויגען, ווי דאָס געשטאַלט איהרס ווערט ביסלעכוויז, ביסלעכ-וויז פערשוואונדען אין דער טונקעלקייט.

ענדליך האָט ער זי נישט געקאָנט שוין מעהר זעהן.

ער האָט דערוויף זיך אויפגעגעסען פון צאָרן...

אויף צומאָרגענס איז זיין צאָרן שוין ווידער אינגאַנצען געווען צוגאַנגען ווי רויך, און ס'איז געבליבען בלויז זיין גאוה, וואָס האָט זיך געפיהלט בעפרידיגט מיט די שטאַרקע ליבע און ליידען פונ'ם מיידעל.

זעהר אָפט דערפיהלט ער אַזאַ אייטעלקייט אין זיך, און ער גע-פינט דערין ווידער אויס אַ ספּעציפיש יודישע אייגענשאַפט, אַנ'אַטאַוויזם, וואָס ער האָט אומזיסט אַזוי זיך בעמיהט פון זיך אויסצוואָרצלען. דאַן אָבער פלעגט ער זיך פערענטפערן מיט דעם, אַז חאָטש ער איז אַזוי שרעקליך אייטעל, קאָן ער זיך פונדעסטוועגען זעהר גוט אויף אָט דער שוואַכקייט אין כאַראַקטער. און דאָס קאָנען זיך אויף די אייגענע פעהלערן, אויף די אייגענע פסיכישע שוואַכקייטען, רעכענט ער זיך צו פאַר אַ פערדינסט, וואָס מאַכט זיי לייכטער. אויף אַזעלכע אופנים האָט ער זיך אויסגעפונען בעפרידיגונג אין די אייגענע פאָרוואורפען,

וואָס ער פלעגט זיך מאַכען איבער זיין אייטעלקייט; און דערביי האָט ער נישט פערשטאַנען, אַז די שטילע פרייד, וואָס ער שפירט פון זיין אייגען בעקאָנען זיך און זיין אייגענער פעראורטיילונג פאַר די שוואַכ-קייטען אין איהם, אַז אין דעם אַליין שטעקט אויך פיל אייטעלקייט.

אַ טאָג דערנאָך דערהאַלט ער אַ קאַרטעל פונ׳ם פאָטער זיינעם. דאָס האָט אַזוי זעלטען געטראָפען, אַז עס איז פאַר איהם רעכט גע-וואָרען ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט זיך בעקאַנט מיט׳ן נייעס, וואָס עס האָט ענטהאַלטען: דירעקטאָר בערגער ענטזאַגט זיך צוליב קראַנק-הייט פון זיין אַמט און וועט מסתּם שוין אין אַפּריל זיך איבערציהען קיין בערלין, כּדי דאָרט זיך צו קורירען ביי אַ בעריהמטען ספּעציאַ-ליסט.

דאָס איז געווען פאַר איהם אַזאַ איבערראַשענד נייעס, וואָס האָט איהם זעהר פריידיג געשטימט. ער האָט דערפיהלט אַ בליץ-שנעל דורכ-לויפענדיגע עמפּינדונג פון מונטערקייט און וואַרימע, פרייליכע פאַרבען. צו האָבען אין דער גאָהענט דעם ליבען דירעקטאָר זיינעם, אָט דעם גוטען אַלטען מאַן, אָט דעם בּכבוד׳ען זקן, פון וועמען ער פלעגט שטענדיג טראַכטען מיט אַזויפיל עהרפורכט, אָט דאָס איז עס געווען, וואָס האָט איהם אַזוי פריידיג געשטימט. גלייכצייטיג האָט ער זיך דער-מאָהנט אָן זיין טאָכטער, וואָס וועט דאָך אַצינד צוריק וואוינען ביים פאָטער איהרען, און שנעל, ווי אַ וויזיאָן, האָט אויך דאָס פרעכטיגע געשטאַלט פון דער יונגער שטיפמוטער איהרער אויפגעטויכט אין זיין פאַנטאַזיע, בליץ-שנעל, ווייל אַלץ נייע און נייע געדאַנקען האָבען איהם פערנומען.

אַז ער איז געהאַט צום פענסטער צו און אַרונטערגעקוקט אין גאַס אַריין, האָט ער זיך ווידער דערמאָהנט אָן העלענען. דאָרט אונ-טען ביי דער לאַמטער איז זי געשטאַנען און אַרויפגעקוקט.

נאָר-וואָס האָט אָנגעהויבען פאַמעליך צו שנייען. דורכ׳ן ווינד אַהין און אַהער געיאָגט טאַנצען די שניי-ברעקלעך אין דער לופטען אַרום, אַזוי ווי זיי וואָלטען מורא האָבען, מיט דער שמוציגער גרויקייט פון דער אויסגעפלאַסטערטער גאַס זייער ווייסע, ריינע עקזיסטענץ צו פער-פלעקען. וואָס אַמאָל האָט אָנגעהויבען שטאַרקער צו שנייען, די ברעק-לעך זענען געוואָרען פעסטער און גרעסער, ביז זיי האָבען אין אַ צו-פּודעלטעןווירבעל-טאַנץ אין דער לופטען זיך דורכגעיאָגט, און דעכער און מענשען און גאַסען איבערגעצויגען מיט אַ קלאָרער ליכטיגער דעק

פון ווייסקייט. דערצו איז דער ווינט נאָך שטאַרקער געוואָרען און אַזוי געבלאָזען קעגען די פענסטער, אַז זיי האָבען אַזש געציטערט, און אַ פייפענדיג פּאָכען און אַ הויל הודזען, ווי פון פערבאָרגענע שטימען, האָט נאָכאַנאַנד אין לופטען אָבגעקלונגען.

לעאָ האָט זיך מיט דער ווינטער-שטימונג פון גאַס אַצינד זעהר דערפרייט. אַ גרויסער שניי איז ביי איהם דאָס עכטע, רעכטע ווינ-טער-פערגעניגען און עס מאַכט איהם די שטימונג אינ׳ם וואַרימען גע-מיטליכען צימער אַ סך היימליכער און פערטרויטער.

אויף זיין פענסטער-געזימס איז פון דרויסען אָנגעפאַלען אַ דיקער פּאַך בלענדענד ווייסער שניי. זיך נאָכגעבענדיג אַ קאַפּריז, עפענט ער אויף דאָס פענסטער, דורך וואַנען אַ קאַלטער לופט-צוג יאָגט איהם דערפרישענדיג איבערן שטערן און טרייבט איהם דעם שניי אין פּנים אַריין, און ער שרייבט אָן מיט׳ן טייט-פינגער אויפ׳ן פּאַך שניי דייט-ליך און שאַרף דעם נאָמען „העלענע”. דערנאָך פערמאַכט ער צו-ריק דאָס פענסטער און בעטראַכט מיט אַ שמייכעל פון פערגניגען דאָס קאַליגראַפישע מייסטער-שטיק זיינס.

ביסלעכווייז לייגט זיך אַ פיין, ווייס הייטעל איבער די בוכשטאַ-בען און ביסלעכווייז שיטען זיך אָן דעריבער אַ סך שניי-ברעקלעך און פערגלייכען די שלאַנקע אויסהוילונגען אויפ׳ן שניי-פּאַך. ביסלעכווייז פערווישען זיך דורכ׳ן בעשטענדיגען אָנשנייען אַלץ מעהר די שאַרפע קאָנטורען, און אַצינד זעהט זיך דער נאָמען אויפ׳ן פלאַך נאָר קוים-קוים, כמעט שלעפעריג-צוגעמאַכט. באַלד אָבער גיט דער ווינד אַ שליידער איבערן פענסטער אַ גאַנצע מחנה שניי-ברעקלעך, אַז „העלענע” בלייבט בעגראָבען אונטער דער דעק פון ליכטיגער ווייסקייט.

ער וואַרפט דערויף צו אַ סימבאָלישע בעדייטונג, ווען — נו, ווען זי שרייבט נישט, ווען זי קומט נישט צו איהם —

גאָר אָדער גאָרנישט.

גאָר, אָדער דער נאָמען לעשט און פערוועהט, ווי ס׳האָט דער שניי-שטורם איהר נאָמען אַוועקגעוועהט און בעגראָבען אונטער דעם ווינטערדיגען צודעק פון בלענדענדען, ווייסען שניי!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער מוז זי זעהן.

ער געהט אויס אין זיין בענקשאַפט נאָך איהר אָנבליק, און זיין אייטעלקייט בעגעהרט דערצו, כדי זיך דערמיט צו טרייסטען, ווי זי

האָט געליטען איבער איהם. אַרום צוועלף אַ זייגער, אין סאַמע רעכ־טען שניי האָט ער זיך געלאָזט צו דער היים איהרער אויפ׳ן עק פון דער יאַקאָב-גאַס און קאָפּערניק-גאַס און געגומען געהן פּיבערהאַפט צו־רודערט לענג-אויס דעם וועג, דורך וואַנען זי מוז אָנקומען, פון געשעפט געהענדיג. ער האָט זי געוואָלט בלויז זעהן, נעבען איהר פאַרביי־איילען מיט אַ קאַלטען גרוס — מעהר נישט.

דאָסמאָל האָט ער שוין די צייט ריכטיג בערעכענט. ער דער־זעהט באַלד פון ווייטען איהר שוואַרצע פעלץ-מיץ, דעם שלאַנקען האַלז פעסט אַרומגענומען מיט אַ דיקען לאַנגען פעלץ-קראַגען, די הענט פער־שטעקט אין דער מופטע און בלישטשענדיגע שניי-קריסטאָלען אויף מיץ און ברוסט און מופטע.

אָט זענען זיי זיך גאַנץ נאָהענט אַנטקעגען געקומען. זי גיט אַ קוק אויף איהם, און האָט בעמערקט, ווי זי האָט דאָס מויל געעפענט און באַלד וואָרטלאָז צוריק צוזאַמענגעפּרעסט די ליפּען.

ער גריסט זיך און ציהט העפליך דעם הוט פאַר איהר. דערויף אַיילט ער באַלד אַוועק, אָבער ביים פאַרבייאַיילען האָט ער געזעהן די אוי־גען איהרע צו זיך געווענדט, אַזוי פערוואונדערט, פרעגענדיג און פול אַנגסט.

ער האָט פערטאָפּעלט די שנעלקייט פון די טריט זיינע, ווייל ער האָט מורא געהאַט נאָכצוגעבען, ווייך צו ווערען פאַר אָט די אוי־גען, די גרויסע אויגען פול אַנגסט, וואָס קוקען איהם אָן מיט אַ פראַגע.

## עלפט קאַפּיטעל.

זעקס אַ זייגער נאָכמיטאָג דערהאַלט ער אַ בריף, וואָס ער דער־קאָנט באַלד לויט׳ן אויפשריפט, אַז דאָס איז פון איהר. ער האָט דאָסמאָל דורך זיין עקשנות ווידער געזיגט, זי האָט זיך פאָרט געמוזט אונטערגעבען. ער האַלט זיך דערמיט פאַר אַ העלד.

שליף איז טאַקי געדעכט. פּאַה, די פרויען!!!

און ער לייענט:

„ליבע מאַריע!

גלייך עלף אַ זייגער, ווי כ׳בין געקומען אַהיים, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט שרייבען צו דיר. נאָך נעכטען אָוועַנד האָב איך שוין געוואָלט צו דיר שרייבען; ליידער האָב איך עס נישט געקאָנט טון, ווייל די עלטערן מיינע און די קינדער זענען די גאַנצע צייט אין שטוב געווען. דיין שווייגען איז מיר אַ רעטעניש, וואָס כ׳קאָן נישט בעשיידען. פאַרוואָס וואַרסטו מיך שוין נישט אָב מעהר פאַר׳ן גע־שעפט? אַלע טאָג קלער איך מיר, דו וועסט היינט שוין קומען צו מיר. אָ, דאָס איז דאָך אַזוי אומגערעכט פון דיר! כ׳האָב דאָך עס געטון דעמאָלט אומגערן, נישט ווילענדיג, פאַרוואָס ביזטו אַזוי שלעכט צו מיר? בעט ביי דיר, בעט, פערצייה מיר, און זיי ווידער צו מיר גוט. פאַרוואָס ביזטו שוין פיר טאָג נישט געקומען נאָך מיר? קיין איין וואָרט חאָטש פאַר מיר נישט געהאַט, אַז ביזט נעכטען אָוועַנד פאַרביי מיר דורכגעגאַנגען, נישט געזעהן, ווי עס דריקט מיך. איז עס מעגליך, אַז אַ מענש, וואָס ווערט אַזוי שטאַרק געליבט, זאָל קאָ־נען בלייבען אַזוי שטייף און קאַלט, אָהן דאָס מינדסטע מיטלייד, ער זאָל קיין איינציג וואָרט פון טרייסטונג נישט פערמאָגען? ליבער, גו־טער, כ׳בעט דיך שטאַרק, זאָלסט מיר באַלד שרייבען; ווייל ביז אַכט

אָוועגד זאָל איך קריגען דיין בריף, אין וועלכען דו שרייבסט, כ׳זאָל דיך היינט אָוועגד ערוואַרטען, אַלזאָ, ליבער, דו, כ׳בעט, קום.

פיל גריסען שיקט דיר

דיין עלענדע, בעטריבטע

העלענע.

N B. ענטשולדיג מיר מיין האַנטשריפט! און כ׳האָב געשריבען „ליבע מאַריע״, ווייל מאַמאַ מיינט, אַז כ׳שרייב צו מיין חבר׳טע! זי זיצט ביים פענסטער.

N B. כ׳בין שוין מעהר גאָר נישט בייז אויף דיר!!!״

לעאָ האָט זיך פעסט געהאַלטען ביים זייניגען. גאָר אָדער גאָר־נישט! ווען ער זאָל אַצינד נאָכאַמאָל נאָכגעבען, דאַן הויבט זיך באַלד איבעראַנייס אָן די אַלטע געשיכטע, וואָס מוז דאָך איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויפהערען.

אַזוי האָט ער זיך וואָס אַמאָל אַלץ מעהר געשטאַרקט אין זיין פערביסענקייט און אין זיין עקשנות געגען איהר. ער האָט ביי זיך בעשלאָסען נישט קיין בריף איהר צו שרייבען און נישט צו איהר צו געהן. זי מוז קומען צו איהם,ביידע הענט געבען און זאָגען: „איך בין דיינע!״ — —

אויף צומאָרגענס איז פון איהר אָנגעקומען אַ נייער בעטענדיגער בריף. דאַן צוויי טאָג דערנאָך, דעס 9-טען פעברואַר, נאָך איינער, אַזוי איבערגעגעבען, אַזוי ריהרענד, אַז עס האָט איהם ביים האַרץ פערנומען און ווייך געמאַכט. אָבער נאָכגעבען וויל ער נישט און טאָר נישט; דען נאָר אויף אַזאַ אופן האָט ער די מעגליכקייט, צום ציל דערגרייכען. ער וועט איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכען אַנ׳ענדע צו זייערע ביידענס מאַטערנישען. ער וועט איהר שרייבען, גאַנץ רו־היג און פאָרזיכטיג, ווי ליב ער האָט זי, ווי ער בענקט אַזוי, זי ווידער צו אומאַרמען. אָבער זייער פערהעלטניס איז עפּעס זעלטזאַם, עפּעס נישט פריי. אַלס סטודענט מוז ער זיך כמעט שעמען אַזוי יונג־ליש, אַזוי נישט־מאַנסביליש צו ליבען א. אַ. וו. מיט איין וואָרט, אַלסדינג וואָס איידעלער אַרויסשרייבען, וואָס פאָרזיכטיגער אויסוועה־לען די ווערטער; ווייל איין איינציג ברוטאַל וואָרט קאָן זי טיף בעליידיגען, און ... ער האָט זיך טאַקי אויך געשעמט די זאַכען אָנצו־רופען ביים ריכטיגען נאָמען. צום שלוס וועט ער צוגעבען די קאַטע־גאָרישע פאָדערונג, אַז ער וועט ווידער קומען זי אָבוואַרטען, אויב

זי וועט אין אַזונטאָג-אָווענד, ווען די טאַנטע מיט דער פאַמיליע גע-הען אַוועק פון שטוב, פון אַכט ביז צעהן אַזייגער צו איהם אַרויפ-קומען. אַלס „ווייסע“ בערלינערין דאַרף זי שוין פערשטעהן, וואָס ער מיינט!

יאָ, אַזוי איז עס פּחדנות'דיג אָנגעשריבען געווען אין די בלעט-לעך אויף דעם ווייסען בריף-בויגען, אַז ער האָט זיך אַזש פערשעמט דערפאַר. נאָר דאָ האָט ער צו הילף גענומען דאָס בעוואוסטזיין זיינס אַלס קוליער-סטודענט, און זיך אָנגעהמענדיג מיט עקשנות און מיהזאַם צוזאַמענגעהמענדיג די גאַנצע ענערגיע זיינע, האָט ער דעם בריף אַוועקגעטראָגען צום פּאָסט-קאַסטען און מיט האַרץ-קלאַפעניש אַהין איהם אַריינגעוואָרפען.

אַצינד איז שוין די ענטשיידונג געמאַכט געווען.

דעמזעלבען טאָג האָט ער אפילו צוואַנציג מאָל חרטה געהאַט, וואָס ער האָט דעם בריף געשריבען; פונקט אַזוי אָפט האָט ער אָבער גלייכצייטיג זיך געפיהלט בעפרידיגט מיט דער ענערגיע, וואָס ער האָט געהאַט, דאָס צו טון.

אָבער ווען עס האָט דער אָווענד זיך אָנגערוקט און קיין בריף איז נישט אָנגעקומען, איז ער אומרוהיג געוואָרען; ווייל ער האָט פערשטאַנען, אַז נאָך אָט דעם בריף, ענטוועדער העלענע וועט זיין זיינע אינגאַנצען, אָדער ער וועט זי שוין קיינמאָל מעהר נישט זעהן.

ס'איז איהם דערפון זעהר שווער געוואָרען אויפ'ן האַרץ; דען ער פיהלט אַצינד, ווי צוגעבונדען ער איז געווען צו אָט דעם בלאָנ-דען בלאָה-אויגיגען מיידעל, וויפיל גליקליכע שעה'ן ער האָט מיט איהר דורכגעלעבט, דורכגעלאַכט און דורכגעשמועסט, וויפיל האָלדע ליבעס-ערינערונגען און וויפיל יונגע ליידען ס'האָבען זייביידען פער-בונדען.

אַלאַנגע רייה זיסע ערינערונגען פליהען אָן אין דער פאַנטאַזיע זיינער, און זיי אַיילען פאַרביי אין אַפערשידענפאַרביג געפלאָנטערטען ווירוואַר, דער זכר פון אונצעהליגע גליקס-מינוטען, פערבלייכ-טע פאַרבען, פערשטומטע טענער; דאָס אַלסדינג האָט אין איהם אַרויסגעפישופט אַ שטילע, זיסע מעלאַנכאָליע, אַזוי ווי עס פלעגט אין די דעמערונגס-שעה'ן אָפט מיט איהם טרעפען, ווען ער האָט מיט אַ

וועהמוטיגען שמייכעל און פערמאַכטע אויגען געטראַכט פונ׳ם פער-פאַלען געוואָרענעם גליק זיינעם...

פונ׳ם געפלאָנטער אין זיינע עמפּינדונגען האָט ער זיך צוריק אַרויסגעקריגען צו דער ווירקליכקייט דערמיט, וואָס ער איז אַוועקגע-גאַנגען אויף דער קנייפּע. דאָ האָט ער זיך מיט זיין אונערפאַהרענ-קייט און האַרצענס-אַנגסט געווענדט צו שליפען, וואָס איז זעהר געניט געוועזן אין ליבעס-זאַכען, דערצעהלענדיג איהם וועגען בריף.

„פאַס״ לויבט זעהר דעם קוראַזש זיינעם.

„הער נאַר, לופוס״, זאָגט ער איהם נביאות, „פאַה, די פרויען! זיי ווילען עס אַליין. דערצו אַזאַ געשעפטס-מיידעל! נע, אַזעלכע איז פאַרטיג, אַז עפּעס אַ רעכטער ביר-עהרליכער ביר-בורש וואַרפט אויף איהר אַנ׳אויג. דאָס מיידעל איז פאַף! געוויס! אַלע זענען זיי אַזוי! אַמאָל הערט זי זיך אָן ביי איהרע חבר׳טעס. נע, זיי זענען דאָ אין בערלין אַלע אַזעלכע דורכגעטריבענע, דו האַלטס נאָר אויפ׳ן אויג, וועסט זי האָבען! — נע, מאַך דאָך נישט קיין מינע, ווי אַ פערליב-טער פראָש קעגען דער לבנה, אָדער ווי אַ קאָטער, ווען עס דונערט; מאָרגען, קאָן זיין, נאָך נישט, אָבער אין אַכט טאָג, זאָג איך דיר, האָסטו זי! וועסט זעהן, צי כ׳בין נישט גערעכט! פאַה, די פרויען! אָבער דערנאָך זאָלסטו זי מיר אויך וויייזען, און מיר וועלען אַלע דריי דעמאָלט אַ גאַנץ אַכטעל אויסזויפען. אַ גאַנץ אַכטעל, לופוס!״

דעם אַנדערן טאָג איז קיין בריף נישט אָנגעקומען.

„פאַס״ איז טאַקי ווירקליך גערעכט געוועזן.

און נאָך אַ טאָג שפּעטער איז אויך נישט אָנגעקומען קיין בריף, דעם 12-טען פעברואַר אויך נישט. אַצינד איז ער געוואָרען ביי זיך געפאַלען.

ס׳איז אַ גאַנצע וואָך פערגאַנגען, און נישט ער האָט אַ ידיעה דערהאַלטען, נישט ער האָט זיך מיט איהר געקאָנט זעהן; דען, זעהט אויס, אַז זי האָט עקסטרע אויסגעקליבען אַנ׳אַנדער וועג אַהיים צו געהן.

ס׳איז נאָך אַ וואָך פערגאַנגען און ס׳איז פון איהר קיין שום ידיעה נישט געוועזן.

ס׳איז שוין די דריטע וואָך געגאַנגען, און לעאָ האָט ערשט אָנגעהויבען גלויבען, אַז ס׳איז שוין אַלסדינג אויס, אַלסדינג אויס.

ער האָט זיך פערשאָלטען, וואָס ער האָט געשריבען דעם בריף,

פערשאָלטען דעם ווילען זיינעם און זיך אַליין. עס זענען געווען שעה׳ן, ווען ער האָט אַזוי געגאַרט און געבענקט נאָך איהר, און אַז ער האָט זיך מיט אַלע כחות געצוואונגען צום אַרבייטען, האָט זיך אין זיינע געדאַנקען פּלוצלונג בעוויזען דאָס בלאַסע, בלאָנדע קעפּעל איהרס, מיט אַזעלכע אויגען, פול אַנגסט, אַזוי פרעגענדיג און פערוואונדערט.

באַלד איז שוין געהאַט פערגאַנגען דער גאַנצער מאָנאַט פעברואַר, דער איינציגער מאָנאַט, וואָס ער האָט אַזוי אָנגעשטרענגט געאַרבייט. דאָס האָט איהם איבערפולט מיט אַ כמעט נאַאיווער פרייד, אָבער דער פערלוסט פון זיין האַרץ איז נאָך פיל שטאַרקער געווען.

ער האָט זי נאָך אַלץ נישט געזעהן און נאָך אַלץ פון איהר קיין בריף נישט דערהאַלטען.

דאָ איז ער שוין אינגאַנצען פערצווייפעלט געוואָרען; עס איז שוין אויס, אַלצדינג שוין אויס!

נאָכאַמאָל צו איהר שרייבען? — בליצט אין איהם איינמאָל אויף, ווי דער לעצטער בעטענדיגער געדאַנק... געוויס, דעמאָלט האָט ער זי ווידער צוריק, אָבער... ניין, זיין טראָץ דערלאָזט עס נישט. איהם דאַכט זיך, אַז ער וועט זיך דערמיט צופיל אונטערגעבען. זאָל זי נישט מיינען, אַז ער האָט זי מעהר ליב, ווי זי איהם. ער איז דאָך שטענדיג געווען איינגעגלויבט, אַז איהר ליבע איז אינ׳גסטער און טיפער פאַר זיינע.

בלויז אַ שוואַכע האָפנונג דערוועקט זיך איהם אינ׳ם האַרצען, אַ האָפנונג אַ שוואַכע, אַ פיינע...

זי דאַרף דאָך וויסען, אַז עס ענדיגט זיך דעם ערשטען מערץ דער ווינטער-סעמעסטער, אַז עס הויבען זיך אָן די קאַניקולען, און אַז אויף די צוויי מאָנאַטען פאָהרט ער דעמאָלט אַהיים. און וועט זי זיך וועלען דעריבער מיט איהם זעהן, דאַן מוז עס געשעהן באַלד; ווייל אין די ערשטע טעג פון מערץ וועט ער אָבפאָהרען פון דאַנען.

אָבער ווען נישט, נו, דאַן איז שוין טאַקי אַלצדינג אויס, יאָ, דאַן איז שוין טאַקי אַלצדינג אויס.

עס קאָן דאָך אָבער זיין, אַז זי ווייסט גאָר נישט, אַז ער פאָהרט אָב. יאָ, דאָס קאָן דאָך אויך מעגליך זיין.

און אָט זיצט ער שוין ביים טיש און שרייבט אַ קליינע קאַרטע, אין וועלכער ער גיט איהר איבער זיין „זיי געזונד״. אַזוי ווי פון איהר שווייגען זעהט ער אַרויס, אַז זיי וועלען זיך שוין נישט זעהן מעהר,

דעריבער ערלויבט ער זיך אין טאָג פון זיין אָבפאָהרען, איהר צו שיקען אַצינד דעם לעצטען „זיי געזונד". אויב זי האָט עפּעס אַ כעס קעגען איהם, אַזוי זאָל עס זיין קעגען איהם פּערזענליך, נישט קעגען דעם „יוד" אין איהם.

„אין טיפסטער דאַנקבאַרקייט פאַר די טויזענד געמיינזאַמע זיסע ערינערונגען,

בלייב איך אייער

לעאָ וואָלף, קאַנד. פיל."

דאָס איז אַפילו אַ ביסעל צו סענטימענטאַל, ס'איז איהם אָבער געפאָלען אַזוי.

געשריבען האָט ער עס שבת-צונאַכטס, דעם 28-טען פעברואַר.

דערמיט איז שוין אַלסדינג אויס געווען, אַלזאָ, אַלסדינג אויס.

ווי ס'האָט איהם אָט אָ דאָס „אַלסדינג אויס", אָט אָ די קליינע, איינפאַכע ווערטער ביים האַרץ פּערנומען! ער האָט אַזוי געבענקט נאָך איהר אָנבליק, אַצינד, ווען ער האָט איהר דעם לעצטען לעבענס-צייכען, דעם לעצטען „זיי געזונד" צוגעשיקט!

ווען זי וואָלט אַצינד, אין אָט דער האַרציגער שטימונג, געשריבען צו איהם: „קום צו מיר!" גלייך וואָלט ער אַוועק צו איהר מיט דעם איבערפולטען האַרץ זיינעם, ער וואָלט די הענט איהרע, דיביידע פיינע שלאַנקע הענט אָנגעכאַפּט און הייס זיי געקושט. דאָס וואָלט אַצינד איבערגענוג געווען פאַר איהם, פאַר איהם, וואָס מיט עטליכע טעג צוריק האָט ער אַזוי איינגעשפּאַרט געפאָדערט „גאָר אָדער גאָרנישט".

און אָט איז טאַקי געבליבען, אַז „גאָרנישט".

ס'איז שוין געווען אַלסדינג אויס.

גאַנצע טעג פלעגט ער אין זיין צימער אָבזיצען און דעם פּערקעהר מיט זיינע קוליער-ברידער האָט ער פאַר דער צייט אויסגעמיטען, אויף וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

די איינציגע פרייד זיינע איז געווען די אַרבייט, צו וועלכער ער האָט אַצינד געפיהלט אין זיך אַ זעלטענע ענערגיע.

אַזוי איז ער אויך דעם גאַנצען שבת-צונאַכטס אין זיין צימער געבליבען. די לעצטע קאַרטע האָט ער נאָר-וואָס אין פּאָסט-קאַסטען אַוועקגעלאָזט און דערמיט האָט ער זיך געסטאַרעט צו בערוהיגען, אַזוי ווי ער וואָלט דערין אַנ'ערלייכטערונג געפונען.

זונטאָג האָט ער דעם פריה-טרונק פערזוימט. דעריבער איז ער אַוועק שפּאַצירען אין זאָאָלאָגישען גאָרטען אַריין. ס'איז אַ שיינער, קלאָרער ווינטער-טאָג געווען, וואָס האָט די ערד שטייף צוזאַמענגע-פרעסט, אַז פון אונטער די טריט אָפּער האָט אַ פערשטיקטער טאָן אָב-געקלונגען, אַזוי ווי די ערד וואָלט זיך פערנומען צו געבען אַ וואָרף אַראָב פון זיך די מענשען, וואָס טאָפּטשען אויף איהר אַרום. פון אוי-בען האָט אַ קלאָרער הימעל אַראָבגעקוקט, און הינטען ביים האָריזאָנט איז די ווינטערדיגע זון געשטאַנען און דורך דער אַרומגעראַהמטער פייער-שויב אַראָבגעגליהט אויף דער פערשטאַרטער ערד אַראָב. די ביימער זענען בעדעקט געווען מיט געפריהר, ווי מיט טייערע, פיינע זילבער-אַרבייט, און די קאָנטורען פון די שלאַנקע צווייגען פערווישט.

קיינמאָל האָט ער נאָך נישט געזעהן אין בערלין אַזאַ שיינעם ווינטערדיגען זונטאָג, ווי היינט, ווען ער איז אַריינגעקומען דאָ אין דעם גרויסען, מענשען-לעערען וואַלד אַריין. שעהנלאַנג האָט ער אַזוי אומגעוואַנדערט, ביז ער איז צוגעקומען אין שאַרלאָטעבורג.

ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט זיך שוין געהאַט דערווייל אָנ-געררוקט דער פאַרנאַכט.

אַז ער האָט זיך צוגעזעצט צום קלאַוויר און אָנגעהויבען לייכט צו פאַנטאַזירען, האָט ער געהערט, ווי די קינדער, פריץ און ליזע, זענען דעם קאָרידאָר דורכגעלאָפען און זיך געשטעלט הינטער דער טיר און לוישען צו זיין שפּילען.

גלייך דערויף גיט ער אַ עפען אויף די טיר און צולאַכט זיך הויך אויפ'ן קול, אַז ער זעהט ווי די בלאָנדע קייכעדיגע קעפּלעך זייערע האָבען זיך צוריקגעהאַפּט.

„נע, קומטס אַריין אַהער! אָבער שטיל, אָרענטליך זאָלט איהר מיר זיין און צוהערען!" ער צינדט אָן די לאָמפּ.

און באַלד האָט ער זיי גענומען פאָרשפּילען אַלע קינדערשע לידער, וואָס ער האָט געקאָנט. ס'האָט איהם שרעקליך הנאה געטון, אַז ער האָט בעמערקט, ווי די קינדער האָבען פונ'ם קלאַנג-געווימעל צוריק דערקאָנט זייערס אַ בעקאַנט ליד. ער וויל היינט פרייליכע פּנימער אַרום זיך זעהן, אַז פון זייער פרייד זאָל זיך אויך אין זיין האַרץ אָבשלאָגען אַ ביסעל זונען-שיין.

באַלד אָבער האָט פרוי פעטערס צוריק אַריינגענומען די קינדער. מען דאַרף זיי איבערטון, ווייל זיי געהען היינט אַוועק צו געסט.

לעאָ איז דערפון געוועזן צופרידען. ער בלייבט דעם גאַנצען אָוועגד אַליין מיט זיך און זיינע געדאַנקען. אויך וויל ער היינט שרייבען אַ בריף צו זיין דירעקטאָר און לעהרער, איהם אויסצודריקען די פרייד זיינע, וואָס ער ציהט זיך איבער קיין בערלין, און דאַן ווידער אַ גרויסען-גרויסען בריף שרייבען צו ריכאַרדען, וועגען זיין צוגעהן זיך מיט העלענען.

צו דעם האָט ער געדאַרפען רוהע און איינזאַמקייט.

אַזוי פאַמעליך איז דערווייל געוואָרען זעקס און זיבען אַ זייגער.

ער איז געוועזן אויסגעשטרעקט אויף דער סאָפע און צו דער סטעליע אַרויפגעקוקט. נעבען איהם אויפ'ן טיש איז גרייט געוועזן פאַפיר און פעדער און דערביי דער קליינער טינטער. ער האָט נישט געהאַט נאָך קיין וואָרט אָנגעשריבען. ס'האָט איהם אַנ'אַנגענעהמע מידיגקייט צוגעשמידט געהאַלטען, אַז ער האָט זיך קוים געקאָנט ריהרען.

דער אויוועזן פערשפרייט אַ ליבע, אַנגענעהמע וואַרימקייט, עס קלאַפּט דער זייגער גראַוויטעטיש *) דעם טיק-טאַק זיינעם, און עס ברענט די לאָמפּ אַזוי היימליך.

וואָס ער טראַכט אַצינד, איז פאַר איהם עפּעס אַזוי אומבעשטימט, עפּעס טרוימט זיך אין זיינע געדאַנקען, אַליין נישט וויסענדיג פון וואָס...

...אינדעם הערט זיך אַ קלינגען, אַזוי שוואַך און פיין.

ער צאַפּעלט אויף. ס'איז איהם די שטערונג אַצינד אונאַנגע-נעהם. מסתּם אַ קוליער-ברודער, טראַכט ער זיך.

און לאַנגזאַם געהט ער דעם קאָרידאָר דורך און עפענט די טיר.

ער בלייבט ערשטוינט. פאַר איהם שטעהט העלענע.

זי רעדט נישט קיין וואָרט. זי עטעמט נאָר טיף אָב.

„וואָס שטעהען מיר ביי דער טיר?"

עס פערמאַכט זיך די טיר הינטער זיי. זי האָט נאָך אַלץ נישט קיין וואָרט אַרויסגערעדט.

„לייג דערווייל אַוועק די זאַכען, העלענע!" רעדט ער צו איהר

*) גראַוויטעטיש — ערנסט, פייערליך, פול ווירדע.

מיט אַ הייזעריג קול, אַריינגעהענדיג מיט איהר צו זיך אין צימער אַריין, „קום, לייג אַוועק".

און מיטביידע הענט נעהמט ער איהר אַראָב דעם רעמבראַנדט-הוט, דאַן דעם פעלץ-קראַגען און דעם ווינטער-זשאַקעט.

מעכאַניש לאָזט זי עס איהם פון זיך אַראָבנעהמען, נאָך אַלץ נישט אַרויסרעדענדיג קיין איין וואָרט.

באַלד זענען זיי געשטאַנען ביידע ביים טיש, און די שיין פון דער לאָמפּ האָט העל בעלויכטען דאָס געזיכט איהרס, וואָס איז אַזוי בלאָס געוועזן, אַז ער איז דערפון גערירט געוואָרען.

„וואָס מאַכסטו עפּעס, העלענע? פאַרוואָס זעצטו זיך נישט?" וואָגט ער שטיל צו בעמערקען, ווייל ער האָט נישט געוואוסט אַלץ, ווי זאָל ער זיך איהר שווייגען אויסטייטשען.

זי שטעהט נאָך אַלץ ביים טיש. אַז ער נעהמט זי מיט'ן רעכטען אָרעם זיינעם לייכט אַרום פאַר דער טאַליע, פיהלט ער, ווי זי ציטערט אויף.

„וואָס מאַכסטו, לענעשי?" פליסטערט ער ווידער, און דערביי קוקט ער איהר צערטליך-בעזאָרגט אין געזיכט אַריין.

זי פאַלט איהם אויפ'ן האַלז אַרויף און וויינט און שלוכצט און בלייבט אָהן כחות, אַז ער מוז זי אַרומהאַלטען מיט ביידע אָרעמס זיינע.

„כ'האָב דיך דאָך אַזוי ליב, לעאָ".

ער מיהט זיך זי צו בערוהיגען. אָהן אויפהער מוז ער איהר איבער'חזר'ן, אַז ער האָט זי נאָך ליב, אַז ער איז צו איהר דער-זעלבער וואָס פריהער.

און ווי זי זיצט נעבען איהם אויף דער סאָפע און בעשווערט איהם מיט טרעהרען אין די אויגען, ער זאָל איהר זאָגען, צי ער וועט זי ליבען, צי ער וועט איהר טריי בלייבען, און ער, איבערפולט פון צערטליכקייט און דאַנקבאַרקייט, קושט איהר דערויף די הענט, נעהמט זי פלוצלונג אַרום דעם קאָפּ זיינעם און פרעסט איהם מיט'ן גאַנצען כח צו איהר ברוסט צו. דאַן בויגט זי צו זיין אויער צו דעם מויל איהרען און מיט'ן גאַנצען בלוט אין געזיכט שעפּטשעט זי איהם אַ פּאָר ווערטער, אַז ער שפּרינגט גלייך אויף מיט אַ יובעל-געשריי און ווי אַ פערשיכורטער האַפּט ער זי אַזוי אונזיניג-ליידענשאַפטליך קושען,

אַז זי בלייבט ליגען אויף דער סאָפע שוואַך און קראַפטלאָז און כּמעט שמערצליך שפּילט אַ שמייכעל אויף די ליפּען איהרע...

דאַן אָבער האָט זיך דאָס פלאַטערן פונ'ם פייער אין לאָמפּ נישט געזעהן שוין מעהר, אין צימער איז פינסטער געוועזן, און בלויז פונ'ם אויוועזן האָט זיך אַלץ נאָך די ליבע אַנגענעהמע וואַרימקייט פערשפּרייט, און דער זייגער קלאַפּט נאָך אַלץ ווייטער דעם גראַוויטעטישען טיק-טאַק זיינעם...

— — — — — — — — — — — — —

ווען לעאָס ווירטס-לייט האָבען זיך אַרום האַלב צעהן צוריק אומגעקעהרט אַהיים, האָט העלענע פערשלענגעלט איהרעביידע אָרעמס אַרום איהם מיט אַזאַ שרעקליכער קראַפט, אַזוי ווי זי וואָלט וועלען אָן איהם זיך בעשיצען.

אין איהר אויער קלינגט אָב ליזעס דינע קינדערשע שטימע.
אַ ציטער לויפט איהר דורך איבערן גאַנצען קערפּער.
„וואָס איז דיר, ליב מיינס?“ פליסטערט לעאָ בעזאָרגט.
„גאָרנישט, גאָרנישט!“ שעפּטשעט זי צו איהם.

און ער האָט נישט געזעהן, ווי צוויי גרויסע טרעהרען זענען איהר אויף די באַקען אַראָבגעפאַלען...

— — — — — — — — — — — — —

## צוועלפט קאַפּיטעל.

אַצנד קען ער שוין נישט אָבפּאָהרען. און ער וויל עס נישט אויך. און ער שרייבט אַוועק אַהיים אַ לאַנגען בריף, אַז ער האַלט אין מיטען זיינע אַרבייטען און ער קאָן זיך נישט אָבּרייסען פון זיי און אין דער היים קאָן ער זיי נישט מאַכען, ווייל ער מוז האָבען צו דעם די קיניגליכע ביבליאָטעק. דעם אַנדערן סעמעסטער וויל ער אָנ-קומען אין פילאָזאָפישען סעמינאַר, ווייל ער וויל זיך פאָרבערייטען צום דאָקטאָר-עקזאַמען; קורץ, ער האַט אַזויפיל מאָטיווען געבּרענגט, אַז דער פאָטער האָט אין צווייטען בריף איבער געוואַלט זיין „יאָ" גע-געבען און האָט איהם אויף די צוויי קאַניקולען-חדשים, מערץ און אַפּריל, געלאָזט בלייבען אין בערלין.

מאַנכע מאָטיווען און טאַטזאַכען, וואָס ער האָט געבּרענגט, זענען אַפילו חשוד אויף פאַלש. אויך ווערט איהם אַ ביסעל אונאַנגענעהם, ווען ער דערמאָהנט זיך אָן זיין פריינד ריכאַרדען, וואָס פערברענגט שטענדיג מיט איהם צוזאַמען די קאַניקולען-צייט אין זייער היימאַטס-שטעדטעל. איהם קאָן ער דאָך אַזאַ בריף ווי דעם פאָטער נישט שריי-בען, דערויף קאָן ער איהם דורך און דורך. און דעם ריינעם אמת שרייבען קאָן ער דאָך איהם אויך נישט. ווי פערוואונדערט וואָלט ער אויף איהם מיט'ן קאָפּ צוגעשאָקעלט, ווען ער זאָל וויסען, אַז די האָ-ביג-וואָכען פון זיין ליבעספערהעלטניס איז עס די איינציגע אורזאַך, וואָס האַלט איהם אַזוי פעסט אין בערלין!

ווי גערן וואָלט ער זיך אַצינד מיט ריכאַרדען געזעהען! מען וואָלט דאָך ווידער דאַן געהאַט טויזענד פרעכטיגע רעמיניסצענצען *) צו

*) רעמיניסצענץ — ערינערונג, געקומענעס פון דער ערינערונג.

פייערן, וועגען לייכטע און ערנסטע זאכען זיך דורכצופלוידערן, מיט איהם, דעם איינציגען, פאר וועמען ער שעמט זיך נישט צו ענטפלע-קען דאס סאמע טיפסטע און אינערליכסטע זיינע.

אבער די אלע נאכקלערענישען פערפליהען, ווי פאפיר-שניצלעך אין שטורם-ווינד, פאר זיין יונגען ליבעס-גליק. גראד צוליב דער זעלטענקייט און וואס זיי זענען געווען אזוי פארזיכטיג נישט בע-מערקט צו ווערען, דאס אליין האט נאך פערשטארקט דעם טיפען רייץ פון דעם און האט זיי דערמיט איינס צו דאס אנדערע נאך פעסטער צוזאמענגעבונדען.

לעא ענטדעקט אלעמאל טויזענד נייע שיינהייטען אין איהר, טויזענד נייע זעעלישע מעלות, וואס מאכען איהם זי וואס אמאל אלץ טייערער און ליבער. צום ריהרענדסטען איז זי איהם געווען מיט איהר נאאיווקייט, מיט איהר צניעות, זאגאר אין דערליידענשאפט-ליכסטער איבערגעבונג. ער האט געהאט דערפאר אזא פיין אויסגע-בילדעטען, עסטעטישען אינסטינקט, אז דורך א וואָרט נישט אזוי צארט, דורך איינאיינציגע נישט-איידעלע בעוועגונג, זאל ער עס באלד קאנען דערפיהלען אבשטויסענד. ער האט אויך פחד געהאט, אז ווי ביי אלע ליבעס-פערהעלטניסען נאך דער דערגרייכונג פון ציל, וועט געוויס זיין צונייגונג דאן שוואכער ווערען. דאס אלץ איז אבער נישט געווען. אויף קיין איינציגען אויגענבליק האט זי אין זיינע אויגען נישט אויסגעוויזען צוליב דעם וויניגער אכטונג ווערט צו זיין, אצינד, ווען זי איז שוין אינגאנצען זיינע געווען.

אז זי האט זיך אמאל פאר איהם געקלאגט, דאס אצינד מוז ער זי שוין געוויס וויניגער אכטען, חאטש זי האט עס געטון אויס ליבע צו איהם, דאן האט ער איהר קאפ צווישען ביידע הענט זיינע גענו-מען, זי צערטליך אנגעקוקט, פאר די ראזיגע אויערן געצויגען און זי אנגערופען קינדעריש קעפעל. און דערויף האבען זיי ביידע דאן אזוי לוסטיג געלאכט, און זי האט זיך געפיהלט בערוהיגט.

— — — — — — — — — — — — — —

„דו זאלסט מיט קיין אנדערע נישט געהן", שרייט זי צארנדיג און קלאפט דערביי אויפ'ן טיש מיט דעם לעפעלע פון דער שאקאלא-דען-טאסע.

„אבער קינד, בערוהיג דיך! דאס איז דאך נאריש. כ'האב דאך

דיר אָט ערשט דערצעהלט, ווער ס'איז די פריילין בערגער. דו האָסט דאָ גאָרנישט קיין שום גרונד אייפערזיכטיג צו זיין!"

„אַך, אייפערזיכטיג. כ'בין גאָר נישט אייפערזיכטיג, נישט דאָס מינדסטע", ווענדט זי שנעל אָב און פערציהט די אויבערשטע ליפ. אָבער די אויגען איהרע האָבען זי אויסגעגעבען. ער לאַכט דערויף. „נע, אַז דו ביסט נישט אייפערזיכטיג — ווייסטו דאָך עס — נע, פאַרוואָס ביזטו דען אַזוי בייז? ס'איז דאָך אַ גאַנצע געשיכטע דערביי! אַרום צוועלף אַ זייגער קום איך אַרויס פון דער ביבליאָטעק, געה דורך דער לינדען-גאַס, פרידריך-גאַס, לייפציגער-גאַס, און בעגעגען פריילין בערגער. נע, און דיר האָב איך דאָך שוין דערצעהלט, אַז דער פאָ-טער איהרער, מיין לעהרער, דאַרף נאָך היינטיגע וואָך פיללייכט איבער-מאָרגען שוין אָדער ערשט דעם 13-טען אַפּריל זיך איבערציהען דאָ אַהער קיין בערלין. נע, האָב איך זי בעגלייט, כדי געוואָהר צו ווע-רען, ווען דאָס געשיהט ווירקליך, אין מיטען אַפּריל, צי סוף אַפּריל. נע, האָט זי מיר ערשט געזאָגט, אַז טאַקי שוין איבערמאָרגען! דאָס איז דאָך פאַר מיר זעהר וויכטיג געווען. און אַז דו וואָלסט אונזביידע, ווען דו ביזט פאַרביי אונז דורכגעלאָפען, בעסער געניי אָנגע-קוקט, וואָלסטו גלייך געקאָנט דאַן זעהן, אַז מיר זענען נישט מעהר ווי גוטע בעקאַנטע. נע, בלאָנד-קאָפּ, זיי זשע צוריק גוט..."

„אָבער דו זאָלסט שוין מעהר נישט מיט איהר געהן, לעאָ!" האָט זי ווידער שטאַרק בעטאָנט. „דו ברויכסט גאָר נישט צו לאַכען דעריבער, לעאָ! כ'בין נישט אייפערזיכטיג".

„נע, כ'בין נייגיריג צו הערען, וואָס וועסטו שוין זאָגען, אַז כ'וועל עפּטערס אַריינגעהן צום דירעקטאָר בערגער. דאָרט וועל איך געוויס גאַנץ אָפט איינגעלאַדען ווערען, וועל איך דאָך מוזען אַהינ-געהן. ר'איז דאָך מיין ליבסטער לעהרער, דער אַלטער דירעקטאָר. און ווען זאָלסט וויסען, ווי שרעקליך גוטמוטיג ער איז! נאָך אַזאַ מענש איז אויף גאָר דער וועלט נישטאָ! אַז אפילו דאָס קלענסטע יונגעל גריסט איהם, ציהט ער דעם הוט פאַר איהם. און אַזעלכע שניי-ווייסע האָר און אַזאַ לאַנגע, ווייסע באָרד. ער האָט געוויס אויפ'ס לעבען נישט קיין יונגעל געשלאָגען! ער וועט זיך קיינמאָל נישט ערלויבען, איינעם צו פערטשעפּען. און אַרבייט נאָך דערצו פון בעגינען ביז נאַכט. — אָט זעהסטו, ווען כ'וועל אַהינצו ווערען איינגע-לאַדען... איז דאָרט די גרעטע..."

„מיינסט געוויס פריילײן בערגער? אַצינד רופסטו זי שוין ביים פאָרנאָמען?" דערביי וואָרנט זי איהם מיט'ן טייט-פינגער, האַלב אומ-צופרידען און האַלב דערפרייט, וואָס אַצינד האָט זי איהם ווידער ביי אַ ניי פערברעך געפּאַקט, „גרעטע איז איבערהויפּט אַזאַ שרעקליך מיאוסער נאָמען, נישט?"

„און אַצינד איהר שטיפמוטער! פיר און דרייסיג יאָהר העכ-סטענס. און אַזאַ פּאָמפּעזע *) פרוי, זאָג איך דיר. הויך, פול, און דערצו נאָך אַ פּאָר אויגען! איינפּאַך פאַמאָז **)!

ער האָט זי עקסטרע געמאָלט פאַר איהר אין אַזעלכע גלענצענדע פאַרבען, כּדי דערמיט נאָך מעהר אויפצורייצען די אייפערזיכט איהרע, ווייל איהם געפעלט עס אונגעהייער, אַז זי ווערט אין כּעס. דאָס בלייכע געזיכט איהרס בעקומט דעמאָלט אַזאַ צאַרטע רויטקייט, און די רויטע ליפּען איהרע עפענען זיך און ציטערן אַזוי, און די שטענ-דיגע ווייכע האַלטונג פון איהר ווערט שטייף, שטרענג, אַז איהרע בריסט בעווייזען זיך פול און פלאַסטיש און בעוועגען זיך אויף און אָב פונ'ם האַסטיגען עטעמען. דעמאָלט קריגט זי פּלוצלונג אַזאַ כּח אין זיך, אַז ווען זי גיט איהם אַ קניפּ אין אָרעם אָדער אין האַנט, טוט עס איהר טאַקי פּשוט וועה.

אַצינד וואונדערט ער זיך, וואָס זי ווערט נישט אין כּעס, אַז ער לויבט אַלץ מעהר און מעהר די שיינע פרוי דירעקטאָרין. זי איז אַ געפעהרליכע פרוי, עס שטעקט געוויס עפּעס אַ כּישוף אין איהר. אין גאַנצען שטעדטעל האַלט מען נאָר אין איין רעדען פון איהר, חאָטש קיין שלעכטס האָט קיינער נישט אויף איהר צו זאָגען.

זי האָט אָבער פעסט געשוויגען און אויף זיינע פראַגען נישט גערן געענטפערט. ביז ער האָט אינגאַנצען אומגעביטען דעם שמועס, און זיך גענומען נאָכפרעגען אויף איהר חבר'טע מאַריע, צי זי געהט נאָך מיט'ן סטודענט איהרען; ער זאָל האָבען געהערט, אַז דער אָ איז אויסגעשטראָכען געוואָרען פון דער סטודענטען-ליסטע און איז אַצינד אָבגעפאָהרען אין זיין היימאַט, כּדי דאָרט אַריינצוטרעטען אין זיין פאָטערס פאַבריק.

דאָס האָט זי ווידער געוואַלטיג אינטערעסירט.

---

*) פּאָמפּעז — פּרעכטיג. **) פאַמאָז — בעריהמט, וואָס ס'ווערט דערפון פיל גערעדט.

„נו, מאַריען האָב איך שוין נישט געזעהן פון דעמאָלט אָן, זינט מיר האָבען זיך צוקריגט! און שוין צוויי-דריי מאָנאַטען, קאָן איך דאָך נישט געהן צו איהר זיך איבערבעטען! זי קאָן דאָך צו מ י ר קו- מען! אָבער דאָס אָ מיט׳ן סטודענט טוט מיר אַזוי לייד! — כ׳האָב איהר אָבער דעמאָלט געזאָגט! עלענדע מאַריע! כ׳ווייס גאָרנישט, וואָס זי האָט אין דעם מענשען דערזעהן. און זי האָט איהם אַזוי ליב גע- האַט, אַז זי האָט פון די עלטערן איהרע געוואָלט אַוועק...״

„נע, אַזוינס טוט דאָך נישט אַנ׳אָרענטליך מ י י ד ע ל ע, כ׳וואָלט זי שוין נישט וועלען קאָנען״, און דערביי האָט ער זי לאַכענדיג אָנ- געקוקט.

„ניין״, לאַכט זי אויך, „דאָס וואָלט איך נישט געקאָנט טון. כ׳וואָלט זיך געשעמט פאַר לייטען צו ווייזען. מיין מאַמאַ קריגט זיך אפילו אַלעמאָל מיט מיר, איך פערשווייג איהר אָבער, און עמאַ, די שוועסטער מיינע — אוי, איז זי אַ שרעקליכע נישט-פערגינערין און אַ פליאָטקע-מאַכערין! זי דערצעהלט אַלצדינג דער מאַמאַ! אָבער דעם פּאַפּאַ האָב איך ליבער פאַר אַלע, זאָלסט זעהן, וואָס פאַר אַ גוטער ער איז! שטענדיג איז ער אַזוי שטיל און די מאַמאַ זאָגט די גאַנצע דעה. ערשט האַנס, מיין ליבער, קליינער האַנס! איז דאָס אַ שייגעץ! זאָל איך איהם אַמאָל מיטברענגען? יאָ? זאָל איך עס טון, לעאָ? אַז מיר וועלען געהן שפּאַצירען? איז דאָס אַ שפּיל-מויז! קויפט מען איהם וואָס, עפּיס אַ שפּילעכעל, מוז ער גלייך אַ קוק טון, וואָס איב- וויינינג טוט זיך, און שוין, ס׳איז קאַפּוט, גיט עס באַלד אַ שנייד דורך מיט דער שער און שלעפּט אַלץ אַרויס, ס׳איז דאָך נישטאָ גאָר נאָך אַזאַ יונג!״

מיט׳ן גאַנצען האַרץ לאַכט ער אויף דורך איהר געפּלוידער, און זי פרייט זיך, וואָס ער איז זיין אַזאַ גוטער „לויבע״. נאָר אַז ער פרעגט זי, פאַרוואָס די מאַמאַ איהרע קריגט זיך אַזוי מיט איהר, וויל זי איהם נישט זאָגען, אָבער אין זיין פיין-שפּיריגען השד ביי אַזעלכע זאַכען חאַפּט ער זי אַזוי אויפ׳ן פערהער, אַז זי איז זיך באַלד פאַר איהם מודה, אַז די מוטער וויל נישט, זי זאָל זיך אַרומפיהרען מיט אַ „יוד״. זי איז אַזוי נייגיריג דעם נאָמען זיינעם צו דערגעהן, נאָר זי וויל איהר נישט זאָגען. און דער פעטער איהרער רייניקע, אַזוי דערצעהלט זי איהם, דאָס איז אַזאַ „שרעקליכער אַנטיסעמיט״, אַלעמאָל זידעלט ער זי, און די יודען, און איהם, לעאָן.

דאָס האָט ער אפילו פון לאַנג שוין פערשטאַנען און אויך פון לאַנג שוין געוואוסט, אָבער פונדעסטוועגען האָט איהם אָט אָ די נייע בעשטעטיגונג פון זיין חשד טיף געקרענקט. אין זיין צאָרן-געפיהל האָט עס שוין געהאַלטען דערביי, ער זאָל ווידער נעהמען ווערען אַזוי אומגערעכט קעגען העלענען און זי פייניגען מיט זיינע שטעך-רייד, פאַרוואָס זי, דאָס קריסטליכע מיידעל, האָסט איהם נישט אויך אַזוי ווי זיי, נאָר די ווערטער, וואָס זי האָט באַלד דערויף צוגעגעבען, האָבען איהם צוריק פרידליך געשטימט.

„אָבער דעם פאָריגען דאָנערשטאָג, דאַן האָב איך די יודען פערסיידיגט! יאָ, געוויס! דו ברויכסט גאָר נישט צו לאַכען! אַלצדינג, וואָס דו פלעגסט מיר זאָגען, האָב איך עס זיי געזאָגט. „זענען דאָך דאָ אויך שלעכטע קריסטען, אָט ווי דער טיץ נעבען אונז”, ער איז אַ רענטיער *), דער איז אויך אַ האַלזשניידער, און שוין „נישט קיין יוד”. אָט אָ דאָס האָב איך זיי געזאָגט! נע, דערויף איז דער פעטער רייניקע אויפגערעגט געוואָרען און געזאָגט: „דאָס איז דאָך אַנ׳אויס-נאַהם!” האָב איך איהם געענטפערט: „איז ביי יודען אויך פאַרהאַן אויסנאַהמען!” „ניין” האָט ער געשריען, „איז אפשר דיינער גאָר אָרענטליך?” נאָר דערויף האָב איך איהם שוין גאָרנישט געענטפערט און בין אַוועק אין מיין צימער אַריין און האָב זיך גענומען עפּיס לייענען. דעם גאַנצען אָווענד בין איך שוין מעהר נישט אַרויסגעגאַנגען! און מאַמאַ האָט אַזוי געזידעלט!...”

לעאָ האָט כמעט מעכאַניש זי איבער דער האַנט געגלעט. אָבער זיינע געדאַנקען זענען נישט געווען דערביי; דען זיינע אויגען האָבען, ווי גייסט-אָבוועזענד, שטאַר און פינסטער ערגיץ געקוקט פאַר זיך.

---

*) רענטיער — אַ פריוואַט-מענש, וואָס לעבט פון רענטען (פראָצענט פון איינגעלייגטען קאַפּיטאַל אין באַנק).

## דרייצעהנט קאַפּיטעל.

ווען לעאָ איז אַרויסגעקומען פון בלומען-קראָם, וואו ער האָט געקויפט נאָר-וואָס פאַר די פרוי דירעקטאָרין עטליכע ווייסע רויזען און צו זיי איינע אַ רויטע, פאַלט איהם איין, צי זאָל ער נישט מיטקויפען אַ בלום אויך פאַר דער פריילײן גרעטע בערגער. יאָ, זאָל ער גאָר צו איהר אַהינגעהן, כדי מיט איהר צוזאַמען צום באַהן-הויף צו פאָהרען, אָבצוּוואַרטען דעם פאָטער איהרען מיט דער שטיפמוטער, וואָס דאַרפען אָנקומען אַהער. ער האָט דאָך נאָך אַזויפיל צייט. געווען איז אַצינד דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג און אויפ׳ן אַנהאַלטער באַהן-הויף קומט דער צוג אָן ערשט פינף אַ זייגער מיט צוויי און צוואַנציג מינוט.

באַלד אָבער האָט ער זיך דערפון אָבגעזאָגט.

אָט אָ די יונגע, זעלטזאַמע דאַמע, רעדט ער הומאָריסטיש צו זיך אַליין, איז אַ פּראַכט-עקזעמפּליאַר פון די קאַלטע בלאָנדינקעס. „אַ לעבעדיגער אייז-צאַפּען!״ האָט זיך ביי דער לעצטער בעגעגעניש דורכגאַנד אַלץ פון מיר אָבגעזאָגט, מיך קיהל בעדאַנקט, אַז כ׳האָב איהר פאַרגעלייגט בייהילפיג צו זיין ביי דער איינריכטונג פונ׳ם וואוינונג פאַר די עלטערן, און ווען העלענע האָט דאַמאָלס פאַרבייגעאַיילט, האָט זי קוים אָבגעענטפערט אויפ׳ן גרוס איהרען. און נאָכדעם האָט זיך אויף איהרע ליפּען בעוויזען אַ מאָקאַנט *) שמייכעלע...

ניין, האָט ער בעשלאָסען. מיר רעוואַנשירען **) זיך. זעהט אויס, אַז אונטער האָרסטס השגחה בילדעט זי זיך אויס פאַר אַ פער-

---

*) מאָקאַנט — שפּאָטיש. **) רעוואַנשירען — בעצאָהלען, זיך נוקם זיין.

ביסענע אַנטיסעמיטקע, און זאָל זי שוין טאַקי אין מיר אָנטרעפען דעם געגנער איהרען.

יאָ, פוקס, ס'איז איהם זיין נאָמען גראָד אַצינד אויפ'ן זינען אַרויף, ער האָט איהר געהאָלפען דאָס וואוינונג אויפזוכען, ער מיט זיין פולער, נידעריגער טאַנטע, און האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס ערגערט ער זיך דעריבער, וואָס זיין צוהילף איז אָבגעזאָגט געוואָרען מיט אַ לייכטען אַקסעל-צוקען, חאָטש ער וויל עס זיך נישט צוגעבען און פּרובט אָבצולייקענען. זיין גאַנצער גדויל האָט זיך אין איהם דערוועקט געגען אָט אָ דעם בלאָנדען, אָט אָ דעם „אימפּערטינענטען *) בלאָנדען סוביעקט" האָרסט.

ער האָט איהם באַלד פון דער ערשטער מינוט אָן נישט גע-קאָנט איבערטראָגען; אָט אָ דאָס סיפיזאַנטע **), נישט קוקענדיג וואָס ס'איז יונג, שוין אַזוי זאַט פערגרעבטע פּנים, אָט אָ די אָבגע-פרעסטע און שטענדיג לאַקירטע פריזור, אָט אָ די שטענדיג פער-שפּיצטע און שטענדיג דינע העל-בלאָנדע וואָנסען, אָט אָ די גאַנצע בלויז אויסענווייניגסטע און אויסערליכע פּאַטענטקייט, וואָס האַלט דאָס לייטענאַנטענשאַפט פאַר אַנ'אידעאַל, אָט אָ דער פוסטער יונג, וואָס דערלאַנגט אַזוי העזה'דיג די האַנד ביים גריסען זיך און וואָס רעדט אַרויס דעם „ר" מיט אַזאַ גרילצענדיגען קלאַנג, דאָס אַלסדינג איז איהם אַזוי ווידערווילִיג געוועזן, בפרט אַז ער האָט מיט'ן פיינעם אינסטינקט זיינעם גלייך דערשפּירט דיזעלבע אָבנייגונג פונ'ם פוקס קעגען זיך, דעם יוד. דער פוקס איז נאָך אפילו קיינמאָל נישט אָפען קעגען איהם אַרויסגעטרעטען, דעסגלייכען האָט נישט געטראָפען, ער זאָל אין זיין געגענוואַרט אָבחוזקען אָדער אָבשפּעטען פון דער רעליגיע זיינער, ער האָט אָבער געהאַט די אַהנונג, אַז דאָס געשיהט אונטער די אויגען, אַז דורכ'ן פוקס איז אַריינגעבראַכט געוואָרען אינ'ם קוליער אַריין אַ לייכטער צוג פון אַנטיסעמיטישע טענדענצען. פריהער אָדער שפּעטער וועט עס צווישען איהם און האָרסטען מוזען קומען צו אַ קראַך; אַזאַ יונגען שנעק איז ער נישט בכח זיך אונ-טערצוגעבען.

---

*) אימפּערטינענט — אונפערשעמט, פרעך. **) סיפיזאַנס — זעלבסטצופרי-דענהייט.

ער איז פיל סעמעסטערן געוועזן אַקטיוו, ער האָט פאַר די וועסטפאַליע געקעמפט מיט'ן בלוט זיינעם. —

אין דער מאַניער זיינער, יעטוועדער געפיהל צוצוגריבלען, זענען איהם די לעצטע ווערטער פאָרגעקומען אַ ביסעל טעאַטראַליש, אָבער פאַקטיש איז עס טאַקי ריכטיג געווען, אַז ער האָט „געבלוטיגט“ פאַר דער „וועסטפאַליאַ“...

צו דעם נאָך איז דער בעסטער שלעגער, ריכאַרד מאַנצאָוו, דער בעסטער, דער ליבסטער פריינד זיינער געווען. און ער, לעאָ, האָט זיי פון מאַנכע געלט-פערלעגענהייטען „אַרויסגעראַטעוועט“, און פיל פון זיי גיט ער געלט, קיינמאָל עס נישט צוריקמאָהנענדיג! און אַצינד זאָל ער אָט אָ דעם אַריסטאָקראַטישען שנעק זיך אונטערגעבען?

קיינמאָל אין דער וועלט נישט!

מיט די אָ געדאַנקען שלענדערט ער לאַנגזאַם די לייפּציגער-גאַס דורך, דאַן אַריבער אויף דער ווילהעלם-גאַס, ביז צו דער אַנהאַלט-גאַס. ענדליך, עטליכע מינוט פאַר פיר אַ זייגער, איז ער אָנגעקומען צום אַנהאַלטער באַהן-הויף.

דורך דער גרויסער פאָר-האַלע געהט ער, איבער די ריזיגע טרעפּ, אַרויף צום וואַרט-זאַל פון I און II קלאַס, אַ קוק צו טון, צי גרעטע בערגער איז שוין דאָ. ער האָט לאַנג נישט געדאַרפט צו זוכען; דען באַלד האָט ער זי אין אַ ווינקעל דערזעהן זיצען מיט איהר בעל-הבית'טע און פוקסען.

„נאַטירליך“, קלערט ער ביי זיך אין גרימצאָרן, צוגעהענדיג צו דער גרופּע, „פוקס איז נאַטירליך אויך דאָ. אָהן דעם קערל ריהרט זי זיך נישט!“

„גוטען מאָרגען, גנעדיגע פרוי! גוטען מאָרגען, גנעדיגע פריילין! גוטען מאָרגען, פוקס!“

צוויי פערנייגונגען און דאַן גיט ער פוקסען די האַנט.

ער זעצט זיך אַנטקעגען גרעטע בערגער, וואָס ביי איהר זייט איז פוקס געזעסען, און לייגט אַוועק נעבען זיך אויפ'ן שטוהל דעם בוקעט זיינעם. אויפ'ן טיש ליגען שוין עטליכע פּאָלומינעזע *) בוקע-

*) פּאָלומינעז — אומפאַנגרייך, גרויס.

טען פון דער פרוי פאָן האָרסט און איהר פלימעניק און אַ קליינער בוקעט פון דער יונגער דאַמע.

עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבען אַ לעבעדיגע אונטערהאַלטונג וועגען די אָנקומענדיגע. דערביי איז עס אויסגעקומען, אַז גרעטע האָט נאָכאַנאַנד אַלץ גערעדט פון איהר פאָטער, בשעת ווען לעאָ האָט איהר אויף צו-להכעיס אַלעמאָל צוגעפיהרט, מען זאָל רעדען וועגען דער יונגער, שיינער שטיפמוטער איהרער. מיט אַ פערבייזט פערגניגען האָט ער בעמערקט, ווי פיינליך ס'איז איהר געווען צו רעדען פון דער שטיפמוטער, ווי זי האָט זיך געסטאַרעט נישט וויסענדיג צו מאַכען, כדי נישט אַרויסצווייזען פאַר דיביידע אַנדערע צוהערער איהר קאַלטע בעציהונג צו איהר.

„... געוויס, מיין גנעדיגע פריילין, דער הערר דירעקטאָר מוז זיך דאָ אין דער גרויסער שטאָדט אָברוהען פון דער אַרבייט זיינער. פון אייער פרוי מאַמאַ איז עס געווען אַנ'אויסגעצייכענטער געדאַנק, איהם אָבצוציהען פון דער אַרבייט מיט'ן אַריבערנעהמען אין דער גרויסער שטאָדט אַריין. געוויס, ווער עס געניסט לעבענס-לאַנג קליינשטעדטעל און לאַנד-לופט און איז פערנומען שטענדיג בלויז מיט שטילע געלעהרטען-אַרבייט — כ'ווייס נישט, אָבער איך האָף, אַז מיין פערעהרטער הערר דירעקטאָר וועט זיך דאָ הי זעהר גוט פיהלען!"

„דערויף וועלען זיך שוין סטאַרען אונזערע דאַמען", מישט זיך אַריין האָרסטס גרילצענדיגע שטימע, „אַ וואַרימע נעסט בעזאָרגען! און כ'מיין, פריילין גרעטע, ביי איהרע פעהיגקייטען..."

„און אונטער דער מיטהילף פון אייער שיינער פרוי מאַמאַ, מיין גנעדיגע פריילין. אונזער פיקסעל דאָ", — ער בעטאָנט עקסטרע די ווערטער, ווייל ס'איז איהם אַ וואונדער און אַ פערדראָס, וואָס האָרסט בענוצט זיך מיט דער פערטרוילי‌כער ווענדונג „פריילין גרעטע" — „אונזער פיקסעל דאָ איז גאָר נישט אַזוי אומגערעכט. ווען איהר ביידע מיט אייער געגענזייטיגער געטריישאַפט..."

זי האָט אויף איהם אַזוי שטרענג אַ קוק געטון, אַז ער האָט איבערגעהאַקט און שוין נישט געוואָלט מעהר פערענדיגען זיין רשעות; גלייך דערויף האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס מיט דער נידעריגער דאַמע, און גרעטע בערגער האָט גענומען רעדען מיט'ן יונגען האָרסט.

באַר טיילמאָל פלעגט ער וואַרפען זייטיגע בליקען און בעטראַכ-

טען דאָס הויכע שלאַנקע געשטאַלט, וואָס האָט זיך געזעהן אינ'ם פעלץ-מאַנטעל פול און ווייבליך-רייף, דאָס אינטערעסאַנטע פראָפיל מיט דעם עלפאַנטביין-אַרטיגען טיינט *), די גראָהע, טיפע אויגען, און די אַש-בלאָנדע לאָקען, וואָס האָבען זיך שפּילענדיג אויף דער זייט אַראָבגעלאָזט, ער האָט זיך נישט געקאָנט גענוג אָבוואונדערן איבער דער פרייער, שטאָלצער האַלטונג פונ'ם קאָפּ איהרען, און ער שפּירט עפּעס אַ געהיימען רעספּעקט אין דער בעוועגונג, ווי זי פערוואַרפט דעם קאָפּ און קוקט אויף איהם פון אויבען אַראָב, אָט ווי אַצינד אַ שטייגער, אַז זי חאַפּט אויף דעם פּרובענדיגען בליק זיינעם.

עס זעהט אויס, ווי זיי וואָלטען זיך ביידע שטילשווייגענדיג פיינדשאַפט געשוואוירען.

דער זייגער ווייזט אַ פערטעל אויף פינף. אין זיבען מינוט אַרום דאַרף שוין אָנקומען דער צוג.

זיי הויבען זיך אויף פון די ערטער און געהען אַרויס אויפ'ן פעראָן, פאָראויס גרעטע און האָרסט, און נאָך זיי לעאָ מיט דער פּולער נידעריגער דאַמע. שווייגענדיג געהען זיי אויף און אָב און בליקען אַלע ווײַלע צום גרויסען באַהן-זייגער, וויפיל ס'איז נאָך געבליבען ביז צום אָנקומען פון צוג.

וואָס ווייטער עס רוקט זיך דער ווייזער, ווערט גרעטע בערגער אַלץ אומרוהיגער. האַסטיג געהט זי אויף און אָב און הערט זיך קוים צו צו די בעמערקונגען פון איהר בעגלייטער. לעאָ סטאַרעט זיך אַראָבצולייענען פונ'ם געזיכט איהרען, וואָס עס געהט אין איהר פאָר; בלויז עפּעס בלאָנדזענדיגס, ברענענדיגס זעהט ער אין די אויגען, ווען זי קוקט אויס דעם צוג אין דער ווייטעניש, אָבער דאָס געזיכט איהרס איז אומבעוועגליך.

פאָר זיי אין דער ווייטקייט שווימען אין דער לופט אַרום לייכטע, ווייסע וואָלקענדלעך, וואָס וואַקסען ביסלעכווייז אויס אין אַ לאַנגע, דעמפּענדע, ברייטע שרענגע און וואַקסען אָהן אויפהער אַלץ מעהר צו. באַלד פערנעהמט מען שוין דאָס שווערע פערשטיקטע עטעמען פונ'ם לאָקאָמאָטיוו. עס דערהערט זיך אַ שוואַכער פייף. אַצינד זעהט מען שוין אָנלויפען דעם גאַנצען צוג. גלייך אָבער איז ער צוריק פער-

---

*) טיינט (Teint) — געזיכטס-קאָליר, הויט-פאַרב.

שוואונדען געוואָרען דורך אַנ'אָבבויגונג הינטער דעם וועכטער-הייזעל, און אָט רייסט ער זיך אַריין וואַרפענדיג פאַר זיך ריזיגע רויך-וואָל-קענס. דאַן שלעפּט ער זיך קויקלענדיג אַריין אין דער האַלע.

„פּאַפּאַ, פּאַפּאַ!" הערט זיך דעם מיידעלס קלינגענדיג דערפרייט קול, זעהענדיג אַרויסקוקען אַ גרייז-גראָהען קאָפּ פון אַ קופּע צווייטער קלאַס.

אָט האָט זיך דער צוג שוין אָבגעשטעלט.

„מיין ליבער, גוטער פּאַפּאַ".

לעאָ קוקט זיך צו צו גרעטעס געזיכט. אַזוי צערטליך און אי-בערגעגעבען האָט ער עס נאָך קיינמאָל נישט געזעהן. ווי זי האָט דעם אַלטיטשקען אַרומגעהאַפּט מיטביידע אָרעמס און זיך צוקושט מיט איהם. און נאָך אַ מאָל זיך צוקושט מיט איהם, און נאָך אַ מאָל, און נאָך אַ מאָל! ער האָט זיך קוים בעפרייט פון איהר, צו בעגריסען זיך מיט די איבעריגע.

„מיין ליבער, ליבער הערר דירעקטאָר..."

„הערר וואָלף, ביטע", קלינגט אַ פולע אַלט-שטימע פונ'ם קופּע אַרויס.

לעאָ שפּרינגט צו, און איידער ער בעוויזט נאָך צו בעגריסען זיך, דערלאַנגט איהם אַרויס די פרוי דירעקטאָרין אַלערליי פּאַקעטען, וואָס ער נעהמט זיי אײַלענדיג פון איהר איבער.

„די גנעדיגע פרוי קאָן שוין אַראָבגעהן, איך וועל שוין אַלצדינג בעזאָרגען!"

און גלייך דערויף האָט זי אַ שפּרונג אַראָב געטון פון טריט-ברעט. „דאַנקערוועטער", האָט זיך פוקס נישט געקאָנט איינהאַלטען, אַז ער האָט דערזעהן דאָס הויכע, קיניגליכע געשטאַלט.

גרעטע האָט עס געהערט און פערביסען די ליפּען.

„גוט מאָרגען, מיין קינד, ווי געהט עס דיר?" בעגריסט די מוטער איהר שטיפטאָכטער. איהרע ווערטער האָבען אַזוי האַרציג אָבגעקלונגען און די האַנט-בעוועגונג דערביי איז אַזוי אויפריכטיג געווען, אַז גרעטע האָט אויף איהר געקוקט מיט דאַנקבאַרקייט אין די אויגען. זי האָט זיך אַזוי געהאַט געשראָקען פאַר דער ערשטער בעגעגעניש נאָך אָט יענעם אָבפאָהרען פון דער היים.

„ערלויבט, מאַמאַ, פּאַפּאַ, פאַר אײַך פאָרצושטעלען די פרוי

פאָן האָרסט און הערר פאָן האָרסט. זיי זענען אַייך פון די בריף מיינע בעקאַנט שוין?״

דער אַלטער דירעקטאָר בעגריסט זיך הערצליך מיט דעם זוהן פון זיין שטודיען-פריינד און געהט דאַן לאַנגזאַם מיט דער טאָכטער זיינער דעם פעראָן דורך, נאָכדעם ווי ער בעדאַנקט לעאָן פאַר זיין בייהילף ביים אַראָבנעהמען דאָס געפעק. דאַן בעווייזט זיך לעאָ און האָרסט, שווער בעפּאַקטביידע, און ענדליך נאָך זיי די נידעריגע דאַמע מיט דער פרוי דירעקטאָרין, וואָס האָט קוים געקאָנט אַרומהאַלטען מיט דער קליינער האַנט איהרער די פיר בוקעטען.

אַז די דריי דאַמען מיט דעם דירעקטאָר זענען אויפגעזעסען אויף אַ דראָשקע אָבצופאָהרען צו דער נייער וואוינונג אויף דער ליצאָוו-גאַס נומער 13, האָבען זיך ביידע יונגעלייט מיט זיי געזעגענט.

„איהר וועט דאָך אונז אין גיכען דאָס פערגניגען מאַכען״, האָט זיך געהערט די סאָנאָרע *) שטימע פון דער פרוי דירעקטאָרין.

„געוויס״, בעאיילט זיך פוקס צו ענטפערן און פערנייגט זיך טיף.

„און אייך, וואָלף, האָב איך נאָך פיל איבערצוגעבען פונ׳ם פאָ-טער אייערן. אַלזאָ, צום ווידערזעהן, מיינע יונגע הערען!״ געזע-געגט זיך דער דירעקטאָר מיט זיי.

די דראָשקע האָט גענומען פאָהרען.

לעאָ קוקט זיי נאָך; ער זעהט, ווי די פרוי דירעקטאָרין לייגט דאָס קליינע רויזען-בוקעט זיינס אויפ׳ן שויס צו זיך, און די איבעריגע גיט זי איבער גרעטען.

דאָס איז איהם מערקווירדיג פאָרגעקומען!

באַלד האָט זיך שוין די דראָשקע נישט געזעהן.

---

*) סאָנאָר — קלאַנגפול, אנגענעהם אָבקלינגענדיג.

## פערצעהנט קאַפּיטעל.

„זעהסט, זינט אַכט וואָכען איז עס דער ערשטער שטרייט אונ-זערער און נישט איך בין דערין שולדיג, נישט איך, בלאָנד-קאָפּ!“

„דו ביסט טאַקי יאָ שולדיג, ברויכסט נישט אַהינצוגעהן אַלע טאָג צו די בערגערס, צו דער שיינער פרוי מיט דער פריילין!“ פּראָ-טעסטירט זי, כמעט מיט טרעהרען אין די אויגען.

„נע, צום ערשט דאַרף עס נאָך אַן׳ערקלערונג“, לאַכט דערויף לעאָ גאַנץ געמיטליך, „ערשטענס געה איך נישט אַהין אַלע טאָג, נאָר העכסטענס בלויז צוויי מאָל אין דער וואָך. און דאָס מוז איך דאָך איינפאַך! און צווייטענס געה איך נישט אַהין צוליב דיביידע דאַמען, חאָטש זיי זענען זעהר אינטערעסאַנט און פיין געבילדעט“.

די לעצטע צוויי בעצייכענונגען האָבען זי ווי צוויי פיילען גע-טראָפען.

„אַזוי, דאַן קאָנסטו שוין פון מיינטוועגען אַלע טאָג אַהינגעהן צו די „אינטערעסאַנטע און פיין-געבילדעטע דאַמען!“ גיט זי צו טיף געקרענקט. זי קלערט, אַז אין איהר געפינט ער נישט די ביידע מעלות, דערפאַר הויבט ער זיי אַרויס אַזוי שטאַרק. דאָס בעליידיגט טיף דעם ווייבליכען שטאָלץ איהרען.

„דו ביזט איבערהויפט אַצינד אינגאַנצען אַנדערש געוואָרען צו מיר. זינט די בערגערס זענען דאָ הי, קומסטו שוין נישט אַזוי אָפט. און אַז דו קומסט, ביסטו אַזוי פערדאומערט! און דערצעהלסט, ווי דו האָסט זיך אַמוזירט. מיינסט, אַז ס׳איז שיין פון דיר? ניין, דאָס איז אַזוי אומגערעכט פון דיר! אַ גאַנצען טאָג פריי איך זיך צוליב׳ן אָוונד—מאַמאַ קריגט זיך אַזוי איבער דיר — און דו שרייבסט, אַז דו קומסט, און קומסט נישט. אַצינד ווייס איך שוין, וואו דו געהסט אַלעמאָל,—צו די

בערגערס! דאָס איז אַזוי אומגערעכט פון דיר!"

„אָבער בלאָנד-קאָפּ", כּדײסט ער זי לוסטיג, קום דאָך צום שׂכל! ווידער ביזטו שוין אייפערזיכטיג און האָסט גאָר קיין שום גרונד נישט דערצו. קום בעסער וויטער שפּאַצירען, לאָמיר זיך אַוועקלאָזען אָט אָ דאָרט טיפער אינ'ם געדיכטעניש פונ'ם גאָרטען, עס איז אַצינד נײן אַ זײגער, דו האָסט דאָך אַ האַלבע שעה צייט נאָך. הײנט, אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבען דער וואונדער-שײנער חודש מאַי, טאָרסטו נישט בײז זיין... דו שפּירסט, עס וועבט זיך דער פריהלינג דאָ אין לופטען, און הער, אַ פײגעלע טרילערט! זעהסטו, באַלד וועל איך ווערען אײנגאַנצען פּאָעטיש! ליב מײנס, ס'איז מיר אַזוי קאַניבאַליש גוט הײנט, אַז אין מיטען וואַלד דאָ מוז איך דיך האַפּען קושען".

דערויף לאַכט זי און גליקזעליג לאָזט זי זיך פון איהם קושען.

דער זאָאָלאָגישער גאָרטען איז אַרום געשטאַנען פאַר זייערע אויגען אין זיין פינסטערען פערנעהם און האָט זיי אויך אַרײנגענומען צו זיך אינ'ם געהײמניספולען שווייגען. אַ פײנער הויך פונ'ם אויפקומענדיגען לעבען, פון קנאָספּענדיגע בליטען און פון וואַקסענדען, יונגען גרינס איז אָנגענעהם אין דער לופט פערשפּרייט און נעהמט אַרום די אײנזאַם-וואַנדלענדע דאָ, אַז אין ברוסט ציהט עס באַנגיג פון געפיהלען, וואָס איז נישט מעגליך איבערצוזאָגען. פון ערגיץ ווייט קלינגט דאָס גערויש אויס דער גרויסער שטאָדט שוואַך אָב, ווי אָבשטאַרבענדיג, צו זיי ביידע, וואָס זיצען, ווי צוזאַמענגעהעפט אויף אַ באַנק דאָ. אַ ריזיגער לינדענבוים בעשיצט זיי מיט זיינע לאַנגע, געדיכט-אַראָבהענגענדיגע צווייגען, וואָס צושאָקלען זיך פון צייט צו צייט און לאָזען דורכבלינצלען אַנ'אײנזאַמען שטערן.

אַזוי זיצען זיי ביידע צוזאַמען ברוסט צו ברוסט אין דער טרוימערישער פריהלינגס-נאַכט אינ'ם אײנזאַמען וואַלד, און זיי ווערען בערוישט פונ'ם וואַרימען, קוואַלענדיגען פריהלינגס-לעבען און קושען זיך כּמעט שיכּור פון ליבעס-לוסט.

דער לינדענבוים — ער רוישט שוין נישט מעהר. ער האַלט אַײן דעם אָטעם...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם אַנדערן אָוונד האָט זיך דער שטרייט זייערער אויפ'ס ניי אָנגעהויבען. זיי האָבען זיך ביידע געפיהלט געררייצט, ווי נאָך קיינמאָל נישט, און נישט געוואוסט ביידע, פאַרוואָס. זי ערגערט איהם מיט

איהר אייפערזיכטיגקייט, און ער בעליידיגט זי ביז צום טיפסטען, ווייל עס געפעלט איהם צו שפּילען די ראָלע פונ'ם ליידענדען „יוד", וואָס ווערט געזידעלט פון דער מוטער איהרער און ועמען זיין מיידעל דער-וועגט זיך נישט צו פערטיידיגען. ווען זי הערט אַ ן שטוב זידלעריי-ען איבער זיין פערזאָן, דאַן וויינט זי העכסטענס און שווייגט אָנשטאָט אָפען און פריי זיך אַיינצושטעלען פאַר איהם. דאָס איז נישט קיין אמת'ע ליבע, זי פערמאָגט נישט דעם אויפּריכטיגען מוט אין שטוב ביי זיך שטאָלץ פאַר איהם אַרויסצוטרעטען א. א. וו.

דאַן, אַז זי בעט איהם דעם מאָרגענדיגען אָוונד ווידער זי אָב-צוּוואַרטען, געפינט ער אַנ'אויסרייד, אונפערשעמט ערקלערענדיג איהר, אַז מאָרגען אָוונד איז ער אַיינגעלאַדען צו בערגערן און אַז ער האָט צוגעזאָגט צו קומען. דאָס האָט זי טיף בעליידיגט.

פלוצלונג איז זי שטיל געבליבען און איהם מיט קיין איינציג וואָרט שוין מעהר נישט געבעטען.

דאָס האָט איהם ערשט נאָך מעהר אויפגערייצט, ווייל ער האָט זי געוואָלט זעהן זיך בעטען, ליידען, וויינען. דאָס האָט איהם אַ מין פערגניגען פערשאַפט פאַר די אייטעלקייט זיינע.

היינט אָבער עקשנ'ט זי און שווייגט. ערשט פאַר'ן פאָדערהויז ביי זיי פרעגט זי איהם נאָכאַמאָל: „ווערסטו קומען מאָרגען?"

„ניין!" ענטפערט ער קורץ.

„מאָרגען ווערט פונקט אַ יאָהר, זינט מיר האָבען זיך בעקאַנט!" גיט זי שטיל צו.

„אַך אַזוי!" — וואָס זי געדענקט אַזוי גוט דעם טאָג, ווען זיי האָבען זיך בעקאָנט, דאָס האָט איהם זעהר גערירט, אָבער זיין גאוה האָט איהם נישט דערלאָזט נאָכצוגעבען, דעריבער איז דער טאָן זיינער אַרויסגעקומען אַנ'אַפעקטירט-נאָכלעסיגער. „אַך אַזוי! — יאָ, דאָס טוט מיר טאַקי לייד! כ'קאָן אָבער ווירקליך נישט. כ'האָב צוגעזאָגט אויף בעשטימט צו קומען!"

דאַן זאָגט זי „אַ גוטע נאַכט", קעהרט זיך לאַנגזאַם פון איהם אָב און געהט אין שטוב אַריין.

„נאַרישקייטען!" מורמעלט ער, „איינפאַך טיראַניי!" — — דעם אַנדערן אָוונד האָט ער זי נישט אָבגעוואַרט, נאָר איז אַוועקגעגאַנגען אויף דער ליצאָוו-גאַס 13 צו בערגערן.

ס'איז אַ וואונדערליכער פריהלינגס-אָוונד געווען. אין דער הייך

איז אַ שוואַרץ-בלאָהער הימעל געווען אויסגעשפּרייט און איבערן ענדלאָ-זען פלאַך האָבען געפינקעלט אָהן שיעור בליצענדיגע שטערן, אַז דאָס אויג האָט נאָכאַנאַנד אומגעוואַנדערט איבער די בלישטשענדיגע ליכטפּונקטען. די לבנה געוועלטיגט היינט פונ׳ם הימעל אַראָב קלאָר און זילבער-ווייס, אין איהר געפינען זיך אַצינד בלויז אַ פּאָר קליינע, לייכטע וואָלקענד-לעך, וואָס זעהען אויס אינ׳ם ציטעריגען זילבער-ליכט כמעט ווייס ווי מילך.

לעאָס וועג פיהרט דורך די לינדען אַדורך, וואו עס געהט אָב אויפ׳ן טראָטואַר דאָס גרויסשטעדטישע לעבען אין דער גאַנצער ברייט-קייט און פולקייט. אַ שוואַרצער שטראָם פון מענשען האָט איהם פּשוט מיט זיך מיטגעטראָגען ביז צום בראַנדענבורגער טויער. די עלעקטרישע בעלייכטונג פון די לאַמטערן און שוי-פענסטער האָט זיך צוגאָסען אין ברייטע ליכט-פּאַליעס, אַז די געזיכטער פון די פאַרבייאיילענדיגע האָבען מינוטענווייז אויסגעזעהן בלייך, ווי טויטע. ביים טויער ערשט פער-שפּרייט זיך פעכער-מעסיג ווייטער דער מענשען-שטראָם און ווערט צוגאָסען אין דראָבנע חוואַליעס אינ׳ם זאָאָלאָגישען גאָרטען אַריין און אויף די דערבייאיגע גאַסען אַוועק.

לעאָ שלענדערט לאַנגזאַם דורך די קעניג-גרעצער-און דאַן פּאָטס-דאַמער-גאַס דורך און זויגט, טיף עטעמענדיג, אַיין אין זיך די ווייכע פריהלינגס-לופט. אַזאַ שפּאַציר-גאַנג, דאָס האָט ער פיל מאָל שוין ער-פאַהרען, יאָגט אַוועק מיט שטאַרקע לופט- און דופט-חוואַליעס דעם טרויער פון זיין נשמה. אַז ער האָט דערזעהן פון ווייטען דעם ריזיגען וואַלד, ווי ער הויבט זיך שוואַרץ אַרויס אין דער לופט אַריין, האָט ער זיך דערמאָהנט אינ׳ם זָווענד מיט צוויי טעג צוריק, ווען ער איז דאָ אינווייניג מיט הערלענען געווען.

אויף זיינע ליפּען האָט זיך דערויף בעוויזען אַזאַ זעלטזאַמער שמייכעל...

אַרום אַ פערטעל אויף ניין איז ער אָנגעקומען צום דירעקטאָר. ער ענטשולדיגט זיך פאַר׳ן שפּעטען קומען, ווייל ער האָט פיל צו טון ביי די אַרבייטען, וואָס מען האָט אויפגעגעבען אינ׳ם פילאָזאָפישען סעמי-נאַר איבער לאָקען צו מאַכען, און דאָס פערנעהמט ביי איהם די גאַנ-צע צייט זיינע.

דער אָווענד-טיש איז נאָר-וואָס געהאַט אָבגערוימט געווען, דער דירעקטאָר זיצט אינ׳ם געמיטליכען הויז-זשאַקעט אויף דער סאָפע און רויכערט און שמועסט מיט דער טאָכטער זיינער, וואָס האַלט אַ שטיקעריי

אין די הענט, און דערנעבען האָט זיך די פרוי דירעקטאָרין הין און הער געוויגט, אויף אַ ווייך-געפלאָכטענעם שאָקעל-שטוהל. לעאָ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ לעהן-שטוהל, נעבען זיי, אַז ער איז אויס-געקומען צווישען די דאַמען און אַנטקעגען דעם דירעקטאָר.

אַ הויכער טיש-לאָמפּ, וואָס טראָהנט אויפ׳ן שלאַנקען, לאַנגען מעשענעם האַלז, בעלייכט דאָס געמיטליך אײנגעאָרדענטע צימער, אַז די מאַט-רויטע טאַפּעטען פון דאַנען מאַכען אַנ׳אַנגענעהמען, רוהיגען אײנדרוק. אויף דער לאָמפּ איז איבערגעוואָרפען אַ גרין-זיידענער שירם, בעזעצט מיט דורכזיכטיגע שפּיצען, וואָס לאָזט דורך בלויז אַ וואַרימען שימער אויף די פיר געזיכטער דאָ אַרום. די טיר פון צימער, וואָס פיהרט צו דער פאָדער-שטוב, איז אַצינד געעפענט און לאָזט דורך אַהער פונ׳ם אָפענעם פענסטער די ווירציגע מאַי-לופט פון דרויסען. פון צייט צו צייט קלינגט דאָ אין צימער געדעמפט אָב דאָס גערויש פון אַ פאָרי-בערקלאַפּענדיגען וואָגען.

נאָך די בעגריסונגען, ווי געוועהנליך, האָט זיך לעאָ דערוועגט אַצינד צו דער פראַגע, וואָס ער טראָגט שוין אַזוי לאַנג אויפ׳ן האַרץ. ביים אַהערקומען פלעגט ער נישט טרעפען די פאַמיליע בערגער אַליין. זעהר אָפט איז אויסער איהם נאָך די פאַמיליע האָרסט צו-גאַסט געקו-מען, דען די ביידע אַלטע שטודיען-פריינד האָבען, זעהט אויס, מיט פערגניגען צוריק בענייט זייער אַמאָליגען פערקעהר צווישען זיך.

היינט אָבער האָט ער גליק געהאַט. ער האָט זיי געטראָפען אַליין, און ער האָט זיך געקאָנט נאָכפרעגען ביים לעהרער זיינעם וועגען די אַלע טויזענד קלייניגקייטען ביי זיי אין געבורטס-שטעדטעל, וואָס האָבען איהם אַזוי אינטערעסירט.

באַלד האָט ער אַרויפגעבראַכט אויף אַ שמועס וועגען דעם אַק-ציען-אונטערנעהמונג.

די שיינע פרוי האָט אָנגעהויבען לאַכען.

„איך זאָג אייך, הערר וואָלף, די גאַנצע שטאָדט האָט אויפגע-לעבט פונ׳ם נייעס. אַז מען האָט דערהערט, דאָס דער פאָטער האָט איבערגענומען דריי פערטעל פון די אַקציעס, האָבען פשוט׳ע שניי-דער-בעלי-בתּים און האַנטשוה-מאַכער געוואָלט נעהמען אַקציעס. זיי האָ-בען שוין געטרוימט וועגען גרויסען אויפוואוקס פון דער שטאָדט. ס׳איז כמעט קאָמיש געוועזן! די פרויען זאָגאַר האָבען גאַנצע וואָכען דערפון גערעדט. זאָגאַר די שניידערין מיינע האָט מיך נישט געלאָזט רוהען

דערמיט אָ. עס האָט שוין דערנאָך אָנגעהויבען דערעסען צו ווערען, אָט די אַלע שמועסען!"

זי לאַכט ווידער און וויגט זיך אויפ'ן שטוהל, אַז לעאָ, וואָס איז צוגעוועוועדט צו איהר מיט'ן געזיכט געזעסען, האָט אויף אַ סעקונדע דערזעהן דעם קליינעם פוס איהרען. גלייך שפירט ער אָבער, אַז זי האָט בעמערקט זיין בליק, און ער ווערט פורפור-רויט פון פערלעגענהייט.

דאָס האָט זי מסתּם אַמוזירט, ווייל זי האָט זיך דערפון הויך צולאַכט, אַז גרעטע האָט זי ערשטוינט דערויף אָנגעקוקט.

„געוויס, ליבער וואָלף, מיין מיינונג אין אמת'ן איז, אַז פונ'ם אַקציען-אונטערנעהמונג קאָן דאָס קליינשטעדטעל אונזערס נאָר געווינען. איהר פערשטעהט — עס קומען אויף דורך אָט אָ דעם גרויס-שטאָדטישע טענדענצען, — איהר פערשטעהט — נישט ברענגענדיג דערצו, אַז גלייכצייטיג זאָלען אויך אויסוואַקסען גרויסשטאָדטישע בעדערפענישען. איהר פערשטעהט!"

„אין אַלגעמיין בין איך מיט אייך אײנשטימיג, פערעהרטער הערר דירעקטאָר, איך געפין אָבער פאַר ריזיקאַליש, אַז אָרימע מענשען זאָלען זייער געלט אַריינלייגען אין בערזען-פּאַפּירען. יאָ, דאָס האַלט איך איינפאַך פאַר פריוואָל *)! געלט, וואָס ווערט בעקומען דורך יאָהרען-לאַנגע אַרבייט און זאָרגען, קאָן דאָ פערלוירען געהן אין איינאיינציגען טאָג. עס קאָן זיך טאַקי אין אַ קורצע צייט אויך פערמעהרען. דאָס איז אָבער אויך פריוואָל! דעם איינפאַכען אַרבייטער קאָן קיין שום טאַטזאַך נישט ברענגען אין אַזאַ פערביטערונג אריין, ווי דאָס אָ, אַז מען קאָן פערלירען טויזענדער, נישט ריהרענדיג מיט קיין פינגער דערביי, און וואָס מען קאָן פערדינען טויזענדער, נישט צו אַרבייטען דערויף מיט די אייגענע הענט. און ווען דאָס זאָל אַוועק שלעכט... דער אַלגעמיינער אויפגעריהר, די גרויסע פרייד אין אונזער שטילען גינטערסטאַל... דאָס געפעלט מיר נישט דורכאויס!"

„ווער קאָן עס דען גלייך אַזוי שוואַרץ זעהן?" ווערהט אָב די פרוי דירעקטאָרין.

זיין אָנבליק האָט בעקומען עטוואָס פינסטערס, ביטערס.

„גנעדיגע פרוי, פאַר אונז, מאָדערנע יונגע יודען, איז ליידער

*) פריוואָל — אומבערעכענט, לייכטזיניג, נישט האָבענדיג גענוג זיטליכקייט.

פרעמד געבליבען די דאָזיגע אויפפאַסונג פונ׳ם לעבען״ — ער בע-מערקט, ווי גרעטע לייגט אַוועק די אַרבייט אויפ׳ן טיש און הערט זיך צו, נישט אומקוקענדיג זיך צו איהם — „מיר ווייסען, אַז דער יודען-האַס האָט זעהר, זעהר פיל בערעכטיגונג אומעטום, דען מיר זענען דאָך זינט צעהנדליגער יאָהרען ווידער דער ערשטער דור, וואָס איז אויפגעוואַקסען אַרומגערינגעלט מיט אַזוי פיל האַס. קיינער האָט קיין אַהנונג נישט, וויפיל דאָס יודישע יונגעל מוז טאָג-טעגליך אויסשטעהן בעליידיגונגען, וויפיל שפּאָט און זידלערייען איהם קומט אויס איבערצוטראָגען. קיינער האָט נישט קיין אַהנונג, וואָס הייסט אַזוינס „יוד״ צו זיין, קיינער ווייסט נישט, ווי אַ אויף וויפיל ס׳איז עמפינדליכע נשמה מוז טאָג-טעגליך בלוטיגען אין שמערצען... יאָ, כ׳מעג עס אַ ביסעל שוואַרץ זעהן. זעהט אויס, גנעדיגע פרוי, אַז איהר האַלט מיך פאַר אומגערעכט... כ׳ווייס נישט, מעגליך, אַז ס׳איז אויך אַזוי געווען... אָבער קיינמאָל נאָך האָט עס אַ יודישער דור אַזוי טיף נישט עמפּונדען, ווי אַצינד דער מאָדערנער, וואָס איז ערצויגען אינ׳ם נייעם דייטשען קייזער-רייך!״

ער איז וואָס אַמאָל געוואָרען ליידענשאַפטליכער אין זיינע אויס-פיהרונגען. אַלצדינג, וואָס איז אויפ׳ן האַרץ געלעגען און געפייניגט, האָט ער אַצינד צום אויסדרוק געבּרענגט. וואָס ער האָט אַזוי אָפט פריהער אָנפערטרויט דעם פריינד זיינעם ריכאַרדען, דאָס האָט ער אַצינד איבערגעגעבען דעם פיל-פערעהרטען אַלטיטשקען. ער האָט פער-געסען, אַז אָט דער שמועס קאָן פילייכט די ביידע דאַמען גאָר לאַנג-וויילינען. צופעליג פלעגט ער נאָר מאַנכעס מאָל בליץ-שנעל דערקאָנען, אַז די ביידע הערען איהם אויפמערקזאַם צו; די שיינע פרוי קוקט איהם אַלץ שאַרף אין געזיכט אַריין, בשעת ווען גרעטע האַלט צוגעמאַכט די וויהעס, אַזוי ווי זי וואָלט אַנדרימעלט געווען. נאָר דאָס רעגעל-מעסיגע אויף-און-אָב בעוועגען פון איהרע בריסט, דאָס גיט זי אוים, אַז זי איז וואַך און הערט זיך צו.

און האַלב-אומבעוואוסט פרייט ער זיך דעריבער, וואָס ער האָט פאַר זיך אַזאַ לעבעדיג פערשטענדניש געפונען ביי זיי אַלעמען. דאָס האָט צוגעגעבען דער שפּראַך זיינער און זיינע געדאַנקען קראַפט און פול-קייט. אין זיין שפּראַך האָט זיך געפיהלט אַצינד עטוואָס ווייכס, ציטריגס, שמערצליכס, איבער זיין געזיכט האָט זיך בעוויזען אַ פיינע

רויטקייט, און אין די אויגען זיינע האָבען אויפגעלויכטען זעלטזאַמע פייערלעך.

„ס'איז פאַר מיר אַ געוואַלטיגער אונטערשיד צווישען דעם אַלטען און נייעם יודישען דור! גראָד איז עס די טראַגישע קאָמיק פון דער וועלט-געשיכטע, אַז די אומשולדיגע יונגע זאָלען מוזען ליידען פאַר די אַלטע. יענער, דער זקן, וואָס מיט זיינע מעשים רופט ער אַרויס פיינדשאַפט קעגען יודען, יענער האָט זעעליש כמעט גאָר נישט צו ליידען פונ'ם אַנטיסעמיטיזם... אָבער די יוגענד!... דאָ איז עס! עס ליידען די יונגע, ריינע, אומבעפלעקטע נשמות, די אומשולדיגע! אָבער נישט גענוג איז, וואָס אָט אָ די יונגע פיהלען דאָס שולדיגקייט פון די אַלטע, ניין, זיי מוזען דאָס שולדיגקייט דערקאָנען, זיי מוזען אָנער-קענען די טיילווייזע בערעכטיגונג פונ'ם אַנטיסעמיטיזם. און דאָך, דער אַלטער דור שטאַרבט ביסלעכווייז אָב, דער האַס אָבער בלייבט. און דער האַס איז אַצינד אַזוי ברוטאַל געוואָרען, אַזוי ברוטאַל, אַזוי נישט אויסצוהאַלטען! מען קאָן נישט מעהר שוין אויף דער גאַס דורכגעהן, ווען מען האָט דאָס אומגליק צו האָבען שוואַרצע האָר און אַ לאַנגע נאָז. מען איז פראָסט נישט זיכער פון בעליידיגונגען! דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז פריהער געווען אַ שוועד-אויסוואַקסענדע סאָציאַלע טאַטזאַך, אַ סאָציאַל פּראָבלעם פון שרעקליכער ערנסט, איז אַצינד אין די פיינע קרייזען אַ מאָדע-זאַך געוואָרען, און אין גאַס—אַ בעליבטער ספאָרט. איך האָף אויף דער עטישער בעסערונג פון די איינצעלנע יודען. צי וועט דאָס שוין די גענעראַציע מיינע, צו וועל-כער איך געהער אָן, אין זיך עס דורכפיהרען?—איך ווייס עס נישט. דאָס איז אָבער דער שטאַרקסטער, דער באַנגסטער וואונש ביי מיר! פילייכט וועלען מיר עס נאָך מוזען אָבגעבען פאַר דעם קומענדי-גען דור. עס איז דאָך אָפט אַזוי פאָרגעקומען אין דער געשיכטע, אַז עטליכע דורות האָבען געמוזט אָבשטאַרבען, איידער עס איז אַ ניי-ער לעבענס-פעהיגער און לעבענס-בערעכטיגטער דור בעשאַפען גע-וואָרען!"...

לעאָ איז שטיל געבליבען. דאָס געזיכט איז איהם פון אויפרע-גונג רויט געווען, אַ פּאָר טונקעלע לאָקען זענען אַראָבגעפאַלען אויפ'ן שטערן, און אין די שוואַרצע אויגען זיינע האָט געברענט אַ טיפער שמערץ. ער האָט אָנגעקוקט דעם דירעקטאָר מיט ערוואַרטונג און דאַן בעטראַכט די פרוי, וואָס איז געזעסען נעבען איהם.

זי האָט זיך געהאַט אויפגעזעצט פון דער בעקוועמער פּאָזע, די הענט אין שויס פערלייגט, און זיך אָנגעשפּאַנט צו איהם צוגעהערט. אַצינד האָבען זיך די בליקען זייערע געטראָפען, און איהרע אויגען האָבען צו איהם גערעדט אין אַ שפּראַך, וואָס איהם האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער פערשטעהט עפּעס, האָטש ער האָט אַליין נישט געוואוסט וואָס.

ער ווענדט זיך צוריק צו צום דירעקטאָר. ער האָט כמעט עקסטרע אויסגעמיטען זיך אומצוקוקען צו גרעטען. ער האָט זיך געמאַכט אַזוי, ווי עס וואָלט איהם נישט געגאַנגען אָן איהר איינשטימיגקייט אָדער געגנערשאַפט, און ביי זיך געוואוסט, אַז דערמיט בעליידיגט ער זי. ער האָט נישט געקאָנט אונטערדריקען זיין פערבייזטקייט קעגען איהר און זיך געסטאַרעט די ראָלע זיינע דורכצופיהרען קאָנסעקוועגט. אויסער דעם נאָך איז ער אַיינגעגלייבט געווען, אַז גרעטע, ביי איהר סקעפּטישען האַראַקטער, וועט זיך צו דער גאַנצער אויפרעגונג און ליידענשאַפטליכקייט זיינער פערהאַלטען מיט יענעם מאָקאַנטען שמייכעלע, וואָס נעהמט עס אָן פאַר געמאַכט, נישט עכט; דער דאָזיגער געדאַנק אַצינד, ווען יעטוועדעס וואָרט איז איהם פון טיפסטען האַרץ אַרויסגעקומען, וואָלט איהם אַזוי טיף בעליידיגט, אַז קיינמאָל האָט שוין נישט געקאָנט טרעפען, ער זאָל האָבען די מעגליכקייט זי אויך אַזוי צו בעליידיגען.

נאָר גראָד ווייל ער האָט זיך געסטאַרעט זי נישט אָנצוקוקען, האָט זיך עס איהם אַלץ מעהר געוואָלט טון. ער האָט שוין שיער נישט נאָכגעגעבען, אָבער מיט אַ פלוצלינגער בעוועגונג האָט ער ענערגיש דאָס געזיכט זיינס פון איהר אָבגעקעהרט.

„מיין ליבער, יונגער פריינד“, הויבט אָן דער דירעקטאָר מיט אַ לאַנגזאַמער אויסגעצויגענער שטימע,—„פערשטעהט איהר — אַז דער אַנטיסעמיטיזם האָט אַנ׳אונגעהייערען פאָרשריט געמאַכט — ער לאָזט אַרויס פיינע רויך-רינגעלעך פונ׳ם ציגאַר זיינעם — דאָס איז דורכאויס אַ פאַקט. אָבער — פערשטעהט איהר — דאָס פאָלק איז דאָך נישט לאָגיש. דאָס פאָלק אַלס אַזעלכעס איז דאָך שטענדיג נישט לאָגיש — פערשטעהט איהר — און געגעראַליזירט איינצעלנע פאַלען, אויסנאַהמפאַלען, און מאַכט דערפון טיפען, פעראַלגעמיינערט עס! ווען מען בעטראַכט עס אַזוי — פערשטעהט איהר — דאַן דורכאויס ווערט שוין דער אַנטיסעמיטיזם געוויסערמאַסען קאָנסטאַנט. אַז דאָס איינציגע ראַדיקאַלע מיטעל איז די עטישע רעפאָרמאַציאָן פון די איינצעלנע יודען — פערשטעהט איהר —

מיט דעם, הערר וואָלף, זענט איהר דורכאויס גערעכט. אָבער, הערר וואָלף, עס איז לעכערליך, איך זאָל דאַרפען פאַר אייך די יודען צו פערטיידיגען — פערשטעהט איהר — אָט דאָס אָ ראַדיקאַלע מיטעל איז פאַר די קריסטען אויך נישט ווינציגער נויטיג. איך קען אַזוי פיל אָרענט-ליכע יודען. אָט צוםביישפּיל אונזער איבער-לעהרער לעווענשטיין, דעם הערר פאַפּאַ אייערן...״

„יאָ, דאָס איז טאַקי ביים אַקציען-אונטערנעהמונג די איינציגע בערוהיגונג מיינע״, ענטפערט לעאָ, „וואָס מיין פאָטער איז עס דע-רין. דען געשעפטליך איז ער אויף אַזויפיל אויטאָריטעט ביי מיר, אַז איך בין זיכער, דאָס ער וועט נישט צוריהרען זיין האַנד צו קיין אומריינע געשעפטען. איך וואָלט גאַנץ געוויס, הערר דירעקטאָר, ווען מיין פאָטער זאָל נישט האַנדלען אָרענטליך, קיין איינציגען פעניג פונ׳ם געלט זיינעם נישט גענומען. איך וואָלט ליבערשט אַ האַנטווערקער אָדער אַנ׳אַרבייטער געוואָרען...״

איהר זעהט שוין ווידער געשפּענסטער, מיין הערר דאָקטאָר in spe *), שמייכעלט די שיינע פרוי. „ווער עס געניסט אַזאַ צוטרוי צו זיך...״

„דעריבער האָב איך איהם אַזוי ליב, דעם פאָטער מיינעם, חאָטש מיר פערשטעהען זיך געגענזייטיג אַזוי ווייניג איינס דאָס אַנדערע״, גיט לעאָ שנעל צו מיט אַ לייכטענדיגען בליק אין די אויגען — „ווייל ער איז טאַקי אַ יודישער באַנקיר, — מען ווארפט זיי ליידער אַלע אין איין טאָפּ אַריין. — איך פיהל זיך אָבער שטענדיג גליקליך דערפון, וואָס מען ווייזט אַרויס צו איהם אַזוי פיל צוטרוי. אַנישט וואָלט איך אויס-געגאַנגען פון שאַנדע. אין גרונד גענומען, אַרבייט ער דאָך טאַקי נאָר פאַר מיר, דעם איינציגען זוהן זיינעם. ווען אין אָט אָ דעם געלט זאָל קלעפּען אַנ׳אומריינער הויך, אַ פרעמדענס אַ טרעהר, כ׳ווייס נישט, וואָס כ׳וואָלט געטון!... דעריבער שטעה איך צום פאָטער מיינעם אַזוי מענשליך נאָהענט, חאָטש ער פערשטעהט אַזוי ווייניג מיינע גייסטיגע אינטערעסען... אָבער ס׳איז שוין אַצינד עלף אַ זייגער. גנעדיגע פרוי, הערר דירעקטאָר, כ׳מוז אייך בעטען אום ענטשולדיגונג, וואָס איך האָב אייך אַזוי לאַנג אויפגעהאַלטען, פיללייכט אויך געלאַנגווייליגט.

---

in spe — צוקינפטיג.

כ׳וועל זיך אַצינד מיט אַייך געזעגענען; איך וואָלט נישט וועלען מעהר נאָך אַוועקרייבען פון אַייער נאַכט-רוהע... ווינש אייך גוט-נאַכט, הערר דירעקטאָר. אַדיע, גנעדיגע פרייליין.

ער דערלאַנגט נישט גרעטען די האַנט, נאָר פערנייגט זיך פאַר איהר טיף און צערעמאָניעל, בשעת ווען דער פרוי דירעקטאָרין גיט ער אַ קוש אין האַנט אַריין. זי האָט געפיהלט, אַז די ליפען זיינע זענען ברענענדיג הייס און טרוקען געווען, און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער שפּירט, ווי זי האָט עטוואָס די האַנט איהרע צוגעדריקט צו זיינע ליפען.

אַז ער איז שוין געהאַט אַראָבגעקומען אויף דער טונקעלער מענשען-לעערער גאַס אַרויס, איז עס איהם געווען, אַזוי ווי ער וואָלט נאָך אַלץ געשפירט אָט אָ דעם דרוק, אָט אָ דעם לייכטען, פיינעם דרוק פון דער קליינער, ווייסער האַנט איהרער...

## פיפצעהנט קאַפיטעל.

לעאָ איז אין דעם סעמעסטער מיט זיך זעהר צופרידען געווען. ער האָט אייפריג געאַרבייט אין פילאָזאָפישען סעמינאַר און צום סוף סעמעסטער האָט ער געוואָלט נעהמען אַ טעמע פאַר אַ דאָקטאָר-דיסער-טאַציע, אַז ער זאָל צו די גרויסע קאַניקולען, אין נאָוועמבער אַנ׳ערן, זיך שוין קאָנען פראָמאָווירען *). ער האָט עס געהאַלטען פאַר די העכסטע צייט; דען אַצינד, אין יוני, שטעהט ער שוין אין מיטען פונ׳ם צעהנטען סעמעסטר זיינעם. בעזונדער האָט איהם לעצטענס דער דירעקטאָר שטאַרק אויסגערעדט, פאַרוואָס ער מאַכט שוין נישט ענדליך דעם דאָקטאָר-עקזאַמען. ער האָט איהם פירגעהאַלטען, אַז דערנאָך דאַרף ער דאָך נאָך אַ יאָהר צייט זיך פאָרצובערייטען צום אויבער-לעה-רער-עקזאַמען. ווען דאָס זאָל איהם האָבען גינסטיג דורכגעגאַנגען, קאָן ער איהם פערשאַפען אַנ׳אַנגענעהמע שטעלונג אַלס לעהר-אַמטס-קאַנדי-דאַט, וואָס עווענטועל *) איז דאָ אויסזיכטען אויף זיכערע אַמטען.

מאַנכעס מאָל קומט איהם אפילו פאַר, אַז ביי דער שטרעבונג פון דער איצטיגער צייט האָט נישט אַ יודישער לעהרער קיין גינס-טיגע אויסזיכטען אָנגענומען צו ווערען אויף אַזאַ אַמט, אָבער דער געלט-בייטעל פונ׳ם הערר פאַפאַ זיינעם, אַזוי רעכענט ער, וועט איהם שוין פריי מאַכען דעם וועג.

פאָרלויפיג איז ער יעדענפאַלס מיט זיך זעהר צופרידען געווען; וואָרום ס׳האָט ביי איהם אַצינד געטראָפען דאָס ערשטע סעמעסטער, וואָס

---

*) פראָמאָווירען — דערהאַלטען דעם דאָקטאָר-טיטעל.

*) עווענטועל — קומט פאָר פאַר מעגליך.

ער אַרבייט נישט נאָר פּאָרציעסווייז, נאָר טאַקי נאָכאַנאַנד די גאַנצע צייט. דאָס דאָזיגע פּערדינסט געהער אפילו דערהויפּט דעם דירעקטאָר, וואָס האָט אַצינד אויסגענוצט די פּעדאַגאָגישע אייפעריגקייט זיינע פאַר דער רעגעלמעסיגער טעטיגקייט פון לעאָ און האָרסט...

האָרסט האָט טאַקי אין אַ שיינעם העלען טאָג מיט אַ פּערדראָסיג געלעכטער ערקלערט, אַז אַ פוקס דאַרף נאָך נישט אַרבייטען, בפרט אַ יוריסט געוויס נישט; ווען ער וועט האָבען זעקס סעמעסטער, דאַן געהט ער צו אַ „פוקער”, וואָס וועט שוין אין איהם „אַריינפוקען” די נויטיגע זיבען זאַכען, אַזוי אַז דער אַלטער דירעקטאָר האָט זיך ווילענדיג נישט-ווילענדיג געמוזט פון איהם מיאש זיין. האָרסט האָט זיך אין געלעכטער ענטשולדיגט אויך דערמיט, אַז בשעת דער שטודיען-צייט האָט דער פאָטער זיינער פּונקט אַזוי געבומעלט ווי ער און פונדעסטוועגען דערגרייכט צו אַ גאַנץ גוטער שטופע, איז זאָגאַר געוואָרען אַ געהיימער רעגירונגס-ראַט!

פונ׳ם צופעליגען אַריינקומען לעאָס צו די בערגערס איז ביסלעכווייז געוואָרען אַ שטענדיגער פּערקעהר. עפּטערס זיצט ער די נאָכמיטאָגען אין דער אַרבייטס-שטוב פונ׳ם דירעקטאָר און שטודירט מיט איהם דעקאַרט און שפּינאָזאַ. דאָס אַרבייטס-צימער איז אַרויסגעגאַנגען צו דער גאַס אַרויס צו אין אַנ׳אַרויסהויבונג פונ׳ם מויער, וואוהין ס׳האָט אַריינגעפיהרט איבער אַ טרעפּעל. אין דעם גרוימיגען פערמאַכטען באַלקאָן פלעגט זיצען די פרוי דירעקטאָרין און לעזען אָדער זיך בעשעפטיגען מיט עפּעס אַ האַנט-אַרבייט. גרעטען איז איהם דאָרט זעלטען אויסגעקומען צו זעהען.

ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז זינט יענעם אָווענד, ווען ער האָט פאָרגעשטעלט זיינע אָנזיכטען איבער דעם יודענטום און זיך אַליין אַלס טיפּ פון דעם יונגען יודישען דור, וואָלט זי איהם עקסטרע אויסגעמיטען. איהם איז פאָרגעקומען, אַז דערמיט האָט ער אָהן צווייפעל בעליידיגט די אַנטיסעמיטישע נייגונגען איהרע. יעדענפאַלס איז עס געשעהן ווי דורך אַ שטילע אָברעדונג, אַז זיי האָבען זיך צום גריסען קיינמאָל נישט די האַנט געגעבען. ער האָט זיך נאָר טיף פערנייגט פאַר איהר, און זי פלעגט איהם דערויף לייכט און פאָרנעהם צושאָקלען מיט׳ן קאָפּ.

ווען די יונגע מיידלעך פאָן האָרסט פלעגען קומען צו גרעטען און אין אָווענד פלעגט אַ קליינער טאַנץ אַראַנזשירט ווערען, טאַנצט

ער דאַן קײנמאָל נישט מיט איהר, חאָטש ער האָט גאַנץ גוט געפֿיהלט, װי נישט העפֿליך ער איז קעגען איהר דערמיט, בעזונדערס נאָך, אַז זי איז די טאָכטער פֿונ׳ם הױז דאָ. דערפֿאַר אָבער איז ער אַלעמאָל געװען דער ערשטער, װאָס האָט די פּרוי דירעקטאָרין אױפֿגעפֿאָדערט צום טאַנץ, נישט קוקענדיג אױף דעם שטענדיגען צום װידערשפּרוך רײי־צענדען אױסרײד איהרען זיך צוריקצוציהען, אַז זי געהערט שױן נישט מעהר צום „יונגען פֿאָלק!“

אָבער װען זי טאַנצט מיט איהם, פֿיהלט ער, װי לײדענשאַפֿטליך זי װערט, װי אין װעלענדיגען ריטמוס פֿונ׳ם טאַנץ בײגט זיך פֿעסט צו איהם צו דער הערליכער קערפּער איהרער. דאַן דערזעהט ער פּײ־ערלעך אין איהרע אױגען, װאָס מאַכען איהם אומרוהיג און דאָס גאַנ־צע בלוט קומט איהם אין פּנים אַרײן, אַז זי הױבט אָן צו לאַכען און דערצעהלט מיט דער גרעסטער הײטערקײט דעם מאַן איהרען, אַז דער „הערר קאַנדידאַט“ קאָן נאָך רױט װערען װי אַ קינד.

איהם פֿערדריסט עס, װאָס באַלד פֿערהאַלט זי זיך צו איהם װי צו אַ רײפֿען מאַן, באַלד װידער װי צו אַ קינד. דעמאָלט האָט ער איהר שנעל געענטפֿערט, אַז צום גליק האַלט עס נאָך נישט מיט איהם, ער זאָל נישט קענען רױט װערען, און אַז ער האָט גאָר נישט גע־װאוסט, אַז בײ אַ דאַמע קאָן דאָס רױט װערען אױסקוקען װי אַ „קינ־דערישקײט“.

דערױף האָט זי זיך האַרציג צולאַכט, אַז פֿון צװישען די פּולע, רױטע ליפּען איהרע האָבען זיך די װײסע צײהן אַרױסבעװיזען, און האָט איהם מיט׳ן פֿינגער געװאָרענט: „נאָר נישט אַזױ פֿערבײזט!“

און דער דירעקטאָר האָט זיך דעמאָלט זעהר אַמוזירט איבער אָט אָ דעם קלײנעם אינטערמעצאָ *).

נאָר גרעטע האָט נישט מיטגעלאַכט מיט זײ; זי איז דאַן אַװעק צום פֿענסטער צו און האָט גענומען אַרױסקוקען אױף דער גאַס.

דאַן װידער איז זי מיט אַ כלומרשט געלאַנגװײליגט געזיכט פֿונ׳ם פֿענסטער אָבגעגאַנגען, האָט אַריבערגעבליקט צו איהם מיט אַ קאַלטקײט אין די אױגען און זיך צוגעװענדט צו האָרסטען...

ער האָט שױן פֿיל מאָל נאָכגעקלערט װעגען דעם אײגענאַר־

*) אינטערמעצאָ — צװישענשפּיל.

טיגען פערהעלטניס זיינס צו דער פרוי דירעקטאָרין. אַז ער איז נישט צו איהר גלייכגילטיג, אין דעם איז ער זיכער. ער ליבט זי דאָך אָבער אויך נישט, דאָס ווייסט ער גאַנץ בעשטימט, און פאָרט קאָן ער זיך איבערהויפט קיין רעכענונג נישט אָבגעבען איבער זיין געפיהל. ליבע, יאָ, דאָס האָט ער געפונען און עמפּונדען ביי העלענען; דען ליבע אָהן אַבסאָלוטער אונטערגעוואָרפענקייט און געהאָרכזאַמקייט פון דער פרוי קאָן ער זיך גאָר נישט פאָרשטעלען.

קוים ליבט ער, ווייסט ער ביי זיך, מוז די פרוי, וואָס ער ליבט, זיין ווי וואַקס, אַז ער זאָל עס ערשט מיט זיין האַנט פורימען און מאָדעלירען און אַ געשטאַלט געבען, לויט זיין ווילען וועט זיין.

אָבער דאָ ביי דער פרוי דירעקטאָרין איז עס גאָר אינגאַנצען אַנדערש. דאָ פיהלט ער זיך שטענדיג ווי דער אונטערטעניגער, דער בעשענקטער, און זי ווי די געבערין, די געביטערין. איהר אַרט און שטייגער, צו פערהאַלטען זיך צו איהם ווי צו אַ קינד, דאָס מאַכט איהם אָהנמעכטיג, ווייל ער קאָן נישט ביישטעהן דעם אונגעהייערען רייץ, וואָס עס האָט.

ווען ער וועהרט זיך טייל מאָל קעגען איהר מיט אַנ׳ענערגיש וואָרט, דאַן געהט זי עס פאַרביי, ווי ער וואָלט נישט געזאָגט גאָרנישט, און מיט אַזאַ זעלטענער רוהיגקייט און מיט אַ געהיימניספּולען שמייכעל, אַז ער בלייבט פערבליפט, בלייבט מאַכטלאָז און ווערט קעגען איהר צוריק אונטערטעניג.

מאַנכעס מאָל דערוועקט זיך אין איהם די עהרליכקייט זיינע, אַז ער זעהט איין, ווי ער קאָן זיך נישט בעפרייען פון איהר דעמאָנישען כישוף. בלויז דער איינציגער, אומריינער געדאַנק, אַז ער בעריהרט די פרוי פון זיין פערעהרטען און אָהן שיער גוט-האַרציגען לעהרער, ברענגט איהם די שעם-רויטקייט אין פנים אַריין. ער קומט זיך דאַן פאָר ווי אַ געמיינער פאַטראָן, וואָס פריידיגט איבער די עטישע רעפאָרמאַציאָן פון די יודען, און אין דער ווירקליכקייט איז ער אַליין נישט מעהר ווי אַנ׳אָרדינערער יוד, מיט יעדען ברעקעל אַ לומפּ, אַ לומפּ...

נאָר נישט קומען אַהין קאָן ער אויך נישט. דערויף פעהלט איהם ענערגיע. אויסערדעם וואָלט ער דעם מינדסטען גרונד נישט געהאַט, מיט וואָס זיך צו פערטיידיגען פאַר׳ן דירעקטאָר; און עס וואָלט אויך צופיל חשד דערוועקט. און שטענדיג, נאָך יעטוועדעס מאָל צוזאַמענזיין מיט זיי, נאָך יעטוועדער שעה פון געמיינזאַמען שטודיום, קומט אַלעמאָל

אָט אָ די האַרציגע איינלאַדונג, אָט אָ די פריינדליכע, ליבע ווערטער פונ׳ם אַלטען לעהרער: „אַלזאָ, וואָלף, ווען נעהמען מיר זיך ווייטער? פערשטעהט איהר — !״

ווי קאָמיש עס פלעגט אַמאָל איהם, דעם פרימאַנער, פאָרקומען אָט אָ דאָס סטערעאָטיפּישע „פערשטעהט איהר״, האָט עס איהם אַצינד אַזוי געריהרט! און זיך צו פערזינדיגען קעגען דעם אַלטיטשקען לעה־רער, אַפילו אין געדאַנק בלויז, דאָס האָט איהם אַזוי ווייט געבּרענגט, אַז ער האָט זיך אַליין גענומען זידלען. ווייסט ער דאָך וואויל, אַז פון געדאַנקען נעהמען זיך פערלאַנגען און פון פערלאַנגען טאַקי טאַטען...

יאָ, פון געדאַנקען — פערלאַנגען?

איז עס דען נישט אַזוי? וואָס האָט עס אין איהם דורכגעבליצט ווי אַנ׳עלעקטרישער פונק, דעמאָלט, אינ׳ם ערשטען „גייסטער־טאָג״, ווען ער מיט דער פאַמיליע בערגער און האָרסט און אַנדערע זענען זיך אַ ביסעל דורכגעפאָהרען ביי וואַנזעע?

ווי שטענדיג איז פוקס געווען גרעטעס ריטער, און ער איז גע־ווען דער ריטער פון דער שיינער פרוי. ער האָט זיך געפיהלט כמעט שטאָלץ, אַז ער האָט אויפגעחאַפּט די בעוואונדערטע בליקען פון די פיל יונגעלייט, וואָס האָבען נאָכגעקוקט זיין בעגלייטערין. איהם האָט דעמאָלט בערוישט דער פאַרפום, וואָס האָט זיך געשפּירט פונ׳ם פיי־נעם טאַשענטוך איהרען; זיין אויג האָט דעמאָלט גליהענדיג איינגע־זויגען אין זיך די פּלאַסטישע שיינהייט פון דעם פולען געשטאַלט איה־רען, וואָס האָט זיך ענערגיש אַרויסבעוויזען אינ׳ם ענג־געפּאַסטען גראָהען זיידענעם קלייד.

ער האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזעהן אַזוי שיין און אַזוי היי־טער, ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי שטאַרק נישט געפיהלט זיין קליינ־קייט און אָהנמעכטיגקייט קעגען איהר, ווי אין אָט דעם „גייסטער־טאָג״; קיינמאָל האָט ער זיך אַזוי נישט געסטאַרעט זי צו פּעראינטע־רעסירען מיט אַנ׳אָנרעגענדען שמועס, ווי אָט דעמאָלט. און דערנאָך דאָס זעלטזאַמע, באַנגע גליקס־געפיהל, אַז אין אַ מינוט פון אַ הייטע־רער לוינע האָט זי בעשלאָסען מיטצושפּילען מיט׳ן „יונגען פאָלק״ און איבערצולאָזען אַליין די עלטערע הערען אינ׳ם לאָקאַל.

זיי האָבען געשפּילט: „איינס, צוויי, דריי!

די ביידע הינטערשטע לויפען פאַרביי!״

אין אַ גאַנצער קייט זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט פּאָרלעך איינס

הינטער ס׳אַנדערע, און איינמאָל האָט עס זיך געטראָפּען, אַז לעאָ האָט זיך געשטעלט אָן דער שפּיץ. ווען ער האָט הויך צוגעפּאַטשט מיט די הענט און לאַכענדיג גערופען: „איינס, צוויי, דריי, דיביידע הינטער־שטע לויפען פאַרביי״, האָט האַסטיג דורכגעאיילט דאָס לעצטע פּאָרעל, פרוי בערגער און האָרסט, רעכטס און לינקס פאַר איהם אַריבער, אום זיך ווידער צו בעגעגענען. אָבער מיט גרויסע שפּרייזען האָט לעאָ צו־געאַיילט הינטער פרוי בערגער. זי האָט זיך אָבער כלומרשט נישט גע־וואָלט לאָזען חאַפּען און אין אַ וויטען בויגען אַזוי דורכגעלאָפען אויף לינקס, אַז עס האָט זיך איהר פערבויגען דער קאַנט פון׳ם קלייד.

דאָ האָט זי זיך אויסגעגליטשט און אַראָבגעזונקען אויף די קניה.

אינ׳ם זעלבען אויגענבליק איז לעאָ גלייך צו איהר צוגעפלוי־גען. ער איז נישט מעהר שוין אימשטאַנד געווען באַלד אינ׳ם לויף זיך איינצוהאַלטען, נאָר וועלענדיג איהר בייהעלפען, האָט ער אין אימ־פּעט פעסט זי אַרומגעחאַפּט ביי די אָרעמס און אויפגעהויבען.

דערביי האָבען זיך ביידע הענט זיינע צוגעפּרעסט צו איהר פו־לער ברוסט, אַז זיי זענען כמעט אַיינגעגראָבען געווען אינ׳ם וועלענ־דיגען, ווייכען רונדקייט.

ער פיהלט, אַז זיין אומגעשיקטע בעריהרונג איז געשעהן אום־גערן, דען דער אימפּעט זיינער איז דערין שולדיג געווען, אָבער דאָך איז ער, ווי מיט בלוט אָנגעגאָסען, געבליבען שטעהן פאַר איהר, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט גלייכגעשטעלט און איהם איבערראַשט אָנגעקוקט.

„פערצייהט״, פליסטערט ער, „איבער דעם אימפּעט!״

זי שאָקעלט איהם צו בערוהיגענדיג מיט׳ן קאָפּ.

זיין פערלעגענהייט האָט זי אַצינד ווידער אַמוזירט.

„נישט אַזוי שטורמיש, מיין ליבער! איך בין אויף אייך נישט בייז״, האָט זי איהם פערצייהענדיג געענטפערט...

די גאַנצע סצענע האָט געדויערט בלויז עטליכע סעקונדען אַזוי, אַז ס׳איז נישט אויפגעפאַלען גאָרנישט, ווען זיי זענען ביידע דער־היצט און שווער־אָטעמענדיג אַריינגעקומען...

אָבער אויף זיין האַנט האָט עס געברענט ווי אַ פיבער־היץ, ווען ער האָט געשפּירט דעם פולען קערפּער איהרען. יאָ, טיילמאָל איז אין איהם זיין חרטה־געפיהל אינגאַנצען פערשוואונדען, און איהם האָט זיך אויס־

געדאַכט, אַז דאָס האָט איהם זיין ליידענשאַפט דערצו פערפיהרט, נישט דער צופאַל פון אַ גינסטיגען אויגענבליק.

און דערמיט האָט ער זיך נאָר גאַנץ זעלטען געקאָנט אָבנאַרען. ס׳מעהרסט האָט עס איהם טאַקי געברענט אויף דער האַנט און אין האַרץ. אַ מעכטיג געפיהל פון חרטה האָט איהם באַלד אינגאַנצען אי-בערוועלטיגט. ער האָט זיך דערמאָהנט אָן דעם גוטען אַלטען דירעק-טאָר זיינעם, אָן זיין בלאָנד ליב מיידעל, און ער איז פערצווייפעלט געוואָרען איבער זיך און זיינע ווילדע פערלאַנגען.

שטענדיג האָט ער נאָר געטראַכט פון דעם פולען, הויכען גע-שטאַלט איהרען, פונ׳ם זיגרייכען, דרייסטען בליק פון איהרע טונקע-לע אויגען, פונ׳ם מילדען, פערצייהענדען ענטפער איהרען.

ווי איידעל זי איז געווען, טראַכט ער דאַן, און ער — ווי קלוג-ליך און געמיין! ווען זי זאָל האָבען אַנ׳אַהנונג פון די געפיהלען זיי-נע, וואָס ברויזען ווי אַ שטורם אין זיין ברוסט; ווען זי זאָל האָבען אַנ׳אַהנונג פון זיינע פערלאַנגען, וואָס דער בלויזער געדאַנק דערפון בעפלעקט דעם איך זיינעם, זיין כאַראַקטער...

אָבער ניין, טראַכט ער אַלץ אינאיינעם, אויפהערען צו קומען אַהין טאָר ער נישט.

ווי גליקליך, אָדער פיל מעהר נאָך, ווי שמערצליך-גליקליך איז ער געווען, ווען ער האָט געהערט, אַז די אַנדערע וואָך, דעם ערשטען יולי, ווילען זיי זיך אַריבערציהען אויף אַ זומער-וואוינונג קיין וואַנזעע. אַציגד וועט ער זיך דאָך מיט זיי קאָנען זעהן העכסטענס אַלע זונטאָג, און דאָס אויך שטענדיג צוזאַמען מיט פיל געסט און היימישע. און דאַן וועט ער ווידער מיט זיין בלאָנד-קאָפּ וואָס אָפטער צוזאַמען זיין, מיט זיין העלענען, וואָס ער האָט זי לעצטענס אַזוי פערנאַכלעסיגט און וואָס איז אַציגד אַזוי בלייך געוואָרען פון לייד און טרעהרען; און דאַן וועט ער דעם גאַנצען יולי זעהר פלייסיג אַליין אַרבייטען, ער וועט אַרויסטרעטען אויף אַ סעמעסטער פונ׳ם קוליער זיינעם, אויפ׳ן סמך, וואָס ער מוז זיך פאָרבערייטען צום דאָקטאָר-עק-זאַמען. אַזוי וועט אַוועק דער יולי, דערווייל וועלען זיך אָנהויבען די גרויסע קאַניקולען, און ער וועט שוין קאָנען אַהיים פאָהרען, כדי צו-זאַמען צו זיין מיט זיין פריינד און מיט׳ן פאָטער זיינעם. דאַן וועט ער ערנאַ׳ן פערגעסען, ווען ער וועט זי נישט מעהר שוין זעהן. דאַן וועט ער אַרבייטען אויף זיך, כדי יענע גרויסע עטישע רעפאָרמאַציאָן

אין זיך אַליין פריהער אויסצופיהרען. אַצינד שטעהט ער טאַקי פאַר אַ נסיון, ער זאָל די גרויסע עטישע רעפאָרמאַציאָן זיינע מיט זיך אַליין קאָנען בעווייזען, ער זאָל ווערען אַ יוד, וואָס איז איידעל, הילף-רייך און גוט. אַצינד האַלט עס טאַקי ביי זיין ערשטען נסיון!

דאָס האָט אויף איהם אייגענטימליך געווירקט.

און בשעת ער געהט דאָ צו העלענען, מורמעלט ער פאַר זיך מעכאַניש יענע דריי ווערטער...

אַ יוד, איידעל, הילף-רייך, און גוט...

יאָ, דאָס וויל ער זיין!

## זעכצעהנט קאַפּיטעל.

היינט איז דער פּאַר-לעצטער זונטאָג פון יולי. באַלד וועט זיך שוין ענדיגען דאָס סעמעסטער, און ער וועט אָבפאָהרען אַהיים. עס וועט אַ סוף נעהמען מיט די פּאָרוואורפען, וואָס ער מאַכט זיך, און צו העלענעס פּאָרוואורפען וועט אַ סוף נעהמען! דאַן וועט ער די פרוי ערנאַ נישט זעהן מעהר און ער וועט דאַן אינ׳ם קליינעם, פרידליכען גינטערסטאָל געהיילט ווערען פון זיין ליידענשאַפט צו איהר.

ערשט פּאַר עטליכע טעג האָט ער ווידער אַ בייזע סצענע גע-האַט מיט העלענען. זי וויינט אַלץ דורכאַנאַנד, אַז ער איז צו איהר אַנדערש געוואָרען, ער האָט זי שוין נישט מעהר ליב אַזוי ווי פריי-הער, ער האָט זי שוין אינגאַנצען נישט ליב, נישט דאָס מינד-סטע צומאָלס! אין דער היים האָט זי צוליב איהם פון דער מוטער איהרער און פון דער שוועסטער עמאַ אַזויפיל אויסצושטעהן. און קומט זי שוין צו איהם, האָט ער אַלעמאָל אַזעלכע איבעלדיגע לוינען און איז שטענדיג אַזוי צושטרייט און נישט צערטליך. אַצינד האָט זי נישט קיינעם מעהר, וואָס זאָל קאָנען מיטפיהלען איהר לייד. און איהר חבר׳טע מאַריע, זאָגט מען, איז קראַנק, אויך פון האַרץ-לייד. און זי הערט נישט מעהר פון איהם קיין ליב וואָרט קיינמאָל. דערין איז באָר די מכשפה שולדיג, די פרוי בערגער... און דאָ פאָהרט ער ווי-דער אָנהויב אויגוסט אויף אַ גאַנץ פערטעל יאָהר אַוועק, בלייבט זי דאַן ווידער אַליין דאָ, איינע אַליין.

און דאָ האָט זי זיך האַרץ-ריהרענד צוויינט און זיך געוואונשען צו שטאַרבען. זי קאָן דאָס נישט אויסהאַלטען מעהר. אָבער וויל ער צו איהר גוט זיין, וואָס די וואָהר איז גוט זיין, דאַן זאָל ער דיביידע לעצטע זונטאָג-טעג נאָר זיין מיט איהר צוזאַמען. זי וועט איהם

דערפאַר אַזוי ליב האָבען, ווי נאָך קיינמאָל נישט. ער זאָל בלויז נישט אַהינפאָהרען קיין וואַנזעע צו די בערגערס.

ער האָט זיך צוליב דעם גאַנץ לאַנג געשלאָגען מיט דער דעה. ער גיט איהר צו פערשטעהן, אַז דעם לעצטען זונטאָג פון יולי מוז ער דורכאויס פערברענגען ביי די בערגערס, אַנישט וועט מען דאָרט זעהר איבערקלערען דעריבער. מען וועט דאָרט זעהר ערשטוינט זיין, אַז ער וועט די גאַנצע לעצטע פערצעהן טעג פון סעמעסטער נישט קומען אַהינצו. ער וועט נישט האָבען דערויף קיין שום פער-ענטפערונג. דאָס וועט דעם דירעקטאָר שטאַרק פערדריסען...

„אָבער די מכשפה פון אַפרוי", האָט זי אַצורייצטע צוגעגעבען.

„אַך, זיי דאָך נישט אַזוי נאַריש!" ענטפערט ער אויפגערעגט.

דאַן האָט מען זיך גענומען איבערוואַרפען מיט בייזע רייד און מען איז זיך אין כעס פונאַנדערגעגאַנגען.

לעצאָס צאָרן, דאָס האָט ער אינסטינקטיוו געפיהלט, איז אינ-גאַנצען געווען בלויז אַפאָלגע פון העלענעס גאַנץ גערעכטער אייפער-זיכט, דער חשד איהרער איז געווען בעגרינדעט, דעריבער האָט ער אויסגעלאָזט זיין בייזע לוינע צו איהר, וואָס זי האָט איהם אָפען אַרויסגעזאָגט דאָס אַלץ, וועגען וואָס ער האָט זיך בסוד קוים דער-וועגט מודה צו זיין.

דער דורך אייפערזיכט פערפיינערטער, ווייבליכער אינסטינקט איהרער האָט טאַקי רעכט געהאַט. פרוי ערנאַ איז עס געווען, וואָס האָט איהם ס'מעהרסט קיין וואַנזעע אַהינגעצויגען. וויפיל ער האָט זיך נישט געוועהרט מיט אַלע כחות קעגען אָט דעם אַיינזעהן, האָט ער זיך אַלץ נאָך מעהר אונטערגעוואָרפען דעם דעמאָנישען כישוף פאַר דער פערזענליכקייט פון אָט אָ דער פרוי, אפילו ווען ער האָט דאָס בילד איהרס בלויז פון געדעכעניש צוריק אַרויסגעכישופט...

...אָט זעהט ער זי ווי דעמאָלט אינ'ם גראָה-זיידענעם קלייד, וואָס ליגט שטייף געפּאַסט אַרום די פולע אָרעמס און די הויכע, קיי-לעכדיגע בריסט, און בעווייזט פלאַסטיש אין זינליכער דראַלהייט דעם פראַכטפולען קערפּער איהרען; דאַן שוועבט זי שנעל אַוועק איילענ-דיג, און עס זעהט זיך דאָס פיינע קנעכעל און דער טונקעל-בלאָהער שטרימף; דאַן קניהט זי אַנידער, און זיינע הענט פרעסען צו פיבע-ריש הייס דעם קערפּער איהרען...

...און דאַן איהר שמייכעל... איהר בליק. —

אָבער היינט, אין פּאַר-לעצטען זונטאָג פון יולי, וויל ער דאָס בילד איהרס פון זיך פּעריאָגען, חאָטש ס'האָט אין איהם געריסען זי צו זעהן. היינט האָט ער דאָך צוגעזאָגט העלענען מיט איהר צו פאָהרען אויפ'ן דאַמפּפער קיין טרעפּטאָוו. אַצינד וויל ער דורכאויס גוט זיין צו איהר, אָהן שיער גוט; דען איהר ווען, איהר מיי-דעלשקייט האָט ער אַלץ נאָך אַזוי ליב געהאַט ווי פריהער. און ער פלעגט דאָך אָפּט זיין אַזוי משונה'דיג, אַזוי פּערבייזט, ווען ער איז געווען ביי איהר. יאָ, היינט נעהמט ער זיך פּאָר אַלסדינג צוריק גוט צו מאַכען.

זי האָט איהם דאָך אַלצדינג געגעבען, וואָס זי האָט איהם גע-האַט צו געבען. און ער איז קעגען איהר געווען אַזוי נישט דאַנק-באַר, אַזוי געמיין, מאַכט ער זיך פּאָרוואורפען. איז דאָס דען דער „יוד", ווי ער שטעלט זיך איהם פּאָר?

ער וויל פּערגעסען ביי איהר די שיינע פרוי, ער וויל גליקליך זיין ביי איהר, היינט, אין אָט אָ דעם הערליכען טאָג.

און מיט אַ פרייליך געמיט, דעם פּאַלטאָ אויף דעם לינקען אָרעם פּערוואָרפען, לאָזט ער זיך אַוועק איבער דער אָראַניען- און פּרינצען-גאַס צו צו דער יאַנאָוויץ-בריק. דאָ האָט ער זיך מיט איהר אָבגערעדט דריי אַ זייגער צו טרעפען. אַז ער איז אָנגעקומען אַהער, איז שוין געווען מיט צעהן מינוט שפּעטער. אַ ריזיגע מענשען-מאַסע האָט דאָ געאַיילט פון ביידע זייטען איבער דעם פאָהר-ברוק אויף די פּעראָנס פון די אַייזענבאַהן- און דאַמפּפער-סטאַציעס. מיט גרויס מיה האָט ער זיך קוים געקאָנט אַדורכרייסען דורך דער מענשען-מאַסע, ער האָט זי אָבער אין אָט אָ דעם געווימעל נישט געקאָנט אויפזוכען.

אינדעם האָט איהם ווער אַ צופּ געטון פּאַר'ן אָרעם.

ער קוקט זיך אום און דערזעהט העלענען.

„דאָנערוועטער, ליב מיינס! ווי שיין דו זעהסט היינט אויס!"

זי שמייכעלט גליקזעליג, וואָס ער איז געקומען צו דער צייט, וואָס זי האָט איהם אַזוי איבערראַשט, וואָס זי געפעלט איהם היינט.

„געפעל איך דיר אַזוי?" פליסטערט זי, זיך לייכט רויטלענדיג.

„עס פּעררייסט איינפאַך די אויגען!" זאָגט ער לאַכענדיג און בעטראַכט זי נאָכאַמאָל. ווי זי האָט זיך אויסגעפּוצט צוליב איהם! דער גרויסער, ווייסער זומער-הוט מיט דער בלענדענדער ווייסער פּע-

דער האָט פערשייט אַריבערגעקוקט איבער דעם שמייכלענדיגען געזיכט איהרען, און אויפ'ן שטערן האָבען דיסקרעט עטליכע בלאָנדע לאָקען געשפּילט. דאָס טונקעל-ברוין פאַרביגע קלייד איהרס איז געווען מיט אַרבעל פון ברוינעם סאַמעט און פון די אַרבעל האָבען זיך געשלענגעלט שלאַנקע, וועליגע פעלבעלעך איבער די פּלייצעס דורך צום ביוסט צו און זיך בעגעגענט ביי די בריסט און צונויפגעשפּיליעט געווען מיט אַ גאָלדענער האַלב-לבנה-וועטזערא-בראָש, אַזוי, אַז ס'איז פריי געבליבען דער גאַנצער האַלז ביז צום אויסשניט פון די פיינע פּסיכע-בריסט. אויפ'ן אָרעם האָט זי געהאַלטען אַ טונקעל-בלאָהען זומער-זשאַקעט.

ווי שיין זי האָט היינט אויסגעזעהן! די בלאָהע אויגען איהרע האָבען אַזוי פייכט און צערטליך געקוקט...

„קום, ליב מיינס", פּליסטערט ער צערטליך.

ווען זיי האָבען נאָך אַ האַלב-שעה'דיגען וואַרטען און הומאָריסטישען הין- און הער-געשטויסען-ווערען אין דער מענשען-מאַסע, וואָס דער גאַנצער קערפּער איהרער פלעגט זיך דאַן פעסט צו איהם צוטוליען, קוים פאַר זיך ערטער אויסגעזוכט אויפ'ן דאַמפּער, זענען זיי געזעסען אָרעם אין אָרעם און האָבען זיך מיט פערגניגען צוגעקוקט צום שפּרע-שפּיל אויפ'ן וואַסער-שפּיגעל.

דער גאַנצער פלאַך איז בעדעקט געווען מיט קליינע שיפלעך, וואו ס'זענען געזעסען מעהר אָדער ווייניגער געשיקטע רודערער און האָבען זיך געשיפט. אַז דער דאַמפּער איז נעבען זיי פאַרבייגעפאָהרען, האָבען זיי זיך געשטעלט מיט'ן נאָז פון די שיפלעך קעגען די חוואַליעס, וואָס דער דאַמפּער האָט אַרום זיך געשניטען. דרייסטע רודערער האָבען זיך עקסטרע געשטעלט מיט דער לענג-אויס פונ'ם שיפעל פּאַראַלעל פאַר'ן דאַמפּער און אַרויסגערופען אַ שרעק דורך זייער געפעהרליכער שפּיל צווישען די פּאַסאַזשירען אין דער הייך.

לעאָ האָט זיך אַמוזירט איבער די קאָמישע און נאַאיווע בעמערקונגען, מיט וועלכע העלענע האָט בעשענקט די רודערער. ער קוקט טרוימעריש איבערן גרינעם וואַסער-פלאַך, אויף וועלכען ס'איז אויסגעשפּרייט געווען אַ זוניגע ליכטיגקייט און וואָס האָט אָבגעשפּיגעלט די ציטערנדיגע שטראַהלען. דער קלאָרער, בלאָהער הימעל, די גאָלדענע, פונקעלדיגע זון, די שורות הייזער פון ביידע זייטען,—אַלץ האָט אַצינד געלויכטען אין לייכטע שפּיגעל-בילדער איבערן שטראָם, ווי זיי וואָל-

טען, נאָכ׳ן איינעטעמען אַזויפיל וואַרימען, פערגניגענדען זונען-שיין, זיך וועלען אָבבאָדען.

באַלד האָבען די שורות הייזער געגומען שיטערער ווערען, באַלד זעהט מען זיי שוין אינגאַנצען נישט, דאָ און דאָרט בעווייזען זיך פאַר די אויגען ווילעס פונ׳ם טונקעלען גרינס אַרויס, און אָט זענען זיי שוין אין טרעפטאָוו.

זיי האָבען זיך אַוועקגעלאָזט אין צענערס רעסטאָראַן אַריין צו טרינקען דאָרט קאַווע. נאָך פיל אַרומזוכען האָבען זיי, דערזעהן ביי אַ טיש, וואו עס זענען אַרום געזעסען אַ גאַנצע מחנה יונגע לייט, נאָך צוויי פרייע ערטער.

„ווייסט, לעאָ״, פליסטערט זי צו איהם, דאַמאָלס ווען ער נעהמט צו פון איהר דעם זשאַקעט, „ס׳איז אַזוי גוט, וואָס מיר האָבען זיך נישט געדאַרפען אַריינזעצען צווישען אַלטע לייט. דעמאָלט מוז איך בלייבען זיצען אַזוי אָנגעצויגען און מאַכען אַזאַ ערנסטע מינע!״

ער האָט זיך הויך צולאַכט.

מען האָט דערלאַנגט קאַווע און צוויי פּאָרציעס קוכען. אַז ער האָט געהאַט אויפגעגעסען זיין פּאָרציע קוכען, האָט זי צו איהם צוגעשאַרט איהר קוכען אויך, וויסענדיג, ווי ליב ער האָט עס צו עסען.

„דו ביזט דאָך אַזאַ נאַשער-מויל, און איך האָב הנאה פון דעם, וואָס דו האָסט הנאה״, זאָגט זי צו איהם איינפאַך און האַרציג.

ס׳איז איהם אייגעפאַלען אַלס שפּאַס, ווען זי האָט איהם געזאָגט אָט אָ די האַרציגע ווערטער, אַז ער האָט זיך געקווענקעלט צוצונעהמען דעם קוכען.

„אַזוי?״ פרעגט ער שמייכלענדיג, „יאָ, דעם קוכען, ווייס איך, וועסט דו מיר גאַנץ גערן אַוועקגעבען. אָבער שטעל דיר פאָר, ליב מיינס״ —

זי לייגט אַרויף די הענט אויף איהם, בייגט זיך אַריבער צו איהם און קוקט איהם אויפמערקזאַם אָן —

„אָבער שטעל דיר פאָר, ווען דאָ אויף אָט אָ דעם טעלער ליגט נישט בלויז אָט אָ דער קוכען, נאָר אַלע זיסקייטען פון דיין לעבען, דיין גאַנצע לוסט, אַלע דיינע פריידען, אַז אויסער דעם בלייבט נישט פאַר דיר גאָרנישט, נישט קיין איינציג קערנדעל גליק, און איך זאָל דאָס אַלץ וועלען צונעהמען...״

זי קוקט איהם נאָך אַלץ אויפמערקזאַם אָן מיט בלישטשענדיגע אויגען.

„...קאָנסטו דאַן אַלצדינג צונעהמען, און איך וועל דיר גאָרנישט זאָגען, אַז דו וועסט אַלצדינג צונעהמען!"

איהרע ווערטער זענען אַזוי ריהרענד און טריי־האַרציג געווען, אַז ער האָט זיך געפיהלט וואַרים און אַנגענעהם געשמייכעלט דערפון. ווי קלעגליך קומט ער זיך אַצינד פאָר, וואָס אַלע זיינע חושים און געדאַנקען זענען אַזוי אָפט פערנומען מיט אַנ׳אַנדערער, אַז ער איז בעגאַנגען אַ פערראַט קעגען דעם טרייען, ליבען בלאָנד־קאָפּ זיינעם. שטענדיג זאָגט ער זיך אַלץ, אַז באַלד וועט ער צוריק אַנדערש ווע־רען, אַז ער וועט פרוי ערנאַ׳ן בלויז איינמאָל נאָך זעהן דעם נאָ־הענטסטען זונטאָג, און דאַן וועט ער שוין געהערען צו זיין העלענען אַליין; ער פאָהרט דאַן אַהיים, וועט איהר פון דאָרט אָפט בריף שרייבען און ביים צוריקקומען וועט ער ווידער זיין צו איהר ווי פריהער, מיט דער פריהערדיגער האַרציגער ליבע.

און ער פערוואַרפט זי מיט שמייכלענדיגע נעמען און צערטליכ־קייטען אויף צערטליכקייטען, אַז זי האָט פערגעסען גאָר צוזושטעהן צו איהם וועגען דעם נאָהענטסטען זונטאָג, ער זאָל נישט פאָהרען צו די בערגערס.

דערצו נאָך האָט זי זיך געפיהלט גליקליך, וואָס ער איז היינט אַזוי „גוט געלוינט", ווי זי האָט איהם צוגעשעפטשעט, אַז זי האָט איהם שוין נישט געוואָלט פרעגען וועגען דעם, ער זאָל נישט ווערען „שרעקליך אָבשייליך".

ס׳איז געוואָרען האַלב פינף. זיי האָבען פערלאָזט דעם גאָרטען און זענען אַוועק אין נאָהענטסטען וועלדעל. כמעט אומבעוואוסט האָבען זיי זיך געזוכט אַנ׳אָרט, וואו עס זאָלען זיין ווייניג מענשען, אָבער אינ׳ם קליינעם וועלדעל זענען אַזויפיל אַהערגעקומען, אַז זיי זענען דערפרייט געווען, ווען ס׳האָט זיך זיי געמאַכט אויסצוגעפינען, אין דער נאָהענט פון אַ מחנה שפּילענדיגע יונגעלייט, אַ קיהלען שאָטענ־דיגען קאַשטאַנען־בוים.

לעאָ האָט אויפגעהאַנגען דעם בלאָהען זשאַקעט איהרען אויף אַ קליינעם אויסשפּראָץ פונ׳ם בוים און זיין מאַנטעל אויסגעשפּרייט אי־בערן גראָז.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט דערויף און איהר אויבערשטער טייל

קערפּער איז אויסגעקומען געלעהנט צום בוים. זי האָט אויסגעטון דעם ווייסען הוט און איהם אַנידערגעלייגט נעבען זיך. דאַן האָט זי זיך מיט אַ מיידעלשער שעמעוודיגקייט פערבויגען דאָס קלייד ביי די פיס. לעאָ האָט געשמייכעלט דערביי, האָט אויף אַ געלעכטער אַדורכגעקוקט דורך די ביידע אין פויסטען-פערמאַכטע הענד, ווי דורך אַ בינאָקל, צו איהרע פיס צו.

„פוי, ס'איז נישט שיין אַזוי, לעאָ!“

„נע, נע, שרעק דיך נאָר נישט“, זאָגט ער לאַכענדיג, וואַרפט דעם הוט נעבען איהרען, און לייגט זיך אַוועק אין איהר זייט, אַז ער בעריהרט מיט'ן קאָפּ דאָס קלייד איהרס.

זי וואָלט אַזוי גערן זיין קאָפּ גענומען אין איהר שויס. דאַן וואָלט זי איהם געקאָנט גלעטען דורכאַנאַנד אָהן אויפהער. אָבער זי שעמט זיך פאַר די מענשען, וואָס זיצען נישט ווייט פון דאַנען און וואָס געהען דאָ פאַרביי. נאָר ווייל‏ענוויז פערגנבעט זי זיך מיט דער לינקער האַנד צו זיין טונקעלן קאָפּ האָר, און איז גליקליך, אַז ער הויבט איהם דאַן אויף צו איהר און קוקט זי אָן.

איהר צופוסענס אויפ'ן גראָז האָבען זונען-שטראַהלען געשפּילט, בשעת ווען די געדיכטע בלעטער-קרוין פונ'ם קאַרשען-בוים האָט ווייל‏ענוויז קוים אַ שטראַהל דורכגעלאָזט, וואָס האָט זיך דאַן אַראָבגעגליטשט צום שטאַם און זיך פערשלענגעלט אין די בלאָנדע האָר איהרע. ווען אַ לייכטער הויך האָט בעוועגט די בלעטער, האָט דאַן אויפגעציטערט אויפ'ן ברוינעם קלייד איהרען אַ גאַנצע מחנה שוואַרצע און גאָלדענע פלעקען און זיך צוגאָסען איבערן ציטערנדיגען גראָז.

פון צייט צו צייט האָבען דאָ אָבגעקלונגען צו זיי געשרייען און געלעכטער, קינדער-געטומעל און אַ געזאַנג פון מיידעל-שטימען. זיי אַליין האָבען ווייניג גערעדט. זיי האָבען זיך געפיהלט ביידע גליקליך און צו זייער גליקס-געפיהל האָבען זיי נישט געדאַרפען קיין שום אונטערהאַלטונג. זיי זיצען איינס נעבען ס'אַנדערע, און דאָס איז פאַר זיי איבערגענוג.

העלענע האָט אָבער נישט לאַנג געשוויגען. זי האָט געהאַט אַ שפּאַסהאַפטע געוואוינהייט איהם צו דערצעהלען איהרע איבערלעבעני-שען פונ'ם געשעפט און פון שטוב ביי זיי, אַז כמעט שטענדיג פלעגט זי איהם פערנעהמען מיט איהרע לעבעדיגע שמועסען. היינט האָט זי איהם אויך גענומען דערצעהלען פון איהרע נייעסען.

אויף דער נייער קאָלעגין איהרער אינ׳ם געשעפט, פלאָראַ שניידער, האָט זי פיל אויסצוזעצען. און אויף׳ן שטייגער פון די בערלינערינס האָט זי גלייך פאַרטיג געהאַט דערצו אַ גענויע קריטיק איבער איהרע אויסערליכע און מאָראַלישע אייגענשאַפטען. העלענע ערקלערט, אַז זי האָט זי גלייך פון דער ערשטער מינוט אָן שוין נישט געקאָנט ליידען, ווייל זי וויל זיך אַזוי שרעקליך אונטערהנפע׳-נען. אָבער שיין איז זי! נאָר די טונקעלע טיטוס-פריזור איז זעהר אויפפאַלענד! און אַלע אָוועגד קומט אַנ׳אַנדערער פונ׳ם געשעפט זי אָבפיהרען. זי איז אַצינד ערשט אַ מאָנאַט אינ׳ם געשעפט ביי זיי, און שוין האָט זי אַ דריטען; דאָס קאָן זי נישט איבערטראָגען!

„נע, פאַרוואָס דען נישט, בלאָנד-קאָפּ? איהר פרויען האָט דאָך ליב אַלעמאָל אויסצוקלויבען אַנ׳אַנדערן!” זאָגט ער, אַרויפקוקענדיג צו איהר, אום זי אַ ביסעל צו ערגערן.

זי האָט זיך אָבער היינט צו-גליקליך געפיהלט, אַז זי זאָל דערפאַר בייז ווערען אויף איהם.

„נישט וואָהר, מיין גוטער, דאָס איז דאָך נישט וואָהר! דאָס זאָגסטו נאָר אַזוי!” און דערביי בייגט זי זיך צו איהם אַריבער, גלעט איהם די האָר און חאַפּט די האַנט זיינע, וואָס ער שטרעקט צו איהר אויס.

זי פרעסט די האַנט שטאַרק צו צו איהרע בריסט.

„איך האָב נאָר דיך ליב און וועל דיך שטענדיג ליב האָ-בען!” פליסטערט זי, „און דו...”

דאָ דערהערען זיי, ווי אין זייער נאָהענט ברומען אויס עטליכע מענער-שטימען דאָס ליד: „ווער האָט דיך, דו שיינער וואַלד...”, אַז זי האָט דערשראָקען אָבגעהאַקט אין מיטען וואָרט און לעאָ האָט זיך אויפגעהויבען...

זיי זעהען, ווי אַ גרופּע יונגעלייט, לאַכענדיג פונ׳ם שפּאַס, וואָס זיי האָבען מיט זיי געמאַכט און וואָס פאַר אַ דערשראָקענקייט זיי האָבען בייביידע אַרויסגערופען, דעפילירען פאַרביי*) אין אַ געגזען-מאַרש אַרום זיי.

זיי לאַכען דאַן ביידע מיט מיט דער גאַנצער מחנה. אָבער זיי-

---

*) דעפּילירען — ביי אַ פּאַראַד דאָס פאַרביימאַרשירען פון זעלנער.

ער אָברוה-אידיליע איז שוין געוועזן אַצינד פערפאַלען. לעאָ האָט פּאָר-געלייגט זיך דורכצושפּאַצירען אינ׳ם וועלדעל און, אויב עס וועט זיך לאָזען, אין דער קוואַר דורך דאַנען אַוועק צום „אייער-הייזעל", און פון דאָרט זיך אַ ביסעל איבערשיפען, ביז עס וועט טונקעל ווערען. זי האָט אפילו מורא געהאַט פאַר׳ן וואַסער, אָבער מיט איהם בע-שטעהט זי זיך צו דערוועגען דערצו. אַז זיי וועלען אַריינפאַלען אין וואַסער און דערטרונקען ווערען, וועלען זיי חאָטש ווייניגסטענס צוזאַ-מען שטאַרבען.

„אָבער, נאַרעלע, דו! ווער טראַכט דען דערפון? איהר בערלי-נערינס זענט עפּעס קאָמישע בעשעפּענישען. אָט ערשט לוסטיג און פרייליך און אין אַ מינוט אַרום שוין סענטימענטאַל און טראַכט גלייך פון שטאַרבען! קום, ליב מיינס!"

זיי הויבען אויף פון גראָז די היט, די מאַנטלען און געהען אַוועק געאַרעמט. אַז זי שטרויכעלט זיך איבער וואָס, הענגט זי זיך דאַן אָן פעסט און פערטרויט אויף זיין אָרעם, און ווען זיי דאַרפען איבערגעהן אַ הויכען בוים-קלאָץ, דאַן הויבט ער זי כמעט אַריבער, דערנאָך לאָזען זיי זיך ווידער געאַרעמט. אַזוי האָבען זיי נאָכאַנאַנד אַלאַטריאָ געטריבען, פּונקט ווי צוויי גליקליכע, פערליבטע קינדער. אַז אַ פרוי האָט זיי אָנגעבאָטען רויזען צו קויפען, האָט ער אויסגע-קליבען פונ׳ם קאָרב איהרען איינע אַ ווייסע און איינע אַ רויטע. ווען זיי זענען געקומען אויף אַנ׳איינזאַם אָרט אין וועלדעל, האָט ער זיך אָבגעשטעלט קעגען העלענען, און האָט איהר אַריינגעשטעקט ביידע בלומען פאָרנט ביי די בריסט, ביי דער גאָלדענער האַלב-לבנה-בראָש, וואָס פערענדיגט דעם האַרץ-אויסשניט פון דער ברוינער טאַליע. בשעת ער שפּיליעט צו די בראָש, בעריהרט ער מיט דער האַנט דעם שניי-ווייסען האַלז איהרען, און זיי קוקען זיך טיף און שוויגענדיג אין די אויגען אַריין.

אַז ער דערזעהט, ווי עס לייכטען אויף הייס און בעגעהרענד די בלאָהע, טיפע אויגען איהרע, לויפט ווי אַ שטראָם פייער אין איהם דורך.

„זעה, בלאָנד-קאָפּ מיינער, אַ רויטע רויז, דאָס איז די ליבע! און אַ ווייסע, — דאָס איז די אומשולד! — נע, געוויס, דו ברויכסט גאָר נישט רויט צו ווערען! איך גיב דיר אָט אָ די רויז, ווייל

די בלייבסט אין הארצען ביי מיר דאָס ריינע, אומשולדיגע מיידעל מיינס..."

דאָס איז נישט געווען קיין פאַלש פון איהם און פון העלענען אויך נישט. ביי איהר איבערגעבונג האָבען זיינע חושים געלויערט, עס זאָל נישט פאַלען קיין אונאיידעל וואָרט, קיין ניט-שיינע תאוה׳דיגע בעוועגונג זאָל נישט פאָרקומען, ווייל דאָס וואָלט איהם אָבגעקיהלט. אין איהר איבערגעבונג איז געווען אַזאַ צניעות, וואָס האָט פאַר איהם אַ בעזונדער רייץ געהאַט, אַזאַ וויבליכקייט, אַז ער האָט זיך עס נישט געקאָנט קיינמאָל קלאָר מאַכען; אין מיטען די הייסע קושען און שווייגענדע אומאַרמונגען איהרע, איז נאָך אַלץ אַ פיינער שלייער געבליבען, וואָס ער האָט נישט געקאָנט צורייסען, און וואָס האָט דאָס אַלץ פערהילט געהאַלטען; אַ שלייער, וואָס האָט נאָך אַלץ געהאַט אין זיך אַ שימער פון צניעות, אַ שימער פון מיידעלשקייט.

מיט אַ בלייכען, גליקליכען אָנבליק לאָזט זי זיך פון איהם די בלומען אַריינשטעקען. און אַז זיין הייסע האַנט האָט בעריהרט דעם האַלז איהרען, האָט זי אינגאַנצען אויפגעציטערט. זי האָט געעפענט די ליפען און שווער אָבגעעטעמט. דאָס גאַנצע בלוט איז איהר אַריינגעקומען אין געזיכט אַריין. פערשיכורענד און היציג-שווער וועבט און פאַליעט זיך די זומער-לופט אַרום איהר, און זי וויגט איין אין זיך די בליטען-געווירציגע דופטען, וואָס טראָגען זיך אין לופטען.

און ווי ער בעוואונדערט אַזוי דאָס מייסטער-ווערק זיינס — די ביידע רויזען אויף איהרע בריסט, חאַפט זי איהם אַרום מיט איהרע אָרעמס און שעפטשעט צו איהם אַ פאָר ווערטער אויפ׳ן אויער.

ער קוקט זי איבערראַשט אָן.

זי ווערט דערביי רויט ווי פורפור.

און העלענע האָט אַליין אויך נישט געוואוסט, פון וואַנען ס׳האָט זיך גענומען צו איהר אָט אָ די ליבעס-בקשה. זי האָט אינגאַנצען פערגעסען, אַז נעכטען ערשט איז זי אַזעלכע אומבעקאַנטע שמערצען אויסגעשטאַנען, אַזאַ שווערע מידקייט און אַ וועהטאָגדיגען נאָגען אין דער ברוסט דערפיהלט, פערגעסען, אַז נעכטען איז איהר אַיינגעפאַלען אַזאַ חשד... אַזאַ שרעקליכער... שרעקליכער חשד!

אַ מאַטער שמייכעל בעווייזט זיך אויף איהרע ליפען, און גליהענדיג טוליעט זי דאָס קעפעל אויף זיין ברוסט, און ער גיט אַ האַלב פערשטיקען יובעל-רוף און חאַפט זי קושען...

## זיבעצעהנט קאַפּיטעל.

נישט קוקענדיג אויף העלענעס האַרציגע בקשות, נישט קוקענדיג אויף איהר צאָרן און איהרע טרעהרען, האָט ער אויף קיין פאַל נישט געקאָנט ביי זיך פועלן דעם לעצטען זונטאָג נישט צו זיין ביי דעם דירעקטאָרס פאַמיליע. ס'איז נאַטירליך דעריבער צווישען זיי אַרויסגעקומען אַ בייזע סצענע און זיי זענען זיך אין כעס פונאַנדערגעגאַנגען.

דעמזעלבען מאָנטאָג נאָך זייער שפּאַציר קיין טרעפּטאָוו זענען זיי ווידער צוזאַמען געווען, ביידע אין אַ צורייצטער שטימונג, אַליין נישט וויסענדיג פאַרוואָס. ווען ער איז אין ערגערניש פון איהר אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך צוגעשוואוירען, אַז ער וועט זיך שוין נישט לאָזען מעהר טיראַניזירען פון איהר. ער האָט איהר טאַקי געזאָגט אַצינד, אַז ער איז אַליין אַ האַר איבער זיך און קאָן מיט זיך מאַכען און טון, ווי עס געפעלט איהם. דערויף האָט זי איהם געזאָגט: „מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק האָסטו גאַנץ אַנדערש צו מיר גערעדט!"

און דערפאַר טאַקי, ווייל ער האָט געפיהלט טיף ביי זיך אין האַרצען, ווי גערעכט זי איז מיט איהרע ווערטער, האָט ער זיך געערגערט איבער איהר, אָנשטאָט זיך אַליין צו מאַכען פאָרוואורפען. די גאַנצע וואָך איז ער צו איהר נישט געגאַנגען, און זי האָט אויך נישט געשריבען צו איהם קיין איינציג וואָרט. ס'איז שוין, זעהט אויס, דאָסמאָל ווידער אַ לאַנגער ברוגז.

חאָטש דאָס אַליין האָט איהם אויך גאַנץ שטאַרק פערדראָסען, איז איהם אָבער בעשערט געווען די לעצטע וואָך פון נאָך אַנדערע זאַכען עגמת-נפש צו האָבען. האַרסט האָט איהם בעוויזען אַ בערזען-צייטונג, וואו דאָס אַקציען-אונטערנעהמונג פון דער שטאָדט גינטערסטאַל איז שאַרף געקריטיקירט געוואָרען. ס'איז אינגאַנצען צוויי-

פעלהאַפט, אַז עס זאָל קאָנען עקזיסטירען, ווייל די אויסלענדישע קאָנ-קורענץ שטעלט צו דיזעלבע פּראָדוקטען ביליגער און בעסער. עס ווערט דריבער גערעטען, פּאָרלויפיג ביים איינקויפען די אַקציעס צו בעוויי־זען אַ רעזערווע.

דאָס האָט איהם געטראָפען ווי אַ פיזישער קלאַפּ!

ער האָט גלייך אַוועקגעשיקט אַ דעפּעש אַהיים, נאָר דערויף האָט ער צוריק בעקומען אַ בערוהיגענדע אַנטוואָרט, ס'האָט איהם אָבער פער-וואונדערט, וואָס נישט דער פאָטער זיינער האָט איהם געענטפערט, נאָר דער פעטער קעניגסבערגער; אַ ביסעל פערטונקעלט איז איהם אויך פאָרגעקומען דער נוסח פונ'ם ענטפער: „נישט געזאָרגט, אונזער אָנ-געלעגענהייט שטעהט אויסגעצייכענט!"

ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט לאַנג וועגען דעם בעאומרו-היגען. רעכענט ער דאָך גאָר אין גיכען גענויערע ידיעות פון זיין פאָטער אַליין געוואָהר צו ווערען. צו וואָס זאָל ער זיך אַצינד אומ-זיסט דעם קאָפּ צוברעכען, אַז ער האָט צו קלערען וועגען עפּעס וויכ-טיגערס, וועגען זיין געזעגענונג מיט בערגער, וועגען דעם לעצטען זונטאָג!

ער האָפט דאָרט זיך מיט האָרסטען נישט צו טרעפען. דאָ נישט לאַנג איז אינ'ם קוליער צווישען זייביידע צו אַנ'אָפענעם סקאַנדאַל דערגאַנגען.

האָרסט האָט געפּאַקט אין אַ גאָרטען-לאָקאַל אַ נישט-קוליער-סטו-דענט, אַ יוד, איז ער צו איהם צוגעשטאַנען, אַז ער האָט איהם בע-ליידיגט. ווען דער יוד איז ערשטויגט געבליבען פון דעם אומגעמאָטי-ווירטען אָנפאַל אויף איהם און ערקלערט, אַז ער האָט גאָר קיין אַהנונג נישט דערפון, און נישט געוואָלט געבען זיין קאַרטע, האָט ער איהם אָנגערופען: „פּחדן, קרומער יודען-יונג!" דער יוד איז טויט-בלאַס גע-וואָרען און דערלאַנגט האָרסטען אַ פּאַטש. באַלד איז געוואָרען אַ גאַנץ געשלעג. צומאָרגענס אינדערפריה האָט זיך האָרסטס געגנער אָבגעזאָגט פון אַ פיסטוילען-דועל מיט דער בעגרינדונג, אַז ער שלאָגט זיך נישט מיט קיין „ראָודי" *).

אַז לעאָ האָט געהערט פון אָט דער געשיכטע, האָט ער אין זיך

*) ראָודי Rowdy — חוליגאן.

פערנומען אַ זעלטזאַם געמישט געפיהל. פון איין זייט איז ער אין כּעס גע-
ווען, וואָס האָרסטס געגנער האָט זיך „אויסגעדרייט” און זיך צו פּחדנות׳דיג
געהאַלטען; ווייל נאָך זיין מיינונג האָט ער געדאַרפען אָננעהמען דעם
„דועל”, אום צו בעווייזען, אַז אַ יוד איז נישט קיין פּחדן. פון דער
אַנדערער זייט האָט ער זיך וועגען האָרסטס בענעהמען אויך זעהר שאַרף
אָבגערופען און זיך אַזוי געערגערט איבער דעם זידעל-וואָרט „קרומער
יודען-יונג”, ווי דאָס וואָלט גזאָגט געווען אויף איהם אַליין.

האָרסט האָט זיך אָנגעצונדען פון כּעס.

„נאַטירליך, דו ווערסט נאָך דעם פרעכען יודען-יונג אַרונטערנעה-
מען אונטער דיין שוץ!”

דאָ האָט לעאָ דערשפּירט קעגען האָרסטען אַזאַ מין האַס, וואָס
ער האָט איהם גאָר קיינמאָל נישט געאַהנט.

„ניין, דאָס נישט. קענסט מיינען, ווייל איך בין אויך אַ „יודען-
יונג”, אום דאָס גאַסען-וואָרט דיינס נאָך אַ מאָל צו בענוצען. דער
מענש קאָן זיין „פרעך”, אַ „יונג”, אָבער צו וואָס אין מיין געגענוואָרט
דאָס זידעל-וואָרט „יודען-יונג”? דאָס איז פונקט אַזוי גראָב, ווי דאָס
בענעהמען דיינס איז נאַריש און יונגיש!...”

דערנאָך האָט מען זיך לאַנג און היציג איבערגעווערטעלט, אַזוי,
אַז אַ טאָג נאָכדעם איז עס געקומען צו אַן׳עהרען-געריכט פון דריי
סטודענטען וועגען די ביידענס בעליידיגונגען, און פוקס איז געצוואונ-
גען געווען צו ערקלערען, אַז ביי דעם וואָרט „יודען-יונג” איז ער מיט
דאָס מינדעסטע לעאָן נישט אויסען געווען.

אָבער אינערליך איז דער ברוגז צווישען זיי ביידע אויך אויף
ווייטער פערבליבען. זיי האָבען זיך פון דעמאָלט אָן שוין מעהר די
האַנט נישט געגעבען און האָבען זיך פערהאַלטען איינס צו ס׳אַנדערע
מיט אַן׳אָנגעצויגענער שטייפקייט. דאָס ווידער האָט צוריק געווירקט
אויף די קוליער אַליין, וואָס איז געווען, ווי לעאָ האָט אינסטינקטיוו
געפיהלט, אויף האָרסטס צד. יאָ, ווי ער זעהט, ווערט מען אַצינד גאָר
נישט פּאַראיבעל האָבען, אַז ער זאָל אַרויסטרעטען פון׳ם קוליער. ער
וויל עס אָבער נישט טון, ביז ער וועט נישט האָבען פריהער גערעדט
דעריבער מיט זיין פריינד ריכאַרד מאַנצאָוו.

אַצינד נאָך דער נייער פערפידיע *) פון׳ם פוקס, איהם צוזשיקען

*) פערפידיע — פערראַט, אינטריגע, הינטער-ליסטיגקייט.

יענע בערזען-צייטונג, נישט צוגעבענדיג דערביי קיין איינציג וואָרט, פאַרוואָס ער האָט עס געטון.

„האָפענטליך, טרעף איך זיך נישט מיט'ן קערל", מורמעלט ער פאַר זיך, אַרויפגעהענדיג אויף די ברייטע טרעפ פונ'ם פּאָטסדאַמער באַהן-הויף, צו פאָהרען קיין וואַנזעע.

ווען דער צוג האָט ברומענדיג און סאָפּענדיג גענומען זיך ריה-רען, האָט זיך אין לעאָן אַ באַנג געפיהל דערוועקט. אַזוי ווי אַלע אונ-אַנגענעהמליכקייטען און דער גאַנצער צער, וואָס איהם איז אויסגעקו-מען די לעצטע וואָך איבערצוטראָגען, וואָלט אַוועק פון איהם אַצינד אינגאַנצען, וואָלט פערשוואונדען פאַר דעם גליק פונ'ם איצטיגען אוי-גענבליק, פונ'ם היינטיגען טאָג. נאָר אָט דאָס פריילּיכע ערוואַרטונגס-געפיהל איז אַ ביסעל אָבגעשוואַכט געוואָרען, ווען ער האָט זיך דער-מאָהנט, אַז ער פאָהרט אַהין אַצינד אין דעם היינטיגען זומער שוין דאָס לעצטע מאָל, אַז ער וועט זי זעהן אַצינד צום לעצטען מאָל און זי וועט נישט וויסען, ווי פערדאָרבען ער איז געוואָרען צוליב איהר.

און בשעת דער צוג איז דורכגעלאָפען פאַרביי ליכטיגע הייזער און גרינע לאָנקעס און טונקעלע, שווייגענדיגע פיכטען-וועלדער, האָט ער פערטראַכט ערגיץ געקוקט פאַר זיך און נישט בעמערקט די זומער-פריידיגע שיינהייטען פון דער נאַטור. ס'איז איהם אַצינד אין קאָפּ אַריין אַ פראַזע, וואָס האָט איהם אַלע זיינע חושים פערנומען און פער-שטעלט די נאַטור פאַר זיינע אויגען. „אַז איך האָב דיך ליב, וואָס געהט עס דיך אָן?..."

אין אָט אָ דעם אויגענבליק, אין דער ווייכער שטימונג אַצינד, האָט די פראַזע אַזוי ריהרענד און איניג אָבגעקלונגען, אַז עס האָט איהם טרויעריג געמאַכט.

ער זיצט ביים פענסטער און אַכט נישט אויפ'ן געפּלוידער פון די לייט, וואָס זיצען נעבען און אַרום איהם. זייער שמועסען און לאַ-כען הערט ער ווי פון ערגיץ אַ ווייטעניש אַרויס. זיינע געדאַנקען זע-נען געוועזען ווייט, ווייט פון דאַנען...

„אַז איך האָב דיך ליב, וואָס געהט עס דיך אָן?"

און ער איז געוואָרען אַלץ טרויעריגער, אַלץ מוטלאָזער.

באַלד האָבען אויפגעטויכט געדאַנקען פון חרטה, וואָס ער האָט אָפּט אין זיך דערשטיקט, פון פעררעט קעגען זיין בלאָנד-קאָפּ, פון פער-ראַט קעגען זיין לעהרער.

די בלאָנד-האָר פון זיין מיידעל, די גרייז-גראָהע האָר פון זיין לעהרער ...

דאָס האָט איהם אַזוי גערירט!

ער וואָלט זיך אומגעקעהרט פון חרטה און פערצווייפלונג.

דאָ האָט דער לאָקאָמאָטיוו אַ לאַנגען גרילצענדיגען פייף אויסגע-צויגען און זיך אָבגעשטעלט, אויסצישענדיג אַ ווייסען דאַמפּ.

„גוט מאָרגען, הערר וואָלף! איינער אַליין היינט?"

ער קוקט זיך איבעררשט אום. עס שטעהען פאַר איהם פרוי ערנאַ און פריילין גרעטע.

ער בעגריסט די ביידע דאַמען.

„איהר וואונדערט זיך, אונז דאָ צו טרעפען? יאָ, זעהט איהר, מיר ביידע, איך און גרעטע, זענען באַלד אינדערפריה אַוועק זיך באָדען, דערנאָך האָבען מיר זיך אַ ביסעל איבערגעשיפט. אַצינד האָבען מיר געוואָלט זעהען, ווער פון אונזערע געסט וועט מיט אָט אָ דעם צעהנער-צוג אַהערקומען צו אונז. זעהט אויס, אַז איהר זענט דער איינציגער, וואָס האָט זיך אויסגעקליבען צו פאָהרען מיט אָט אָ דעם צוג" ...

„איך האָב היינט אויסגעוועהלט אַ אינדערפריהעדיגען צוג, גנעדי-גע פרוי, ווייל ס'איז מיין געזעגענונגס-בעזוך היינט. און מיר האָט זיך געוואָלט היינט וואָס מעגליכסט מעהר ביי מיין לעהרער פערווייל'ן, כ'זאָל קאָנען דעם גאַנצען טאָג ווי צום בעסטען אויסנוצען."

„איהר פאָהרט אַלזאָ אַוועק, הערר וואָלף?" פרעגט זי מיט אַ רו-היגען טאָן, „מיין מאַן האָט טאַקי גערעדט דערפון, אַז עס ענדיגט זיך אַצינד דאָס סעמעסטער. איך בין אייך נישט מקנא דערמיט! אַצינד אין אָט אָ דעם הערליכען זומער זיך פערקלייבען אינ'ם פערוואָרפענעם ווינקעל דאָרט, פאַר קיין זאַך אין דער וועלט וואָלט איך שוין נישט וועלען צוריק אַהין! ..."

און דערביי האָט זיך אויף איהר געזיכט בעוויזען אַזאַ הייטער-קייט, און אַרום דעם פרעכטיגען מויל איהרען האָט אַ שמייכעל גע-שפילט, אַז לעאָן זענען די ליפּען בלייך געוואָרען. דאָס האַרץ האָט איהם גענומען נאָגען פון וועהטאָג און דאָס בלוט האָט איהם אָנגע-הויבען שנעלער צו לויפען אין די אָדערן, אַזוי אַז ער האָט זיך דורך אַ שרעקליכע אָנשטרענגונג קוים געצוואונגען אַ פריילין פּנים צו מאַ-

כֿען און צו ענטפערן צו דער זאַך. דורך אַלע זיינע געדאַנקען האָט אַלץ אויפגעטויכט די פראַזע:

„אַז איך האָב דיך ליב, וואָס געהט עס דיך אָן?" —

לעאָ האָט זיך געפרייט, וואָס מיט'ן צווייטען צוג איז האָרסט נישט אָנגעקומען. און אויך נאָך מיטאָג איז ער נישט געקומען. גוט, וואָס ער איז אַליין געבליבען מיט די דריי פערזאָן, צו וועלכע ער האָט זיך שוין אַזוי צוגעוועהנט און מיט וועלכע ער מוז זיך היינט אויף אַזאַ לאַנגע צייט געזעגענען.

ער האָט אַלץ געוואַרט דערויף, אַז פרוי ערנאַ זאָל ווידער נעהמען רעדען פון זיין אָבפאָהרען. ער האָט געלעכֿצט נאָך אַ וואָרט פון בעדויערן אויס'ן מויל איהרען, אָן וועלכֿען ער זאָל זיך אין זיין בענקשאַפט קאָנען קלאַמערן, ווי איינער, וואָס ליידט פון שיף-ברוך, אָן אַ לעבענס-רע-טענדען באַלקען אויפ'ן ים. ער האָט געגאַרט נאָך אַנ'איינציג וואָרט בלויז, וואָס ער זאָל פיהלען, אַז פאַר איהם איז עס געזאָגט, אַנ'-איינציגען בליק בלויז, אַז נאָר ער זאָל זיין מיין פערשטעהן, אָבער אַזוינס האָט ער נישט געהערט און אַזוינס האָט ער נישט געזעהן.

ער פיהלט, אַז אין איהר נאָהענט פערלירט ער זיין גאַנצע מענש-ליכֿקייט, ווי זיין גאַנץ ביסעל ענערגיע ווערט פערלאָשען. זי זאָל זאָ-גען „בלייב", וואָלט ער געבליבען, זי זאָל זאָגען „געה", וואָלט ער געגאַנגען. און דאָס אַלץ וואָלט ער געטון, ווי איינער, וואָס האָט דעם פערשטאַנד זיינעם פערלוירען; בעוואוסטלאָז, ווי אַ געריהרטער, אַפּאַ-טיש, ווי פון אַ היפּנאָז בעצוואונגען.

און דערביי האָט ער זיך גאָר נישט געפיהלט געקרענקט אין זיין אייטעלקייט, דורכֿדעם, וואָס ער האָט נישט קיין ערפאָלג און וואָס זיינע געפיהלען געפינען נישט קיין אָבקלאַנג. טיילמאָל זאָגאַר, אַז ער פלעגט זעהן פאַר זיך פאַרבייוואַנדלען דאָס הויכֿע מעדעאַ-געשטאַלט אין איהר גאַנצער שיינקייט און פלאַסטישער אויסגעפּאָרמטקייט, פלעגט ער דאַן גאָר אינגאַנצען פערלירען דאָס בעוואוסזיין פאַר דער שענדליכֿקייט פון זיינע פערלאַנגען. נאָר איין געפיהל פלעגט נאָך וואַך זיין, דאָס געפיהל פון פערצווייפלונג, פון פערצווייפלונג, וואָס ווייסט נישט פון קיין טרעהרען, נאָר פון אַ טרייסטלאָזער, מוטלאָזער אַפּאַטיע...

„איהר זענט היינט שרעקליך לאַנגווייליג, הערר וואָלף!" האָט זי געזאָגט, ווען זיי האָבען זיך נאָכֿמיטאָגס אַרויסגעזעצט אינ'ם פאָר-גאָרטען פון דער ווילע שרעטער, אין וועלכער דער דירעקטאָר האָט

אָבגעדונגען די פּאַרטער-וואוינונג.

„געזעגענונגס-שטימונג, גנעדיגע פרוי!” האָט ער לאַכענדיג גע-ענטפערט.

„אַי, אַי, ווערט נאָר נישט סענטימענטאַל!” זאָגט איהם ערנאַ.

„ניין, דאָס נישט, איך פערשטעה נאָר נישט, פּאַרוואָס אין אונזער מאָדערנער, זעהר פּראַקטישער צייט רופט מען יעטוועדעס געפיהל גלייך אָן „סענטימענטאַל”. ווייזט מען אַמאָל אַרויס אַנ׳איינפּאַלע, נאַאיווע אויסגעדריקטע עמפּינדונג, ווערט מען גלייך אָבגעשטעמפּעלט און לעכערליך געמאַכט מיט׳ן וואָרט „סענטימענטאַל”. און דאָך וואָלט איך בעסער געוואונשען מיר זאָלען מעהר פיהלען, ווי מיר טראַכטען. ווערטהער איז געוואָרען פאַר דער מאָדערנער צייט אַ קאָמישע פיגור. און גראָד ער איז פילייכט פיל מעהר מענש, ווי אַ קיהלער נאָרד-פּאָלדענקער. געדאַנקען מאַכען נישט וואַרים, אָבער געפיהלען גראָד יאָ...”

„דאַנק זעהר, הויכגעעהרטער הערר קאַנדידאַט” — דערביי פערבייגט זיך פרוי ערנאַ צו איהם אין שפּאַס — „דאַנק זעהר פאַר דער בעלעהרענדער לעקציע!...”

דער דירעקטאָר און גרעטע האָבען זיך האַרציג צולאַכט דערויף און לעאָ, וואָס איז אין דער ערשטער מינוט געבליבען זיצען ווי פערבליפט, האָט אויך באַלד בעהאַרצט מיטגעלאַכט.

„נו, ווי האַלט עס מיט אייער דיסערטאַציע?” האָט דער דירעקטאָר פלוצלונג אָבגעווענדט דאָס געשפּרעך.

„אַ טעמע האָב איך שוין בעקומען, „די שילדערונג פון דעקאַרטס זייטען-לעהרע”, עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס אין דער היימאַט מיינער וועל איך צוליב מאַנגעל אין מאַטעריאַל ווייניג קאָנען אַרבייטען. מיר וועט פעהלען די ביבליאָטעק, און איהר, הערר דירעקטאָר, וועט מיר פעהלען”, האָט ער צוגעגעבען מיט אַ פריילּיכען אָנבליק.

„בע, דאַן איז עס דאָך גאָר איינפאַך — פערשטעהט איהר — וואָלף. איהר בלייבט נאָך אויף פיר וואָכען דאָ. אַז איהר וועט אַהיימקומען אויף סעפּטעמבער און אָקטאָבער, וועט אייער פּאַפּאַ דערמיט אויך צופרידען זיין, דערצו נאָך, ווען איהר שרייבט איהם — פערשטעהט איהר — אַז עס האַנדעלט זיך וועגען אייער דאָקטאָר-עקזאַמען, און צי איהר וואוינט דערינען אין דער שטאָדט אָדער דאָ הי אין וואַנזעע — פערשטעהט איהר — דאָס איז דאָך שוין אַלץ איינס! מיין ווירט האָט נאָך גענוג צימערן צו פערדינגען!”

„אָבער, הערר דירעקטאָר, איך קאָן דאָך פון אַייך אַזויפיל ביי-הילפיגקייט נישט פערלאַנגען! מיין פאַפאַ וועט שוין געוויס בעשטעהן דערויף, ווען ער וועט וויסען, אַז איהר, הערר דירעקטאָר, האַלט עס פאַר נייטיג, אָבער...״

„פאַסט נאָר אויף, וואָלף, ווי מירביידע וועלען דאָ הינען אַרבייטען צוזאַמען. איהר וועט מיר אויך בייהעלפען — פערשטעהט איהר — אָט צום ביישפיל ביים לייענען די קאָרעקטורען פון מיין ניי-עם לאַטיינישען לעזע-בוך. דאָס איז אויך אַן׳אַרבייט״. —

„געוויס, הערר וואָלף, אַז מיין מאַן ראָט אַייך אַזוי צו טון, דאַן גלויב איך, איז עס פאַר אַייך די גלייכסטע זאַך!״ הערט זיך פּלוצלונג ערנאַס קלאָרע שטים.

ער האָט איהר אַ קוק געטון אין געזיכט אַריין. אין זעלבען אויגענבליק איז זי געהאַט אויפגעשטאַנען פון אָרט, אום איהם צו דערלאַנגען אַ טאַס קאַווע, וואָס אַ דיקע דינסט-מויד האָט נאָר-וואָס אַהער אַריינגעבראַכט. זיי האָבען זיך טיף אָנגעקוקט. איז עס געווען דאָס בעוואוסטזיין, אַז ס׳איז פאַרהאַן צווישען זיי עפּעס אַ געמיינזאַם געהיימניס, אָדער ס׳איז געווען בלויז די פרייד פון איהרע צושטימיגע ווערטער? ער האָט דערפיהלט, אַז ער איז רויט געוואָרען ווי פּורפּור. וואָס ער קאָן רויט ווערען ווי אַ „שילער-יונגעל״, דאָס האָט איהם ווידער פערשאַפט פיל אונאַנגענעהמליכקייטען.

זי האָט ווידער געלאַכט דעריבער, אַזוי אייגענטימליך, אַזוי גאָר אייגענטימליך!

און ער האָט טאַקי אַיינגעוויליגט זיך אַריבערצוציהען קיין וואַנ-זעע. נאָר ווען גרעטע האָט איבצווישען דערצעהלט, אַז די האָרסטס קלויבען זיך אויך צו נעהמען אַ זומער-וואוינונג אויף זעקס וואָכען, און מעגליך, אַז אויך דאָ אין וואַנזעע, האָט זיך פערצויגען אויף זיין געזיכט אַ לייכטער הויך פון טרויער.

אַז זיין פאָטער וועט מסכים זיין, אין דעם איז ער זיכער גע-ווען. און העלענע?—איז איהם אַיינגעפאַלען.

וואָס ער וועט פערבלייבען נאָך אין בערלין, מיט דעם וועט זי זיין זעהר צופרידען. זי וועט אָבער אויסער זיך ווערען פון דעם, וואָס ער ציהט זיך אַריבער קיין וואַנזעע. דעריבער האָט ער ביי זיך אָבגעמאַכט איהר דערפון צו וויסען צו געבען, אַז ער וועט זיך שוין האָבען אַריבערגעצויגען, און צו וויסען געבען דורך אַ בריוועל.

ער האָט זיך געשראָקען פאַר איהרע גרויסע, בעטענדיגע אויגען.

דעם גאַנצען נאָכמיטאָג און דעם גאַנצען אָווענד האָט ער אויסגעקוקט, פרוי ערנאַ זאָל איהם אַרויסוויזען חאָטש אַ סימן פון פריידדעריבער, וואָס ער פערבלייבט. ער האָט אָבער גאָרנישט בעמערקט, אפילו נישט דעמאָלט, ווען זיי פלעגען בלייבען אויף עטליכע מינוט אַליין. נאָר אין גרעטעס געגענוואַרט האָט זיך גערעדט פון געמיינזאַמע שפּילען און פון איבערשיפען זיך.

דאָס האָט איהם פערדראָסען. זיצענדיג ביים אָווענד-ברויט איהר קעגענאיבער, האָט ער צופעליג מיט׳ן פוס זיינעם בעריהרט איהר פוס. זי האָט דעם פוס גלייכגילטיג צוריקגענומען און איהם אָנגעקוקט.

איהם האָט אַזוי פערדראָסען אָט אָ דער קאַלטער, פרעמדער בליק פון איהרע אויגען! פיליכט מיינט זי גאָר, אַז ער האָט עס עקסטרע געטון. ער איז ווידער רויט געוואָרען. געוויס, ער איז פאַר איהר נאָר אַ שפּילכעל. איינמאָל אַ לייכטענדיגען וואַרימען בליק פון איהרע אויגען, אַז ער בלייבט שטעהן ווי צוגעשמידט, אַזוי ווי ער וואָלט אַ וואונדערליכע ערשיינונג דערזעהן, און דערנאָך ווידער אָט אָ די פאָרנעהמע, אָבשטויסענדיגע און אָבזאָגענדיגע קאַלטקייט...

געוויס, דאָס שפּילט זי נאָר מיט איהם אַזוי. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען לערנט ער קענען אַ פרוי, וואָס ער, אַלס מאַן, עמפינדט געגנוס אין זיין אונטערטעניגקייט צו איהר. זי פערהאַלט זיך צו איהם ווי צו אַ יונגעל און ער לאָזט עס צו אָהן שום ווידערשטאַנד. ער פיהלט אַ מין פערגניגען אינ׳ם געדאַנק, וואָס זי בעגעהט זיך מיט איהם ווי מיט עפּעס אַ זאַך, ווי מיט עפּעס אַ נישטיגקייט. דאָס איז געוועזן אַנ׳אַקט פון גערעכטיגקייט, ווייל ער אַליין האָט מיט אַ שטנ׳שער לוסט געפּייניגט און פּייניגט נאָך אַציינד אַ צווייטע פון איהר מין — העלענען. ער עמפינדט עס ווי אַ געוויסע, פערבאָרגענע נקמה פונ׳ם שיקזאַל.

ווען ער איז ביי העלענען, האָט ער דאָס געפיהל אין זיך, אַז, געבראָכען און אָהן אייגענעם ווילען, מוז זי זיין אַ שקלאַפין פון זיינע קאַפּריזען; און אַציינד זיצענדיג ביי ערנאַ׳ן, וואָלט ער גליקליך געווען, ווי אַ בעטרונקענער, ווען ער זאָל קאָנען חאָטש דעם זוים פון איהר קלייד בעריהרען.

און אַז ער זעהט זי פאַר זיינע אויגען...

„אַז איך האָב דיך ליב, וואָס געהט עס דיך אָן?“...

## אַכצעהנט קאַפּיטעל.

לעאָ איז געלעגען אויף דער סאָפע און טרוימעריש, ווי ער האָט עס ליב געהאַט, געקוקט פאַר זיך אין דער לופט אַריין. עס איז גע-ווען נאָכמיטאָג. דאָס פענסטער איז געווען געעפענט און האָט אַריינ-געלאָזט דעם פרישען געווירציגען דופט פון נאָהענטען פיכטען-וואַלד, וואָס האָט מיט אַן׳אַנגענעהם געפיהל פון מידיגקייט צוגעשמידט זיינע גלידער צו דער סאָפע. וויילענווייז ווענדט ער זיין מידען בליק דורכ׳ן פענסטער אַרויס צום שטיקעל הימעל-בלאָה, וואָס שמייכעלט צו איהם דורך דער עפענונג, און פויל און אַפּאַטיש קוקט ער נאָך די שיינע ווייסע וואָלקענדלעך, וועלכע בעווייזען זיך איבער זיין אויסזיכטס-פּלאַץ און ציהען זיך לאַנגזאַם פאַרביי און ווערען פערשוואונדען. עס האָט געהערשט אַזאַ פייערליכע שטילקייט; דען צוליב דער היץ זענען ס׳מעהרסט בעוואוינער פון דער ווילע שרעטער אין וואַלד אַריין אַוועק.

מאַנכעס מאָל נאָר האָט עס אָבגעקלונגען צו איהם ווי אַ לאַכען און שרייען פון ערגיץ ווייט-ווייט, און מאַנכעס מאָל — אַ הילכיג בי-לען פון אַן׳אָנגערייצטען הונט, אַ שלעפעריג העהנער-געקרייעריי, ווייטער האָט געהערשט אַ טיפע שטילקייט.

ער האָט אַזוי גערן געהאַט צו טרוימען אין אָט אָ די הייסע שעה׳ן. די געוועהנהייט זיינע, אָהן זיין אָנטייל שעה׳ן-לאַנג די גע-דאַנקען אָבצולאָזען אַליין זיך אויסשפּינען, צו טרוימען, צו רוהען, איז נישט אָבגעשוואַכט, נאָר נאָך מעהר פערשטאַרקט געוואָרען.

ער האָט זיך געפיהלט אַזוי גוט אין רוהיגקייט צו טרוימען און פון גאָרנישט צו טראַכטען; דען פון יעדען טאָג האָט ער געהאַט אַזויפיל צו ליידען, עפּעס אַזויפיל, וואָס האָט איהם ווי געמאָהנט,

ווי באַנג געוואָרענט. ווען ער האָט זיך אַלץ נישט געצוואונגען דורכ־צוטראַכטען אַ גלייכגילטיגע, רוהיגע געדאַנקען־רייה, האָבען זיך ווידער און ווידער צו איהם בעוויזען די געשפענסטער פון די טריבע שעה׳ן, די שאָטענס פון די פיינליכע פאָרוואורפען, און האָבען איהם איבער־פולט מיט שמערץ. און דער שמערץ זיינער איז געווען אַ טיפער, אַ דורכנעהמענדיגער, ווי דער שמערץ פון חרטה. אַז ער האָט זיך אַרויסגעבּרענגט פאַר די אויגען דאָס לעבען זיינס פונ׳ם לעצטען יאָהר, האָט ער דורכאַנאַנד געפיהלט זיין פאַריסעאיזם *), ער האָט געזעהן אין גייסט ביי זיך דאָס בלאַסע, בלאָנדע מיידעל זיינס פון איהם אָבּ־גענאַרט; אינ׳ם טיפסטען ביי זיך האָט ער זאָגאַר געוואַגט אויפצונעה־מען אַזעלכע ליידענשאַפטליכע פערלאַנגען און זיין אַזוי פערברעכעריש קעגען אַלטען לעהרער, ווענען ער פערעהרט נאָך פון דער יוגענד אָן און ווענען ער האָט אַזויפיל צו פערדאַנקען, ווענען ער קאָן זיך אין געדעכניש אַנדערש נישט פאָרשטעלען נאָר מיט אַ מילדען אויסזעהן, גרייז־גראָהע האָר און איבערפולט פון ריהרונג און ווייכקייט. ווען אָט די אַלע געדאַנקען, די אַלע פאָרשטעלונגען, די אַלע אינערליכע זע־הונגען האָבען זיך לאַנגזאַם אַרויסגעהויבען איבער דער שוועל פון זיין בעוואוסטזיין און וואָס אַמאָל אויפגעטויכט אַלץ העכער, האָט ער דערביי דערפיהלט, ווי זיין גאַנצע ענערגיע איז פון איהם אויסגע־שעפּט, דערפיהלט זיין זעעלישע שוואַכקייט און איז געבּליבען שטעהן דערפאַר אָהן שום אָבוועהר און געהערט, ווי מיט טויזענד צינגער רע־דען צו איהם זיינע אייגענע טהאַטען, און זיין האַרץ איז דאַן פער־זונקען געוואָרען אין אַ ים פון פאָרוואורפען און חרטה. אין אָט די שעה׳ן האָט ער אַזעלכע הייסע שמערצען און אַזאַ אויפריכטיגע חרטה געפיהלט, וואָס האָט איהם אַזוי געוואַלטיג דורכגענומען, אַז ס׳האָט גאָר קיין שיער נישט גענומען צו די פאָרוואורפען, וואָס ער האָט זיך געמאַכט. ער האָט זיך אָנגערופען געמיינער, קלעגליכער לומפּ און איז דערמיט אַצינד ווידער פערקראָכען ביז צום עקסטרעמען געפיהל פון פערצווייפלונג. דערביי האָט ער אָבער געשפירט, אַז אין טיפסטען האַרצען איז ער פאָרט דאָס, וואָס לייט רופען „אַ וואוילער קערל״, און ער האָט זיך געפיהלט אָפּט הילפלאָז און נידערגעשלאָגען, פאַר־

*) פאַריסעאיזם — אָבגעזונדערטקייט.

וואָס ער האָט געקאָנט פון דער מאָראַלישער הייך, ווי ער האָט זיך זי פאָרגעשטעלט, אַזוי טיף אַראָבזינקען און אַזוי זיך אומאַנדערשען זינט דעם לעצטען האַלבען יאָהר.

אַזעלכע געפיהלען פון פערצווייפלונג און חרטה האָבען זיך ס'מעהרסט ביי איהם דערוועקט אין טריבע, שוואַרץ-פערוואָלקענטע רעגענדיגע טעג און אויך אין דומפּיגע ענגע צימערן; אָבער אין מאָ-מענטען, ווען ער פלעגט, ס'מעהרסט אויף דער פריי, טיף אָבעטעמען אין דער הערליכער זומער-לופט, ווען ער פלעגט פערנעהמען דאָס געהיימניספולע זאַפטען-זויגען און וועבען פונ'ם וואַלד און ווי די גאָל-דיגע זון קושט הייס צופלאַמט די דורשטיגע ערד, ווען ער פלעגט אין אַנגענעהמען געפיהל פון זיין יוגענדליכער קראַפט און געזונטקייט אויסשפרייטען בעגעהרענד זיינע אָרעמס אינ'ם וואַלד, אום צו קאָנען אויפחאַפּען וואָס מעהר די וואַלד-שיינקייט פון דער אַלמוטער נאַטור,— דאַן האָט ער זיך געשפירט אַזוי גוט און די אַלע דריקענדע פאָרוואור-פען און חרטה-געפיהלען זענען פון איהם פערשוואונדען געוואָרען, און אויף דער וועלט האָט ער דעמאָלט געקוקט ווי דורך אַ העל-געלען גלאָז, אַז זיין אויג איז דערפון דערפרייט געווען און דאָס האַרץ זיינס האָט זיך איבערפולט פון בעגעהרען.

דעמאָלט איז ער אימשטאַנד געווען זיך הויך אויסצולאַכען פון זיינע נאַרישע געדאַנקען און געפיהלען און זיך אָנגערופען „קלוגלי-כער פיליסטער", וואָס ווייסט נישט וואָס הייסט לעבען און לאָזען לעבען, און באַלד בלייבט ער דערשראָקען, אַז עס קומט איהם אויס דאָס שיינע וואָרט פראַקטיש אָנצווענדען. ער האָט דעמאָלט גלייך אויסגערופען טויזענד פערשידענע אויסריידען, אום זיך צו בעפרייען פון די „נאַרישע" פאָרוואורפען זיינע. יעטוועדער יונגער מענש טוט אַמאָל דאָסזעלבע „גרויסע נאַרישקייט", וואָס ער, און נאָר די פיליס-טערישע בעשרענקטקייט קאָן אַזעלכעס פערדאַמען, אָבער דער, וואָס איז פריי פון פאָראורטיילען, וועלכער קאָן דאָס לעבען, דער מוז עס האַלטען פאַר גאַנץ נאַטירליך א. אַ. וו. און אָט צו די אַלע אַרגומענ-טען האָט ער זאָגאַר נאָך געוואָלט צוגעבען די אייגענשאַפט, וואָס ער איז אַנ'אַלטער קוליער-סטודענט! מאַנכעס מאָל טראַכט ער ביי זיך, אַז אַ ליבעס-שפּיל מיט צוויי פרויען איז אייגענטליך גאַנץ „פעאודאַל און לייטיש"... נאָר אָט די ווערטער האָבען איהם אָבער נישט געקאָנט איבער זיינע ליפּען אַרויס, דאָס פריוואָלע געלעכטער איז איהם אָב-

געשטאָרבען אין מויל, ער האָט זיך געפיהלט בעאונרוהיגט, און אָט אָ דער נייער אַרגומענט האָט אין איהם צוריק דערוועקט דאָס אַלטע חרטה-געפיהל.

דאָס איז דאָך ערשט נעכטען געשעהן!

און דערביי איז איהם אײנגעפאַלען, אַז ער איז נאָך טאָפּעלט מעהר שולדיג דערין, ווייל ער איז אַ יוד! וואָס ער האָט נאָך אַזוי-פיל פאַנטאַזירט איבער די עטישע רעפּאָרמאַציאָן פון די יודען!

וואָס איז אַצינד פון איהם געוואָרען!

ווי אַזוי האָט ער זי אין זיך אַליין דורכגעפיהרט, בעפאָלגט, ער, וואָס האָט אַ מיידעל פערפיהרט, וואָס איז אין די געדאַנקען זיינע געווען אַ פערשווערער און אַ פערניכטער פון דער הייראַט, וואָס האָט געוואָלט ווערען אַנ׳איסוואורף קעגען פערעהרטען גרייז-גראָהען לעהרער זיינעם, ער, דער יוד, וואָס האָט נישט געפונען קיין אַנדער אויסוועג אויס דעם לאַבירינט פון דער יודען-פערפאָלגונג, ווי דאָס איינציגע, אַז מען מוז צום ערשט אומווערטען די עטישע ווערטען ביי די יודען, אַז עס מוז צום ערשט קומען צו אַ רעגענעראַציאָן *) פון די מאָראַלישע פאַקטאָרען ביי יודען. ס׳איז איהם דערפון שווער געוואָרען אויף דער נשמה, פיל שווערער ווי ווען ס׳איז אַנדער אַרגומענט. ווען ער אַליין פיהרט זיך נישט מיט זיינע רעפּאָרמאַטאָרישע גרונד-זאַצען, ווען ער אַליין ווערט נישט קיין מענש, „איידעל, הילף-רייך און גוט״, וואָס זאָלען שוין טון אַזעלכע, וואָס דער יודען-האַס האָט זיי נאָך מעהר פערביטערט און וואָס זענען נאָך מעהר איינגעקאַמערט אין דער נעץ פון אָבגעלעבטקייט און פערדאַרבונג.

ער האָט זיך געכעס׳ט אויף זיך אַליין, אָבער זיינע טהאַטען האָט ער שוין געהאַט הינטער זיך און ער האָט זיי שוין נישט געקאָנט פערניכטען. און ווען די ליידענשאַפט זיינע, וואָס איז טיילמאָל דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך אַליין פערראַכט, פלעגט זיך איינשטילען, רוהיגער ווערען, האָט ער עס געזוכט צו פערענטפערן מיט זיין מענשליכער נישט-פרייקייט. דעמאָלט האָט ער גענומען טראַכטען ביי זיך, אַז ער קאָן נישט זיין פעראַנטוואָרטליך פאַר זיינע טהאַטען, פאַר דעם, וואָס זיינע נערווען-צענטרען האָבען אַזאַ בעזונדערע, איהם איי-

*) רעגענעראַציאָן—ווידערגעבורט.

גענטימליכֿע מאָלעקולאַרע סטרוקטור, פאַר דעם, וואָס ער איז בעשאַ-פען אַלס מאַן פאָליגאַמיש *) און מוז זיך דעריבער די דיספּאָזיציעס **) זיינע אַדעקוואַט ***) אויסלעבען און בעפרידיגען. אַזוי פלעגט ער שטענדיג הויך צו זיך רעדען, ווען ער פלעגט רוה-לאָז אויף און אָב געהן איבערן צימער. אַך, דאָס האָט פאַר איהם געקלונגען אַזוי שיין און אַזוי בעלעהרענד, אָבער נאָר פאַר דעם אויער זיינעם, נישט פאַר זיין האַרץ. דער אַלטער געדאַנקען-קנויל, וואָס פלעגט זיך שטענדיג ענדיגען מיט אַ פעקעל ביטערע פאָרוואורפען, האָט זיך דורך דער קראַפט פון געוואוינהייט אַזוי פעסט אין איהם אַיינגעקריצט, אַז ער האָט איהם דורך קיין שום פערענטפערונג, האָט זי געמעגט ווי ריכטיג זיין, נישט געקאָנט פון זיך אויסוואָרצלען. ער האָט זיך נאָר געפיהלט דעמאָלט אַ ביסעל רוהיגער און די פאָרוואורפען זענען אַ ביסעל שווערער געוואָרען, אַזוי אַז ער האָט מיט דער אויפריכטיגקייט פונ׳ם טיפסטען האַרצען אָבגעפאַסט ביי זיך זיינע פאָרנעהמונגען פאַר דער צוקונפט. בעת דעם אומרוהיגען אויף און אָב געהן פלעגט ער זיך דאַן ענערגיש אַ פערנעהם טון און זיינע ליפען פלעגען זיך פעסט צוזאַמענפרעסען, און אין דער האָפנונג, אַז ער וועט געוויס דורכפיהרען זיינע פאָר-נעהמונגען, פלעגען דאַן די אויגען זיינע לעבהאַפטער אויפלייכטען...
אָבער ווען עס טויכט ווידער אויף פאַר זיינע אויגען דאָס פרעכטיגע געשטאַלט, די שפּאָטישע ליבעס-דורשטיגע ליפען, די פולע אָרעמס, דאָס קאָקעטע פערקעמונג, דעמאָלט ברענט עס ווידער אין זיין בלוט פון הייסער תאוה, און עס פערגעהט איהם דער אָטעם, און עס וועקען זיך צוריק אויף זיינע ווילדע פערלאַנגען... און ער בלייבט ווידער דיזעלבע באַבע!

... מען קלאַפּט. ער ציטערט אויף. ער מאַכט אַ טריבע מינע. האָט ער דאָך אַצינד ווידער געזעהן פאַר זיך פאַרבייציהען אַ רייה פון די לעצטע וואָכען, מיט זייערע פריידען, מיט זייערע מאַטערנישען און פאָרוואורפען, מיט זייערע חרטה-געפיהלען און מיט זייערע פאָר-נעהמונגען. מען קלאַפּט ווידער.

„ווער איז?”

---

*) פּאָליגאַמיע — פילווייבעריי. **) דיספּאָזיציע—געמיטס-שטימונג, גענייגטקייט צו געוויסע קראַנקהייטען. ***) אַדעקוואַט — גענוי, ענטשפּרעכענד.

„איך בין עס".

לעאָ האָט דערקאָנט די שטימע פון דער הויז-דינסט.

„דאַרפט איהר עפּעס?"

„כ'האָב פאַר אַייך אַ בריף!" ענטפערט זי.

„גיט איהם אַהער!" בעפעהלט ער קורץ.

דאָס פּנים רויט צוגליהט און די אָרעמס טונקעל רויט און נאַקעט כמעט ביז צו די פּלייצעס, שטעהט זי ביים טיש און קוקט צו, ווי ער, אומגעאַכט אויף דעם, וואָס ער איז לייכט אָנגעטון, זשעניערט זיך ווייניג דורך דער אָנוועזענהייט פון דער דיקער דינסט-מויד, רייסט האַסטיג אויף דעם בריף און לויפט איהם דורך מיט די אויגען. באַלד ווערט ער אומרוהיג און בייסט זיך די ליפּען. ער שפּרינגט אויף פון דער סאָפע, קוקט זיך אום און דערזעהט זי.

„איהר דאַרפט נאָך עפּעס דאָ?" גיט ער זי שטרענג אַ פרעג.

„די פרוי דירעקטאָרין לאָזט אַייך זאָגען, איהר זאָלט אַרונטערקומען און מיט זיי זיך שיפען!" ענטפערט זי און קוקט איהם אָן מיט אַ ברייט צושמייכעלט געזיכט.

„גיט איבער דער גנעדיגער פרוי מיין געזעגענונגס-גערוס און זאָגט איהר, אַז איך מוז נייטיג באַלד אַוועקפאָהרען קיין בערלין!" זאָגט לעאָ אַציגד טרוקען און מיט אַנ'אָבזאָגענדען ערנסט.

די דינסט-מויד איז אַוועקגעאַנגען שטאַרק געערגערט, ווייל זי האָט ביי איהם אַרויסגערופען אַזוי ווייניג אַנטקעגענקומען מיט איהר פערטרויטקייט, און צו זיך געוואָרטשעט איבער דעם יודען-יונג, וואָס האַלט זיך אַזוי גרויס. נע, זי קען איהם אָבער שוין! זי דאַרף נאָר בלויז נאָך ווייטער נאָכצושפּירען און עפּעס מעהר צו דערזעהן. אַז צווישען איהם און דער שיינער פרוי דירעקטאָרין „איז עפּעס", דאָס האָט זי מיט דעם אויסשפּיר-חוש פון אַ דינסט לאַנג שוין דערשנאַפּט. ווען זי זאָל זיי ביידע נאָר קאָנען אַמאָל פּאַקען! נע, דאַן וועט זי שוין דעם יוד פערשוואַרצען! וואָס דעם קערל פאַלט אַלץ אַיין! אַמאָל גיט ער איהר טרינק-געלד דריי מאַרק, וואָס נאַטירליך נאָר אַ „יוד" קאָן זיך נאָך איהר מיינונג פערגינען, אַנ'אַנדערש מאָל גיט ער גאָרנישט, וואָס ווידער נאָך איהר מיינונג קאָן עס טון נאָר אַ קרעציגער „יוד"! אָבער זי וועט שוין דערגעהן! נע, און דאַן...

די ביידע דאַמען זענען געשטאַנען אויפ'ן הויף און אָהן ווערטער געקוקט ערגעץ פאַר זיך, זיי זענען געווען פערזונקען אין גע-

דאַנקען, און קיינע פון זיי האָט נישט געוואַגט מיט קיין וואָרט די אַנדערע צו שטערען. די שווערע טריט פון דער אַריינקומענדיגער דינסט-מויד מיט איהרע האַרטע ווערטער, דאָס האָט זיי ערשט אויפגעוועקט פון זייער פערטראַכטקייט. לעאָס אָבזאָג האָט ערנאַ׳ן פערדראָסען. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל געווען, וואָס ער האָט נישט אָנגענומען איהר אײַנלאַדונג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

לעאָ זיצט אין דער אַלטער קאַהלשער קאָנדיטאָריי אויף דער יאַקאָב-גאַס און לייענט די „פליהענדע בלעטער״, אָבער קיין שום וויץ, קיין שום הומאָריסטישע אילוסטראַציע האָט נישט געקאָנט פון איהם קיין שמייכעל אַרויסלאָקען. ער האָט זיך געפונען אַצינד אין אַ מאָדנער נערוועאישער שטימונג, אַז ער האָט נישט געקאָנט אויפנעהמען קיין ציימונג-נייעס, נישט דאָס פלוידערן און דאָס פאָכען פון די מיידלעך ביים צווייטען טיש. אַלע צעהן מינוט קוקט ער צום זייגער, אויב ס׳איז די צייט, וואָס העלענע דאַרף אָנקומען. זעלטען האָט זיך איהם די צייט אַזוי לאַנג אויסגעוויזען. און פאָרט האָט ער געשפירט אין דער קעהל עפּעס ווי אַ רויהע הינדערניש, אַז ער האָט אַזש געמוזט הוסטען, בעת ער האָט געטראַכט פון׳ם צוזאַמענקומען, וואָס איהם שטעהט אַצינד פאָר, און ווען ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער זיצט נעבען מיידעל מיט דעם בלאַסען געזיכט, איז איהם בעפאַלען עפּעס אַנ׳אונערקלערליכע נישט-זיכערקייט.

מיט וואָס זאָל ער זיך פאַר איהר ענטשולדיגען, פאַרוואָס ער האָט מיט צעהן טאָג צוריק דאָס ערשטע צוזאַמענקומען פּלוצלונג אָבגעזאָגט, מיט וואָס זאָל ער זיך פערענטפערן, וואָס ער האָט אויף דעם לעצטען בריף איהרען גאָר אינגאַנצען נישט געענטפערט? ווי קאָן ער דען קעגען אָט אָ דעם פיינעם, בלאַסען געזיכט, קעגען אָט אָ די גרויסע, בלאָהע אויגען ליגען זאָגען? — און צו דעם דערלאָזט אויך נישט דאָס וואָהרהייטס-געפיהל אין איהם.

ער האָט זיך געפּרובט מאָראַליש אַ וואָרף טון, ביי זיך אַ ביסעל פעסטער ווערען, די אַלע פיינליכע פאָרוואורפען אַראָבצושאָקלען פון זיך און זיך נעהמען פיהלען ווי אַ יונגער סטודענט, ווי אַ ריטער פון׳ם גאָלדענעם לייכטזין. און בעת ער האָט אַזוי דורכגעטראַכט אָט די שיינע בעוויז-מאָטיוען פאַר דעם קלעגליכען שטייגער פון זיינע האַנדלונגען, האָט זיך ווידער גלייך דערוועקט אין איהם אַ צווייפעל אי-

בער דעם אַלעם, ווייל ער האָט געפיהלט, אַז דער לייכטזין איז פאַר איהם שווער, שווער ווי אַ פערברעכען. אין זיין גאַנצער זעלבסט-פייני־גונג האָט זיך אַלץ ווידערהאָלט דאָס מאָנאָטאָנע זיך מודה זיין: „דו ביזט אַ חונף, וועלכער פערדאַמט ביי אַנדערע דאָס, וואָס דו אַליין טוסט. דו ביזט אַ יוד און טראָגסט זיך אַרום מיט הויכע ווערטער קעגען די שלעכטע יודען. דו ביזט אפילו גאָר נישט קיין יוד, נאָר טאַקי נישט מעהר ווי אַ לומפ, אַ גאַנץ געוועהנליכער לומפ!...”

אינדעם עפענט זיך די טיר, און לאַנגזאַם, מיט אַ זוכענדען בליק קומט אַריין העלענע אין׳ם קליינעם צימער. באַלד דערזעהט זי איהם, פעררויטעלט זיך, אויף די ליפען איהרע בעווייזט זיך אַ גליקליכער שמייכעל, און נישט געקימערט זיך איבער די אָנוועזענדע מיידלעך, וואָס האָבען זיך ערשטוינט איבערגעקוקט, שטרעקט זי צו איהם ביידע הענט אויס. ער נעהמט די הענט איהרע אָהן אַ וואָרט צו רעדען. ווי מיט אַ באַנד ווערגט זיך איהם די קעהל צוזאַמען, אַז ער קאָן קיין טאָן נישט אַרויסברענגען, נישט צומאָלס דעם בעגעגענונגס-גרוס „גוטען אָוועגד” אַרויסצוזאָגען. ער נעהמט איהר דעם שירם פון דער האַנט, דעם גרויסען, ווייסען זומער-הוט פונ׳ם קאָפּ, און לייגט איהם אינאיינעם מיט׳ן בלויען זומער-זשאַקעט אויף אַ שטוהל. ווען ער האָט פון איהר אַראָבגענומען דעם הוט, האָט ער געזעהן, ווי ס׳איז דער בליק איהרער געווענדט צו איהם, און אַנ׳אויגענבליק האָט ער געפיהלט, ווי ס׳האָט זיך די באַק איהרע צוגעפּרעסט צו זיין האַנד.

אָט זיצען זיי ביידע איינס קעגען ס׳אַנדערע און קוקען זיך שווייגענדיג אָן. נאָר זייער שווייגען האָט גענוג גערעדט, ס׳איז געווען אינ׳ם שווייגען טויזענד פראַגעס און טויזענד ענטפערס.

אין טיר בעווייזט זיך די פערקויפערין און קומט צו צו זיי און פרעגט, וואָס זיי בעשטעלען.

„וואָס, העלענע?” פרעגט לעאָ מיט אַ רויהער, עטוואָס ציטערנדער שטימע. דערויף טוט ער אַ הוסט, גלייך ער וואָלט וועלען דערמיט דערווייטערן עפּעס אַ הינדערניש פון דער קעהל.

„אַ טאַסע קאַווע”, ענטפערט זי שטיל און שמייכעלט צו דער פערקויפערין, ווי עס טוען שטענדיג די מיידלעך, וואָס זענען אַליין פערקויפערינס.

דאָס איז געווען די ערשטע פראַגע און דער ערשטער ענטפער.

„מיר אַ פלאַש ביר!” האָט לעאָ צוגעגעבען.

פויזע.

באַלד האָט מען זיי צוגעברענגט, וואָס זיי האָבען פערלאַנגט.ביידע האָבען זיך פערקוקט צו דעם, און בשעת העלענע האָט שטודירט די פאַרב פון דער קאַווע, האָט לעאָ אייפעריג נאָכגעבליקט, ווי עס שוימען אויף אינ׳ם ביר קויהלען-זויער-בלעזלעך. אינדעם האָט עס געטראָפען, אַז ביידע האָבען גלייכצייטיג אויפגעהויבען די אויגען און זייערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט.

און ווידער האָט לעאָ דערפיהלט, ווי די קעהל וואָלט זיך אייננגעשנורעוועט.

„אַך, דו האָסט היינט דיין גרוי קלייד אָנגעטאָן?“ זאָגט לעאָ מיט אַ געצוואונגען געלעכטער.

„ווייל דו האָסט עס אַזוי גערן, אַז איך טו זיך עס אָן!“

„דו ביסט דאָך צו מיר אַזוי ליב, לענישי, איך ווייס גאָר נישט...“

„מיט וואָס דען?“ שלאָגט זי איהם איבער, זיך אייפעריג אָבוועהרענדיג, און קוקט איהם צערטליך אָן מיט איהרע גרויסע אויגען. „דו ביסט צו מיר אַזוי גוט, וואָס דו ביסט היינט אַהער געקומען פון וואַנזעע. שוין אַזוי לאַנג האָב איך זיך געפרייט, אַז דו וועסט קומען; זעהסט, לעאָ, כ׳ווייס דאָך, אַז ביסט פערנומען און נישט שטענדיג ווען דו ווילסט, קאָנסטו אַהער פאָהרען —“

דאָס האָט איהם פערבליפט! ווי גוט זי איז! אַז ער האָט געהערט אַצינד, ווי זי פערלאַנגט נישט פון איהם קיין שום פערענטפערונגען, און געפינט פון ליבע אַליין פערענטפערונגען פאַר איהם, האָט ער טיף אָבגעעטעמט.

„— און היינט ביסטו דאָך טאַקי ביי מיר, און איך בין אַזוי גליקליך, לעאָ, דו גוטער, און דו ביסט אַזוי גוט, לעאָ, ס׳וואָהר, און מעהר וועסטו מיך שוין נישט לאָזען וואַרטען קיין פערצעהן טאָג. און איך וועל דיך שוין נישט מעהר פרעגען וועגען די בערגערס און נישט מעהר צושטעהן צו דיר דעריבער. כ׳האָב דאָך אַזוי געבענקט צו דיר, און דערצו נאָך בין איך עטליכע טעג קראַנק געווען און צו בעט געלעגען און —“

„דאָס גאָר, ליב מיינס“, פרעגט לעאָ צערטליך און גלעט איהר זאַנפט די האַנד, „וואָס איז דיר געווען?“

„עס איז מיר נישט געווען גאָרנישט“, ווענדט זי אָב די פראַגע

זיינע. זי האָט פלוצלונג אַ מערקווירדיגע בושה דערפיהלט, איהם צו דערצעהלען, וואָס פאַר אַ שטייגער שמערצען דאָס זענען געווען. זי האָט זיך אפילו פעסט פאָרגענומען דאָס צו טון, אָבער אַצינד האָט זי אַ שעמעווידיגקייט דערפון אָבגעהאַלטען. מערקווירדיג! פיללייכט איז עס גאָר נאַריש צוצוגעבען דערצו אַ גרעסערע בעדייטונג, ווי צו די גע-וועהנליכע שלאַפקייטען איהרע. און דעם חשד איהרען? נאָר דאָס האָט זי זיך טאַקי ערשט רעכט געשעמט איהם צו דערצעהלען!

וואָרפענדיג בליק-שנעל אַ זייטיגען בליק צום צווייטען טיש, וואו עס זענען געזעסען די לאַכענדיגע מיידלעך, האָט זי זיך איבערן טיש אַריבערגעבויגען און אויף אַנ׳אויגענבליק צוגענייגט דעם קאָפּ איהרען צו זיין האַנט און זי געקושט.

דאָס האָט איהם טיף געריהרט. אויף אַזאַ שווייגענדיגע פּערציי-הענדע ליבע האָט ער זיך נישט געריכט. און ווי ס׳האָט איהם גע-ריהרט, אַזוי איז גלייך אויסגעוואַקסען די פּערצווייפלונג זיינע, די זעלבסט-פּייניגונג. מיט עטליכע שעה פריהער האָט אַנ׳אַנדערע דער-וועקט גליהענדע לאַווע-שטראָמען און הייסען גלוט אינ׳ם האַרצען ביי איהם, און אַצינד איז ער ביי איהר, ביי זיין מיידעל, וואָס האָט איהם אַלצדינג אָבגעגעבען, זיך אַליין, וואָס האָט איהם... און דערביי נאָך רופט זי איהם „דו גוטער!”

ווי דאָס אָ בראָט איהם און ברענט איהם!

„דו גוטער”.

אָט אָ די צוויי ווערטער טרעפען איהם טיפער ווי אַלע זיינע ביטערע פאָרוואורפען, מיט וועלכע ער פּייניגט זיך. קיינמאָל האָט ער אַזוי פיל פורכט נישט געהאַט פאַר מיידעל-אויגען, ווי אין אָט אָ דעם אויגענבליק, ווען הערלענע האָט, אָהן אַהנונג און גליקליך איבער זיין אָנוועזענהייט, איהם גערופען „דו גוטער”.

פלוצלונג האָט ער אָנגעהאַפּט די רעכטע האַנט איהרע, זי צו-געפּרעסט צום הייסען שטערן און זי בעדעקט מיט הייסע קושען.

זי האָט אַ גליקליכע אַ שמייכעל געטון. זי איז אַצינד אַזוי צו-פרידען, אַזוי בערוהיגט און עס טוט איהר אַזוי הנאה, אַז זי האָט אינגאַנצען פערגעסען אָן די שענדליכע שמערצען, וואָס פּייניגען זי, און אָן דעם בייזען... בייזען חשד. אָט צושמועסט זי זיך וועגען פער-שידענע זאַכען. וועגען זייער שטוב, וועגען געשעפט ביי זיי, וועגען איהר קאָלעגין פלאָראַ. און בעת דעם שמועס קומען איהם וואָס אַמאָל

אַלץ מעהר די טריבע געדאַנקען אויפ׳ן זינען, און עס דערוועקען זיך אין איהם די חרטה-געפיהלען, און טויזענד גוטע, גאָלדענע פּאָרנעהמונגען פאַסען זיך אינ׳ם האַרצען ביי איהם, פלענער פאַר דער צוקונפט. עס קאָן נאָך פילייכט אַלצדינג צוריק גוט ווערען, ער קאָן נאָך זיין דערזעלבער, וואָס פריהער. אַזאַ יונגער מענש, ווי ער, האָט טאַקי געקאָנט אַמאָל זיך לאָזען פערפיהרען פון אַ שיינער פרוי, אָבער ער קאָן זיך נאָך פונדעסטוועגען בעפרייען פון דעם אַלעם און בלייבען אַנ׳אָרענטליכער אוז — אַ גוטער ייד... דאָס איז שטענדיג דער רעפריין געווען פון זיינע געדאַנקען.

אַזוי האָבען זיי ביידע פערברענגט און אין האַרצען זיך געפיהלט גליקליך. אַז העלענע האָט געהאַט אויסגעטרונקען איהר קאַווע, האָט זי זיך געהייסען געבען עפעל-קוכען מיט סמעטענע. ביי לעאָן אויף די ליפען האָט זיך אַ שמייכעל בעוויזען; דען דאָס איז ביי איהם געווען דער בעסטער סימן, אַז זי איז שוין נישט מעהר בייז אויף איהם. ער ווייסט שוין פון בעאָבאַכטונג, אַז ווען זי איז אויף איהם בייז, טרינקט זי שטענדיג די מעלאַנכאָלישע קאַווע, און ווען זי פיהלט זיך גליקליך, האָט זי, פערקעהרט, אַ נייגונג צום ווייס-בעדעקטען זיסען עפעל-קוכען. אייגענטליך, פאַלט איהם איין אַ שפּאַס, ער קאָן דעריבער אַ בעלעהרענד בוך אויפשרייבען: „פסיכאָלאָגיע פון קאָנדיטאָריי-זאַכען אין בעציהונג צו דער מענשהייט אין אַלגעמיין און בעזונדערס צו די מיידלעך און גאַנץ ספּעציעל צו פערליבטע א. אַז. וו.״ זי צולאַכט זיך הויך דעריבער און מיט איבערגעגעבענער צערטליכקייט קוקט זי איהם אין די אויגען אַריין און הערט זיך אויפמערקזאַם צו צו די שפּאַסיגע רייד זיינע. דאַן פרעגט זי זיך ביי איהם נאָך איבער זיין קוליער; ווייל מיט איהר ווייבליכער שלויקייט האָט זי פערשטאַנען זיך נאָכצופרעגען ביי איהם יענען זאַכען, וואָס זי האָט געוואוסט, אַז זיי אינטערעסירען איהם.

„אַך, זעהסט״, האָט ער פלוצלינג אָנגעהויבען, אַזוי ווי עס וואָלט איהם נאָר-וואָס אַ געדאַנק געהאַט איינגעפאַלען, „האָסטו מיר נישט דערצעהלט פון אַ קאָלעגין דיינע אין געשעפט, וואָס הייסט פלאָראַ?״

זי קוקט איהם אָן ערשטוינט. „נאַטירליך, כ׳האָב דאָך דיר עס שוין לאַנג דערצעהלט. אָבער פאַרוואָס פרעגסטו מיך, לעאָ, ליבער, זאָג מיר פאַרוואָס?״ בעט זי זיך ביי איהם. „איך שטאַרב פון נייגיריגקייט!״

ער שמייכעלט דערויף. „נע, ברויכסט נישט באַלד אַזוי אייפערזיכטיג ווערען, ליב מיינס! איינער פון מיין קוליער און גראָד דער

ערגסטער, מאַקס פאָן האָרסט, פוסירט *) נעמליך מיט דער פלאָראַ פון געשעפט דיינעם".

„אַזוי, אַך די אָ", זאָגט זי, זיך אָבטרייסלענדיג.

„פאַרוואָס בעטאָנסטו אַזוי מערקווירדיג דאָס „די אָ"? וואָס איז דען מיט איהר? איז זי חאָטש אַ שיינע?" פרעגט ער מיט אַ שמייכעל.

„אַ שיינע איז זי שוין", ענטפערט זי אייפעריג, „ס'וועט גאָרנישט פון איהר ווערען. זי איז נישט קיין לייט. איך קאָן זי נישט ליידען!"

„נע, אַז זי איז אַ שיינע, וועט שוין עפּעס פון איהר פאָרט ווערען", זאָגט לעאָ סטודענטיש-פריוואָל. „מיט וואָס איז זי עס נישט קיין לייט?"

„מיט דריי שטיק האָט זי זיך שוין אַרום געפּהרט, זינט זי איז אינ'ם געשעפט ביי אונז!" פראָטעסטירט העלענע אייפעריג.

„נע, פאַרוואָס דען נישט", מאַכט ער אַנ'עַרשטוינטע מינע, „זי וויל זיך טאַקי אַמוזירען אַזוי ווי ס'געהער צו זיין, און מיין קוליערברודער האָרסט פערשטעהט זיך אויף די זאַכען!" דערביי קוקט ער זי אָן דורכדרינגענד און שטיפעריש; דען ער האָט געוואוסט, ווי זי ווערט אין כעס איבער אַזעלכע לייכטזיניגע ווערטער.

„אָבער לעאָ, פוי!" האַלט זי איהם ענערגיש אָב, און אַ לעבהאַפטע רויטקייט קומט איהר אין בלאַסען ביים אריין. „ווי קאָנסטו עפּעס אַזוי רעדען! דאָס איז נישט אָרענטליך, דאָס איז ווירקליך זעהר נישט אָרענטליך פון דיר, שטענדיג אַזוי צו רעדען! אַך, הער שוין אויף", וועהרט זי זיך פון איהם אָב, ווען ער האָט איהר געוואָלט אַ גלעט טון אין געזיכט, זייענדיג צושטרייט פונ'ם מיידעלשען כעס איהרען אויך פון דעם, וואָס זי האָט זיך אַזוי פעררויטעלט. „איך וויל גאָר נישט וויסען מעהר פון דיר! דו ביסט אַ שלעכטער, און ס'איז ווירקליך זעהר נישט אָרענטליך פון דיר", האָט זי פון ס'ניי אָנגעהויבען, און אַז ער האָט זיך לוסטיג געמאַכט איבער איהר כעס, האָט זי באַלד שעלמיש מיטגעלאַכט.

„נו, בלאָנד-קאָפּ, פ'האָב דאָך נישט גאָר דיך דערמיט געמיינט", פערגיטיגט ער זי, „זיי נאָר פאָרזיכטיג מיט דער קאָלעגין

*) פוסירען — זיך אָבגעבען.

דיינער, אַנישט וועט זי אַלסדינג אויספּלוידערן פאַר האָרסטען, און קוים וועט ער אַלסדינג פון אונז וויסען, דאַן וועט עס אינ'ם קוליער גאָר קיין סוף נישט נעהמען צום געליאַרם און געלעכטער".

דער זייגער האָט געשלאָגען צעהן. זי האָט זיך אַ דערשראָקענע אומגעקוקט.

ס'איז אַזוי שנעל די צייט פערגאַנגען, קלאָגט זי פערפאומערט, און אַז ער איז נישטאָ, שלעפט זי זיך אַזוי פאַמעליך.

אַז זיי זענען געהאַט אויפ'ן גאַס אַרויס, האָט זי זיך אויסגע-רעדט, אַז אויב ער וועט נאָך אַ מאָל נישט קומען אַזוי ווי ער זאָגט צו, וועט זי שוין מיט אַנ'אמת אויף איהם בייז זיין, און זי וועט מעהר נישט וועלען פון איהם הערען א. אַ. וו.

לעאָ לאַכט. מיט אַנ'ערנסטער מינע שאָקעלט זי צו מיט'ן קאָפּ, חאָטש די שמייכלענדיגע אויגען איהרע האָבען גערעדט גאָר אַנדערש.

„נו, זאָג, ווי בייז קאָנסטו אויף מיר זיין?" פרעגט לעאָ. זי קוקט פערטראַכט און נאָכדענקליך צום שוואַרץ-בלאָהען אויסגעשטערנ-טען הימעל אַרויף. פּלוצלונג פערוואַרפט זי איהרע אָרעמס אַרום זיין האַלז און קושט איהם הייס און שטאַרק. „אָט זעהסטו, אַזוי בייז!" שמייכעלט זי גליקזעליג.

„אָבער העלענע", פּרובט ער זי אָבהאַלטען, „דאָ אויף דער גאַס!"

„אַך, וואָס אַרען מיך די מענשען דאָ", ענטפערט זי, „אַז איך האָב דיך אַזוי שטאַרק ליב!"

„ליב מיינס, בלאָנד-קאָפּ מיינער", פליסטערט ער צערטליך און פרעסט זי צו זיך צו...

ווען זיי האָבען זיך געזעגענט ביי דער טיר פון זייער שטוב מיט אָהן אַ שיער צערטליכקייטס-ווערטער און צערטליכקייט-בעווייזען, האָט לעאָ אין זיך דערשפּירט, אַז ביי איהר קאָן ער נאָך ריין זיין און ריין פיהלען. און אַז ער האָט, איבערפילט פון אָט אָ דעם געפיהל, צו די אייביגע שטערען אַרויפגעבליקט, איז עס איהם געווען, אַזוי ווי עס וואָלט אַראָבגעפאַלען פון זיין זעעל דאָס גאַנצע שטויביגע און ערדישע, אַזוי ווי עס גיט נאָך דערלייזונג און זעליגקייט פאַר איהם דאָ אויף דער וועלט.

און זי האָט אויך היינט איינגעשלומערט גליקזעליג, ווי שוין לאַנג, לאַנג נישט!...

## נייאנצעהנט קאַפּיטעל.

ווידער איז העלענע אַריינגעקומען אינ׳ם געשעפט אַריין, און ווידער איז איהר ערשטער בליק געפאַלען אויף דעם אָרט איהרען. און ריכטיג טאַקי, ס׳איז דאָרט אַ בריף געלעגען. זי האָט איהם האַס־טיג אַ חאַפּ געטון און גלייך דערקאָנט די האַנטשריפט זיינע. זי איז געוואָרען אומגעדולדיג און זי האָט קוים געהאַט דעם הערר שעף דעם „גוט מאָרגען" געזאָגט, איז גלייך אַוועק אינ׳ם הינטער־שטיבעל, האָט פון זיך אַ וואָרף אַראָב געטון דעם זשאַקעט און דעם הוט און ציטערנדיג זיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן שטוהל. זי האָט זיך געפיהלט אַזוי מיד, און דאָס האַרץ האָט איהר אַזוי שטאַרק געקלאַפּט, אַז זי איז אַ מינוט לאַנג נישט אימשטאַנד געווען דעם בריף צו עפענען און ווי פערשטיינערט האָט זי געקוקט אויף איהם מיט שטאַרע בליקען. נון לייענט זי איהם. עס צוקט איהר אַלע ווייַלע די האַנט, און ענדליך פאַלען צוויי גרויסע טרעהרען פון איהרע אויגען. לעאָ ענטשולדיגט זיך, אַז ער האָט די לעצטע וואָך נישט געקאָנט אַהערקומען, אָבער ער האָפט דעם נאָהענטסטען מאָנטאָג בעשטימט ביי איהר צו זיין. און ווייטער, אַז די לעצטע בריף איהרע האָט ער דערהאַלטען, נאָר צוליב מאַנגעל אין צייט האָט ער נישט געקאָנט אויף זיי ענטפערן. דאָס איז אַלזאָ געווען דער בריף, וואָס זי האָט מיט אַ בענקענדיג האַרץ אַזוי אויסגעקוקט! דער טאָן האָט איהר אויסגעוויזען אַזוי קאַלט, אַזוי פריהרענד קיהל און דעסגלייכען די ווענדונג „ליבע העלענע" און דער שלוס „גרוס, דיין לעאָ". און דאָך איז ער אימשטאַנד געווען אַזוי וואַרים צו רעדען, מיט אַזוי פיל ליבע צו שרייבען, און פאַרוואָס דאָסמאָל נישט? פאַרוואָס האָט ער נישט געקאָנט היינטיגע וואָך אַהערקומען צו איהר קיין בערלין? פאַרוואָס האָט ער אויף די דריי

גרויסע, ליבע-בריף נישט געענטפערט? ער האָט דאָך דערצו קיין שום גרונד נישט אָנגעגעבען און ער איז דאָך אַליין אַ האַר איבער זיך. אַך, אַצינד קומט איהר אויפ'ן זינען אַרויף, ער וואוינט דאָך ביי דער שיינער פרוי, פון וועלכער ער דערצעהלט אַזוי אָפט אין שפּאַס, און זי האָט נאָך דערצו אַ טאָכטער און אַ מאַן, וועמען ער פערעהרט אַזוי אַלס זיין לעהרער; יאָ, זעהט אויס, אַז זיי ווילען איהם נישט אָבּ-לאָזען פון זיך, זיי קאָנען זיך אָהן איהם נישט בעגעהן. ער מוז גע-וויס ביי זיי זיין שטענדיג, מיט זיי שמועסען, מיט זיי פערברענגען, זיך אָבגעבען מיט די דאַמען, דערויף איז ער דאָך אַ קוליער-סטודענט. ער מוז עס טון, האָט ער עס איהר אַמאָל געזאָגט לאַכענדיג.

זי איז אָבער פּאָרט אייפערזיכטיג. ער קאָן טאַקע זיי אַלע דריי אַכטען, פערגניגען האָבען פונ'ם פערברענגען מיט זיי, אָבער ליבע, ליבע געפינט ער נאָר ביי איהר, און זי דאַרף איהם דעריבער מעהר, ווי זיי אַלע דריי. פאַרוואָס קומט ער אַצינד נישט, פאַרוואָס דען... מאָנטאָג ערשט, און היינט איז דאָנערשטאָג, דריי, פיר טאָג נאָך...

פערטראַכט און בעטריבט שפּאַרט זי דעם קאָפּ אָן אויףביידע הענט.

„גוטען מאָרגען, פריילין ערנעסטי!"

זי האָט אויפגעציטערט און דערזעהן איהר קאָלעגין פלאָראַ שמי-דער, וואָס האָט זיך שנעל קלאָר געמאַכט די גאַנצע לאַגע. „ווי איהר זעהט אויס! איהר האָט געוויס אַ נאַרישען בריף געקריגען? ווי קאָן מען עס גלייך אויפ'ן פריהמאָרגען אַזוי אויסזעהן! נע, ווער עס ווייגט אינדערפריה, דער לאַכט אין אָוועגד. איהר קאָנט דאָך דאָס שפּריכ-וואָרט!"

ס'איז איהר זעהר אונאַנגענעהם געווען, וואָס אָט אָ דאָס מיידעל האָט בייגעוואוינט די שטימונג איהרע און געזעהן ביי איהר דעם בריף. זי האָט זי נישט געקאָנט פערטראָגען, און גראָד דערפאַר, וואָס זי האָט זיך שטענדיג געסטאַרעט צו זיין געגען אַלעמען אַזוי פריינדליך. ביי איהר פלעגט עס הייסען „קאַץ-פריינדשאַפט". דעריבער האָט זי קורץ געענטפערט:

„ניין, איהר זענט זיך טועה. נישט דער בריף איז דערין שול-דיג. כ'האָב עפּעס קאָפּ-שמערצען!"

פלאָראַ האָט אַ ביסעל פערצויגען מיט דער אויבערשטער ליפּ. זי נעהמט אַ ביסעל נאָכגריבלען זיך. זי איז דאָך נישט אַזאַ נאַר, אַז זי

זאָל גלויבען, וואָס עס זאָגט איהר פּאָר אָט די שטאָלצע העלענע, דאָס צניעה'דיגע מיידעל, וועלכע רעדט אַזוי ווייניג און וואָס אַלע געהען נאָך איהר אויס. זי האָסט זי אינסטינקטיוו. זי ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז אַ יונג מיידעל זיצט אַזוי אין פריהמאָרגען מיט אַ בריף אין שויס, מיט פערבראָכענע הענט, און קוקט אַזוי שמערצליך מיט שטאַרע אויגען און אַזוי טויט-בלאַס און אַזוי מיד און אָבגעלאָזען, דאַן, נע, דאַן איז שטענדיג „דער געליבטער" דערין שולדיג. ענטוועדער ער האָט זי אַוועקגעוואָרפען — אָדער זי פיהלט איהר שולדיגקייט... זי ווייסט עס פון ערפאַהרונג... נע, זי נעהמט זיך עס פּאָר צו דערגעהן.

ווען זי האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעטון דעם זשאַקעט און דאָס קלייד, כדי זיך אָנצוטון דעם אַרבייטס-יאַק, האָבען די אויגען איהרע זאָנדערבאַר געפונקעלט.

„זאָל איך אייך העלפען אָנטון?" רופט זיך העלענע צו איהר אָן. און באַלד איז זי צו איהר צוגעשפּרונגען און געהאַלטען איהר דעם אַרבייטס-יאַק, ביז זי האָט אַריינגעצויגען איהרע ווייסע אָרעמס אין די ענגע אַרבעל אַריין.

און בשעת העלענע איז הינטער איהר געשטאַנען און איהר צוגעהאָלפען, איז איהר דורכגעגאַנגען אין די געדאַנקען, דאָס אַלץ, וואָס זי איז נעכטען אָוועגד געוואָהר געוואָרען פון „איהר" מאַקסען — זי האָט ערשט פאַר פיר וואָכען זיך מיט איהם בעקענט — ער האָט איהר דערצעהלט פון'ם סטודענטען-פעראיין זיינעם, וואָס איז איינער פון די לייטישסטע און קיניג-טרייסטע פעראיינען, און נעהמט דעריבער קיין יודען נישט אָן — איינער איז אפילו פאַרהאַן, ער איז לאַנג שוין אָנגעקומען, אַ גאַנץ רוהיגער פיליסטער, וועמען זי דאַרף אייגענטליך אויך קענען; דען די „געליבטע" זיינע איז אינ'ם זעלבען געשעפט, וואָס זי. דאָס האָט זי העכסט איבעררראַשט און דערפרייט — עס קאָן טאַקי נישט זיין אַנדערש... ס'איז העלענע. זי וועט עס איהר אין גיכען אָפען זאָגען, און זי דאַרף דאָך אייגענטליך נאָך צופרידען זיין, וואָס איהר געהיימניס איז אַריינגעפאַלען אין אַזעלכע גוטע הענט. יאָ, אַזאַ העלענע — אַזעלכע שטילינקע זענען שטענדיג די ערגסטע.

„אָבער פריילליין ערנעסטי, פריילליין שמידער, וואו זענט איהר אַהינגעקומען? וואָס טוט איהר דאָס הינטען?" הערט זיך די אונצופרידענע שטימע פון'ם שעף.

זיי האָבען האַסטיג אַפערגעאיילט פון דאָרט.

„דאָ האָט איהר, פריילײן ערנעסטי, די בריף צו בעזאָרגען, און איהר, פריילײן שמידער, זעהט, ס'זאָלען אַרויסגעשיקט ווערען די קאָמיסיאָנען. כ'דאַרף אַצינד געשעפטליך אַוועקגעהן און כ'וואָלט וועלען, איהר זאָלט עס ווי געהעריג בעזאָרגען. די קליינע פריילײן איז היינט ליידער ווידער נישט געקומען”. באַלד דערויף איז ער פערשוואונדען.

אינ'ם געשעפט איז אַצינד זעהר שטיל. ס'האָט נאָר-וואָס נײַן אַ זייגער געשלאָגען, און אַזוי פריה קומען נישט קיין קונדען קויפען. און די מיידלעך זענען אַצינד אויך שטיל געווען; דען זיי זענען ביידע אַצינד פערנומען מיט די אויפטראָגען, וועלכע זיי דאַרפען בעזאָרגען, און יעדע האָט דערביי אין זיך ווייטער איהרע געדאַנקען געשפונען, וואָס יעדע האָט פאַר זיך געהאַט אויפגענומען.

העלענע איז געשטאַנען פאַר דעם הויכען פולט און געענטפערט אויף די אָנגעקומענע בריף.

ווי ס'איז שווער געוואָרען דאָס שטעהן! פאַר פערצעהן טעג אומגעפעהר האָט זי אין זיך אַ מאַטקייט דערפיהלט, און פון טאָג צו טאָג איז אָט אָ דאָס אָהנמאַכטס-געפיהל אַלץ געוואָקסען און געוואָקסען, אַז זי איז געצוואונגען געווען, אין וואָס אַמאָל קירצערע פויזען זיך צוצוזעצען און אָבצורוהען אויף עטליכע סעקונדען. אָבער דאָס האָט זי געקאָנט טון נאָר דעמאָלט, ווען דער שעף איז נישט געוועזען, ווייטער האָט זי זיך געמוזט אָנשטרענגען מיט אַלע קרעפטען און מיט די צייהן צוזאַמענקריצען, זי זאָל בייקומען אין זיך דאָס מאַטקייט און זיך קאָנען האַלטען אויף די פיס. ווי נישט אויסצורעדען שווער דאָס איז איהר געווען, אַז דער שעף איז אַ שעה צייט אינ'ם מאַגאַזין געבליבען! ס'האָבען זיך איהר אַזוי אָפט די קניען אונטערגעבראָכען, זי האָט זיך צום גלאַטען האָלץ-פולט צוגעפרעסט און מיט ביידע הענט זיך צוגעהאַלטען אָן דעם; דען פאַר'ן שעף אין די אויגען האָט זי זיך נישט געוואָלט אַוועקזעצען אויף אַ שטוהל אָברוהען. וואָס וואָלט ער געזאָגט אויף איהר? עטליכע מאָל האָט זי נישט געקאָנט אויסהאַלטען אָט אָ די שווערע, צו דער ערד-ציהענדע מידקייט, אָט אָ די האַמערנדע קאָפּ-שמערצען, אָט אָ דעם שטעכעדיגען וועהטאָג אין די בריסט, ווען זי ריהרט זיך מיט זיי צו צום פולט; זי האָט זיך געמוזט דעמאָלט אויף אַ מינוט אַריינגגנב'ענען אינ'ם הינטער-שטיבעל, און קוים וואָס

זי האָט די פיס דערשלעפּט, און מיט מידע חושים און אַפּאַטיש איז זי גלייך אַנידערגעזונקען אויף אַ שטוהל.

ווען זי איז געזעסען, האָט זי זיך דאַן גוט געפיהלט, אַזוי גוט!

און פון טאָג צו טאָג איז אָט די איבעלקייט נאָך אַלץ שטאַרקער געוואָרען, אַז ס'איז נישט אַוועק קיין שעה שטעהן, וואָס זאָל קאָנען דורכגעהן נישט צו בעמערקען.

ווען זי קאָן וויסען, וואָס דאָס איז.

נאָר געהן צום דאָקטאָר האָט זי נישט געוואַגט, און חאָטש זי האָט די סיבות פון איהר נישט וועלען אין די טונקעלע אָבגרונדען פון איהר זעעל קוים געאַהנט, האָט זי פונדעסטוועגען געציטערט זיך קלאָר צו מאַכען, פאַרוואָס זי האָט אַזאַ פורכט פאַר'ן דאָקטאָר און פאַר'ן פאַרשענדען בליק זיינעם, וואָס זי וועט בעגעגענען. נישטמעהר, וואָס אין דער היים האָט זי זיך נישט צו שרעקען פאַר אַזעלכע אָנפאַלען פון איבעלקייט, ווייל דאָרט זיצט זי דאָך ס'מעהרסט. נאָר אויך אין דער היים דערפיהלט זי אָפט אַזאַ שווערפעליגע, אַראָבציהענדיגע מאַטקייט, און אינדערפריה, ווען זי שטעהט אויף, שלאָגט עס איהר אַזוי צום ברעכען...

וואָס קאָן עס זיין?

און עפּעס רייצט זי אַזוי! זי קאָן נישט פערטראָגען, אַז מען קלאַפּט מיט דער טיר, אַז עס קייקעלט זיך אַ שווערער וואָגען פאַרביי, אַז דער קליינער ברודער איהרער שרייט, אַז ס'שפּילט די שוועסטער אויפ'ן קלאַוויר...

וואָס קאָן עס זיין?

און היינט ווידער! אַך, עס האָט זיך איהר נאָך קיינמאָל נישט געמאַכט, ס'זאָל זיך איהר אַזוי נישט וועלען געהן אינ'ם געשעפט אַריין, נאָך קיינמאָל האָט זי זיך נישט געפיהלט אַזוי מאַט און פויל, אַזאַ איבעלקייט האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געהאַט, אַזעלכע שטאַרקע ברוסטשמערצען האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געליטען, און אַזאַ נאָגונג, און אַזאַ אונלוסט צו דער אַרבייט, אַז זי וואָלט גערן די פעדער אַוועקגעוואָרפען און זיך ליבערשט אַנידערגעלייגט אויף די דילען.

און לעאָ...

ער... אַזאַ בריף... און ערשט מאָנטאָג, אַצינד איז ערשט דאָנערשטאָג, אַצינד ערשט דאָנערשטאָג, און נאָך דריי, פיר טאָג...

עס קלאַפּט איהר שוין ווידער אין קאָפּ, און אין דער לינקער

שלייף האַמערט עס מיט אַזאַ אונהיימליכער רעגעלמעסיגקייט! עס גליטשט זיך איהר די פעדער פון דער האַנט אַרויס, און זי זינקט שווער אַנידער אויף אַ שטוהל דערנעבען.

„זאָגט, פריילײן ערנעסטי, וואָס איז עפּיס מיט אייך היינט? איהר זענט דאָך טאַקי קראַנק", רופט זיך פלאָראַ צו איהר אָן אַ דער-שראָקענע, אויפהויבענדיג די אויגען פונ׳ם פּאַקעט, מיט וועלכען זי איז געווען פערטון. דער טאָן איהרער איז אַצינד געווען אויפריכטיג און מיט מיטגעפיהל; דען דאָס מיידעל מיט דעם בלאַסען געזיכט און מיט די שמערצפולע אויגען האָט איהר אין אָט אָ דעם אויגענבליק טאַקי ווירקליך לייד געטון. „איך וועל אייך ברענגען אַ גלאָז וואַסער!" און אין דער פלינק איז זי דורך דער הינטער-טיר אַרויסגעלאָפען אויפ׳ן הויף און ס׳האָט נישט געדויערט קיין מינוט איז זי שוין צוריק געווען.

„איך דאַנק אייך זעהר, איהר זענט אַזוי פריינדליך!" ענטפערט זי אָבגעשוואַכט, „עס איז מיר גאָרנישט; איהר ווייסט דאָך, כ׳לייד אַלעמאָל דערפון!"

„ווי קאָנט איהר זיך עס דורך אַ בריף אַזוי אויפרעגען! איך פערשטעה עס גאָר נישט!... יאָ, יאָ, די ליבע—" זאָגט זי לאַכענדיג און קוקט זי דערביי דורכדרינגענד אָן.

העלענע האָט אויפגעציטערט און זי פערוואונדערט און שטאַרק אָנגעקוקט. ווייסט זי עפּעס? פון וועמען קאָן זי עס דען וויסען?... אָבער, ניין, זי קעהר טאַקי גאָרנישט וויסען און דאָס האָט זי נאָר געזאָגט ווי אַ השערה; דען זי האָט דאָך געלאַכט אַזוי גלייכגילטיג און מיט אַזעלכע פריילינע אויגען.

„וואָס רעדט איהר עפּעס? איך און ליבען! ס׳וואָהר, דאָס האָט איהר בלויז נאָר געשפּאַסט?" זי הויבט זיך לאַנגזאַם אויף און קוקט איהר אַנגסטיג און בעזאָרגט אין געזיכט אַריין.

„נע, מ׳ווייסט שוין! אַ שפּאַס?... נו, איך ווייס, וואָס איך ווייס", לאַכט זי און קוקט זיך אויפמערקזאַם צו צו העלענעס בלאַ-סע מינעס.

„אַך, איהר זענט נייגיריג! דאָס ווילט איהר מיך אויספּרובען. נע, יאָ, דער בריף, און וואָס איך, קלערט איהר... ס׳איז דאָך אָבער לעכערליך!"

„ליבע פריילײן, וואָס האָט איהר זיך אַזוי צו פערשטעלען! איך ווייס אויך וואָס עס איז. געהט מען אַמאָל אין אָוועגד אַ ביסעל שפּאַ-

צירען, איז מען דאָך נישט בלינד, און צו דעם ווערט מען נאָך וואָס עס איז געוואָהר!" דערווידערט זי איהר און צובייסט מיט די ווייסע צייהן דעם דינעם בינד-פּאָדעם.

העלענע האָט זיך וואָס פלוצלונג דערמאָהנט. אַצינד איז עס איהר קלאָר געוואָרען. לעאָ איז טאַקי גערעכט געווען! פערקעהרט זי נישט מיט איינעם פון זיינע קוליער-ברידער? ווי הייסט ער עס? האָרסט! אָט ער אָ ווייסט דאָך פונ'ם פערקעהר איהרען, האָט ער עס זיכער פלאָרען דערצעהלט אַלס טראַף, וואָס צווי קוליער-ברידער לי-בען זיך מיט מיידלעך פונ'ם זעלבען געשעפט...

ליבען זיך?...

אַך, ניין, ווי קאָן אָט אָ דאָס מיידעל ליבען? זי איז ערשט אַ פערטעל יאָהר דאָ אינ'ם געשעפט און פאַר דער צייט פיהרט זי זיך שוין אַרום מיט אַ דריטען...

אָבער וואָס קימערט עס איהר?—בעטראַכט זי זיך.

זי נעהמט מיהזאַם די געדאַנקען איהרע צוזאַמען.

יאָ, ריכטיג, זי שטעהט אַצינד פאַר דעם מיידעל, וואָס ווייסט פון איהר ליבע, און זי מוז פון איהר דורכאויס דערגעהן, וואָס זי ווייסט. דאָס געוויסען איז איהר אומרוהיג — און דאָס האַרץ קלאַפּט איהר אַזוי הויך, אַז עס שטיקט איהר צו אין האַלז. — זי קאָן דאָך נישט וויסען מעהר, ווי דעם איינפאַכען פאַקט פון איהר פערקעהר, ווייטער נישט, געוויס, ווייטער נישט.

אַך, און אויב נאָך מעהר, אויב נאָך מעהר...

זי ציטערט.

„זאָגט מיר, פריילין, כ'בעט אַייך, וואָס ווייסט איהר דען? איהר קאָנט גאָרנישט וויסען!" בעט זי זיך ביי איהר און לאָזט אַרויס די פעדער.

ביי פלאָרען בעווייזט זיך אַ שמייכעל איבער'ן גאַנצען געזיכט. וואָס פאַר אַ נאַר! זי גיט זיך נאָך אויס וואָס אַמאָל אַלץ מעהר!

„אַך גאָט, טאַקי גאָרנישט. ער הייסט לעאָ וואָלף, איז אַ סטודענט און אַ יוד און אין זעלבען קוליער ווי מיין מאַקס, מעהר ווייס איך גאָרנישט, גאָרנישט מעהר, טאַקי ווירקליך נישט!" דערווידערט זי און די לעצטע ווערטער ציהט זי עקסטרע פּאַמעליך און קוקט זי דערביי אָן דורכדרינגענדיג; ווייל העלענעס צושראָקענע, באַנגע אויגען האָבען איהר אַריינגעבראַכט אין ערשטוינונג.

„אַזוי, אַזוי", האָט העלענע טיף אָבגעאָטעמט, ווי עס וואָלט איהר אַ שטיין אַראָבגעפאַלען פון האַרצען, „ס'איז דאָך גאָרנישט מעהר דערביי! ס'וואָהר?"

פלאָראַ לאַכט. ניין, אָט אָ דאָס מיידעל איז שוין איינמאָל נאַריש. ווי קאָן מען עס! אַזוי זיך אויסגעבען! ניין, זי איז שוין פיל קליגער געוועזן.

זי האָט נאָך אַלץ געלאַכט.

„וואָס זאָל דען זיין דערביי מעהר? מיר יונגע מיידלעך פונ'ם געשעפט ווילען זיך אַמוזירען, לאָזען זיך אָבוואַרטען, אַרומפיהרען, איז אַמוזירט מען זיך געגענזייטיג!"

דאָס לאַכען איהרס האָט אויף העלענען אונאַנגענעהם געווירקט; ווייל זי האָט דערפון פריוואָליטעט אַרויסגעפיהלט. זי האָט האַסטיג אויסגעטרונקען דאָס גלאָז וואַסער און איז צוגעגאַנגען צום פולט.

אַ פינף מינוט האָט זיך נישט געהערט מעהר ווי דאָס שווערע אָבעטעמען איהרס און דאָס ראַצען פון איהר פעדער, בשעת ווען פלאָראַ האָט זיך נאָך געפּאָרעט ביי עטליכע פעקלעך, וואָס האָבען אַלעמאָל זיך אָנגעקלאַפּט אויפ'ן געוועלב-טיש, און זיך צוגעפּייפט אַלערליי געמיינע אָפּערעטען-מעלאָדיען, ביז ס'איז איהר דאָס ליד צום בעסטען געפאָלען:

„פערבאָרגענע ליבע, פערבאָרגענע ליבע,
וואָס קיין אַנדערער טאָר דערפון נישט וויסען!"

דאָס פייפען פון אַ מיידעלס מויל קומט העלענען פאָר אָבשייליך, זי האָט אָבער בעצוואונגען איהר ווידערווילען, אום זי נישט צו בעליידיגען, דען זי איז דאָך פריהער געוועזן אַזוי פריינדליך צו איהר. זי האָט מעכאַניש אַלץ ווייטער געשריבען. בלויז איין געדאַנק האָט זי נישט אָבגעלאָזט: פיר טאָג נאָך, פיר טאָג, איידער זי וועט זיך ווידער מיט איהם זעהן! אָבער דער געדאַנק פונ'ם ווידערזעהן האָט זי אַזוי גליקליך געמאַכט, אַז אויף עטליכע סעקונדען האָט אַ לייכטער שמייכעל איהר געזיכט בעשיינט.

אַך, ווען זי זעהט איהם, ווען זי קושט איהם, דאַן וואָלט דאָך אַלסדינג אַזוי גוט געוועזן, אַלסדינג צוריק גוט...

פלאָראַ איז שוין פאַרטיג געוועזן מיט איהר אַרבייט. דאָס אויסזוכען און איינפאַקען און צוזאַמענבינדען און פערשנײדען, — דאָס איז איהר אַזוי לייכטוויילינג געווען, אַז זי איז העכסט דערפרייט געוואָרען,

וואָס זי האָט שוין די אַרבייט געענדיגט. טרילערנדיג איז זי אָפּערגע-גאַנגען פון הינטער דעם געוועלב-טיש, אַ בליק נאָך געוואָרפען צום הויכען שפּיגעל, צורעכט געמאַכט די פערשייטע פּאָני-פריזור איהרע און אָנגעצויגען אויף זיך דעם טריקאָט-יאַק, דער פולער ביוסט איה-רער זאָל זיך פעסט און שטיפעריש אַרויסבולט'ען. דאַן האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דער מאַגאַזין-טיר, אייפעריג צוגעוואָרפען אַ זיי-טיגען בליק צו העלענען, וואָס איז געשטאַנען און געשריבען, און גענומען אַרויסקוקען אין גאַס אַריין. ס'איז איהר ליבסטע בעשעפטיגונג געווען, צוצוזעהן דאָס לעבען און בלוט-שטאַרקע בעוועגען פון דער גאַס, דערפאַר, ווייל עס קומען פאַרביי אַלע וויילע יונגע מענשען, צו וועמען זי קאָן דערוויייל שמייכלען און קאָקעטירען; ווייטער איז איהר דאָס ווימלען פון דער גאַס דאָ גאַנץ גלייכגילטיג. וואָס קימערן זי די שטיין-העקער, דאָרט אויפ'ן מיטען ברוק, וואָס האַמערן און קלאַפּען, אַז עס פערהילכט אין די אויערן, די ראָד-וועגעלעך מיט די פוהרמאַנעס, וואָס שטעהען אויף דער אַנדערער זייט אַ גאַנצען טאָג און לאָדען אָן קאַסטענס אויף די וועגענס. די לייט מיט זייער פלייס קומען איהר פאָר נאַריש. פאַרוואָס טוען זיי נישט אַזוי ווי זי? געאַר-בייט ווערט באַר דעמאָלט, ווען דער שעף איז דאָ! זי קאָן אָט אָ די האָרעפּאַשנע לייט איבערהויפּט נישט איבערטראָגען, נישט די אַר-בייטער, וואָס קומען צו איהר האַנטשוה קויפען. זיי האָבען שטענדיג אַזעלכע ריזיגע, רויטע הענט! אָבער די וואָס קעגענאיבער אינ'ם קאָנ-פעקציאָנס-מאַגאַזין און אינ'ם מאַנופאַקטור-האַנדעל!...

אָט שטעהען זיי טאַקע אַלע ווידער אין די מאַגאַזין-טירען און קוקען צו איהר אַריבער און זוכען דורך אַלערליי קאַפּריאָלען *) מיט די וואָנסעס און קעמוג און האַנט-בעוועגונגען צוצוציהען איהר אויפ-מערקזאַמקייט צו זיך. דאָ האָט זי ווייניגסטענס געקאָנט אַרויסבעווייזען איהר קאָקעטעריע-קונסט און זיי אַלעמען גלייכצייטיג „משוגע מאַ-כען" אָדער, ווי זי רופט עס אָן, „אויפרעגען". אָט אָ די בידע בעצייכענונגען האָט זי זעהר גערן געהאַט; ווייל זי האָט זיך עס געמערקט און געהערט עס ביי אַלע איהרע געליבטע. בעת זי הייבט פּאַמעליך די אויגען אויף און בעטראַכט די מאַגאַזין-משרתים, נעהמט זי אָן אַ שטאָל-

*) קאַפּריאָלע — לופט-שפּרונג, קונץ (קאַפּריאָלען-קונצען).

צע מינע; ביי איהר קאָקעטעריע איז זי דערגאַנגען אַ גרויסען כּלל: וואָס שטאָלצער זי האַלט זיך, אַלץ שטאַרקער איז די ווירקונג! און דערצו נאָך זענען זיי געווען קעגענאיבער פיר אויף אַמאָל, און זי האָט געוואָלט אַרויסווייזען איהר ליבליכקייט צו אַלעמען גלייך און זיך קיינעם נישט קאַליע מאַכען. דאָ, פון קאָנפעקציאָנס-מאַגאַזין האָט מען זיך אויך בעוויזען; זי האָט זיך אַפילו געפיהלט זעהר געשמייכעלט דערפון, דאָס זענען אָבער געווען דאָך „יודען-יונגען" און ביי איינעם איז נאָך דערצו אַ לאַנגע נאָז, און אַז ער מאַכט אַ ליבענסווירדיג מי-נעלע, דערמאָהנט עס איהר אַלעמאָל אָן אַ שימפּאַנזע. דער פערגלייך איז איהר אונגעהייער געפעלען געווען. מאַקס האָט איהם דאָ נישט לאַנג בענוצט פאַר אַזאַ יודישע נאָז.

זי שמייכעלט ...

מיט אַ יוד זיך אָבגעבען? פיידען מיט אַ רייכען, ייאָס זאָל איהר קאָנען קויפען די טייערסטע זאַכען, ווייטער וואָלט זי נישט וועלען געהן מיט קיין שום יוד. ביי, אַזאַ נאַר זאָל זי זיין! ווי קאָן העלענע עס טון?

מיט דעם איז זי צוריק צוגעקומען צו איהר פריהערדיגען גע-דאַנק. פאַרוואָס האָט זי עפּעס ביי איהר אַזוי לאַנג זיך נאָכגעפרעגט, וואָס זי ווייסט? ריכטיג טאַקי. אַצינד פאַלט איהר איין דער שפּאַ-סיגער אויפטראָג, וואָס איהר מאַקס האָט איהר איבערגעגעבען, זי זאָל אויסשפּירען, ווי ווייט העלענע האַלט מיט אָט דעם יוד, צי זי קאָן דערגעהן, אויב זיי ביידע האָבען שוין ... אַזוי געמיטליך צוזאַמען פער-קעהרט. אַך, וואָס פאַר אַן'אויסדרוק האָט עפּעס מאַקס בענוצט דע-מאָלט, ווען זי איז געווען ביי איהם אין דער היים?... זי פערקלערט זיך ... אַך, יאָ, אויב זיי זענען שוין געווען „צוויי הערצער און איין געדאַנק". אין אָט אָ דער אָנווענדונג קומט איהר דער אויסדרוק פאָר העכסט קאָמיש און זי צולאַכט זיך, אַזוי אַז די יונגעלייטלעך קעגענאיבער האָבען געמיינט, אַז דאָס לאַכט זי צו זיי, און זיך גענומען שטאַרקער פערשפּיצען די וואָנסעס; דען יעדער פון זיי האָט גערעכענט, אַז דאָס נעהמט ער אויס מעהר פאַר אַלע, און יעדערער פון זיי האָט שוין געטרוימט פונ'ם ציל, פונ'ם ענד-ציל.

ווען זי זאָל נאָר קאָנען געוואָהר ווערען, וואָס צווישען די ביי-דע, העלענע מיט וואָלפען, איז דאָ פאָרגעקומען! אַזאַ פראַגע, די דעליקאַטסטע פון אַלע פראַגען, קאָן זי דאָך נישט ביים מיידעל אַזוי

אָפּען פרעגען, ווייל קעגען אַט אָ די ריינע, בלאָהע אויגען האָט זי זיך שלעכט געפיהלט. דען אַזוי איז זי גאָר נישט אַזאַ נעבעכדיגע, און אין קרייז פון איהרע אינטימע חבר'טעס איז נישט געווען קיין איי־נע, וואָס זי זאָל נישט קאָנען איבערשטייגען מיט איהרע געמיינע „וויצען". דאָס האָט אָבער נור געטראָפּען, אַז מען איז געווען „צווי־שען זיך"; דען עפענטליך האָט מען דאָך געגאָלטען פאַר אַנ'עהרליך, אָנשטענדיג, סאָליד בירגער־מיידעל, וואָס פערדינט זיך מיהזאַם אויף לעבענס־מיטעל. ווען זי זאָל עס נאָר קאָנען דערגעהן!

אינדעם דערהערט זי ווידער הינטער זיך, ווי העלענע לאָזט זיך מאַט אַראָב אויף אַ שטוהל.

אַצינד אַהנט זי עס!

אַט אָ די אָבגעשוואַכטקייט!... פיליכט איז עס אַ סימן!...

אַך, פון איהר אייגענער יוגענד קאָן זי דאָך אַט אָ דעם סימן אין זיין גאַנצער אונהיימליכער קאָנסעקווענץ; פאַר פיר יאָהרען איז עס געווען, זי איז געהען דעמאָלט קיין זעכצעהן יאָהר אַלט, דעמאָלט האָט זי זיך אויך אַזוי געפיהלט; ער איז געווען אַ סטודענט... אַ מע־דיקער, און דאָס איז טאַקי גוט געווען, אַ מעדיקער איז אין אַזעלכע פאַלען שטענדיג גוט...

זי האָט זיך פלוצלונג אומגעדרעהט און איז צוגעגאַנגען צו העלענען. אַ סעקונדע קוקט זי זי ווי טריאומפירענד אָן און פרעגט: „זאָגט מיר נאָר, פריילייין, האָט זיך אַייך שוין פיל מאָל געמאַכט אָט אָ די איבעלקייט?"

„אונגעפעהר פערצעהן טאָג שוין! פריהער האָט זיך עס מיר קיינמאָל נישט געמאַכט!"

„און אַלע טאָג רעגעלמעסיג?"

„יאָ".

פיליכט האָט איהר עפּעס געגעסען אַזוינס, דעם מאָגען פערדאָר־בען? קאָנט איהר נישט עפּעס איינגעהמען צום ברעכען?"

„אַך, ניין, דאָס איז עס נישט. אַלע אינדערפריה פיהל איך אַזאַ שטאַרקען רייץ צום ברעכען און דערצו נאָך אַזאַ שטאַרקע, שמערצ־ליכע נאָגונג אין דער ברוסט!"

פלאָראַ האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען פערדאַרבונג בלויז אויף צו כלומרשט. זי איז שוין גאַנץ גענוג געוואָהר געוואָרען. דאָס איז עס טאַקי, וואָס זי האָט דעמאָלט געשפירט אַלס יונג זעכצעהניעהריג מיי־

דעל, ביז דער מעדיקער... ביי אַזאַ צושטאַנד האַלט אַלזאָ די גאוה׳-דיגע העלענע, וואָס האָט אַזוי אויסגעמיטען צו רעדען וועגען „פער-העלטניס”. און ווען זי, פלאָראַ, זאָל עס איבערגעבען פאַר די מענ-שען, פאַר דער געזעלשאַפט, וואָס איז אַזוי גערן אויסצודערשנאַפען יעטוועדע רכילות און יעטוועדע „זינד”, דאַן פערלירט זי גלייך איהר עהרע אין אַלעמענס אויגען; הע, אַצינד איז זי ביי איהר אין דער האַנט, און אַצינד וויל זי אויסשפילען דעם גרעסטען טריאומף. זי וועט איהר אָפען אין די אויגען אַריין זאָגען, אַז זי... ווערט אַ מוטער.

יאָ, זי מוז עס טון. אָט אָ דער הויפּט-קלאַפּ וועט איהר פער-שאַפען געוויסקייט.

אַ ביסעל אַנגסט האָט זי אָבער פאָרט געפיהלט.

באַלד האָט זי זיך אָבער גערעכט געמאַכט דערמיט, וואָס קוים איז העלענע אַזאַ געגזעל, אַז זי פערשטעהט זיך נישט אויף איהר צו-שטאַנד, דאַרף מען עס איהר קלאָר מאַכען. אַצינד איז נאָך דאָ צייט, זיך צו רעטען. עס איז דאָך פאַרהאַן אַזויפיל דאָקטוירים!...

„איהר ווייסט, וואָס אַייך פעהלט?” זאָגט זי שטיל פליסטערנד צו העלענען, וואָס האָט זיך דערויף צו איהר אומגעקוקט, נישט האָ-בענדיג קיין אַהנונג פון גאָרנישט.

„וואָס אַזוינס? דאָס ווייסט איהר דאָך נישט”, האָט זי מיט אַנגסט טריב געשמייכעלט.

פלאָראַ נייגט צו דאָס מויל איהרס צו העלענעס אויער און רוימט איהר עפּעס אַיין. מיט אַ האַסטיגען פערנעהם גיט זי העלענע אַ שטויס אָב פון זיך און פאַלט אין אָהנמאַכט.

## צוואַנציגסט קאַפּיטעל.

פונ׳ם טאָג אָן, וואָס העלענע האָט פון פלאָרען געהערט אָט אָ די געהיימניספולע, שרעקליכע ווערטער, איז איהר ווזען נאָך אומרוהיגער געוואָרען. זי האָט זיך אינגאַנצען אומגעביטען און איז זיך אַליין פאָרגעקומען פרעמד. איהר אָנבליק איז נאָך בלאַסער און דורכזיכטיגער געוואָרען, ווי שאָטען און ליכט האָט זיך איהר בענעהמונג געטוישט, דאָ האָט זי זיך געפיהלט שטאַר, פינסטער און טרויעריג ווי צום שטאַרבען, אָט ווידער אונהיימליך אויפגערעגט, אומרוהיג, באַלד אַזוי נערוועז, אַז זי האָט אַמאָל דאָס קליינע ברידערל איהרס געשלאָגען דערפאַר, וואָס ער האָט הויך אַ לאַך געטון, און ווען ער האָט זי דערויף פערוואונדערט אָנגעקוקט און זיך צוקייכט, האָט זי איהם איינגענומען מיט דערשטיקענדע קושען.

דורכאַנאַנד האָט זי אַליין אָבגעוועהרט פון זיך דעם געדאַנק, וואָס פלאָרא האָט אין איהר מיט אַזאַ בייז-לוסטיגקייט פערזעצט, און האָט איהם געוואָלט פון זיך אָבשאָקלען ווי אַ פויגעל אַ טוי-טראָפּען פון די פעדערן.

זי האָט זי געפּרובט פערוואַרפען מיט פאָרוואורפען און געזוכט צו נישט צו מאַכען דעם חשד — אָט אַצינד, בסוד, אַצינד ווי זי ליגט אינ׳ם בעט, אַריבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע ביז צום פריהרענדען האַלז, נאָר בסוד; ווייל פון מאָרגען אָן וועט זי שוין מעהר קיין וואָרט נישט רעדען צו אָט אָ דער פריוואָלער, פאַלשער שלאַנג. דערנאָך ווידער, אַז זי האָט שוין געהאַט אויסגעגריבעלט וואָס נאָר פאַר אַ גרונד, דעם חשד איהרען צו נישט צו מאַכען, האָט זי פּלוצלונג דערזעהן, ווי פון אונטער דעם גאַנצען נאָכגריבלעניש קוקט אַרויס דער שלאַנגען-קאָפּ פונ׳ם חשד און פאַמעליך הייבט ער זיך אַלץ העכער

אויף, ביז זי זעהט איהם פאַר זיך אויסגעוואַקסען אין דער גאַנצער פירכטערליכער, האַרץ-אַנטפאַלענדער קאָנסעקווענץ און מיט דער גאַנצער שאַנדע, וואָס ער ברענגט אויף איהר.

דאָ דערפיהלט זי, ווי עס שלאָגט לאַנגזאַמער דער פּולס און ווי אַן׳אייזיגע קעלט לויפט איהר דורך איבערן קערפּער, אַז זי האָט זיך איינגענורעט ביז איבער די האָר-וואָרצלען אונטער דער קאָלדרע, און ווי אַ קינד, וואָס שרעקט זיך אינ׳ם בעטעל פאַר דער טונקעלקייט און בעהאַלט זיך אין אַנגסט אונטער דער קאָלדרע, אַזוי האָט זי זיך פערבעהאַלטען און געמיינט, אַז אונטער דער קאָלדרע וועלען זי די ביטערע, בייזע געדאַנקען שוין נישט שרעקען מעהר. אַבּי דער גע-דאַנק, אַז פלאָראַס בייזע, שרעקליכע ווערטער קאָנען טאַקי וואָהר זיין, דער געדאַנק האָט זי דורכנאַנד נישט אָבגעלאָזט.

באַלד ווידער איז איהר אונטער דער קאָלדרע אַזוי הייס געוואָ-רען, אַז אַ קלאָרער שווייס האָט זיך געפּערלט אויפ׳ן שטערן איהרען און זי האָט צורייצט אָבגעוואָרפען אויף דער זייט די קאָלדרע, און פון דער געשפענסטישער טונקעלקייט האָט זיך דער ווייסער קערפּער איהרער אַרויסגעבלייכט, ווי דאָס בלייכע געביין פון אַ טויטען.

אָבער די שלעכטע, ביטערע געדאַנקען האָבען זיך אַזוי געהאַט איינגעגעסען אין איהר, אַזוי ווי זיי וואָלטען מיט האַקענס צוגעפּעס-טיגט זיין אינ׳ם מח, און וואָס מעהר זי האָט זיי געוואָלט פון זיך אָברייסען און אויסוואָרצלען, אַלץ פעסטער האָט זי זיי צוגעטשעפּעט צו זיך, אַלץ שמערצליכער האָט עס איהר געהאַמערט אין קאָפּ פון זיי. עס זאָל איהר ווער האָטש ביישטעהן, האָטש בייהעלפען?

צו אַ דאָקטאָר געהן?

ניין, ניין, שרייט עס אין איהר. נאָר נישט קיין פרעמדער!

זיך פערטרויען פאַר דער מוטער איהרער?

ניין, ניין, זי וואָלט זי פון שטוב אַרויסגעיאָגט אויפ׳ן גאַס אַרויס. דריי מאָנאַטען שוין ווי זי האָט פון איהר קיין פריינדליך וואָרט נישט געהערט. פאַר לעאָן? אַך, זי שעמט זיך ביז צום שטאַרבען, פאַר איהם זיך מודה צו זיין אין דעם.

זיך מודה זיין?

וואָס אַזוינס זיך מודה זיין?

„איך האָב דאָך גאָרנישט וואָס מודה צו זיין, ניין, ס׳איז גאָר-נישט, כ׳ווייס נישט גאָרנישט, דו געליבטער מיינער!" שעפּטשעט זי שטיל.

„כ׳האָב דאָך עס געטון נאָר צוליב דיר, ווייל דו האָסט מיך אַזוי זעלטזאַם געקושט...!"

אַ גאַנצע נאַכט האָט זי אַזוי געוויינט און געשלוכצט און נישט געקאָנט אַנטשלאָפען ווערען. דאַן האָט זי זיך אינ׳ם בעט אויפגעזעצט, אַיינגעצויגען די קניה צו די ברוסט און אין דער פּאָזע געבליבען זי-צען אַיינגענורעט שעה׳ן-לאַנג אינ׳ם בעט.

דאָס העמד האָט זיך איהר אַראָבגעשאַרצט פונ׳ם לינקען אָרעם און דער קאָפּ איז איהר אַלץ שווער און שווערער אַראָבגעזונקען, און די געדיכטע האָר איהרע זענען זיך פונאַנדערגעפאַלען אַריבער די אַקסלען אויף די ווייסע, יונגע בריסט.

ווי עס ברענען איהר די ליפּען, ווי אומזיסט זי שטרענגט זיך אָן און זוכט אַ רעטונג פאַר זיך, ווי עס צוקען איהר די וויהעס און זי דערפיהלט פּאַמעליך און הייס די טרעהרען קאַפּען, אויף דער האַנט, אויף דער ברוסט, אויף די קניה.

אַזוי נישט-אויסצודריקען אומגליקליך האָט זי זיך נאָך קיינמאָל נישט געפיהלט... „פּאַרוואָס קומט עס מיר", שלוכצט זי, „עס איז דאָך אַזוי גוט געווען, וואָס כ׳האָב געטון, אַזוי גוט, און ער האָט דאָך אַלעמאָל געזאָגט, אַז וואָס מען טוט מיט׳ן גאַנצען האַרצען, פון טיפ-סטער ליבע, מוז שטענדיג גוט זיין, האָט ער געזאָגט..."

דאַ דערמאָהנט זי זיך, וואו ער איז אַצינד, ווי רוהיג ער שלאָפט. אָה, אַז ער וועט וויסען, ווי זי ליידט, וועט ער שוין קומען צו איהר, ער וועט זי ווידער אויפ׳ן שויס נעהמען, מיטביידע הענט דעם קאָפּ איהרען אַרומהאַלטען, דאָס מויל אויסקושען און די אויגען און די האָר... און ער וועט זי ווידער רופען זיין ליבלינג, זיין בלאָנד-קאָפּ, געוויס, ער וועט איהר העלפען... און זי האָט די אויגען פערמאַכט און גע-טראַכט פון איהם און איהם פאַר זיך געזעהן, מיט די טונקעלע שאַרפע אויגען זיינע און מיט די שוואַרצע האָר, און זי הערט איהם רעדען, אַזוי קלוג רעדען, אַז זי קומט זיך פאָר קעגען איהם נישטיג און קליין. און ער קאָן אַזוי לאַכען... אַזוי קושען!...

די וויהעס זענען איהר געוואָרען אַלץ מידער און מידער, און מיט די גליקליכע געדאַנקען פון איהר געליבטען איז זי שפּעט ביי-דערנאַכט אַיינגעשלאָפען.

די קלאָרע, בלאַנקע זילבער-לבנה האָט עס צוגעזעהן. אָט איז זי דורך די טונקעלע וואָלקענס ווייטער אַוועק און שיינט אַצינד אַליין

אין פולען גלאַנץ און געמיטליך איבערן בלייכען בלאָה-ליכטיגען הימעל. באַלד פאַלט אַ בלייכער זילבער-פּאַס אויף דער וואַנט, באַלד אויפ׳ן בעט פון דער שלאָפענדער, אָט שטראָמט עס זילבערדיג און קיהל אי- בער איהר און צערטעלט דאָס בלייכע געזיכט איהרס. זי קוקט אויס אַזוי פרידליך, נאָר אויף די באַקען גלאַנצען צוויי גרויסע טרעהרען...

אינדערפריה האָט זי זיך אויפגעהאַפּט אַ מאַטע און אַ מידע. זי האָט זיך געפיהלט ווי צובראָכען, ווייל זי איז אַזוי ווינציג געשלאָפען. אַ פערשלאָפענע האָט זי זיך גלייך אויפגעהויבען; דען זי איז געוועהנט געווען באַלד נאָכ׳ן אויפהאַפּען זיך צו פערלאָזען דאָס בעט. מעכאַניש האָט זי זיך גענומען אָנטון; זי האָט זיך געפיהלט אַזוי אָבגעמאַטערט, אַז זי האָט זיך אויף אַ סעקונדע געמוזט אָבהאַלטען, נישט קאָנענדיג גאָרנישט טון.

די וויהעס זענען איהר הייס געווען און עס האָבען איהר וועה געטון די באַקען, און ווי מיט אַ דומפּען האַמער-קלאַפּ האָבען זיך איהר די שלייפען צוגעפּרעסט. וואָס פאַר אַנ׳אָבפרישונג ס׳איז פאַר איהר געווען דאָס קאַלטע וואַסער אויפ׳ן געזיכט! באַלד האָט דער זייגער אַכט אויסגעקלונגען. אַצינד מוז זי זיך צואיילען, ווייל האַלב ניין דאַרף זי שוין זיין אינ׳ם געשעפט. ביים דאָזיגען וואָרט איז איהר גלייך צוריק אַיינגעפאַלען דער גאַנצער, שווערער געדאַנקען-קנויל, פון וואָס זי האָט נעכטען געטראַכט אַזוי פיל, אַזוי פיל אָהן אַ שיער מאָל, אַז זי האָט עס אַצינד כמעט מעכאַניש אויפגענומען. געשעפט—פלאָראַ—אַך, אַך, די ווערטער איהרע — וואָס וועט ווערען—לעאָ, קום, קום, לעאָ— מאָנטאָג, דריי טאָג נאָך, פיר טאָג נאָך...

זי האָט זיך אָנגעלעהנט אָן וואַש-טיש, ווייל עס האָט זי אַ צי- טער דורכגענומען דורכ׳ן גאַנצען קערפּער.

אָט איז עס שוין ווידער.

אָט איז עס שוין ווידער — אָט אָ די נאָגענדיגע שווערקייט אין די ביינער, אָט אָ דער קאַפּויר-שלאָגענדער רייץ צום ברעכען.

דאָס האָט דאָך פלאָראַ געזאָגט איהר...

אָט אָ דער סימן!...

מיט מיה האָט זי אויף זיך אַרויפגעצויגען דעם ענגען יאַק, און זי האָט בעמערקט, אַז עס זענען די בריסט איהרע אַזוי פול און ווייך געוואָרען, דאָס זי האָט געמוזט דעם אָטעם אַיינהאַלטען, זי זאָל קאָנען צוקנעפּלען דעם יאַק. און אַז זי האָט די בריסט בעריהרט האָט

זי אַזאַ וועהטאָג געפיהלט, און די אָדערן האָבען זיך בלאָה און קלאָר דורך דער ווייסער הויט געזעהן. אַך, אָט קומט איהר שוין ווידער יענער ביז צום שטאַרבען טרויעריגער חשד אויפ׳ן זינען. דאָס געפיהל, אַז זי האָט זיך קערפּערליך אומגעביטען, האָט זיך אַזוי פעסט אײַנגע־עגבערט אינ׳ם מח איהרען, אַז עס האָט זיך איהר שוין אויסגעוויזען, ווי זי בעמערקט פּלומרשט פערענדערונגען אינ׳ם קערפּער, חאָטש ס׳איז נישט געווען גאָרנישט צו בעמערקען, חאָטש ס׳האָט נישט געקאָנט גאָרנישט זיין.

פאַמעליך איז זי אַריינגעגאַנגען אין צימער, וואו די פאַמיליע ערנעסטי איז שוין אַרומגעזעסען ביים קאַווע־טיש און געוואַרט אויף איהר. שטיל, מיט אַ טאָנלאָזער שטימע זאָגט זי „גוטען מאָרגען״, געהט צו צום יונגען בריִדערל, וואָס איז פערטון מיט אַ געוואַלטיג שטיק וויסקראָבעק, און קושט איהם אויפ׳ן מויל. דאַן געהט זי צו צום פאָטער איהרען און גיט איהם אַ קוש אין שטערן אַריין.

דאָס פלעגט זי טון אַלע אינדערפריה; ווייל זי האָט אַזוי אָהן שיער ליב געהאַט דעם פאָטער, דעם שוואַכען מאַן, וואָס האָט נישט געוואַגט דאָס מויל צו עפענען, אַז די פרוי זיינע פלעגט אויף איהם אַ קוק טון. און זי פיהלט גאַנץ גוט, ווי טיף ער האָט אויף איהר מיטלייד, ווי עס טוט איהם וועה, וואָס זי מוז טאָג איין טאָג אויס באָר בייזע און שפּאָטישע ווערטער אויסהערען.

היינט, ווי אַלע אינדערפריה, וואַרפט ער זייטיג אַ שרעקעדיגען בליק צו דער פרוי זיינער, און אַז העלענע קושט איהם, מאַכט ער אַ בעוועגונג, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אָבגעוועהרט, און אַזוי ווי ער וואָלט וועלען דערמיט בעווייזען דער פרוי זיינער, אַז ער קאָן אויך די אײַנגעשפּאַרטע טאָכטער זיינע נישט ליידען. פאַר דער צייט פון די צוואַנציג יאָהר, וואָס נאָך דער חתונה זיינער, האָט ער זיך אײַנגע־אייגענט אַזאַ קליינע דיפּלאָמאַטיע, און העלענע האָט זיך גענוג פער־שטאַנען אויף אָט אָ דעם קונץ־שטיק פון זיין שרעקזאַמקייט. דאָס האָט איהר טיף וועה געטון. זי ווייסט דאָך וואויל, אַז בסוד פלייסט ער זיך צוריק צו פערגלעטען, וואָס די פרוי זיינע טוט אָב אין אַ מינוט פון כעס.

זי ווייסט דאָך וואויל, ווי טיף ער ליידט פאַר איהר, פאַר איהר, זיין ליבלינג, זיין לעניטשי!

ער קוקט זי אָן מיט אַ פערגנבעטען בליק. דאָס ליבע, גוטע

מיידעל זיינס! פון טאָג צו טאָג ווערט זי אַלץ שטילער, וואָרט-קאַר-גער און בלאַסער. און די פרוי זיינע—וואָס אַמאָל שטאַרקער רייסט זי זיך און שרייט אויף איהר אָן, און ער מוז דאָס אַלץ צוקוקען און שווייגען. אָט איז זי אַריינגעקומען צו איהם. זי האָט איהם אַ קוש געטון אין שטערן אַריין, איהם, וואָס האָט זיך פאַר איהר נישט אָנ-גענומען קיינמאָל, ווייל ער האָט מורא געהאַט. אָך, צום ליבסטען וואָלט ער דאָך דעם קאָפּ איהרען אויף זיין שויס געטוליעט און זיך נאָכגעפרעגט ביי איהר: „זאָג, לעני׳שי, וואָס פעהלט דיר? וואָס איז דיר, לעני׳שי, זאָג מיר אויפ׳ן אויער...״

ער שווייגט אָבער, אַזוי ווי ער האָט שטענדיג געשוויגען; ער האָט זיך אומרוהיג אַהין און אַהער געדרעהט מיט דעם שטוהל און מיט שרעקעדיגע בליקען זיך אומגעקוקט צו דער פרוי זיינער, וואָס וועט זי ווידער אַצינד זאָגען.

העלענע האָט זיך אַוועקגעזעצט און זיך אָנגעגאָסען קאַווע. באַלד דערהערט זי די ברייטע שטימע, וואָס פערנעהמט איהר ביים האַרץ ווי מיט אַנ׳אייזיגער האַנט:

„זעהסט שוין ווידער שיין אויס? וואָס פאַר אַ רויטע אויגען! שוין געוויס ווידער געיאָמערט... און אַלץ צוליב דעם פערשאָלטענעם יודען-יונג! און הינען געהט זי אַרום און ברומט נאָר און קאָן צו-מאָלס נישט ס׳מויל עפּענען און גריזשעט זיך און עסט זיך אויף... די גנעדיגע פריילין וויל נאָך געוויס גערעכט זיין און וויל נאָך אויספיהרען, ווי אַלע אָרענטליכע מיידלעך. זעהסט דאָך, וואָס פון דער חבר׳טע דיינער איז געוואָרען! פון דער מאַריען! אַ שיין לייט פ׳ן איהר געוואָרען! כ׳זאָג דיר אָבער, אַז מעהר וויל איך עס שוין נישט ליידען! אַזוי אָדער אַזוי: אַז וועסט מיך נישט פאָלגען, וויל איך דיך אין מיין שטוב נישט האָבען! אַזוי זיך צוצוקלעפּען צו אַ יוד!״

מיט אַ געזיפץ, רויט ווי פייער, האָט זי זיך צו דעם אַלעם צו-געהערט און זיך אָנגעגאָסען אַ טאַסע קאַווע. עמאַ האָט די שוועסטער איהרע אָנגעקוקט מיט ווילדער הנאה, וועהרענד דער פאָטער האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך פערקוקט אין דער טאַסע. ער האָט נישט געוואַגט אַצינד דער פרוי זיינער אין די אויגען אַריין צו קוקען. ער האָט זיך געשעמט פאַר די קינדער זיינע, בעזונדערס פאַר העלע-נען. ער האָט צועפּענט די ליפּען, באַלד אָבער האָט ער זיך דער-שראָקען דעריבער און איז שטיל געבליבען.

דאָס קליינע יונגעל, וואָס האָט נאָר געפיהלט, אַז דאָ געהט עפּעס וועגען דער שוועסטער זיינער, האָט טאַקי גערן געהאַט צו איהר צוצוגעהן, ער האָט זיך אָבער נישט געוואָלט אַיינשטעלען, און מיט די גרויסע אויגען, אויף העלענען געווענדט, האָט ער זיך ווייטער געגעסען.

ווען די מוטער האָט גענומען רעדען, האָט העלענע ערשט קוים געהאַט אויסגעטרונקען אַ פערטעל פון דער טאַסע.

ס'איז איהר שווער געוואָרען און זי האָט אַוועקגעשטעלט די טאַסע און אויסגעהערט מיט אַנ'אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ דאָס אַלצדינג, אַלצדינג.

זי האָט שוין קיין טראָפּען נישט געקאָנט טרינקען, נישט קיין ביסען מעהר עסען, ווי מען וואָלט איהר פּראָסט מיט דער האַנט די קעהל צוגעשנורעוועט.

ס'האָט קיין וואָרט נישט געטראָפען ברוטאַלער און בעליידיגענדער, ווי דאָס זידלען דעם געליבטען איהרען. בלויז אָט אָ די זידעלווערטער האָבען אין איהרע אויערן אָבגעקלונגען צעהנפאַך פערשטאַרקט.

אָט זעהט זי איהם פאַר זיך און לייענט אַרויס אין זיינע בליקען די שטומע פראַגע: „דערלאָזט דו עס, ליבסטע מיינס?"

זי האָט געוואָלט ענטפערן, אָבער די ליפּען איהרע האָבען נאָר שטאַרק געציטערט, און זי האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדען קיין וואָרט.

זי האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען דעם זשאַקעט און דעם הוט, אום אַוועקצוגעהן.

זי האָט זיך נישט אומגעקוקט צומאָלס, ווען דער פאָטער האָט געפרעגט ביי איהר: „ווילסטו נישט אַ טאַסע קאַווע טרינקען און עפּעס עסען, לעבישי, דו קאָנסט דאָך אַזוי אַוועקגעהן אָהן גאָרנישט".

„איך קאָן נישט, פּאַפּאַ!" ענטפערט זי און נאָך אַ וואָרט נאָך האָט זי מיט מיה קוים איבער די ליפּען אַרויסגעבראַכט. „אַדיע" האָט עס געזאָלט זיין.

אַזעלכע סצענעס האָט זי דריי מאָל דורכ'ן טאָג געדאָרפען איבערטראָגען, אינדערפריה, צו מיטאָג און אין אָוועגד, און אַלע טאָג האָט זיך עס איבערגעחזר'ט מיט אַ נישט מיד-ווערענדיג רעגעלמעסיגקייט און אין טויזענד קליינע וואַריאַציעס, וואָס די מוטער און די יונגסטע טאָכטער האָבען צוגעקלערט, כּדי פון העלענען אַרויסצושלאָגען די אונזיניגע ליבע צו דעם „יודען-יונג". זיי האָבען איהר דערמיט

אונענדליך פיל וואונדען פערשאַפט; ווייל איהר פיינעם כאַראַקטער, דאָס האָבען זיי געוואוסט, איז אַזוי לייכט געווען צו פערוואונדען.

העלענע האָט זיך אַלעמאָל געפיהלט אַ גליקליכע, אַז זי פלעגט פון שטוב אַרויס און אינ׳ם גע׳שעפט אַריין געהן, וואו זי האָט נישט אויסצושטעהן קיין זידלערייען.

נאָר זינט נעכטען איז אויך מיט דעם שוין אַנדערש געוואָרען. דאָרט איז דאָך פלאָרא געווען.

ווען זי האָט אפילו געשוויגען, דאַן זענען אָבער די בליקען איהרע פונקט אַזוי פיינליך, שפּאָטיש און בערעדט געווען, ווי די זידלערייען אין דער היים. — וואָס ועט דער סוף זיין דערפון? — זי האָט קיין סוף נישט געזעהן!...

דאָס אַלץ איז איהר אַצינד ווידער אינ׳ם מח דורכגעגאַנגען, ווען זי האָט זיך איבער דער לאַנגער גאַס געשלענדערט. זי האָט גע-בויגען געהן שנעל, ווייל עס איז שוין בּאַלד האַלב ניין געווען.

ס׳איז געווען אַצינד אַ וואונדער-שיינער פריהמאָרגען. פונ׳ם קלאָ-רען, וואָלקען-פרייען הימעל האָט די געלע זונען-קויל גאָלדיג אַראָב-געפלאַמט אויף דעם הייזער-ים אַראָב און די דעכער און גאַסען האָבען זיך געבאָדען אין צופאַליעטען ים פון פלאַמענדיגע זונען-שטראַהלען. די טראָטואַרען זענען נאָך נישט געווען אויסגעטריקענט כונ׳ם נעכטי-גען פייכטקייט, און וואָס אַמאָל האָט דורכגעוועהט אַ שטראָם פרישקייט דורך די גאַסען, פון וואָס דער אויסטריקענדער גלוט האָט אָבקיהלענ-דיג געדעמפט; העלענע האָט אָבער נישט געקאָנט פערטראָגען די שאַרפע שטראַהלען, איז זי אַריבער איבערן ברוק, כדי ווייטער צו געהן אינ׳ם שמאָלען שאָטען פון די הייזער. זי קוקט זיך היינט נישט צו צו די פאַרבייאַיילענדע מענשען, נישט צו די וואָגענס, וואָס פאָה-רען פאַרביי. מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ געהט זי זיך איהר וועגס. ס׳מעהרסט פון די, וואָס זענען פאַר איהר פאַרבייגעקומען, זענען בעווען יונגע מיידלעך מיט האַנט-קיישלעך אָדער קליינע פאַקעטען אין דער האַנט, וועלכע האָבען אויך ווי זי געאַיילט אינ׳ם געשעפט אַריין.

אַלס עכט בערלינעריש מיידעל פלעגט זי פריהער פריי יעדען אין געזיכט אַריינקוקען. בעזונדערס פלעגט זי די קאָלעגינס איהרע מיט אַ געוויסער ווייבליכער אויגען-שאַרפקייט אָבקוקען און פלעגט אָפט לאַכען, אַז זי האָט אַ קאָמישען הוט געזעהן, אָדער פלעגט גרינגשעציג

אָבוועהרען די אויפפּאָדערנדע, פרעכע בליקען פון די קאָמיס... אַצינד פיהלט זי זיך אָבער גאָר אינגאַנצען אַנדערש.

אָט בליצען פון קעגענאיבער איהר אין די אויגען אַריין די פון זונען-גלאַנץ זיך שפּיגלענדיגע פענסטער פונ'ם געשעפט זייערן.

נאָר-וואָס איז די קאָלעגין איהרע פלאָראַ אַריין אין דער טיר אַהין.

זי האָט זיך ציטערנדיג אויף אַ סעקונדע אָבגעשטעלט; ביים אָנ-בליק פון אָט אָ דעם מיידעל איז איהר אַצינד בליץ-שנעל ווידער פאַר דעם אינערליכען אויג דורכגעגאַנגען דער טאָג דער נעכטיגער, דער אָוועגד, די נאַכט, דער אינדערפריה, און זי האָט זיך גלייך דערפיהלט אַזוי עלענד, אַזוי וועהמוטיג, אַז זי האָט זיך ליבערשט געוואָלט צו-ריק אומקעהרען, איידער זי זאָל זיך דאַרפען געזיכט קעגען געזיכט מיט דער קאָלעגין איהרער איבערקוקען.

וואָס האָט זי איהר צו ענטפערן, צו דערווידערן, ווען זי פיהלט די אויגען איהרע מיט אַזוי פיל שפּאָט צו איהר געווענדט? וואָס פאַר אַ ווערטער?... קיין וואָרט נישט!

„גוטען מאָרגען!" זאָגט זי שטיל, אין דער טיר אַריינקומענדיג.

„ט'מאָרגען", ענטפערט דער שעף זעהר אויפגעלייגט, „שוין צו-ריק געזונד? יאָ, זעהר שיין פון אַייך! איהר האָט טאַקי נעכטען אויסגעזעהן ווי אַ געשטאָרבענע. זעהט איהר, וואָס עס קומט אַרויס, אַז מען געהט אַנ'ענגען גאָרסעט!"

אָט שטעהט זי אינ'ם הינטער-שטיבעל קעגען דער קאָלעגין איה-רער. זי שמייכעלט איהר פריינדליך צו מיט די רויטע ליפּען און בלישטשענדיגע ציינער, באַלד אָבער בעגעגענט זי זיך מיט'ן בליק פונ'ם בלאַסען מיידעל, און אין די גרויסע אויגען איהרע דערפיהלט זי אינ-סטינקטיוו אַ שטאַרקע אָבנייגונג און אַ קעלט. דערויף ענטפערט זי אויך מיט דערזעלבער קאָלטקייט; און אַרום איהרע ליפּען האָט עס גע-שפּילט ווי אַ שפּאָט, און גרינגשעצענד פערוואַרפט זי דעם טונקעלען לאָקען-קאָפּ, ווי זי וואָלט וועלען מיט דעם אַרויסבעווייזען, ווי ווינציג זי רעכענט זיך מיט העלענעס פעראַכטונג...

פעראַכטונג? פרעגט זי זיך,—וואָס מיינט זי דען מיט זיך? אַצינד וויל זי נאָך שפּילען די בעליידיגטע, זי, וואָס איז דאָך ערשט אינ-גאַנצען ביי איהר אין דער האַנט, אַז זי דאַרף זיך נאָך גאָר היטען איהר אינסטינקטיווען האַס אויסצודריקען! פּאַה, דאָס איז לעכערליך,

זי—און נאָך גאָר אַזאַ אָנשטעל מאַכען! אָט אָ די גאַנז, וואָס דאַרף זיך דאָך פרייען, אַז זי האָט, ווער עס זאָל עפּעס טון פאַר דער „געזונד-הייט" איהרער... וואָס מיינט זי דען מיט זיך?

מיט אַ פריילּיכער מינע האָט זי זיך פאַר די אַרבייט איהרע גע-נומען, און העלענע האָט זיך ערנסט און שווייגענדיג גענומען פאַר איה-רע. זיי זענען ביידע פערנומען געווען מיט זייערע געדאַנקען.

העלענע האָט געפיהלט, ווי זי איז אינגאַנצען ביי דער געגנע-רין איהרער אין דער האַנט, און פלאָראַ האָט פערנומען דעם טריאומף איבער איהר, וואָס הינטער דעם שווייגען פון דער קאָלעגין איהרער איז אייגענטליך אַ באַנגע אַנגסט פערבאָרגען. העלענע האָט פון איהרע פריילּיכע מינעס, פון איהר אָבגעלאָזענער האַלטונג אַרויסגעאַהנט אין פיינליכען וועהטאָג, ווי יענע איז איבערצייגט אין איהר חשד און דרינגט זי דורך מיט'ן בליק איהרען.

און... און... און ווען זי אַליין גריבעלט נאָך אין זיך און דרינגט זיך טיף דורך, טיף, גאַנץ טיף, דאַן ווייזט זיך איהר אַליין דער חשד אויס אַזוי פעסט איינגעוואָרצעלט, אַז זי האָט שוין קיין שום גייע בע-ווייזען נישט געקאָנט אויסגעפינען קעגען דעם. פון יעטוועדען וועהטאָג האָט זי שלוכצענד און וויינענדיג און האַרץ-פערקלעמענד בלויז אַרויס-געפיהלט די געוויסקייט דערין.

זי איז אַזוי צופרידען געווען, וואָס ס'איז איהר אויסגעקומען דעם גאַנצען פאַרמיטאָג אויף אַ שטוהל צו זיצען און צו נייהען; דען פון היינט אָן טאָר זיך פלאָראַ נישט מערקען גאָרנישט פון איהר אי-בעלקייט, וואָס בעווייזט זיך אַצינד צוריק מיט אונהיימליכער רעגעל-מעסיגקייט און פירכטערליכער שטאַרקייט. פון צייט צו צייט איז איהר אויסגעקומען צו פלאָרען זיך צו ווענדען מיט פראַגען אָדער פלאָרען צו איהר, פראַגען פון ריין-געשעפטליכען כאַראַקטער, און דעמאָלט פלעגט זי זיך קיינמאָל נישט צו איהר אומקוקען, נאָר שטיל און טאָנ-לאָז רעדען.

זי האָט אָבער דייטליך געפיהלט דעמאָלט, ווי יענע קוקט אויף איהר שפּאָטיש און טריאומפירענדיג.

אַזוי איז אַוועק דער פאַרמיטאָג, אַזוי דער נאָכמיטאָג, אַזוי די ווייטערדיגע טעג. אינ'ם געשעפט אַלעמאָל אָט אָ דאָס היטען און פער-שטעלען זיך, און אין שטוב די זידלערייען און בעשולדיגונגען, און די שטומע בליקען פונ'ם אַלטען פאָטער.

ווי דאָס לעבען איז איהר צו לאַסט געוואָרען.

ווען זי האָט געפּרובט אַרויסרופען אין זיך דאָס יאָהר צופריהער, האָט זיך איהר אויסגעוויזען, ווי עס וואָלט אָט אָ די צייט פון יענער אָבגעשיידט געווען ווייט, זעהוי ווייט, און אין די טונקעלע ארונ׳ס בעהאַלטען, און מיט אַ באַרג ערד דערויף פערשאָטען. פריהער פלעגט זי פון איהר מוטערס פאָרוואורפען געפינען אַ טרייסט אין דער גע-שעפטליכער טעטיגקייט, אָבער זינט יענע רייד פלאָראַס איז פאַר איהר דאָס זיין אינ׳ם געשעפט אויך געוואָרען דיזעלבע מאַטערניש און פּיין.

דערצו נאָך פיהלט זי זיך אַזוי שוואַך און האָט אַזוי קיין חשק נישט צו דער אַרבייט.

דעם איינציגען אָברוה איהרען האָט זי געפונען אינ׳ם טונקעלען וועבען פון דער נאַכט! אָבער וואָס פאַר אַנ׳אָברוה איז דאָס געווען! זי האָט זיך דאָך אַזוי געמאַטערט איינצושלאָפען, און וואָס האָט זי דען געקאָנט טון, אויסער טראַכטען... אויסער טראַכטען... אויסער אויפסניי זיך אויסצוויינען איבער די אַלטע געדאַנקען! זי האָט דאָך נאָר דעם איינציגען הויפּט-געדאַנק: „דו ווערסט אַ מוטער", און דערין האָבען זיך געריננעלט ווי אַ קייט נאָך אַנדערע, אַלץ שרעקליכער, פער-פלאָנטערטער.

און יעטוועדער געדאַנק איז געווען אַ פאָרוואורף, יעטוועדער פאָרוואורף—אַ שפּיז, יעטוועדער שפּיז—אַ וואונד, און יעטוועדער וואונד האָט אַזוי פיל טרעהרען אַרויסגערופען!

און ווען זי האָט דאַן אַלץ דורכגעאַנאַנד געהאַט דורכגעטראַכט, האָט זי זיך געפונען אויפגעזעצט אינ׳ם בעט, דעם קאָפּ אויף ביידע הענט אַראָבגעזונקען, און וויינענדיג אַזוי פערביטערט. איין איינציגע הילף האָט זי בלויז פאַר זיך געזעהן, ער, דאָס איז ער, לעאָ.

און אָט איז דריי טאָג נאָך, אָט צוויי, אָט אײנער נאָך, און זי וועט זיך מיט איהם זעהען, מיט איהם רעדען, איהם דערצעהלען, וואָס זי ליידט אַלץ אויס...

ער וועט איהר דאָך שוין קאָנען העלפען; זי האָט עס דאָך גע-טון נאָר צוליב איהם, צוליב דעם גוטען, צוליב דעם איינציגען איה-רען, נאָר צוליב איהם, און ער וועט זיין אַזוי גוט צו איהר און... וואָס זי האָט געטון, איז דאָך געווען אַזוי ליב, אַזוי ליב!

ווען ס׳איז איהר גליהענדיג הייס געוואָרען, פונ׳ם טיף-שוואַרצען קלאָרען הימעל האָבען מיליאָנען פונקלענדיגע שטערען אַראָבגעבליש-

טשעט און די בלאַסע לבנה האָט זיך דורכ׳ן פענסטער אַריינבעוויזען, דאַן איז זי פונ׳ם בעט אַראָב, און אין פאַנטאָפעל מיט אַ טוך אויפ׳ן קאָפּ האָט זי שטיל און פערלאָזען זיך אַוועקגעזעצט ביים פענסטער און שטאַר אַרויסגעקוקט אין דער פינסטערער נאַכט אַריין.

איהרע געדאַנקען האָבען זיך אַלץ אינאיינעם אַהינגעצויגען צו איהם, און מיט שטילע שעפּטשענדיגע ליפּען האָט זי זיך געפרעגט, וואו געפינט ער זיך אַצינד, צי ער שלאָפט, און זי האָט איהם גע-וואונשען טויזענד גאָלדענע, זיסע חלומות. דאַן האָט זי אָנגעשפּאַרט די האַנט איהרע אויפ׳ן קאַלטען פענסטער-ברעט, זיך צוגעלעהנט מיט׳ן קאָפּ און טרוימענדיג, ווי זי איז אַצינד ביי איהם און קושט איהם אין שלאָף, האָט זיך אויף איהרע ליפּען אַ גליקליכער שמייכעל בעוויזען.

ווי זי האָט דעמאָלט אין אַלעם פערגעסען און גליקליך אָבגע-זיפצט און די געמיטליך לאַכענדיגע לבנה אָנגעקוקט... וועהמוטיג צו איהר צוגעשמייכעלט, ביז זי האָט דערשפּירט אַ שטאַרקען ווינט-צוג און זי האָט געמוזט צוריק אינ׳ם בעט אַריין, און אינגאַנצען ציטערנדיג האָט זי זיך ביז צום מויל מיט דער קאָלדרע אַריבערגעדעקט. אָהן דעם גליקליכען טרוים וועגען איהר געליבטען האָט זי נישט געקאָנט אַנטשלאָפען ווערען. שטענדיג פלעגט זי זיך צוריק אַרויסרופען אין דער ערינערונג יענעם אויגענבליק, ווי זי האַלט דעם קאָפּ אויף זיין שויס, און ער רוימט איהר אין אויער אַיין טויזענד צערטליכע נעמען, ווי ער קושט איהר די אויגען אויס, דעם שטערן, דאָס מויל, די האָר, דעם האַלז. דעמאָלט פלעגט זי גליקזעליג שמייכלענדיג די אויגען צו-מאַכען און איינשלומערן.

## איינאונצוואַנציגסט קאַפּיטעל.

ווען ס׳איז געקומען דער זונטאָג דאָסמאָל, האָט זיך פרוי ערנעסטי געלאָזט צורעדען פון דער יונגסטער טאָכטער איהרער „פּער דאַמפּפער“ אַ ביסעל אַרויסצופאָהרען אויפ׳ן לאַנד. העלענען האָט זי נישט געהייסען מיטקומען מיט דעם אויסרייד, וואָס זי פיהלט זיך אַזוי שלעכט און וואָס זי קומט פונ׳ם געשעפט ערשט צוויי דעם זייגער, בשעת ווען איינס מוז מען שוין פאָהרען; אויסער העלענען האָט דער קליינער יונג אויך געמוזט אין דער היים בלייבען, ווייל ער האָט אַ שרעקליכען הוסט געקריגען. און אַזוי ווי די ביידע קראַנקע האָבען דאָך נישט געקאָנט בלייבען אַליין אין שטוב, איז אויך דער פאָטער איהרער גליקליך געוועזען, וואָס זיין פרוי האָט גאָרנישט דערגעגען געהאַט, ווען ער האָט שרעקעדיג אויסגעדריקט דעם ווילען זיינעם, אַז ער זאָל מיט זיי צוזאַמען בלייבען אין שטוב.

פרוי ערנעסטי איז היינט געווען גוט אויפגעלייגט און אינדערפריה האָט זי זיך זאָגאַר בעגנוגענט בלויז מיט עטליכע גרימיגע בליקען, וואָס זי האָט העלענען צוגעוואָרפען.

אין אַ שעה אַרום ווי זיי זענען אַוועק, איז העלענע פונ׳ם געשעפט געקומען. נאָך דעם ווי זי האָט געהאַט אָבגעגעסען, האָט זי צוגערוקט דעם לעהנשטוהל צום אָפענעם פענסטער, האָט דערויף צורעכט געמאַכט דאָס פון איהר געשטיקטע קאָפּ-קישעלע, גענומען דעם פאָטערס לאַנגע ליולקע, זי אָנגעשטאָפּט און דעם פאָטער געגעבען. און ווי ער האָט זיך געמיטליך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן לעהנשטוהל און זי דאַנקבאַר אָנגעקוקט מיט אַ פריינדליכען שמייכעל, האָט זי דעם קאָפּ זיינעם צוגעדריקט צו איהר ווילד-קלאַפּענדיגען האַרץ און די שיטערע, גראָהע האָר איהם געקושט. זי האָט אַליין נישט געוואוסט,

פאַרוואָס זי טוט עס. נאָר דאָס איז איהר אַזוי אַנגענעהם געווען. דאַן האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל איהם קעגענאיבער, ביים אָפענעם פענסטער, און אין דערזעלבער צייט האָט זיך דער קליינער יונג צווישען זיי בעקוועם געמאַכט אויף אַ פוס-בענקעלע.

זיי האָבען אינסטינקטיוו געפיהלט זייער צוגעבונדענקייט איינס צו ס׳אַנדערע.

אויף דער גאַס איז שטיל געווען. בלויז געצעהלטע מענשען זע-נען אונטען דורכגעגאַנגען. קעגענאיבער אויף דער אַנדערער זייט גאַס, אינ׳ם טויער, זענען געשטאַנען עטליכע דינסט-מיידלעך, וואָס דאַרפען היינט נישט צו טון גאָרנישט, מיט רויטע פנימער און געפּרעסטע, ווייסע פאַרטיכער, מיט שטיפערישע אָרעמס און היפטען און ברוין-רויטע, פראָסטע הענט. ווײלענווייז האָט אינ׳ם שטילען צימער אָבגע-קלונגען דאָס הויכע געליאַרם און געלעכטער פון זיי.

אַ בלאָהער האָט זיך דאָ געצויגען דער ענדלאָזער פלאַך פונ׳ם פירמאַמענט.*) ווי אַ געל הייס-פונקעלדיג אויג פלאַמט די זון אַרונטער דורך דער ווערלענדיגער בליטען-געווירצטער זומער-לופט אויף די היי-זער, אַז עס שפּיגלען זיך קעגען די פענסטער לייכטענדיגע, פלאַטערנ-דע פייערן און ריזען-גרויס טוישען זיך שאָטענבילדער און טאַנצען אויף די מויערן. אָט זענען עטליכע שפּערלינגען דורכגעפלויגען און אָדלער-גרויס האָט זיך דער שאָטען פון זיי אָבגעשלאָגען אויף דער גראָהער וואַנט פונ׳ם קעגענאיבערדיגען הויז.

זיי האָבען העלענען אַרויסגעוועקט פון דער אַפּאַטישער רו-היגקייט.

ווען זי זאָל זיך קאָנען בעפרייען פון די געדאַנקען!

נעבען איהר זיצט דער פאָטער און פּיפקענדיג די ליולקע ליי-ענט ער די צייטונג, און דער קליינער האַנס נעבען איהר בעטראַכט צום הונדערטסטען מאָל דאָס בילדער-בוך „האַנס, קוק אין דער לופ-טען" און לאַכט אָב פונ׳ם האַנס, וואָס שטעהט שטענדיג מיט אַנ׳אָפען מויל, שטענדיג קוקט ער אין דער הייך אַרויף, דערווייל פאַלט ער אַריין אין אַ גרוב פול מיט טינט און קומט אַרויס פון דאָרט ווי אַ שוואַרצער, פעך-שוואַרצער קוימען-קעהרער, און ביים יובעל-געשריי

*) פירמאַמענט — דער אָנזעהעוודיגער הימעל.

פון זיינע חברים שטעלט מען איהם אַוועק אונטער אַנ׳אויפגעעפענטען קראַן און מיט אַ קעהר-בעזים רייניגט מען איהם אָב דאָס געזיכט. אָט דער אָ האַנס קומט איהם פאַר זעהר נאַריש! ער אַליין אָבער איז גאָר אינגאַנצען אַנדערש! נאַר רחמנות האָט ער אויף איהם. און אַצינד אָט אָ דער גרויסער קעהר-בעזים! ווען ער האָט אַ קלער געטון, אַז די מאַמאַ קאָן נאָך אַמאָל געהמען אינדערפריה דעם גרויסען קעהר-בעזים אָנשטאָט די וואַש-שוואָם, האָט ער אַזש אויפגעשווידערט. „בררר”, גיט ער אַ מאַך און פערקרימט אַ פערצווייפעלטע מינע.

„לענע, לענע,” פליסטערט ער פּלוצלונג, און אַזוי ווי זי האָט זיך נישט באַלד דערוויף צו איהם אומגעקוקט, האָט ער איהר ענערגיש מיט דער קליינער פויסט אויף דער קניה געקלאַפּט, „לענע, די מאַמאַ האָט דיך שוין אַמאָל געוואַשען מיט אַ בעזים?”

זי קוקט זיך אום צו איהם ווי פון טרוים אויפגעוועקט און דערזעהט דאָס אַנגסטיג פּרעגענדיגע געזיכט זיינס.

דאַן זאָגט זי שטיל:

„אַי, געה שוין, דו נאַרעלע!”

וואָס פאַר אַ בערוהיגונג דאָס איז געווען פאַר איהם!

און בעפרייט פון דער גרויסער אַנגסט זיינער, האָט ער זיך אַצינד ווייטער פערטיפט אינ׳ם בילדער-בוך. אָט בענוצט ער העלענעס שווייגען אַלס אונטערשפאַר פאַר דעם, און זי האָט עס איהם רוהיג דערלאָזט, אפילו ווען ער האָט אַ צוקאָכטער מחמת גרויס געגוס פון בילדער-בוך אַרומגעהאַמערט מיט׳ן פויסטעל איבער די בלעטער.

אין איהרע געדאַנקען איז זי דאָך אַצינד ווייט געווען פון דאַנען.

מיט דעם קין אין דער האַנט אַריין פערגראָבען האָט זי זיך פערקוקט אינ׳ם אונענדליכען וואָלקען-פרייען עטער-בלאָה, און מיט אַ גליקליכען שמייכעל טרוימט זי ווידער פון איהם, פונ׳ם מאָרגען, און דאַן וועלען דאָך אַלע ליידען אויפהערען, אַז ער וועט קומען, אַז ער וועט זיין ביי איהר; דען ער וועט איהר געוויס העלפען, געוויס; דען ער האָט זי דאָך ליב, ווי זי האָט איהם ליב, „אַה, דו, מיין...”

אינדעם האָט נעבען איהר אַ שורשע געטון די צייטונג. אַז זי האָט זיך אומגעווענד׳ט צום פאָטער, האָט זי בעמערקט, ווי ער קוקט

אויף איהר מיט אַנ׳ערנסטען אָנבליק, און אין איהר איז געווען דאָס אומרוהיגע געפיהל, אַזוי ווי ער וואָלט איהר געהאַט עפּעס צו זאָגען.

„ווילסטו עפּעס, פּאַפּאַ?"

„יאָ, מיין קינד! האָסטו זיך אין דער לעצטער צייט ווען גע-זעהן מיט דיין חבר׳טע מאַריע?"

„ניין, פּאַפּאַ, זינט יענעם מאָל, וואָס כ׳האָב זיך מיט איהר צו-קריגט איבער דעם סטודענט, דו ווייסט דאָך"—זי האָט עס גערעדט אָבגעהאַקט, פּאַמעליך, מיט אַ בלוט-רויט געזיכט—„זינט דעמאָלט האָב איך זי שוין קיין איינציג מאָל נישט געזעהן. פאַרוואָס איז עס דיר עפּעס אַצינד איינגעפאַלען צו פרעגען?"

אַז זי האָט זיך אַצינד דערמאָהנט אָן דער סצענע מיט אַ יאָהר צוריק, ווי זי האָט איהר חבר׳טע געוואָרענט פאַר דעם אַלעם, וואָס זי אַליין האָט געטון, האָט זי דערפיהלט דערביי אַנ׳אונמענשליכע בושה, אַ טיפע באַנגקייט, איהר אַלטע, ליבע חבר׳טע איבערצובעטען, פאַרוואָס זי האָט דעמאָלט אַזעלכע בייזע העסליכע ווערטער צו איהר גערעדט.

ווי שלעכט קומט זי זיך אַצינד פאָר, ווי נידעריג און פאַלש!

דאָס האָט זיך איהר שווער אויפ׳ן האַרץ געלייגט, און אַ היי-סער שטראָם האָט זי באַנגליך דורכגענומען, זי זאָל איהר אַצינד צו-ריק אויסרעדען, וואָס זי האָט איהר דעמאָלט אויס אונבערעכטיגטער מיידעלשער גאוה בעליידיגט.

אַז זי זאָל אַצינד צו איהר אַהינגעהן און איהר ביידע הענט אויסשטרעקען און איהר זאָגען: „מאַריע, פערצייהע מיר!"—זי איז שטענ-דיג געווען אַ גוטע נשמה—דאַן וועלען זיי זיך ווידער יענע לעכער-ליכע געשיכטען פון זייער יוגענד דערצעהלען און לאַכען און שמועסען, דאַן וועט דאָך זי, העלענע, וויינינגסטענס חאָטש אַנ׳איינציגע האָבען, פאַר וועמען איהר לייד צו דערצעהלען, ווער ס׳וועט איהר פערשטעהן און מיטפיהלען.

„ווי קומט עס, וואָס זי האָט זיך פריהער נישט דערמאָהנט אָן מאַריען?"

„פּאַפּאַ, ס׳טוט מיר טאַקי האַרציג לייד, וואָס מיר זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, אַזוי האַרציג לייד, נאָר כ׳בין זיך אַליין שולדיג דערין... אָבער פאַרוואָס האָסטו זיך גראָד אַצינד דערמאָהנט אָן מאַריען, פּאַפּאַ?" פרעגט זי פאַרשענדיג.

„זי איז אַצינד שטאַרק קראַנק———יאָ, שטאַרק קראַנק———

כ׳מיין זאָגאַר, זעהר שטאַרק ..." ער האָט אַ פערצווייפעלטער צום פענס-טער אַרויסגעקוקט. ער האָט דאָך פיל מעהר נאָך געוואוסט! ... „דאָס עלענדע מיידעל. די מאַמאַ האָט היינט אינדערפריה געטראָפען אין דער מאַרק-האַלע די מוטער איהרע, דעריבער ווייסט זי פון דעם. די מאַ-מאַ וועט דיר שוין געוויס מאָרגען דערצעהלען. — יאָ, יאָ, דאָס עלענ-דע מיידעל! ..."

דאָס גאַנצע בלוט איז איהר דערביי אַנטפאַלען געוואָרען פונ׳ם געזיכט און די ליפען זענען איהר ווייס געוואָרען ווי קרייד.

איז איהר שוין קיין טאָג נישט בעשערט, וואָס איהרע שמער-צען זאָלען נישט געמעהרט ווערען, נישט קיין איינציגער טאָג אָהן קומער און טרעהרען! צו אַלעם נאָך איז אַצינד איהר מאַריע אַזוי שטאַרק קראַנק, פיליי̇כט שוין גאָר ...

אין דעם אָ געדאַנק האָט זי אַנ׳אונענדליכען ווערטאָג געפיהלט.

„זי זאָל האָבען זיך אָבגעשיידט פון מיר, נישט פערנעהמענדיג פריהער מיין האַרציגע בקשה, זי זאָל מיר פערצייהען, כ׳זאָל צו איהר נישט האָבען געזאָגט: „דו ביסט אַ גוט, מלאכיש-גוט, ריין, הימליש-ריין מיידעל, און איך בין אַ שלעכטע, זעהר אַ שלעכטע, זעהר אַ שלעכטע ..."

ווי אַ וועה-געשריי האָט עס אָבגעקלונגען אין איהר נשמה.

„איך וועל אַצינד געהן, פּאַפּאַ! לאָז מיך. יאָ, פּאַפּאַ? בלויז אַ פרעג טון, וואָס זי מאַכט, בלויז אַ פּאָר ווערטער פרעגען, כ׳זאָל קאָ-נען אַ ביסעל רוה געפינען, ליבער פּאַפּאַ. ס׳איז מיר אַזאַ וועהטאָג, וואָס זי ליידט אַזוי שטאַרק, אַצינד, אַז מיר זענען צוקריגט!"

„ניין, לעבישי, עמאַ געהט דאָך דורך דאָרט פאַרביי, און זי האָט געזאָגט, אַז אויפ׳ן וועג צו דער דאַמפּפער-סטאַציע וועט זי אַהין אַריינגעהן".

ער איז געוואָרען זעהר צורודערט, דען ער האָט איהר נישט גע-זאָגט אַצינד די וואָהרהייט.

דאָס אייגענטליכע אויסזאָגען האָט ער ליבערשט איבערגעלאָזט פאַר דער פרוי זיינער, ווייל ער אַליין האָט נישט געוואָלט אויף קיין פאַל זיין ליבלינג אַזאַ האַרץ-וועהטאָג פערשאַפען. ער זאָל איהר אַלצ-דינג דערצעהלען, ווען זי זיך דאָך עס גלייך בעהמען צום האַרץ.

זי האָט אַצינד נישט געקאָנט פערטראָגען דאָס וואַרימע צימער; זי איז האַסטיג אַ שטעה אויף געטון, אַז דאָס בילדער-בוך פונ׳ם ער-

שטוינט אויף איהר קוקענדיגען ברידערל האָט זיך אויפ׳ן דיל אַראָב-געגליטשט, און זי איז אַוועק צו זיך אין צימער.

זי האָט אַזוי קראַמפּהאַפּט געציטערט, אַז זי האָט זיך געמוזט אָנלעהנען אויפ׳ן קאָפּ-שטיק פונ׳ם בעט.

די אַלע שלוכצענדע געדאַנקען, אַלע האַרץ-פּערקלעמענדיגע פּאָר-וואורפען האָבען זיך אַצינד ווידער צוזאַמענגעשלאָסען אין אַ טייוולישען טאַנץ פאַר איהרע אויגען פאַרביי, און צום לעצט האָט איבער דעם אַלעם ווידער אויפגעטויכט דער געדאַנק וועגען דער קראַנקער חבר׳טע איהרער.

דאָ האָט זי שוין נישט געקאָנט מעהר אויסהאַלטען. זי איז אַני-דערגעזונקען אויף אַ שטוהל און האָט זיך אַ פערבּיטערטע צוויינט.

זי האָט געאַהנט איהר אייגענעם שיקזאַל.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז געקומען דער אָוענד. דער זייגער האָט שווערפעליג אויס-געשלאָגען עלף. דער פאָטער איהרער מיט׳ן ברידערל זענען שוין גע-שלאָפען, נאָר זי אַליין, אָנגעטון בלויז אין אַ האַלקע און דעם איבער-קערפּער אַרומגענומען מיט אַ טוך, איז געלעגען אַ שוואַכע צוגעשפּאַרט אויפ׳ן בעט און מיט אַ שרעקליכער אומרוהיגקייט געוואַרט אויף׳ן קום אַהיימקומען פון דער מוטער איהרער און דער שוועסטער.

זי ליגט שוין אַ שעה צייט אַזוי, זעהט אויס ווי פערשטיינערט און קוקט מיט שטאַרע אויגען, ווי זיין גייסט אָבוועזענד, צו דער קאָלדרע.

זי קאָן שוין נישט מעהר טראַכטען מיט קיין סדר, נאָר אַלץ אויף אַמאָל, ווי אַ פערפּלאָנטערטער קנויל, שטורמען אויף איהר אָן די איינדריקען פון די לעצטע עטליכע וואָכען, אָהן צוזאַמענהאַנג, אָהן ציל זאַמעלט זיך אָן איבער איהר די שווערע מאַסע פון געדאַנקען, האַרטנעקיג איינס אויפס אַנדערע, קעמפּענדיג אינ׳ם מח צוצוציהען איהר אויפמערקזאַמקייט, ביז אַ נייער געדאַנק, אַ נייער, האָט צום סוף דורך דער שטעכעדיגער קראַפט און נייקייט אויף דער שוועל פון איהר בעוואוסטזיין אויפגעטויכט און זי אינגאַנצען געפאַנגען גענומען.

דאָס איז געווען דער איינציגער געדאַנק, וואָס האָט זי נישט אָבגעלאָזט: „דער שיקזאַל פון דיין מאַריע, איז עס דען נישט דיין אייגענער?"

אינדעם איז אין איהר פּלוצלונג אויפגעגאַנגען די פאָרשטעלונג:

מאַריע איז שוין פּילייכֿט טויט, דען דער פאָטער איהרער האָט דאָך געֿרעדט פון זעהר אַ שטאַרקער קראַנקהייט!

וואָס אַמאָל האָט זי זיך מיט אָט דעם געדאַנק אַלץ מעהר און מעהר אײַנגעלעבט. גראָד דערפאַר, ווייל עס האָט איהר אַזאַ שרעק-ליכען וועהטאָג פערשאַפט!

זי איז שוין געוויס אַצינד טויט.

באַלד האָט זי זיך אַזוי אײַנגעוועהנט צו דעם אָ געדאַנק, אַז זי האָט זיך שוין נישט פאַר איהם אַזויפיל געשראָקען. זי עמפּינדט בלויז דערביי אַ שווערד-שאַרף געפיהל פון וועהטאָג, וואָס זי האָט זיך נישט מיט איהר איבערגעבעטען, וואָס זי האָט קעגען איהר אַזאַ נאַרישע קינדערשע גאווה אַרויסגעוויזען. אָבער ווען מאַריען איז אויסגעקומען אַריבערצוטראָגען אַזעלכֿע פיזישע און זעעלישע שמערצען און ליידען, ווי איהר אַצינד, דאַן איז געוויס דער טויט נישט געוועזען פאַר איהר קיין פיינד, נאָר אַ פריינד, וואָס האָט איהר אויסגעלייזט פונ'ם פיין און מאַטערניש.

ס'האָבען זיך איהר די געדאַנקען צומישט. איינער יאָגט איבער דעם אַנדערן אַריבער.

פיל טיפער פון אַלע האָט זיך אין איהר מח אײַנגעגראָבען דער געדאַנק פונ'ם זעלבען שיקזאַל פאַר איהר; דאָס האָט איהר אַצינד שוין נישט פערשאַפט מעהר קיין וועהטאָג, זי האָט עס געפיהלט בלויז ווי אַנ'אונגעהייערע ד׳מפע שווערקייט אויף דער נשמה.

נון האָט עס האַלב צוועלף אויסגעשלאָגען. אָט אָ דאָס צוויי-מאָליגע טיק-טיק האָט זי צוריק אַרייַנגעברענגט אין דער געגענוואַרט, איז אָבער נישט אימשטאַנד געוועזען דורכֿצוברעכֿען דעם לויף פון די מידע געדאַנקען איהרע. „דאָס ביסט דו, דאָס ביסט דו!” מורמעלט זי אַפּאַטיש און ביים אָבקלאַנג פון איהר שטימע האָט זי ערשט בענו-מען, וואָס אָט אָ די ווערטער האָבען צו בעטייטען...

אינדעם פערנעהמט זי, ווי עס ווערט גרילצענדיג אונטען די טיר אויפגעשלאָסען. מיט אַ שפּרונג איז זי גלייך פון בעט אַראָב און זיך אײַנגעהאָרכט. באַלד דערהערען זיך טריט איבער די טרעפּ און בליי-בען פאַר דער קאָרידאָר-טיר.

זי מאַכֿט זי אויף — עס נעהמט זי אַ שטאַרק ציטערניש דורך.

„נו, לענע, אַזוי לאַנג אויף געבליבען? לייג זיך דאָך”. די

ווערטער פון דער מוטער איהרער, וואָס האָט אַ גאַנצען טאָג די טאָכ־טער נישט געזעהן, האָבען אַצינד געקלונגען זעהר גוטמוטיג.

די לבנה האָט אַריינגעשיינט דורך די טרעפּ־פענסטער פונקט אין דער קאָרידאָר־טיר אַריין און האָט דאָס בלאַסע, שמאָלע געזיכט פונ׳ם מיידעל געמאַכט נאָך בלאַסער.

„כ׳האָב נאָר געוואָלט וויסען, וואָס עס הערט זיך מיט מאַריען".

„מאַריען?" פרעגט זיך די מוטער ווידער מיט דערזעלבער מילדקייט.

„האָט עס דיר דען דער פּאַפּאַ נישט געזאָגט, מיין קינד?"

עס נעהמט זי אַ שטאַרקע ציטערניש דורך.

זי אַהנט, וואָס עס שטעהט דאָ פאָר. „זי איז געשטאָרבען, מאַמאַ, ס׳וואָהר?"

„יאָ, נאָך נעכטען אָוועגד. נע, געה אָבער שוין שלאָפען און וויין נישט אַזוי פיל. כ׳וועל דיר שוין מאָרגען אַלצדינג דערצעהלען. יאָ, יאָ, דאָס קומט אַרויס פון דעם!"

אָט האָט זי עס שוין געהערט, איהר אַהנונג איז טאַקי ריכטיג געווען.

אַ פערשטיקטער קלאַנג האָט שטיל אָבגעקלונגען, וואָס האָט גע־זאָלט הייסען „גוטע נאַכט".

זי האָט שוין מעהר קיין וואָרט נישט גערעדט, נישט געוויינט, נישט געשריען.

אויף די שפּיץ פינגער איז זי אַוועק צו זיך אין צימער, אַראָב־געוואָרפען פון זיך דאָס טוך און זיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן ברעג פון בעט. זי האָט מיד דעם קאָפּ אַראָבגעזונקען.

ווער עס וואָלט איהר אַצינד דערלאַנגט אַ גיפט־בעכער, וואָלט זי איהם די האַנט געקושט פאַר דאַנקבאַרקייט.

... בלויז די לבנה האָט צוגעזעהן, ווי זי האָט די נאַכט צו־געבּרענגט. זי האָט מיט׳ן ברייטען מאַטען געזיכט איהרען אינ׳ם צי־מער אַריינגעשמייכעלט, ווי געוועהנליך. דאָס האָט זי דאָך שוין אַזוי פיל מאָל צוגעזעהן.

וואָס איז עס איהר דען אָנגעגאַנגען?...

## צווייאונצוואנציגסטע קאפיטעל.

אָט איז שוין היינט מאָנטאָג, ווידער אַ הערליכער, הייסער זומער-טאָג. היינט אָוועגד וועט זי איהם זעהן און דאַן וועט אַלצדינג, אַלצדינג גוט ווערען. ווען זי איז אויפגעשטאַנען מיט רויטע פערשלאָפענע באַקען און טרעהרען-הייסע וויהעס, איז עס דער ערשטער געדאַנק איהרער געוועזן. אַז זי האָט זיך דערמאָהנט אָן איהר פערשטאָרבענער חבר'טע, איז עס איהר אפילו אַ ביסעל אונהיימליך געוואָרען. באַלד ווי זי איז דערפון געוואָהר געוואָרען, האָט זי דערפיהלט אַ הייסען פערלאַנג זי נאָך אַ מאָל צו זעהן. און טאַקי היינט נאָך זאָל עס געשעהן.

אָבער אין אָוועגד וועט דאָך קומען ער, אַלזאָ, צו דער פערשטאָרבענער קאָן זי געהן נאָר מיטאָגצייט.

וואָס פאַר אַ וועהטאָג ס'איז איהר, ווען זי שטעלט זיך פאָר דאָס טויטע געזיכט פון דער לוסטיגער מאַריע, ווען זי דעמאָהנט זיך אָן דעם שטרייט זייערן, אָן איהר אייגענער האַרצענס-שלעכטקייט...

און אַ באַנגע פורכט געהט אין איהר דערביי דורך; ווייל זי שטעלט זיך פאָר, ווי פון די טויטע געזיכטסצוגען רעדט עס צו איהר, אַזוי ווי שטומע אָנקלאָגען, ווי שווייגעדיגע פאָרוואורפען, ווי מאָהנענדיגע וואָרנונגען.

זי האָט באַנגליך בעגעהרט, דער טאָג זאָל שוין אַריבערגעהן און ס'זאָל שוין קומען דער אָוועגד; ווייל אונטער דער לאַסט פון אָט אָ דעם טרויעריגען נייעס און צוליב די קערפערליכע און זעעלישע ליידען, האָט זי די גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צוגעטון און האָט זיך געפיהלט אַזוי מיד, אַז קוים וואָס זי האָט זיך אויף די פיס געהאַלטען. און צו דעם איז איהר נאָך פאָרגעשטאַנען אַזאַ לאַנגער, הייסער טאָג פון אַזוי פיל אַרבייט. ווי דאַנקבאַר אינ'ם האַרצען איז

זי דאַסמאָל דער מוטער געוועזן, וואָס זי האָט איהר היינט נישט קיין איינציג שלעכט וואָרט צוגעוואָרפען, ווען די פאַמיליע איז אינדער-פריה אַרום טיש געזעסען ביי דער קאַווע. מיט אַ בעהאַלטענער אַנגסט האָט זי געוואַרט פון דער מוטערס מויל צו הערען, ווי זי וועט פאַר איהר שילדערן די אורזאַכען, צוליב וואָס זי איז געשטאָרבען — זי האָט זיך עס גאַנץ פערנפעלט פאָרגעשטעלט, זי האָט עס גענומען אין צוזאַמענהאַנג מיט איהרע אייגענע ליידען, און אָט דעם געדאַנק האָט זי אויף קיין פאַל נישט געקאָנט פון זיך פערטרייבען — — — דאָס אַלץ אָבער איז נישט געשעהן.

און ווען זי האָט דעם העלען זומער-הוט אָנגעטון, שטיל „אַדיע" געזאָגט און איז אויף דער גאַס אַרויס, וואָס איז פול געווען פון זו-נען-שיין, האָט זי טיף, טיף אָבגעעטעמט ...

דער פאַרמיטאָג איז אַוועק אַזוי ווי זי האָט זיך עס פאָרגע-שטעלט.

ער האָט זיך אַזוי לאַנג געצויגען, אַזוי אונגעוועהנליך לאַנג גע-צויגען.

און ווייל ביי איהר איז געווען אַזאַ צום שטאַרבען טרויעריגע שטימונג, האָט פלאָראַ היינט אַפעקטירט מיט איהר לוסטיגקייט און הייטערקייט. ווען זיי זענען געבליבען אַליין מיט די יונגסטע פערקוי-פערינס, האָט זי געלאַכט, געזונגען און געטאַנצט און איהר געגעבען צו פיהלען, אַז דאָס טוט זי עקסטרע איהר צו-להכעיס. פלאָראַ האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס פאַר אַ פיין עס פערשאַפט פאַר אַ שווער געמיט דאָס הילכיגע לאַכען און לוסטיגקייט, בפרט נאָך פאַר העלענען, וואָס איז אַזוי אונגעוועהנליך עמפינדליך געוואָרען.

זי פלעגט אַלע ווילע אויפציטערן צוליב דעם צו-להכעיס׳דיגען געלעכטער און די פיין-געצילטע נאָדעל-שטעכיגע אָנשפילונגען, וואָס זי פלעגט איהר צוואַרפען און וואָס נאָר זי אַליין פלעגט זייער מיין פערשטעהן.

זי האָט זיך אָבער ביז בלוט די ליפען געביסען, אום נישט אויסצושרייען פון וועהטאָג אָדער ווידערווילען.

בלויז איינמאָל האָט איהר אָנגעהאַפט אַנ׳אומבעגרייפליכער צאָרן, אַז עס האָבען זיך איהר כמעט שמערצליך די הענט אין פויסט צוזאַמענ-געלייגט, זי האָט זיך אָבער גלייך דערפיהלט אין אַ צושטאַנד פון אומ-

בעהאָלפענער שוואַכקייט, אַז ס׳האָבען זיך איהר די פיס אָבגעזאָגט צו דינען.

זי איז דערשראָקען געבליבען.

זי האָט זיך ווידער דערפיהלט פון זיך אַליין אָבגעפרעמדט און זי איז פערוואונדערט געווען, וואָס די געפיהלען איהרע דערגעהען בלויז צו עקסטרעמען. אַזאַ אומבייט פון די שטימונגען איהרע האָבען איהר פריהער נאָך קיינמאָל נישט אַזוי אויפפאַלענד אויסגעוויזען ווי אָט אַצינד.

זינט פלאָראַ האָט איהר דורך יענע אומגליקליכע ווערטער איינגעוואָרצעלט דעם געדאַנק, אַז דער צושטאַנד איהרער איז אַ רעזולטאַט פון אַ זינד... אַ זינד... פון דעמאָלט אָן, ווי אָט דער געדאַנק האָט זיך איינגעבאַקט אין איהר מיט אַנ׳אונהיימליכער שאַרפקייט, פון דעמאָלט אָן, ווי זי האָט זיך פשוט צו איהם איינגעוועהנט מיט דער וואַהנזיניגער לוסט פון זעלבסטפּייניגונג, איז זי אַזוי עקסטרעם דערגאַנגען, אַז זי האָט שוין געזוכט יעדע פערענדערונג פון איהר „איך”, יעטווערען אונבעדייטענדען סימפּטאָם אויפצונעהמען אַלס בעשטעטיגונג פון איהר חשד.

דערפאַר האָט זיך איהר דער אומבעגרייפליכער זעעלישער צושטאַנד איהרער אויך אויסגעוויזען אַלס בעגלייט-ערשיינונג, אַלס נייער בעווייז פון איהר מוטערשאַפט.

זי האָט טיף אָבגעעטעמט.

עס האָט אָבגעקלונגען ווי אַ שווערער, שווערער זיפץ.

אין אָוועגד, אין אָוועגד, דעמאָלט וועט דאָך אַלצדינג צוריק גוט ווערען, טראַכט זי זיך.

וואָס זי האָט מיט דעם געמיינט, דאָס האָט זי אַליין נישט געוואוסט, זי האָט נאָר געהאַט דערביי דאָס אומבעשטימטע לוסט-געפיהל פון אַ זעעלישער בעפרייאונג, אַז זי פלעגט זיין ביי איהם, אַז זי פלעגט איהם קושען, אַז זי פלעגט איהם די האָר גלעטען, אַז זי פלעגט איהם הערען זאָגען: „זיס ליב מיינס, מיין בלאָנד-קאָפּ!”

„אַך, ווען דער אָוועגד וואָלט שוין געווען!”

אינדעם האָט עס אויסגעשלאָגען האַלב צוועלף. זי האָט אָנגעטון דעם הוט איהרען, געזאָגט „אַדיע” און אַוועקגעגאַנגען.

אַצינד קומט איהר אויס דעם שווערען וועג צו מאַכען צו דער פערשטאָרבענער חבר׳טע איהרער.

זי האָט נישט בעמערקט אַצינד דאָס ווילדע גאַסען-געטומעל, נישט די פאַרבייאײלענדיגע מענשען אַרום איהר, נישט דאָס שטרענגע, פלאַמענדיגע גליהען פון דער זון, וואָס האָט בריהענדיג איבער די גאַסען זיך געפּאַליעט.

כמעט אַפּאַטיש האָט זי איבער די ברייטע, זוניגע גאַסען דורכ-געאײלט און אין פערלויף פון אַ פערטעל שעה איז זי צוגעקומען צום הויז אויף דער קלויסטער-גאַס.

אָט שטעהט זי מיט אַ פערצאַפּעלטער ברוסט אויפ׳ן דריטען שטאָק פאַר דער טיר פון דער וואוינונג; עס קלאַפּט איהר אַזוי דאָס האַרץ, און קוים וואָס זי חאַפּט דעם אָטעם אָב פונ׳ם שנעלען געהן איבער די געשלענגעלטע טרעפּ.

פון אינסטינקטיווען שעמעוודיגקייטס-געפיהל וואַגט זי נישט צו קלינגען און קלאַפּט בלויז שטיל אָן.

איינמאָל.

ס׳איז שטיל.

נאָכאַמאָל.

עס דערהערען זיך שלעפּעריגע טריט, באַלד עפנט זיך די טיר, און מאַריעס מוהמע, אַ נידעריגע, דיקע פרוי, אָנגעטון אין שוואַר-צען, קוקט זי איבערראַשט אָן. זיי פערמאַכען די טיר.

אַז די נידעריגע פרוי דערזעהט פאַר זיך מאַריעס אַמאָליגע איינ-ציגע חבר׳טע, קייקלען זיך איהר טרעהרען איבער די רויטע באַקען, און זי חאַפּט אָן די האַנט איהרע און דריקט זי אַזוי קראַמפּהאַפטיג.

„אַך, ליבּ, גוט פריילײנדיל, ס׳איז דאָך אַזוי שיין פון אַייך, וואָס איהר זענט נאָך דאַסמאָל געקומען צו מאַריען זי זעהן. דאָס איז אַזוי שיין פון אײער זייט, איהר האָט זיך דאָך אַלעמאָל מיט מאַריען אַזוי גוט פערהאַלטען. אַך, דאָס איז דאָך אַזוי טרויעריג, זאָג איך אײך, און דאָס עלענדע מיידעל איז דאָך נאָך אַזוי יונג געווען, און שוין איז עס אַלצדינג פאַרביי. זי האָט זיך אויף אײך אַלעמאָל נאָכ-געפרעגט און פון אײך גערעדט, זאָג איך אײך, און אָט זענט איהר טאַקי אַזוי גוט און איהר זענט געקומען צו איהר זי זעהן. אַך, וואָס זי האָט געדאַרפט אַלץ איבערטראָגען, זאָג איך אײך, אין די לעצטע טעג אַזוי, נע, שוין אין די לעצטע וואָכען, אַך, ס׳איז אַזוי טרויע-ריג דאָס. באַלד וועל איך זי אײך ווייזען, אָבער זי זעהט שוין נישט

מעהר אַזוי גוט אויס, פריילײנדיל, נעהמט עס נישט פאַר אומגוט, דאָס איז דאָך אַזוי טרויעריג, זאָג איך אייך..."

און בשעת די טרעהרען האָבען זיך איהר נאָך איבער די פולע באַקען געקייקעלט, האָט זי פונ׳ם טויט-בלאַסען מיידעל דעם הוט אַראָבגענומען און איהם פאָרזיכטיג אויפגעהאָנגען און גענומען געהן מיט איהר צום פאָדערשטען צימער.

פאַר דער טיר האָט זי זיך אויף אַ מינוט אָבגעשטעלט און אויסגעווישט מיט׳ן שוואַרצען פאַרטוך די טרעהרען פון די אויגען. דאַן האָט זי די טיר געעפענט, און העלענע איז איהר פאַמעליך מיט שטילע טריט נאָכגעגאַנגען.

ס׳איז געווען אַ צוויי-פענסטערדיג צימער, וואָס איז מאַט האַלבבעלויכטען געווען דורך די אויף דער העלפט אַראָבגעלאָזטע האָלץ-זשאַלוזיעס.

אַ שאַרפע קאַרבאָל-לופט, טיפע שטילקייט, טיילמאָל האָט ווי פון ווייט אַהער דערגרייכט דאָס גערויש פון דער גאַס אונטען.

די געשטאָרבענע איז דאָ געלעגען אויפ׳ן מאַט בעשאָטענטען בעט, איבערגעדעקט מיט אַ לייוועגט פון שימערנדער ווייסקייט.

נון שטעהען זיי ביידע ביים בעט.

דאָס מיידעל האָט פערלייגט די הענט צום ווילד קלאַפּענדיגען האַרץ, און עס האָט איהר פערשטיקט אין דער קעהל און דאָס גאַנצע בלוט איז איהר פון פנים אַרויס. און אין די אויערן האָט עס איהר גערוישט און געקלאַפּט אין די שלייפען.

די נידעריגע פרוי האָט פאָרזיכטיג מיט איהרע רויטע פליישיגע הענט, וואָס האָבען זיך אַזוי שאַרף אָבגעשלאָגען קעגען דער ווייסער לייוועגט, אַ ביסעל אַוועקגעשאַרצט דאָס ווייסע געוואַנד, אַזוי אַז דאָס געזיכט און דער האַלז פון דער טויטער האָט זיך פריי אַרויסגעזעהן.

די טויט-פערשטאַרונג האָט נאָך ניט בעוויזען אָבצונעהמען פון דער פערשטאָרבענער דאָס ווייסקייט פון די געזיכט-ליניען, אָבער די פון קומער טיף-איינגעגראָבענע באַקען זענען אַזוי שטאַרק אָבגעפאַלען געווען, אַז דאָס וואַקס-בלייכע געזיכט האָט אויסגעזעהן שרעקליך שמאָל און לאַנג. די האָר זענען זאָרגזאַם פערקעמט געווען און אַרום דעם קאָפּ און דער גאָמבע איז געווען אַרומגעבונדען אַ ווייס טיכעל, כדי די ליפּען זאָלען בלייבען צוגעמאַכט. און ביי אָט דער ווייסער

אַרומרעהמונג האָט נאָך מעהר וואַקס-בלייך אָבגעשלאָגען דאָס שמאָלע און ליבליכע געזיכט איהרס.

אַ שאָטענדיגע האַלב-דעמערונג איז רוהיג געלעגען איבער דעם געזיכט איהרען און צוזאַמען מיט דער טיפער שטילקייט, וואָס אַרום, האָט זיך דאָ אין שטוב געפיהלט די פאַרשטימונג פון בית-עלמין-פרי-דען און איינזאַמקייט.

די נידעריגע, דיקע פרוי האָט זיך נאָכאַנאַנד די טרעהרען גע-ווישט פון די אויגען. זי האָט אָבער לאַנג נישט געקאָנט שטיל-שווייגען.

„ס'וואָהר, ליב פריילײנדיל, זי זעהט נאָך אַלץ גאַנץ שיין אויס, בלויז אַ ביסעל אָבגעצעהרט, ס'וואָהר, זי זעהט נאָך אַלץ גאַנץ גוט און שיין אויס. זי האָט אָבער געוואוסט, אַז זי מוז שטאַרבען, זי האָט עס גאַנץ גוט געוואוסט. און זי האָט אַלעמאָל געזאָגט: „גוטע, ליבע מוהמע, איך וויל דאָך אַזוי גערן שוין שטאַרבען"... אַזוי האָט זי אַלעמאָל געזאָגט! פלעג איך אַלעמאָל צו איהר רעדען, אַז קיין אָרענט-ליך קריסטען-קינד טאָר אַזוי נישט זאָגען, און דאַן פלעג איך אַלע-מאָל מיט איהר לאַכען, כ'זאָל אָט די געדאַנקען פון איהר אָבטרייבען, אָבער איך זאָג אַייך, פריילײן ליב, כ'פלעג דערנאָך אַלעמאָל אַליין אין קיך אַריין אַוועקגעהן און זיך אַזוי אויסוויינען. און איינמאָל האָט זי עס בעמערקט און האָט מיך אַזוי פערוואונדערט אָנגעקוקט און האָט מיר די הענט געחאַפּט און געקושט. יאָ, די הענט געחאַפּט און גע-קושט! כ'האָב זי דאָך געהאַלטען ווי מיין אייגען קינד, און מיין מאַן אויך; דען אַליין האָבען מיר דאָך נישט געהאַט קיין קינדער, האָ-בען מיר זי גענומען צו אונז. די מוטער האָט זי נישט געוואָלט מעהר אין שטוב אַריינלאָזען, און זי איז דאָך אַזוי גוט געוועזען צו אונז, און וואָס איהר האָט געטראָפען מיט'ן סטודענט, פריי-לײנדיל, דאָס איז אַזוי טרויעריג, זאָג איך אַייך. ער איז אַוועק-געפאָהרען, און זי פלעגט צו איהם שרייבען, אַלע וואָך איין מאָל, צוויי מאָל, און ער האָט נישט געענטפערט גאָרנישט. נאָר איינמאָל, דאָס איז געוועזען דאָנערשטאָג פאַר'ן „גייסטער-טאָג", שרייבט ער צו איהר, זי זאָל איהם נישט בעלעסטיגען מיט איהרע בריף, אַזוי האָט ער געשריבען צו איהר, ער ווייסט נישט פון גאָר-נישט... און קיין נאָמען איז נישט געוועזען אונטערגעשריבען... באַלד דערויף איז זי קראַנק געוואָרען; דען זי האָט אַזאַ גיפט גענומען ביי-

אַזאַ אַלטע מכשפה אויס דער ציישונג, האָט מען זיך גלייך דערוואוסט, איז זי געקומען צו אונז. אַך, ווען כ׳זאָל אייך אַלץ ווילען דערצעה־לען, ס׳איז דאָך אַזוי פיל דאָ צו דערצעהלען! און אָפטמאָל האָט זי אייך דערמאָרנט און געבעטען, כ׳זאָל אייך געריסען, און דאַן אַלעמאָל זיך געקליבען צו אייך צו שרייבען, פריילייז, נאָר זי האָט נישט געהאַט קיין הארץ דערצו און זי פלעגט אַלעמאָל זאָגען: „מיין לענישי איז אַזאַ גוטע און כ׳בין אַ שלעכטע און דעריבער פּאַסען מיר שוין נישט איינס פאַר ס׳אַנדערע״, יאָ, יאָ, אַזוי האָט זי געזאָגט. און אַז מיר האָבען זי געפרעגט, ווי ס׳איז דעם סטונדעטס נאָמען, האָט זי איהם נישט גע־וואָלט זאָגען, נאָר זי פלעגט דאַן אַלעמאָל וויינען און זאָגען: „ער איז שלעכט צו מיר, אָבער איך וויל זיין צו איהם גוט און איך ווינש איהם נאָר גליק״, און מעהר האָט זי גאָרנישט געזאָגט. אַך, ווען ער זאָל עס געוועזען הערען, וואָלט ער געוויס מיט איהר געהייראַט, ס׳וואָהר. אַך, ס׳איז דאָך אַזאַ ליב מיידעל געוועזען...״

העלענע איז געשטאַנען אויף די קניה און האָט דעם קאָפּ אָנ־געשפּאַרט אויף מאַריעס קישען צוקאָפּענס.

אַ וואַהנזיניגער וועהטאָג, אַ וויינענדער וועהמוט האָט זי דורכגע־נומען. זי וואָלט ווילען אַצינד שטאַרבען, זי וואָלט ליבערשט ווילען אַצינד זיין אויף איהר חבר׳טעס אָרט אָדער ליגען נעבען איהר. נאָכ־אַנאַנד האָט זיך אַלץ געשטעלט פאַר איהרע אויגען דאָס וויסטע פליס־טערנדע געשפּענסט פון איהר שאַנדע, דאָס אייגענע, עהנליכע שיק־זאַל איהרס.

ס׳וואָלט פאַר איהר אַצינד אַ גוטס געווען, זי זאָל זיך קאָנען אויסשרייען, הויך און זינלאָז אויסשרייען; ס׳איז איהר אָבער הייזעריג און טרוקען געווען אין דער קעהל.

איהר קאָפּ איז געלעגען צוגעטוליעט צו דער געשטאָרבענער מאַריע.

אַ דערשלאָגענע פון שטאַרקען וויינען און שלוכצען האָט דער קערפּער איהרער אַלע ווייל קאָנוואולסיוו אויפגעציטערט, און דער קאָפּ איהרער האָט זיך אַלץ טיפער אין קישען פערגראָבען. אָט בע־ריהרט זי מיט די האָר איהרע דעם קאָפּ פון דער געשטאָרבענער.

זיי זענען אַזוי עהנליך איינס צו ס׳אַנדערע. דאָס געזיכט ביי ביידען בלאַס און פערטרויערט, ביי ביידען דערזעלבער וועהטאָג...

ביי דער נידעריגער פרוי האָט זיך דער טרעהרען־קוואַל גאָר נישט

אויסגעשעפט. זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטען אין איין וויינען און גע-
וויינט האָט זי אייגענטליך גאַנץ גערן. טרויער איז אַזאַ אַנגענעהם
געפיהל, און טרייסטונג דערוועקט אויך דיזעלבע אַנגענעהמקייט, זי
האָט זיך גאָר נישט געוואוסט קיין ראַט צו געבען קעגען דעם געוואַל-
טיגען שמערץ, וואָס האָט אַרומגענומען העלענען; די וויינענדיגע הע-
לענע האָט נישט בעמערקט דעם טרויער איהרען, נישט די טרעהרען,
אויך נישט דאָס טיפע אָבזיפצען אַלע ווײַלע.

דערויף האָט זי דאָס פאַרטוך פונ׳ם געזיכט אַוועקגענומען, נאָך
אַ מאָל טיף אָבגעזיפצט און זיי ביידען איבערגעלאָזט אַליין...

## דרייאונצוואַנציגסט קאַפּיטעל.

נון שטעהט זי שוין ווידער אויף דער גאַס. ס׳שלאָגט איהר אַנטקעגען אַ גליהענדע היץ פון הייסען טראָטואַר, אויס דער שווערער, שטיקענדער לופט, פונ׳ם העל-בלאָהען הימעל. די זון-זייט פון דער גאַס איז אויסגעליידיגט און עס זעהען זיך קיין מענשען נישט, און דער המון שלעפּט זיך אונגערן און פויל אויף דער שאָטענדיגער זייט גאַס און אַלע ווילע ווישט זיך ווער מיט׳ן טאַשען-טיכעל דעם שווייס פונ׳ם שטערן. זי נעהמט אַרויס דאָס קליינע זייגערל און בלייבט ער-שטוינט דערזעהענדיג, אַז ס׳איז שוין האַלב צוויי.

זי איז אַלזאָ אַ גאַנצע שעה געווען ביי דער פערשטאָרבענער חבר׳טע איהרער. וואָס זי האָט אין אָט דער אונענדליך לאַנגער צייט דורכגעלעבט און דורכגעפיהלט, דאָס ווייזט איהר אויס צו זיין דאָס שטאַרקסטע פונ׳ם גאַנצען באַנגען פיין, און טונקעלע ליידען, און פערביטערטסטע חרטה-געפיהלען, וואָס זי האָט ווען עס איז אי-בערגעליטען.

אינדעם חאַפּט זי זיך, אַז זי האַלט נאָך דעם ווייסען הוט איה-רען אין דער האַנט און זי טוט איהם אַפּאַטיש אָן.

זי פיהלט נישט אַצינד גאָרנישט, נאָר עס נעהמט איהר אַרום אַ נישט צום אויסדריקען מיד געפיהל פון שטומפּער גלייכגילטיגקייט און מאַכט זי אונעמפּינדליך צו דעם אַרומיגען, צום גאַסען-געטומעל, צו דער בריהענדיגער היץ.

זי קאָן נישט אַצינד אַהיימגעהן מיטאָג עסען, דערויף איז שוין צו שפּעט.

אַ מידע שלעפּט זי זיך ווייטער.

זי וואַגט נישט קיינעם אָנצוקוקען; ווייל עס ווייזט זיך איהר

אויס, אַז אויף איהר שטערן איז פאַר אַלעמענס אויגען אַ פלאַמענדיגער צייכען פון איהרע ליידען, פון איהרע טרעהרען, פון איהר שאַנדע אויסגעקריצט.

דאָ קומען אָן חינטער איהר צוויי יונגע לייט, וועמענס רעדען און לאַכען האָט אַזוי עמפינדליך ווידערווילליג די נערוועז איהרע גע-רייצט. באַלד צושיידען זיי זיך און געהען אויף ביידע זייטען פאַר איהר פאַרביי, קוקען איהר שאַרף אין געזיכט אַריין און שמייכלען פרעך צו איהר צו.

„פויל, דו, אַ פאַמאָזע טאַליע און אַ פיין געזיכט! דאָס איז אַ רעכטער ביסען! יאָ, דו, זי האָט נאַר-וואָס געוויינט. מיר קאָנען זי דאָך טרייסטען!”

ביידע לאַכען זיי דערביי.

העלענע קוקט זיי פערוואונדערט נאָך. דאָסמאָל זענען עס ווי-דער געוועזן צוויי „יודען-יונגען”, וואָס זי האַסט זיי אַזוי שטאַרק און וואָס לעאָ האַסט זיי אויך זעהר שטאַרק.

דאָ האָט זי זיך ווידער אומגעקעהרט אין די געדאַנקען צו איהם.

„היינט, היינט, אַך, און דאַן וועט דאָך אַלצדינג שוין גוט ווע-רען”, זאָגט זי צו זיך שטיל.

זי עמפינדט אַ טונקעל הונגער-געפיהל און אַ ברענענדיגען דורשט. זי מוז אַצינד עפּעס געניסען, און זי איז אַריינגעגאַנגען דאָ אין דער נאָהענט אין דער בעקאַנטער קאָנדיטאָריי איהרער און זיך בעשטעלט קאַווע מיט קוכען. עס האָט איהר הנאה געטון, וואָס אין דעם טונ-קעלען שאָטענדיגען הינטער-שטיבעל איז קיינער נישט געוועזן אַצינד און זי האָט געקאָנט זיין דאָ אַליין. איהר איז דאָס שטיבעל שוין גוט בעקאַנט געוועזן; דען הינען איז זי מיט איהר מאַריען מאַנכעס מאָל געזעסען, ווען זיי, די שול-מיידלעך, האָבען געקריגען דאָס נאַאיווע בעדערפעניש צו נאַשען. ווער ס׳האָט פון זיי ביידען געלט געהאַט, האָט דער אַנדערער געמוזט פונדעווען, ביז ביי אַ צווייטער געלעגענ-הייט פלעגט יענע איהר צוריק פונדעווען. און דאָס לאַכען און קי-כערן דערביי, און דאָס אויסוואַרפען, צי מען זאָל נעהמען אייער-קו-כען צי קרעם, און דאָס פערלעגענהייט ביים בעשטעלען, דאָס דער-לאַנגען און צונעהמען, דער חשק נאָך אַ פּאָרציע צו עסען, די מינע מאַכען ווי אַ דערוואַקסענע פריילין ביים בעצאָהלען, דאָס געפיהל פון

געמיינזאַם געטוענעם פערברעך, דאָס פאַנטאַזירען אַ צווייט מאָל עס צו טון, — אָט דאָס אַלצדינג פלעגען זיי געמיינזאַם דאַן ביידע אין זיך עמפינדען. אַצינד האָבען שוין אין איהר דאָס קרעם און דער אייער-קוכען קיין שום חשק און צוציהונג נישט דערוועקט, זי האָט נאָר געשפירט, ווי עס טויכען אויף פאַר איהר יענע אַלטע, ליבע יוגענד-בילדער, וואָס זי האָט געמיינט שוין לאַנג צו האָבען פערגעסען, אין פולען גלאַנץ ווי אַמאָל און רופען אַרויס אין איהר אַ צאַרט פיין-געפיהל, אַ שטילען וועהמוט.

אויף אַ סעקונד, ע האָט זיך איבער די געזיכטס-צוגען איהרע אַ טרויעריגער שמייכעל בעוויזען. דאָס איז אַ שוואַכער שאָטען געווען פונ'ם גליקזעליגקייט, וואָס זיי האָבען דעמאָלט ביידע איבערגעלעבט אין יענע טעג, ווען זיי זענען ביידע אַזוי ליידענשאַפטליך פערליבט געווען — אינ'ם קרעם און אין די געפילטע טשאַסטעס.

זי פערלייגט די הענט אויפ'ן טיש און פערטראַכט זיך...

אָט איז שוין צעהן מינוט צו צוויי. האַסטיג צוצאָהלט זי זיך און נעהמט אַ טראַמוויי, אום נישט צו פערשפעטיגען אין געשעפט צו קומען. אַצינד האָט זי שוין געזעהן די פערשטאָרבענע חבר'טע און דערמיט דעם פערלאַנג איהרען דערפילט. בלויז איינאיינציגער פערלאַנג איז ביי איהר אָט אַצינד געבליבען, וואָס האָט אַלע איהרע חושים געפאַנגען גענומען און זיך אויסגעשיידט, ווי די בלייכע לבנה פון די שווארצע חמאַרעס אַרויס, אויס'ן פינסטערן תהום פונ'ם טרויער איהרען נאָך דער פערשטאָרבענער חבר'טע. „איהם זעהן", דאָס איז אַצינד געווען דער רויטער פאָדים, וואָס האָט זיך דורך אַלע אומעטיגע געדאַנקען איהרע אַדורכגעשלעגעלט. — —

דער זייגער האָט אויסגעשלאָגען זיבען. אָט נאָך איינאיינציגע האַלבע שעה און זי וועט איהם זעהן. זי פיהלט זיך אויפגערעגט, נאָר זי טוט ווייטער די אַרבייט איהרע און אַלע פאָר מינוט קוקט זי זיך אום צום גרויסען וואַנט-זייגער. זי שפירט שוין נישט אַצינד מעהר די פירכטערליכע מידיגקייט, וואָס האָט זי דעם נאָכמיטאָג אַזוי געפייניגט, נישט די שווערע איבעלקייט מעהר, וואָס האָט זי אויך היינט נישט אויסגעמיטען.

אומרוהיג הייבט זי די אויגען אויף און וואַרפט בליק-שנעל אַ בליק צו דער קאָלעגין איהרער אַריבער, אום צו זעהן, צי דאָס בענעהמען איהרס איז איהר נישט אויפפאַלענד; פאַר אומרוה און אויפ-

גערעגטקייט האָט זיך דאָס בלאַסע געזיכט איהרס לייכט פערדרויטעלט.

דער זייגער פייניגט זי אַצינד אַזוי פיל, קיינמאָל האָט ער זיך נאָך נישט געשלעפּט אַזוי פּאַמעליך. אָט איז ערשט אַ פערטעל אויף אַכט, און זי האָט נאָך אַ גאַנץ פערטעל שעה צו וואַרטען!

זי האָט שוין קיין געדולד נישט מעהר געהאַט צו אַרבייטען, צו זיצען, און זי האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַריינגעגאַנגען אינ׳ם הינטער-שטיבעל, אום דאָ חאָטש עטליכע מאָל טיף און פול אָבצוועטע-מען און די האַנט צוצודריקען צום ווילד-קלאַפּענדיגען האַרץ. זי האָט זיך שנעל די הענט און ס׳געזיכט געוואַשען, אַראָבגעוואָרפען פון זיך דעם אַרבייטס-יאַק, און אַרויפגעצוואונגען אויף זיך דאָס גראָהע קלייד, וואָס זי האָט היינט אינדערפריה אָנגעטון כמעט אומבעוואוסט, ווייל איהר איז בעקאַנט, ווי גערן ער זעהט עס, אַז זי טוט זיך אָן דאָס גראָהע קלייד.

עס קומט איהר ווידער אַצינד פאַר, אַז ביי די ווייסע מיידליש-פולע בריסט איז אויף איהר ענג געוואָרען דער יאַק, זי האָט אָבער גערעכענט, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס זי איז אויפגערעגט.

אויף אַ סעקונדע איז זי געבליבען שטעהן און גליקליך אַ שמיי-כעל געטון.

היינט וועט דאָך אַלצדינג גוט ווערען.

אַז זי איז צוריק אַריינגעקומען, איז געווען פינף מינוט צו האַלב אַכט. זי האָט זיך אויסגעקליבען פערשידענע אַרבייטען, כדי מיט עפּעס טון אויסצופילען די ענדלאָזע פינף מינוט. אינדעם קוקט זיך פלאָרא אום צו איהר און בעמערקט איהר נערוועזקייט, איהר צורודערטקייט. זי האָט אויפגעחאַפּט דעם בליק, וואָס העלענע האָט געוואָרפען צום וואַנט-זייגער, און האָט זיך גלייך געמערקט, פון וואָס עס קומט דאָס אַלץ.

„אַהאַ״, טראַכט זי זיך, „ער״ קומט היינט און וואַרט זי אָב! אַזאַ נאַרישע גאַנז! וואָס זי מיינט מיט זיך! אויסער דאָס אונבעדינגט נויטווענדיגע האָט זי מיט איהר פון דאַנערשטאָג אָן קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט, וועהרענד זי דאַרף דאָך איהר גאָר דאַנקבאַר זיין, ווייל זי האָט איהר געזאָגט, וואָס מיט איהר איז. האַלט זי זיך גאָר פאַר בעליידיגט דערמיט, ס׳איז דאָך איינפאַך לעכערליך מיט איהר! זי דאַרף זיך דאָך אין אַכט נעהמען, זי זאָל איהר געהיימניס נישט אויס-געבען, אַז זי איז אַזוי נאַריש און זעהט עס נישט צו פערהאַפּען״ —

זי ווייסט דאָך פון אַלערליי מיטלען צו דעם! — „דערנאָך וועט שוין צו־שפעט זיין. אַזאַ גאַנז דאָס איז!"

אָבער אויסגעלאָסענקייט האָט זי זיך איהר נישט דערוועגט פאַר־צוואַרפען; אין טיפסטען האַרצען האָט איהר אַ מין בושה-געפיהל אונ־טערגעזאָגט, אַז דאָס מיידעל הָאט אָט די זינד געטון אויס גאַנץ אַנ־דערע אורזאַכען, נישט ווי זי פלעגט דאָסזעלבע טון — אַזוי אָפט.

גראָד דערפאַר, וואָס זי האָט געפיהלט, אַז העלענע שטעהט פאַר איהר מאָראַליש העכער, האָט זיך די אָבנייגונג צו איהר נאָך מעהר פערשטאַרקט.

ווי קאָן מען עס גאָר זיין אַזוי דום און נאַריש, ווי אָט די העלענע! פערליבען זיך! אונזין! און אַ האַלב יאָהר, אָדער נאָך גאָר אַ גאַנץ יאָהר מיט איין ליבהאָבער זיך אַרומפיהרען? דאָס מוז דאָך זיין אַזוי לאַנגווייליג. ווי קאָן מען זיך שוין דעמאָלט אַמוזירען? וואָס קאָן זי דען האָבען פון אָט אָ דעם יוד? נו, יאָ, ער איז טאַקי אַ געשטו־דירטער, וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז ער גיט גאָר קיין געשאַנקען נישט, אויסער נאַרישע שמאָכטעס און דומע ביכער! און פאַר דעם אָ? אַזאַ נאַר דאָס איז! אין דעם איז זי שוין מעהר פראַקטישער און בערעכענטער; צום ערשט געשאַנקען, אַמיזעמאַן*), טעאַטער, קאָנ־צערטען א. ד. ג. און דאַן... איז זי שוין נישט מעהר דערגעגען. דע־מאָלט לוינט זיך עס דאָך! פון וועמען מען קאָן נישט האָבען גאָרנישט, דעם לאָזט זי איינפאַך לויפען. זי ברויכט זיך גאָר נישט אַזוי צו דער־נידריגען; דאָס איז זי נישט געניטיגט צו טון. „איהר מאַקס" איז טאַ־קי געכטען אַ ביטעל „אינטים" צו איהר צוגעשטאַנען — ער האָט זיך שוין גוט געקענט און פערשטאַנען דערויף — זי האָט אין האַרצען מיט־לייד געהאַט מיט דער קאָלעגין איהרער, וואָס זי בעגעהט אַזאַ נאַריש־קייט, און אין אָט אָ דעם מיטלייד איהרען האָט זיך געפיהלט אַ היבש ביסעל זעלבסט-שעצונג, זעלבסט-בעוואונדערונג.

גאָט צו דאַנקען, וואָס זי איז נישט אַזאַ נאַר.

אָט לויפט זי אַצינד אַוועק און ס'איז איהר די מינוט צו לאַנג, וואָס זי קאָן נאָך נישט זיין ביים יוד איהרען. ווי קאָן מען עס זיין אַזוי פערליבט? דאָס איז זעהר נאַריש!

*) אַמיזעמאַן—אונטערהאַלטונג.

זי צוקט פעראַכטליך מיט די אַקסלען און גרינגשעציג פערציהט די די אויבערשטע ליפּ און וואַרפט בייזע בליקען צו העלענען, וואָס איילט זיך פון דאַנען אַוועקצוגעהן. זי האָט אַפילו שטאַרק חשק געהאַט איהר נאָכצוגעהן, כדי פאַר זיך אַליין און פאַר „איהר“ מאַקסען זי אויסצושפּיאָנירען, ליידער מוז זי אָבער נאָך בלייבען אינ׳ם געשעפט ביז האַלב ניין, דאָס איז איהר אַ שנד... אַזאַ נאַרישע גאַנז!...

אין איינע פינף מינוט האָט זי דורכגעמאַכט דעם גאַנצען וועג פונ׳ם געשעפט ביז צום שפּיטעל-מאַרק. דאָ ביים שטאָדטישען זייגער דאַרף ער זי, ווי געוועהנליך, אָבוואַרטען. מיט גרויס בעהאַרצטקייט האָט זי אין זיך אונטערדריקט דאָס געפיהל פון שוואַכקייט און מידיגקייט, וואָס פלעגט איהר אַלע נאָכמיטאָג אַזוי שטאַרק פּייניגען; אָבער דער בעגעהר צו זעהן איהם — נאָך אַ פערצעהן-טאָגיגען אויסענבלייבען, נאָך אַזויפיל ליידען און מאַטערניש, וואָס זי האָט פאַר אָט אָ דער צייט איבערגעטראָגען, און דאָס שטאַרקע איינגעגלויבטקייט, אַז זי וועט ביי איהם הילף און רעטונג קריגען, די פרייד ביי איהם פאַר׳ן צער און טרויער איהרען, — דאָס האָט זי געמאַכט גאָר אינגאַנצען פערגעסען אָן איהר פיזישע אָבגעשוואַכטקייט, און דאָס געהן איהרס, וואָס איז עהנליך געווען צו אַ שוועבען, האָט אַצינד בעקומען נאָך מעהר עלאַסטישקייט און דאָס בלאַסע געזיכט איהרס האָט זיך צאַרט געראָטעלט. זי האָט שוין נישט געטראַכט מעהר אַצינד פון דער מוטער איהרער, וואָס זידעלט זי אַזוי, נישט פון דער בייזער, פאַלשער קאָלעגין איהרער, נישט פון איהר געשטאָרבענער חבר׳טע, נישט פון די ליידען איהרע, נישט פון איהר פערלאַנג צו שטאַרבען; אַצינד, ווי זי שטעהט אַזוי ביים שטאָדטישען זייגער, שפּירט זי נאָר דאָס גליקליכע געפיהל פון דער ליבער שעה, וואָס דאַרף קומען, און אָט אָ די שעה האָט ביי איהר אינגאַנצען איבערגעוואויגען די פערצעהן טאָג פון פּיין און מאַטערניש.

דאָס גרויס-שטאָדטישע לעבען האָט ווילד און משונה׳דיג געטומעלט אַרום איהר, די מענשען האָבען פלוידערנדיג און לאַכענדיג פאַר איהר פאַרבייגעאַיילט; ס׳מעהרסט זענען עס געווען יונגעלייט און מיידלעך, וואָס זענען ווי זי פונ׳ם געשעפט אַצינד געגאַנגען; אויף די עקען גאַסען האָט זיך דער שוואַרצער, געדיכטער מענשען-שטראָם אָפּטמאָל אָבגעהאַלטען, ווייל אַ צווייטער שטראָם מענשען האָט זיך דאָ אַנטקעגען איהם אַהער געשפּאַרט און דעם וועג פערנומען; טראַמווייען און

אַלערליי וואָגענעס האָבען קלאַפּענדיג זיך דורכגעיאָגט אַהער און אַהין; עס האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי ס'וואָלט דער קיהלער זומער־אָוועגד די גאַנצע יונגע בערלינער וועלט אַרויסגעלאָזט אויפ'ן גאַס אַרויס, וואָס האָט שוין נישט מעהר אַצינד דורשטיג און לעכצענדיג געבערענט פון היץ.

העלענע האָט נישט געקאָנט לאַנג בלייבען שטעהן צווישען אָט דעם מענשען־שטראָם; אַלע ווײַלע איז זי מיטגעשלעפּט געוואָרען דאָ אַהין, דאָ אַהער, און טיילמאָל האָבען איהר אויף שפּאַס עקסטרע פערצוימט דעם וועג פרייליכע יונגעלייט, ווייל דאָס בלאַסע שיינע געזיכט איז זיי אויפגעפאַלען און ווייל זיי פיהלען שטענדיג דאָס בעדערפעניש יונגע מיידלעך צו „טרייסטען".

ער פלעגט שטענדיג אַהערקומען דריי פערטעל אויף אַכט; ווייל פינף מינוט נאָך האַלב אַכט קומט אָן דער צוג אויפ'ן פּאָטסדאַמער באַהנהויף, וואָס ברענגט איהם פון וואַנזעע, און צעהן מינוט געדויערט דאָס פאָהרען אויפ'ן טראַמוויי צום שפּיטעל־מאַרק. אָט, נאָך איינציגע פינף מינוט, און ער איז דאָ דאָ.

אינדעם פאַלט איהר אַיין אַ שפּאַס צו טון. מיט אַ שטיל געלעכטער אין זיך לויפט זי אַריבער איבערן ברוק אין אַ טויער אַריין פון אַנ'אַנטקעגענאיבערדיגען הויז, פערשטעלט זיך מיט'ן טירעל, שטעקט אַפער דעם קאָפּ און קוקט זיך צו צום גרויסען שטאָדטזייגער, וואָס לייכט אַרויס ביז אין׳ דער ווייט אַרום.

זי וויל איהם „אויסנאַרען" אַ ביסעל און לאָזען וואַרטען, דעם שלעכטען, וואָס איז גאַנצע פערצעהן טאָג צו איהר נישט געקומען, זאָל ער אַצינד וויינינגסטענס מיט פינף מינוט דערפאַר בעצאָהלען.

אַ גליקליכע פונ'ם קינדערשען שפּאַס איהרען, האָט זי שטיל צו זיך צוגעשמייכעלט.

באַלד האָט זי זיך עס געענומען אַזוי שיין אויסמאָלען. אָט שפּרינגט ער אַראָב פונ'ם טראַמוויי און קומט צו צום שטאָדטישען זייגער און געפינט זי נישט דאָרט; דאַן קוקט ער זיך אַרום מיט די גרויסע, שוואַרצע אויגען זיינע און ערגערט זיך אַ ביסעל דעריבער, ווייל ער האָט נישט גערן קיינמאָל צו וואַרטען, דאַן נעהמט ער אויף־און־אָב אומשפּאַצירען און קוקט אַלע מיידלעך, וואָס געהען פאַרביי, אינ'ם געזיכט אַריין; אַז זי וועט בעמערקען, ווי ער קוקט זיך אום צו גאָר

אַ שיין מיידעל, וועט זי הינטערוויילעכֿס אַריבערלויפֿען צו איהם און איהם אָנגעהמען פֿאַר׳ן אויער, אַלס שטראָף פֿאַר איהם!

ווי ער וועט זיך דערויף צולאַכֿען!

אָט אָ די געדאַנקען האָבען איהר אַצינד שטאַרק הנאה געטון און זי האָט זיך דערויף נישט געקאָנט איינהאַלטען פֿון געלעכֿטער.

דאָס האָט זי אַזוי געפֿרייט.

צוויי מינוט נאָך.

גלינג-גלינג-גלינג.

ס׳האָט זיך אָבגעשטעלט אַ טראַמוויי, וואָס קומט פֿון פּאָטסדאַ-מער טויער. דאָס האַרץ האָט איהר שטאַרק גענומען קלאַפּען, און זי האָט ברייט די אויגען פֿונאַנדערגעפּעפֿענט, זי זאָל פֿון די, וואָס געהען פֿונ׳ם טראַמוויי אַראָב, נישט פֿערזעהן קיינעם.

דער טראַמוויי איז אַוועק ווייטער; לעאָ איז נישט אַראָבגעקומען פֿון דאַנען.

אַ וועהטאָגדיג שטעכֿען אין דער ברוסט האָט איהר פֿלוצלונג דעם אָטעם אָבגענומען. מיט שטאַרע אויגען האָט זי זיך צוגעקוקט צו די מענשען אויפֿ׳ן גאַס, נאָכֿגעקוקט יעדען איינציגען, ווי שנעל ס׳איז נאָר מעגליך געווען; איהם זעהט זי נישט דאָ.

אָט איז שוין צוויי מינוט נאָך דריי פֿערטעל אויף אַכט.

גלינג-גלינג-גלינג הערט זיך דאָס געקלינגעריי פֿון אַ נייעם אָנגעפּאָהַ-רענעם טראַמוויי.

זי האָט בליץ-שנעל גענומען אַריינלויפֿען צוריק אינ׳ם טויער אַריין; ווייל זי האָט זיך נישט געוואָלט אָבזאָגען פֿונ׳ם שפּאַסיגען פּלאַן, וואָס איהר איז איינגעפֿאַלען.

באַלד זענען ווידער מענשען אַראָבגעקומען. אַך, עפּעס ריהרען זיי זיך אַזוי פּאַמעליך, אַזוי שווערפֿעליג.

זי ערגערט זיך, זי איז אַזוי אויפֿגערעגט, און דאָס בלוט צו-היצט זיך איהר און שלאָגט איהר אין פּנים אַריין.

אָט געהט אַראָב דער לעצטער... ניין, אַלץ נישט ער.

פֿיליי‎כֿט האָט זי איהם פֿערזעהן!

זי לויפֿט אַריבער איבערן ברוק, אום מיט באַנגע בליקען נאָך אַמאָל זיך אומצוקוקען אויף דעם קליינעם קופּקעלע מענשען, וואָס איז אַראָבגעקומען פֿונ׳ם טראַמוויי...

ניין, ער איז נישטאָ צווישען זיי...

זי איז וואָס אַמאָל אַלץ מעהר אויפגערעגט געוואָרען, איהרע בעוועגונגען זענען געווען נערוועז, צורייצט; זי האָט שוין פערגעסען אַצינד אָן בעהעלטעניש-שפּיל, זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים זייגער און שטאַר אַריבערגעקוקט צו דער לייפּציגער גאַס; ווייל פון דאָרט דאַרף ער אָנקומען.

אָבער לאַנג האָט זי קיין געדולד נישט געהאַט צו שטעהן און דעריבער באַלד גענומען געהן האַסטיג אויף און-אָב, און זיך אַלעמאָל בלויז אויף אַ פּאָר טריט דערווייטערט פונ׳ם זייגער...

עס קומט ווידער אָן אַ טראַמוויי!

זי לויפט גלייך צו צום אָרט, פון וואַנען מען געהט אַראָב, און קוקט זיך גוט איין צו אַלע יונגעלייט, וואָס קומען פון דאָרט, אַז מאַנכע פון זיי האָט אַ חשק אָנגענומען זיך צוצופּוצען צו איהר.

אָבער דאָס מיידעל האָט אויסגעזעהן אַזוי בלאַס, און די אויגען זענען ביי איהר געווען אַזוי פערטרויערט...

איהר אויפרעגונג איז אַלץ געוואַקסען.

זי קאָן זיך גאָר קיין עצה נישט געבען, זי קאָן שוין נישט פאַר איהם קיין שום אויסרייד, קיין שום פערענטפערונג געפינען.

אָט איז שוין אַכט.

אַצינד איז זי שוין נישט אימשטאַנד מעהר קלאָר צו טראַכטען, פאַר די אויגען איילט און ווימעלט די מענשען-מאַסע פאַרביי, און אַ מינוט דאַכט זיך איהר אויס, אַזוי ווי עס וואָלט דאָ אַלץ אַרום איהר געטומעלט און גערוישט און געלאַכט און געלאָפען נאָר איהר אויף צו-להכעיס.

זי האָט צוגעלייגט די האַנד צום שטערן; ער איז פייכט געווען פון שווייס. ס׳איז די לופט פאַר איהר אַזוי שווער געוואָרען.

זי וואָלט געגערן זיך אַ ביסעל צוזעצען. אָבער ניין, זי מוז וואַרטען, דאָ, אויף אָט אָ דעם אָרט; דען ער מוז דאָך היינט קומען, ער מוז דאָך היינט קומען.

דאָ זענען פריהער געשטאַנען נאָך עטליכע יונגע מיידלעך און געוואַרט אויף זייערע געליבטע; ווי דורך אַ פיינעם שלייער זעהט זי, אַז צו איינער נאָך דער אַנדערער קומען די געליבטע זייערע און זיי ווערען צוזאַמען פערשוואונדען אינ׳ם שטראָם פון דער מענשען-מאַסע...

ס׳איז שוין קיין איינע פון זיי נישטאָ.

זי נאָר אַליין איז געבליבען.

אָט איז שוין אַ פערטעל אויף ניין.

דער מענשען-שטראָם איז וואָס אַמאָל שיטערער געוואָרען, און ביסלעכווייז האָט זיך איבער די גאַסען אַ פיינע דעמערונג צושפרייט.

אומרוהיג און צורודערט איז זי אַלץ אינאיינעם איבערן שטיקעל וועג הין און צוריק געגאַנגען און ביי יעטוועדען מאָל געהן צוגע-שמידט דעם בליק צום גרויסען ווייזער.

ווי שנעל ער רוקט זיך אַצינד!...

אָט איז שוין באַלד האַלב ניין, און ס'וועט שוין באַלד זיין אַ שעה, ווי זי וואַרט דאָ. אַצינד איז שוין נישט מעגליך, ער זאָל נאָך קומען; דען זי ווייסט, אַז נאָך אַ צוג פון וואַנזעע דאַרף אָקומען ערשט אַרום עלף אַ זייגער.

פּאַמעליך און גראָבענדיג האָט זיך דער אַלטער וועהטאָג אין איהר דערוועקט, וואָס האָט זיך ביז אַצינד געהאַט פערבאָרגען צוליב דער אונגעהייערער בענקשאַפט נאָכ'ן אָנבליק זיינעם, נאָך זיין אָנוועזענהייט.

פאַרוואָס קומט ער נישט, שרייט עס אין איהר, פאַרוואָס האַלט ער נישט קיין וואָרט? אָט זענען פאַרביי פערצעהן טאָג און זי האָט איהם נאָך אַלץ נישט געזעהן. בענקט זיך איהם גאָר נישט נאָך מיר? ער ווייסט דאָך, ווי ליב איך האָב איהם און ער קומט אַלץ נישט. פאַרוואָס וואוינט ער ביי יענער שיינער פרוי? און זי... פער-הייראַט, און דאָס איז דאָך אַ... עולה, אַך, אַזאַ עולה פון איהר, וואָס זי לאָזט איהם נישט אַוועק, כ'האָב דאָך איהם אַזויפיל צו דערצעהלען, אַזויפיל צו זאָגען, אַזויפיל, אַזויפיל, און ער קומט אַלץ נישט...

זי געהט ווייטער אַהין און צוריק.

זי בעמערקט גאָר נישט, ווי ס'גיסען זיך איהר די טרעהרען פון די אויגען...

האַלב ניין.

זי קוקט ווי פערשטאַרט אויפ'ן ציפערבלאַט.

נו, היינט וועט ער שוין נישט קומען, נישט קומען.

זי ווענדט זיך אום אויף אַוועקצוגעהן, דאָך קוקט זי זיך נאָך אַלץ אום נאָך יעטוועדען פינפטען טריט מיט טרעהרענפולע אויגען.

אָבער דער טראָטואַר ביים גרויסען זייגער איז פוסט. קיינער איז דאָרט נישטאָ.

## פיראונצוואַנציגסט קאַפּיטעל.

די בענקשאַפט איהם צו זעהן האָט אויף אַ קורצע צייט דאָס מידקייט פערטריבען פון איהר. מיט די טרעהרען האָט זיך עס צוריק צו איהר אומגעקעהרט. וואָס פאַר אַ ביטערע איבערלעבונגען דאָס זענען געווען פאַר איהר! אָט אָ דאָס מאַטערניש אין דער היים, כּלאָרעס ווערטער, די נאָגענדע אונגעוויסקייט, דאָס באַנגע חרטה-געפיהל, דער פירכטער-ליכער אַנגסט, דער חשד איהרער זאָל זיך בעשטעטיגען, און דאָ האָט זי נישט די גאַנצע צייט קיין איינציגען מענשען, פאַר וועמען זי זאָל דעם וועהטאָג איהרען קאָנען אויסוויינען, דען די חבר'טע איהרע איז שוין טויט און איהר געליבטער איז נישט געקומען. דערצו נאָך וואַקסט אַלץ פון טאָג צו טאָג דער פיזישער און זעעלישער פיין; די נעכטיגע נאַכט האָט זי קיין אויג נישט צוגעטון, היינט האָט זי דעם גאַנצען טאָג אויסער אַ ביסעל קאַווע גאָרנישט אין מויל געהאַט, דער-צו נאָך האָט זי אַזויפיל כּחות פערלוירען זייענדיג ביי מאַריען. און אַצינד איז צו נישט געוואָרען די האָפנונג איהרע אָבצוועטעמען אויף זיין ברוסט פּנ'ם פיין איהרען... איינגאַנצען צו נישט געוואָרען...

זי פיהלט זיך אַזוי אונגעהייער מיד און טרויעריג; דאָס געהן איז איהר אַזוי שווער געוואָרען. עס דאַכט זיך איהר, אַז זי וועט דערשטיקט ווערען פון וועהטאָג. זי שלעפּט זיך מיט אַב'אַראָבגעלאָזע-נעם קאָפּ און בעמערקט נישט, ווי עס גיסען זיך איהר אַלץ די טרעהרען פון די אויגען. זי פיהלט נאָר, אַז נאָך אַזאַ טאָג וועט זי שוין נישט קאָנען מעהר איבערטראָגען און דער הייסטער פערלאַנג איהרער איז אַצינד אַ ביסעל פרידען, אַ ביסעל רוה צו געפינען. אין אָט דעם אויגענבליק איז אפילו דער טויט אַליין פאַר איהר נישט

געוועזן אַזוי שרעקליך, און פונדעסטוועגען — אַז זי האָט זיך דערמאָהנט אָן איהם ...

מיט אַ פערצאַפּעלט האַרץ און אַ פערהאַפּטען אָטעם איז זי אי־בער די דריי טרעפּלעך אַרויף און אָט שטעהט זי שוין פאַר דער טיר פון זייער שטוב. זי וואָלט שטאַרק געגערן מיט דער מוטער איהרער זיך נישט צו דאַרפען בעגעגענען, און זיך גלייך קאָנען לייגען שלאָפען. ס'איז איהר דאָך אַזוי אונגעוועהנליך שלעכט אויפ'ן האַרצען געוועזן און דער קאָפּ האָט איהר דאָך אַזוי וועה געטון.

אינדעם עפענט איהר אָבער די מוטער אַליין אויף די טיר, ס'איז אָבער אַזוי טונקעל געוועזן, אַז זי האָט אויף דער טאָכטערס געזיכט מיט די דורכדרינגענדע בלישטשענדיגע בליקען איהרע גאָרנישט געקאָנט בעמערקען.

„פון וואַנען קומסטו עס אַצינד?"

„פונ'ם געשעפט, מאַמאַ!"

זי האָט עס שטיל אַרויסגעזאָגט, ווייל זי האָט געלייגט.

„אַזוי?" דער טאָן האָט אָבגעקלונגען פערדראָסיג און אומבעפרידיגט. זיי זענען ביידע אַריינגעגאַנגען אין צימער, וואו עס זענען אַצינד גע־זעסען דער אַלטער ערנעסטי מיט עמאַ'ן. עמאַ קוקט זיך צו צו העלענען.

„דו האָסט געוויינט, לענע, האָסט איהם שוין געוויס ווידער נישט געטראָפען?" פרעגט זי שפּאָטיש.

„האַלט ס'מויל דיינס, דו נאַרישע הוהן!" שרייט דער אַלטיטש־קער אויף איהר אָן.

עמאַ מיט דער מוטער איהרער קוקען איהם אָן ערשטוינט, און ער אַליין איז אויך דערשראָקען געבליבען פאַר די דרייסטקייט זיינע.

העלענע האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, און עמאַ האָט, אויף דער מוטערס בעפעהל, אַריינגעבראַכט איהר אָווענד־ברויט, בוטער־ברויטען, מיט שינקע און קעז בעלייגט, און אַ גלאָז ביר.

„וואו ביסטו עס היינט צו מיטאָג געוועזן?" הייבט אָן פרוי ער־נעסטי און קוקט זי שאַרף אָן. אונטער אַזעלכע בליקען ציטערט זי שטענדיג, ווי אַ שוואַך פייגעלע, און קאָן זיי נישט אַריבערטראָגען.

די אייגענע שטימע איהרע האָט איהר אַזוי פרעמד אָבגעקלונגען. זי האָט בעגעהרט אַצינד רוה, איינזאַמקייט, אינ'ם שטילען, איינזאַמען צימער איהרען צו זיין.

„איך בין געווען ביי מאַריען!“ זאָגט זי ציטערנדיג, און אין טאָן איהרען פיהלט זיך אַ פערשטיקט שלוכצען.

ווידער האָט איהר די שטימע איהרע אַזוי פרעמד אָבגעקלונגען. זי פיהלט, ווי זי פערלירט ביסלעכווייז דאָס בעוואוסטזיין איהרס, ווי עס צומישען זיך איהר די געדאַנקען. זי האָט געוואָלט אָבעטעמען, אָב-עטעמען...

„אַזוי, ביסט זי נאָכאַמאָל געגאַנגען אָנקוקען? אָט זעהסטו שוין, וואָס פאַר אַ חבר׳טע האָסט געהאַט. נאַר גוט נאָך, וואָס דו האָסט זיך מיט איהר זינט זעקס מאָנאַטען נישט געזעהן. דאָס קומט אַרויס, אַז מען וויל נישט זיין קיין אָרענטליך מיידעל און מען שלעפט זיך אַרום מיט אַ סטודענט. ער האָט איהר שוין אָבגעטון ווי ס׳געהער צו זיין. באַטירליך, מיט איהר הייראַטען האָט ער נישט געוואָלט, ער וואָלט דאָך טאַקי אַ נאַר געווען, ווען ער זאָל עס טון, האָט ער זי גאַנץ איינ-פאַך געלאָזט זיצען. פאַר דיר וועט עס טאַקי גאַנץ געזונד זיין, וואָס דו האָסט זי נאָכאַמאָל געזעהן, כ׳מיין עס וועגען דעם יוד דיינעם, און צום לעצטען מאָל זאָג איך דיר אַצינד, קוים וועסטו זיך נישט אָבטשעפּען פון איהם, מעגסטו דיר זוכען אַנ׳אַנדער וואוינונג. מעגסט עס גאַנץ בעצייטענס טון. מיינע טעכטער דאַרפען בלייבען אָרענטליכע מיידלעך און קריגען אָרענטליכע מאַנען. אַז דו וועסט זיך אַרומפיהרען מיט אָט אָ דעם פערשאָלטענעם יוד, וועלען מיר זיך שוין קיינמאָל נישט איבערבעטען. וואָס האָסטו אין איהם דערזעהן, אין דעם יודליק? נע, וואָס ער לויפט דיר נאָך, דאָס פערשטעה איך. און וואָס ער וויל. דען וואָס קאָן ער וועלען, אַז ער איז אַ סטודענט. די סטודענטען פערפיהרען נאָר די אָרענטליכע בירגער-מיידלעך. דערצו נאָך, אַז אַ יוד. איך מוז מיך דאָך שעמען פאַר לייטען דעם קאָפּ אויפצוהייבען, זעהסט דאָך, וואָס איז פון מאַריען געוואָרען! איך זאָג דיר אַצינד דעם לעצטען מאָל, אַז זאָלסט זיך אָבטשעפּען פון אָט אָ דעם יוד, וועסטו צוריק ביי מיר זיין אַ ליבע טאָכטער, אַנישט, זאָג איך דיר, וועט עס צו קיין גוטס נישט ברענגען און ס׳וועט דיר נאָך אויסגעהן אַזוי ווי מאַריען“.

ס׳האָט איהר אָנגעהאַפּט אַ שרעקליכע פערצווייפלונג. דורך די יסורים פון דער לעצטער נאַכט און פונ׳ם טאָג הייַנט האָט זי זיך גע-פיהלט אַזוי צומישט, אַז זי איז שוין נישט אימשטאַנד געווען איבער זיך צו געוועלטיגען, און אין קאָפּ האָט עס איהר אַזוי גערוישט, אַזוי

איינטעניג, צום פערצווייפעלט ווערען, און אַרום זיך האָט זי ווי דורך אַ וואָלקען נישט געזעהן מעהר, נאָר דאָס בעקימערטע געזיכט פונ׳ם פאָטער איהרען.

„מאַמאַ, כ׳בין געוואָרען אַזוי שלעכט ווי מאַריע... כ׳וואָלט שוין געגערן שטאַרבען אַזוי ווי מאַריע. כ׳בין אַזאַ שלעכטע און איך פערשאַף אייך אַזויפיל קומער, כ׳בין געוואָרען אַזאַ שלעכטע. אַך, איך בין אַזוי קראַנק, און...״

זי האָט זיך געוואָלט וואַרפען צו איהר מוטער, באַלד איז זי אָבער מיט אַ וועה-געשריי אַנידערגעפאַלען אויף די קניה. זי האָט גע-קריגען אַ קלאַפּ מיט דער פויסט און פון דער נאָז האָט זיך אַ גאָס אַרויס געטון אַ טונקעלער שטראָם בלוט.

„דו געמיינע מויד דו, דו גאַסען-מויד דו, זאָלסט מיר שוין די מינוט פון מיין שטוב אַרויס, כ׳וויל דיך שוין מעהר אין מיין שטוב נישט האָבען... אַך, גאָט, אַך, גאָט, וואָס וועלען לייט אַצינד רעדען, מיין עלטסטע טאָכטער, אַזאַ געמיינער הונט, אָט אַ דער יוד-ליק, צו דער פּאָליציי מוז איך איהם איבערגעבען, אַך, גאָט, ס׳וועט דאָך מיך דאָס אַלץ פון זינען אַראָפּברענגען. און ליגט זיך נאָך דאָ, אַזאַ... ווי זי וואָלט גאָר קיין צוויי נישט געקאָנט צעהלען, אַזאַ לייט איז זי געוואָרען... אַך, גאָט, אַך, גאָט, וואָס וועלען מענשען רע-דען, און די שולצעס און די רייניקעס, אַך, גאָט, איך שעם זיך דאָך די אויגען אויפצוהייבען. מיין לעבע אַוועקגעוואָרפען, אַזאַ יוד-ליק, און ער לאַכט זיך אַצינד פון איהר אויס... אַך, גאָט, אַך, גאָט! עמאַ, גיב מיר דעם מאַנטעל מיינעם מיט׳ן הוט, לאָמיך אַריבער-לויפען צום ברודער מיינעם, צו פּעטערן, קום אויך באַלד אונטער אַהין... אַך, גאָט, אַך, גאָט... לאָז זי דאָ ליגען, פאָטער, ריהר זיך נישט אָן איהר אָן, אַזאַ געמיין שטיק... אַך, גאָט... וואָס וועלען מענשען רעדען...

העלענע האָט זיך קוים געקאָנט אויפהויבען.

זי האָט דאָס אַלץ געהערט ווי פון ערגעץ אַ ווייטעניש. זי האָט געזעהן, ווי די מוטער איהרע וויינט, ווי דער פאָטער איהרער ציטערט, און זי איז אַרויסגעגאַנגען פון דאַנען מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ און מיט אַ שרעקליכען וועהטאָג אין האַרץ.

די אויגען איהרע זענען הייס געוועזן, זי האָט אָבער נישט גע-

קאָנט קיין טרעהרען אַרויסלאָזען. דאָס וואָלט פאַר איהר אַ דערלייכ־טערונג געווען, זי האָט אָבער נישט געקאָנט ווייגען אַצינד.

ס'איז איהר געוואָרען שווער און ענג צווישען די ווענט פונ'ם צימער איהרען. מעכאַניש האָט זי זיך פּאַמעליך אויסגעטון און זיך געלייגט אין בעט אַריין. עס האָט איהר אַצינד אין גאַנצען קערפּער אַ פּראַסטיגקייט דורכגענומען ווי אין שווערען פיבער.

...די קאָרידאָר־טיר האָט זיך קלאַפּענדיג פערמאַכט. אַ קורצע ווייל איז דער אַלטיטשקער נאָך געבליבען שטעהן ביים פענסטער און געוואַרט, ביז די פרוי זיינע מיט דער יונגסטער טאָכטער וועלען האָבען אַרויסגעגאַנגען פון טויער.

יאָ, אָט געהען זיי ביידע האַסטיג דורך דאָרט אַרויס. אָט זעהען זיי זיך נאָך קעגענאיבער אויף יענער זייט און פערגעהמען זיך אי־בערן וועג. באַלד זענען זיי אינגאַנצען פערשוואונדען פון זיין בליק. ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט פונ'ם פענסטער און איז מיט פּאַמעליכע טריט צוגעגאַנגען צו דער טיר, האָט ער זיך דערפיהלט, אַזוי ווי ער וואָלט בעפרייט געוואָרען פון אַ קאָשמאַר. אַ גרויער לאָך האָר איז איהם אויפ'ן שטערן אַראָבגעפאַלען, און ווען ער האָט צוגעווענדט דאָס געזיכט זיינס צו דער לאָמפּ, האָט עס אָנגענומען אַזאַ געמיטליכען, ווייכען אָנבליק. באַלד האָט ער גענומען די לאָמפּ און מיט שטילע, פּאַמעליכע טריט איז ער דורכגעגאַנגען אין קאָרידאָר און איז צו צו דער טיר פון העלענעס צימער.

דאָ האָט ער זיך אויף אַ סעקונדע אָבגעשטעלט און זיך אומגע־קוקט.

ער האָט געהאַט דאָס געפיהל אַצינד, אַז דערמיט, וואָס ער געהט צו דער טאָכטער זיינער זי טרייסטען, טוט ער עפּעס אַ נישט־עהרליכע זאַך. עס דאַכט זיך איהם אויס צו פערנעהמען די בייזע שטימע פון דער פרוי זיינער, די ברייטע, פעטע שטימע, און אָט בעווייזען זיך איהם די פינקעלדיגע אויגען איהרע, די דורכדרינגענדע, בייזע אויגען.

ענדליך נעהמט ער שטיל אָנקלאַפּען.

מען ענטפערט נישט.

ער קלאַפּט נאָכאַמאָל אַ ביסעל שטאַרקער. דערויף דערהערט ער גלייך די שטימע איהרע:

„ווער איז עס?"

„איך בין עס!"

עס עפענט זיך פאַרזיכטיג די טיר.

אַ העלע ליכט-שיין האָט דורכגעשטראָמט איבערן צימער.

„דו, פּאַפּאַ, איז די מאַמאַ אַוועקגעגאַנגען?"

„יאָ, מיין קינד!"

ער האָט אַנידערגעשטעלט די לאָמפּ אויפ'ן טיש.

ער האָט אַרויסגעשפּירט פון איהר פראַגע, ווי זי וואונדערט זיך, וואָס ער איז אַצינד דאָ אין אָווענד צו איהר אַריינגעקומען, אַצינד, ווען ער האָט שוין נישט וואָס צו שרעקען זיך פאַר דער פרוי זיינער. ער פערשטעהט זיך דאָך אויף דער פערוואונדערונג אַזוי גוט, אַזוי גוט! ער שאָקעלט דערויף צו עטליכע מאָל מיט'ן קאָפּ; ער ווייסט דאָך וואויל, וואָס פאַר אַ קנאַפּען ווידערשטאַנד ער קאָן אַרויס-ווייזען קעגען דער פרוי זיינער. ער איז פּאַמעליך צוגעגאַנגען צום בעט, זיך אַנידערגעזעצט אויפ'ן ראַנד און זי אָנגענומען ביי דער האַנט.

בעוועגט, פערוואונדערט, פרעגענדיג און פיינליך קוקען זיי זיך ביידע אָן.

די לאָמפּ ברענט שטיל און דעמערנד. געשפּענסטישע ריזען-שאָ-טענס צולייגען זיך איבער די טונקעלע ווענט, און ציטערן אונהיימ-ליך, ווען דאָס פייער צופלאַקערט זיך. אויפ'ן בעט צולייגט זיך אַ מאַטער פּאַס פון טריבען שאָטען און בעדעקט דאָס בלאַסע געזיכט פונ'ם מיידעל מיט אַ מילדער טונקעלקייט. ס'איז איהר דער שאָטען אַזוי אַנגענעהם געווען, ווייל זי האָט נישט געקאָנט פערטראָגען אַצינד די שטעכעדיגע שאַרפע שיין.

דער אַלטיטשקער זיצט נעבען איהר אויפ'ן בעט און האַלט די האַנט איהרע. ווילענווייז גלעט ער זי, דערהויפּט די שפּיץ פינגער, וואָס זענען צושטאָכען פון דער נאָדעל און ס'איז די הויט שאַרפיג פערוואָקסען.

אַ טיפע שטילקייט האָט זיך געריש-לאָז איבערן צימער פער-שפּרייט, טיילמאָל נאָר פלעגט דאָס פייער אינ'ם לאָמפּ אויפפלאַקערן, ביידע פלעגען שווער אָבעטעמען, אָדער טיילמאָל פלעגט אַ וואָגען זיך אונטען פאַרבייקאָלערן, און דאָס רעדערן פלעגט קלאַפּענדיג אָבקלינגען אינ'ם צימער.

זיי קוקען זיך נאָכאַנאַנד אָן.

העלענע פיהלט, ווי פון די שמערצליכע בליקען פונ׳ם גרייז-גראָ-הען פּאָטער איהרען ווערען די וויהעס פיבערדיג הייס און נעהמען אויף און אָב ציטערן. און ווי ער האָט איהר דערויף לאַנגזאַם און צערט-ליך גענומען גלעטען דעם שטערן, האָט זי זיך שוין נישט געקאָנט מעהר איינהאַלטען און צוויי גרויסע טרעהרען האָבען זיך אַראָבגעקיי-קעלט איבער די באַקען איהרע. אַז ער האָט דערזעהן, ווי דאָס מיי-דעל זיינס, זיין ליבלינג, פּייניגט זיך אַזוי מיט׳ן שרעקליכען וועהטאָג און טראָגט איהם אָהן ווערטער אַזוי געדולדיג אַריבער, האָט איהם אַזש דאָס האַרץ פערקלעמט; ער האָט אָבגעלאָזט די האַנט איהרע און שווער און מיד אָנגעשפּאַרט דעם גראָהען קאָפּ זיינעם אויףביידע הענט.

העלענע האָט זיך פלוצלונג פונ׳ם בעט אַהויב געטון און שלוכ-צענדיג אויסגעשריען:

„פּאַפּאַ, פּאַפּאַ, זיי נישט דו אויך אַזוי בייז אויף מיר!" און צוגעלעהנט דעם קאָפּ אויף זיין פּלייצע און גענומען פערביטערט וויי-נען און שלוכצען.

אויף אַזאַ אויסברוך פון שמערץ האָט זיך דער אַלטיטשקער נישט געריכט. עס האָט איהם אָבער אַזוי ביים האַרצען אָנגענומען, אַז ער האָט שיער גענומען מיט איהר מיטוויינען, ער האָט זיך נאָר איינגע-האַלטען, ער זאָל איהר נישט דערמיט נאָך שווערער מאַכען דאָס האַרץ איהרס, און ער האָט איהר דעריבער נישט געוואָלט גאָרנישט פאָרוואַרפען, נישט בעשולדיגען, נישט קיין האַרבע רייד צו איהר רעדען, ער האָט זיך געצוואונגען שטיל צו שווייגען און האָט נאָר פּאָרזיכטיג דעם קאָפּ אויפגעהויבען, אַזוי, אַז די טאָכטער זיינע איז געבליבען אָנגעלעהנט אויף זיין פּלייצע.

זי האָט נאָך אַלץ אָהן אָבהאַלט געוויינט. ס׳איז איהר אַזוי גוט געווען, וואָס זי קאָן זיך אַצינד אויסוויינען דעם וועהטאָג איהרען, וואָס זי קאָן חאָטש מיט די טרעהרען אַרויסווייזען, ווי זי ליידט.

ווען די מוטער איהרע האָט זי געזידעלט ווי דאָס ערגסטע מיי-דעל פון דער גאַס, האָט זי דאָך דאַן זיך נישט געקאָנט צומאָלס אויסוויינען... אַז זי דערמאָהנט זיך אַצינד דערין, נעהמט זי ציטערן מיט׳ן גאַנצען קערפּער און מעכאַניש קלאַפּען זיך איהר די צייהן איינס אין ס׳אַנדערע. וואָלט זי דאַן חאָטש וויינען געקאָנט! ס׳זענען איהר אָבער אויסגעטריקענט געווען די אויגען, און דער קאָפּ אַזוי פּוסט,

און ס'האָט איהר צוגעשטיקט אין דער קעהל, און ס'זענען איהר די אויגען אַזוי מאַט און אָבגעטעמפּט געוואָרען, אַז זי האָט גאָר נישט גע־קאָנט פערנעהמען די זידעל-ווערטער!...

„אַך, וואָס די מאַמאַ האָט אַלצדינג אויף מיר אויסגערעדט! איך וועל עס דאָך נישט אויסהאַלטען, פּאַפּאַ. איך וועל דאָך נאָך קראַנק ווערען און... איך וועל נאָך קראַנק און משוגע ווערען. אַלעמאָל און אַלעמאָל פון דעם אָ זיך אָנצוהערען! פּאַפּאַ, מיין ליבער, גוטער פּאַ־פּאַ, איך בין דאָך נישט אַזוי שלעכט, ווי די מאַמאַ זאָגט! ניין! ניין!... איך קאָן דאָך עס שוין מעהר נישט צוהערען... דו ווייסט דאָך נישט, פּאַפּאַ, ווי וועה דאָס טוט מיר. און די מאַמאַ איז אַזוי שלעכט, אַזוי בייז צו מיר... און איך האָב דאָך נישט, ניין, איך האָב דאָך ווירקליך נישט... איך האָב דאָך נישט געטון קיין שלעכטס...“

זי האָט זיך פּלוצלונג אָבגעשטעלט. וויינענדיג און שטאַמלענדיג האָט זי זיך געחאַפּט, אַז זי האָט עפּעס געזאָגט, עפּעס אַזוינס, עפּעס אַזוינס. „אַך, גאָט, דאָס איז דאָך נישט וואָהר“, שרייט עס אויס אין איהר, „איך האָב דאָך...“

אָבער דאָס איז נישט געוועזן קיין שלעכטס, ניין, נישט קיין שלעכטס, דאָס קאָן נישט זיין קיין שלעכטס, וואָס זי האָט געטון אויס ליבע, אויס ליבע, דאָס קאָן נישט זיין קיין שלעכטס, בערו־היגט זי זיך. אָבער די מענשען זאָגען דאָך עס, און אַז אַלע מענ־שען זאָגען עס, דאַן מוז עס דאָך וואָהר זיין, און זי האָט פּאָרט שלעכטס געטון... „אַך, לעאָ... פאַרוואָס?“...

„פּאַפּאַ“, האָט זי ווידער אָנגעהויבען, „דו ביסט דאָך אַזוי גוט צו מיר, אַזוי גוט, אַזוי גוט“ — און זי האָט גענומען קושען מיט טרעהרענפולע אויגען די אַלטע טרוקענע האַנט.--

„דו וועסט זאָגען דער מאַמאַ, זי זאָל זיך שוין מעהר נישט מיט מיר אַזוי קריגען, שוין מעהר נישט דאָס אַלצדינג רעדען, וואָס זי האָט מיר פאָרגעוואָרפען. אַך, מיר טוט דאָך אַזוי וועה דאָס האַרץ, פּאַפּאַ, איך וואָלט דאָך אַזוי געגערן שלאָפען, אויף אייביג אַנטשלאָ־פען ווערען, נישט דאַרפען גאָרנישט צו הערען...“ דערביי האָט זי זיך ווידער געחאַפּט, אַז זי זאָגט נישט די וואָהרהייט. זי וויל דאָך נאָך לעבען, גאָט... ווי וואָלט זי דען געקאָנט אַצינד שטאַרבען, נישט זעהענדיג איהם, דעם געליבטען איהרען...

„אַך, פּאַפּאַ, איך וואָלט אַזוי געגערן שטאַרבען!“

„אָבער, קינד מיינס, קינד", דערווידערט דער אַלטיטשקער אַ דערשראָקענער. „װער טראַכט עס באַלד װעגען שטאַרבען? ביסט דאָך נאָך אַלץ געבליבען אַצינד מיין ליב קינד, װי אַלעמאָל, און דו האָסט דאָך מיך שטענדיג אַזוי ליב געהאַט, קינד מיינס, װי קאָנסטו עס אַזוינס רעדען. עס װעט דאָך נאָך אַלצדינג צוריק גוט װערען" — ער זאָגט עס נאָר אַזוי, אָבער ער קאָן צו גוט די פרוי זיינע, און װייסט גאַנץ גוט, אַז ס'װעט שוין קיינמאָל נישט צוריק גוט װערען.— „דו װייסט דאָך, קינד מיינס, די מאַמאַ איז אַלעמאָל אַזוי האַסטיג, אַז זי װערט באַלד אויפגערעגט, דו דאַרפסט איהר נישט צופיל פער-דענקען דערפאַר", — ער האָט עס אַרויסגערעדט גאָר שטיל און אָבגע-האַקט, אַזוי װי ער װאָלט זיך געשראָקען, זי זאָל עס נישט דערהע-רען, — „נו, לייג זיך שוין שלאָפען, אָט אַזוי, שפּאַר אָן דאָ דעם קאָפּ, אָט אַזוי, אַזוי, און װיין שוין נישט מעהר, דען עס טוט מיר אַזוי װעה, װייל איך װייס נישט, מיט װאָס איך קאָן דיר העלפען, כ'װייס נישט מיט װאָס, כ'װייס נישט מיט װאָס, ליג רוהיג, קינד מיינס, און שלאָף", בעט ער זיך ביי איהר, װען זי האָט װידער די הענט זיינע גענומען און צוגעפּרעסט צו די נאַסע אויגען איהרע.

אַ קנאַפּע פערטעל שעה איז געװען שטיל. זי איז נישט געשלאָ-פען, נאָר שטאַר מיט װייט געעפענטע אויגען געקוקט צו דער קאָל-דרע. און ער איז נאָך אַלץ געזעסען אויפ'ן בעט און זיך אַיינגעקוקט אינ'ם בעשאָטענטען געזיכט פונ'ם מיידעל.

װידער איז איהם אַצינד אויפ'ן זינען אַרויף דער געדאַנק, װאָס האָט איהם די גאַנצע צייט נישט אָבגעלאָזט. אָט אָ דער פּאַרשוין, אָט אָ דער יוד איז אין דעם אַלעם שולדיג, צוליב איהר אָ האָבען שוין זינט אַ פערטעל יאָהר די מוטער מיט דער טאָכטער קיין פריינד-ליך װאָרט צװישען זיך נישט אויסגערעדט, צוליב איהם איז זיין ליבלינג געװאָרען אַזוי בלאַס און אָבגעפאַלען אויפ'ן געזיכט און זי װיינט אַזױפיל, װאָס פריהער פלעגט זי עס קיינמאָל נישט טון. און װאָס נאָך ערגער פּאַר אַלץ, אָט אָ דער יוד האָט מעהר נאָך געטון. װען ער געהמט טראַכטען דערפון, דאַן דערפיהלט אין זיך דער גרייז-גראָהער אַלטיטשקער אַזאַ װאוט צו דעם „לומפּ".

ער האָט זיך אָבער געהיטען מיט קיין װאָרט דערפון נישט צו דערמאָהנען; װייל ער האָט געװאוסט, װי ליב זי האָט איהם, און

וואָס פאַר אַ שטאַרקען וועהטאָג עס פערשאַפט איהר, אַז מען בעליי־דיגט איהם.

„זאָג נאָר, קינד, איז ער טאַקי אויך אַזאַ יוד?" פערפאַלען, ער האָט שוין געהאַט געפרעגט, און נישט געקאָנט צוריקחאַפּען.

ער איז אַליין איבער זיך ערשטוינט געוואָרען. ער איז אַזוי פערזונקען געוועזען אין זיינע געדאַנקען, אַז ער האָט די פראַגע כמעט אומבעוואוסט איבער זיינע ליפּען געבּרענגט. האָט זי טאַקי געהערט, וואָס ער האָט געפרעגט? האָפענטליך, נישט!

זי האָט שוין אָבער געהאַט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און איהם אָנגעקוקט און געזאָגט: „וואָס מיינסטו מיט דעם, פּאַפּאַ?"

„אַך, די יודען, די יודען!" מורמעלט ער פאַר זיך שטיל, אָבער אין זיין רעדען האָט זיך געשפּירט אַזאַ אייגענטימליך גע־ברום, אַזוי ווי די ווערטער וואָלטען זיך מיט גוואַלט אַרויסגעריסען, און זי האָט עס גלייך פערנומען...

אָט זעהט זי איהם ווידער פאַר זיך מיט'ן צאָרן אין די שוואַר־צע, פינקעלדיגע אויגען, מיט'ן ציטערנדען טאָנפאַל אין רעדען, בעת ער האָט איהר איינמאָל געזאָגט, אַז צום ערשט איז מען מענש און דאַן קריסט אָדער יוד, און די אויגען איהרע האָבען זיך אויף אַ סע־קונדע אָנגעצונדען און זי האָט זיך גליקזעליג פערטראַכט, און דערנאָך גענומען רעדען:

„פּאַפּאַ, וואָס האָסטו צו די יודען? ס'זענען דאָך דאָ אַזויפיל, וואָס צום ערשט זענען זיי מענשען און דאַן זענען זיי יודען, גוטע, איידעלע מענשען זענען זיי".

ער קוקט זי אָן אַ פערבליפטער. פון וואַנען קומען צו איהר אַזעלכע רייד? דאָס איז געוויס פון איהם! אָ, וואָס פאַר אַ דורכגע־טריבענער יוד דאָס איז! ביי אַזאַ דורכגעטריבענקייט וועט ער זיך שוין צו דאָס זייניגע דערשלאָגען.

„דו קענסט נישט די יודען, קינד מיינס!" זאָגט ער און קוקט זיך צו צו די מינעס איהרע, וואָס האָבען ביי איהר אַצינד לעבהאַפט אויפ'ן געזיכט געשפּילט.

ווען זי נעהמט זיך אָן פאַר די יודען, האָט זי שטענדיג דער־ביי די עמפּפינדונג, אַזוי ווי ער וואָלט אַ נישט־געזעהענער צוהערער געוועזען, און אַז דערנאָך וועט ער נעהמען דעם קאָפּ איהרען אין זיי־נע הענט, ווי ער פלעגט עס ליב האָבען צו טון, און דאַנקבאַר דאָס

מויל איהרס אויסקושען. זי פלעגט איהם שטענדיג אין איהר נאָהענט פיהלען, דעריבער האָט ביי איהר די שטימע אַזוי פעסט און ענערגיש אָבגעקלונגען און ס'האָט זיך ביי איהר אין די אויגען אַ לעבעדיג פייערל אָנגעצונדען. זי מוז זיך אַצינד ווידער איינשטעלען פאַר די יודען, זי מוז די יודען פערטיידיגען, ווייל דאָס איז דאָך פאַר איהר, אַזוי ווי זי וואָלט זיך איינגעשטעלט פאַר איהם און פאַר איהם געלעבט און געווירקט. דעריבער האָט זי זיך געווענדט צום פאָטער:

„פאַפאַ, איך קאָן טאַקי נישט אַזויפיל יודען, אַזוי ווי דו, איך קען כמעט נישט מעהר ווי דעם איינעם יוד, אָבער פאַפאַ, ווען מען זאָל איהם אַזוי ליב האָבען, ווי איך האָב איהם ליב, וואָס איך בין גרייט אַלצדינג צו טון, דאַן געהט עס מיך אינגאַנצען נישט אָן, צי ער איז אַ יוד. און איך האָב דאָך איהם אַזוי ליב, פאַפאַ, אַזוי ליב! אָך, ווען דו וואָלסט איהם געקאָנט! ער זאָגט אַלעמאָל, אַז ביי יעטוועדען וועזען דאַרף מען צום ערשט זוכען דעם מענש, אַזוי זאָגט ער אַלעמאָל, און קוים איז נאָר דער מענש גוט, איז שוין דעמאָלט נישט קיין אונטערשיד, צי ער איז אַ יוד, צי אַ קריסט, אַזוי זאָגט ער אַלעמאָל. זעה, פאַפאַ, זאָג אַליין, איז ער דען נישט גערעכט?..."

מיט אַ לעבהאַפטער בעוועגונג האַפט זי די האַנט זיינע.

דער אַלטיטשקער ווערט וואָס אַמאָל אַפאַטישער און פערצווייפעלטער. ווי ליב זי האָט איהם, ווי שטאַרק, אַז זי רעדט כמעט נאָך אַלצדינג, וואָס ער זאָגט איהר. עס וועט שוין אַצינד גאָרנישט העלפען, ער זאָל זיך וועגען איהם שלעכט אָברופען אָדער זידלען די יודען. יאָ, יאָ, דאָס מיידעל זיינס איז שוין אינגאַנצען אַ יודישקע געוואָרען. ער האָט טאַקי דאָ נישט לאַנג געהערט דאָס וואָרט „פעריודישט". יאָ, זי איז שוין אינגאַנצען „פעריודישט!" ער האָט אַצינד אַ שרעקליכען קאַמפ אין זיך דורכגעמאַכט. זיין האַרץ איז אַזוי איבערפולט געווען פון ביטערניש און האַס צו אָט אָ דעם יוד, וואָס האָט אומגליקליך געמאַכט די טאָכטער זיינע און די גאַנצע פאַמיליע, ער האָט אַזאַ וועהטאָג געפיהלט, ווייל די טאָכטער איז אַזוי פערבלענדט אין איהם און ליידט אַזויפיל, און דאָך טאָר ער נישט קיין וואָרט אויף איהם אויסרעדען, כדי זי נישט דערמיט אין טיפסטען צו בעליידיגען. און פאַר דער פרוי זיינער טאָר ער אויך נישט קיין וואָרט זאָגען, אַז זי איז גערעכט מיט איהר פערביטערונג קעגען איהם,

ווייל דערפון קאָן נאָך די היים ביי די עלטערן פאַר דעם עלענדען מיידעל נאָך מעהר גיהנם ווערען.

דעריבער האָט ער דאָס אַלצדינג דערשטיקט אין זיך און גע-שוויגען.

אינ׳ם צימער האָט אַצינד ווידער אַ טויט-שטילקייט געהערשט. ס׳האָט זיך נאָר געהערט דאָס זורזען פונ׳ם פייער אין לאָמפּ. ביידע האָבען זיך אַצינד פערטראַכט איבער איינס און דאָסזעלביגע, אָבער ביידע אַזוי פערשידען!

„קרעה, קרעה, קרעה״, שרייט דער קליינער יונג פונ׳ם נעבען-צימער.

זיי האָבען זיך ביידע דערשראָקען אויפגעחאַפּט פון זייערע גע-דאַנקען.

„אַך, כ׳בעט דיך, פּאַפּאַ״, ווענדט זי זיך צום פאָטער, „גיב נאָר דאָרט אַ קוק, פּאַרוואָס פריץ שלאָפט נישט. ס׳איז איהם פילייכט אומעטיג, און ביי איהם איז אַזוי פינסטער. ברענג איהם דאַן אַהער אַריין״.

ער איז פּאַמעליך אויף די שפּיץ נעגעל אַוועק אינ׳ם נעבען-צי-מער. אומזיסט איז געוועזען זיין מיה דאָס יונגעל צו בערוהיגען.

ער האָט געוואָלט צו לענען.

ענדליך איז דער אַלטיטשקער צוריק אַריינגעקומען אין צימער צו דער טאָכטער זיינער און אויף דעם אָרעם האָט ער געהאַלטען דאָס שיינע יונגעל. אין איין העמדעל האָט ער פריילין מיט די פיסלעך געוואָרפען, ווערהענד אויף די פון שלאָף רויטע בעקעלעך האָבען נאָך די טרעהרען געגלאַנצט און די קליינע פויסטעלעך האָבען די אוי-גען געווישט. „פּאַפּאַ, פּאַפּאַ!״ שרייט ער אויס, „וויל צו העלענען אין בעט! איאָ, דו וועסט מיך צו דיר אין בעט אַריינגעהמען? כ׳וועל נישט רעגירען. כ׳בעט דיך, לענע, נעהם מיך!״

און אַז זי האָט איהם אַ חאַפּ געטון מיט ביידע אָרעמס און אַריינגענומען אין בעט אַריין, האָט ער אָנגעהויבען הויך צו יובלען:

„אָה, ס׳מיר אַזוי גוט ביי דיר, אַזוי גוט!״

און דערביי האָט ער זיך מיט ביידע הענט אַרומגעוויקעלט אַרום דעם האַלז איהרען. ער איז שוין אַזוי דורכגעטריבען געוועזען, ער האָט פערשטאַנען, אַז וואָס שטאַרקער ער דריקט זי צו, אַלץ מעהר ווייזט ער דערמיט אַרויס זיין צוגעבונדענקייט צו איהר.

אָט ליגט זי דאָ אין בעט און נעבען איהר ליגט דער קליינער פופקע און אויפ׳ן בעט נעבען איהר זיצט דער פּאָטער איהרער. אָה, צווישען די דריי דאָ הערשט די הייסטע חבר׳שאַפט. זיי זענען דאָך די שוואַכערע פּאַרטיי אין דער פאַמיליע. דער קליינער יונג האָט אָבער נישט געקאָנט רוהיג איינליגען. אָט קריגט ער זיך אַרויף מיט די פיסלעך אויפ׳ן האַלז צו איהר, באַלד פערגאַפט ער זיך ערגעץ בייגיריג, אין מיטען דרינען נעהמט ער ווידער לאַכען און קיצעלט זי, זיי זאָלען ביידע מיט איהם מיטלאַכען, און דערביי גיט ער איהר אַ קלאַפּ מיט׳ן פיסעל אין לייב אַריין.

עס נעהמט זי דורך אַ וואַהנזיניגער וועהטאָג, וואָס זי האָט איהם נאָך קיינמאָל נישט אַזוי שטאַרק געפיהלט.

יאָ, אָט איז ער ווידער, דער חשד איהרער!... זי פיהלט, ווי עס שלאָגט איהר אויפ׳ן שטערן אַרויף אַ קאַלטער שווייס, ווי פון אַנגסט הייבט איהר אָן דאָס האַרץ שטאַרק צו קלאַפּען... אָט אָ דער וואַהנזיניגער וועהטאָג!...

און דער קליינער יונג לאַכט און רעגירט אַרום אַזאַ פרייליכער און קיצעלט זי און צופּט דעם פּאָטער פאַר די גראָהע האָר... זיי זאָלען דאָך אויך לאַכען, אַז נישט זענען זיי נישט קיין גוטע קאַמעראַדען, קיין גוטע קאַמעראַדען...

## פינפאונצוואַנציגסט קאַפּיטעל.

מיט'ן אַכטער-צוג איז לעאָ אַריינגעפאָהרען קיין בערלין, אום זיך צו פערשאַפען עטליכע ביכער פון דער קיניגליכער ביבליאָטעק. ער קאָן ביי זיך נישט בעשליסען, צי ער זאָל דאָ פערבלייבען דעם גאַנצען טאָג אין בערלין. ער האָט אַפילו הּעלענען געשריבען, אַז היינט, מאָנ-טאָג אָוועגד, קומט ער צו איהר, אָבער זאָל זיין, אַז ער איז צו פויל גע-ווען אין אָט דעם פאַרנעם אויגוסט-טאָג צו אַרבייטען אין לעזע-זאַל פון דער קיניגליכער ביבליאָטעק, אָדער זאָל זיין, אַז ער האָט נישט געוואָלט פערפעהלען דאָס שיפען זיך נאָכמיטאָג, ווי אַלעמאָל, מיט די דאַמען בערגער און האָרסט,—דער סוף איז געווען, אַז ער איז באַלד צוריקגעפאָהרען מיט'ן עלפער-צוג קיין וואַנזעע.

ווען ער איז דורכגעגאַנגען דעם פאָר-גאָרטען פון דער ווילע שרעטער, וואָס זיי האָבען געמיינזאַם בעוואוינט, איז איהם אַ וואונדער געווען, וואָס צווישען די אַראָבהענגעדיגע צווייגען מיט ווילדע וויינ-טרויבען בלייכט זיך נישט דורך קיין פרויען-קלייד און ס'זעהט זיך נישט קיינער. עס זיצט נישט דער דירעקטאָר דאָ און לעזט, און פרוי ערנאַס האַמאַק הענגט איינזאַם צווישען צוויי ביימער, און פריילין גרעטעס האַנטאַרבייט ליגט אויף פערלאָזט אויף דעם צווייגען-טישעל.

ער איז אַרויף איבער די טרעפּ און זיך פערוואונדערט איבער דער שטילקייט, וואָס הערשט אין הויז. נאָכדעם ווי ער איז אַרויף אין צימער זיינעם אויפ'ן צווייטען שטאָק און אַ ביסעל אָבגערייניגט די קליידער פון שטויב פונ'ם געהן דאָ אויפ'ן לאַנד, איז ער גלייך צוריק אַרונטערגעגאַנגען אַ קוק טון צו דער פאַמיליע בערגער.

אָט שטעהט ער פאַר דער טיר פון דער פאַרטער-וואוינונג, און ווידער איז עס איהם אַ וואונדער, וואָס עס הערט זיך נישט פון די

צימערן אַרויס קיין איינציגער קלאַנג אַצינד, קיין איינציגער קלאַנג, נישט קיין געלעכטער, אַזוי ווי עס וואָלט קיינער נישט געווען אינע-ווייניג.

ער קלינגט אָן.

דאָס שטאַרקע געקלינגעריי פונ׳ם גלעקעל האָט אין דער שטיל-קייט אַרום אַזוי מאָדנע שאַרף אָבגעקלונגען, אַז ער איז אַזש דערשראָ-קען געבליבען.

דאַן איז עס איהם אויפגעפאַלען, וואָס עס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, איידער עס האָבען זיך דערהערט שווערע טריט זיך דערנעהנ-טערן אַהער פון אינעווייניג. די דיקע דינסט-מויד האָט געעפענט די טיר.

ער האָט געוואָלט אַריינגעהן.

„שש, שש, הערר וואָלף, איך טאָר נישט קיינעם אַריינלאָזען אַצינד. די פרוי דירעקטאָרין האָט מיר אָנגעזאָגט קיינעם נישט אַריינ-צולאָזען. דער הערר דירעקטאָר איז זעהר קראַנק געוואָרען״.

איהם איז אַ שרעק בעפאַלען.

„אַזוי פלוצלונג, אָבער זאָגט דאָך, וואָס איז געשעהן? האָט דער הערר דירעקטאָר פלוצלונג אַנ׳אָנפאַל געקריגען, זאָגט מיר, וואָס איהם איז, וואָס איז געשעהן?״ רעדט ער שטיל; דען אָן געזיכט איהרען האָט ער דערקענט, אַז זי האָט נישט אַלצדינג אויסגעזאָגט.

„אינדערפריה היינט איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַם. דער פּאָסט-מענש האָט עס מיר איבערגעגעבען פאַר׳ן הערר דירעקטאָר. פון גינ-טערסטאָל איז עס געווען. האָב איך עס איהם אַריינדערלאַנגט צו דער קאַווע. אַז כ׳האָב שוין געהאַלטען ביים אַרויסגעהן, האָט ער פלוצלונג אָנגעהויבען צו ציטערן, עפּעס אַ זאָג געטון און איז אומגעפאַלען, און דאָס פרייליין האָט גענומען שרייען און וויינען, באַלד האָבען מיר איהם אַריינגעלייגט אין בעט אַריין... ענטשולדיגט מיך אָבער, כ׳מוז שוין צוריק אַריין, מאַכען אַייז-קאָמפּרעסען!״

די טיר האָט זיך צוגעמאַכט הינטער איהם און ער איז געבלי-בען שטעהן, ווי פון דונער געטראָפען.

וואָס ער האָט דאָ דערהערט אַצינד, האָט איהם שרעקליך בע-אונרוהיגט. ער האָט שוין מעהר קיין לוסט נישט געהאַט צו געהן אין גאָרטען אַריין און צו לייענען, נאָר האָט גענומען פּאַמעליך אומגעהן אויף און אָב איבערן צימער און געגריבעלט זיך אין דעם, וואָס ער

האָט געהערט אַצינד. ער האָט אַ וואָרף געטון דעם שטרוי-הוט אויפ׳ן בעט און זיך אויסגעצויגען אויף דער סאָפּע.

דאָס איינע נייעס: „אַ דעפּעש פון גינטערסטאָל״, דאָס האָט איהם פיל מעהר אויפגערעגט, ווי דאָס פּלוצלינגע אַוועקפאַלען פון זיין ליבען לעהרער. אויף וויפיל ס׳האָט איהם נישט וועה געטון, וואָס ער איז קראַנק געוואָרען, אויף וויפיל ס׳האָט איהם נישט וועה געטון, וואָס די ביידע פּרויען דאַרפען אַצינד אַלץ אויסשטעהן און ליידען צוליב דעם פּלוצלינגען קראַנק ווערען פונ׳ם פערעהרטען דירעקטאָר, דאָך האָט זיך די פאַנטאַזיע זיינע אין אָט אָ דעם אויגענבליק מעהר פון אַלץ בעשעפטיגט מיט דער אורזאַך פון אַלעם דעם, מיט׳ן אינהאַלט פון דער טעלעגראַמע. ער האָט זיך גענומען משער זיין די אַלע מעגליכקייטען, וואָס האָבען געקאָנט ברענגען דערצו. בערגער האָט נישט געהאַט אין גינטערסטאָל קיין שום קרובים, ער האָט אָבער געהאַט דאָרט גוטע, ליבע פריינד.

פילייכט אַ טויט-צופאַל?...

פילייכט אַ שלעכטע בשורה וועגען דער שולע זיינער?

נאָר וויפיל ער האָט זיך נישט געוועהרט קעגען דעם, האָבען זיך די געדאַנקען זיינע, ווי פון אַ געהיימניספולער, דעמאָנישער מאַכט געטריבען, זיך אַלץ פערנומען אין אַ בעשטימטער ריכטונג, וואָס דער, מיט אַ צייט צוריק אונטערדריקטער חשד זיינער האָט עס זיך אין זיין מח שוין פון לאַנג געהאַט פאַרגעשטעלט. עס איז אויסגעקומען, אַז אַלע זיינע השערות האָבען זיך צו איין איינציגען פּונקט געצויגען, האָבען זיך אין דעם איינציגען חשד פעסטגעזעצט.

דאָס אַקציען-אונטערנעהמונג...

ער האָט אָבער דערין גאַנץ ווינציג פערשטאַנען, אַנישט וואָלט ער דאָך געמוזט וויסען, אַז אַ דורכפאַל פונ׳ם גאַנצען אונטערנעהמונג איז גאָר נישט מעגליך. ווייל ער איז אָבער געוועזען אין דעם אינגאַנצען אַ לאַיע *), איז ער דעריבער אָבהענגיג געוועזען בלויז אָן דער פערטרויטקייט אויפ׳ן פאָטער זיינעם און זיין עהרליכקייט און פינאַנסטיכטיגקייט. אָט אָ דאָס פערטרויטקייט האָט אַיינגעשטילט זיין צווייפעל און האָט זיין חשד געלעהמט, אויף אַזויפיל, אַז אין דער לעצטער צייט

*) לאַיע — נישט-געלערנטער, נישט קיין זאַך-קענער.

האָט ער אין די בריף צום פאָטער זיינעם פונ׳ם אונטערנעהמונג כמעט נישט דערמאָהנט. איין איינציג מאָל נאָר האָט זיך דורך יענער בערזען-צייטונג דער צווייפעל זיינער צוריק געהאַט דערוועקט, אַצינד אָבער האָט זיך שוין זיין חשד פעסט אָנגעקלאַמערט אָן דער היינטיגער דע-פעש, זיין פערנומענע לייכט-אויפרייצענדע פאַנטאַזיע האָט זיך שוין אויסגעמאָלט, וואָס פאַר אַ פאָלגען עס וועט ברענגען דער קראַך פונ׳ם גאַנצען אונטערנעהמונג.

און ווען זיין פאָטער זאָל אפילו נישט שולדיג זיין דערין, צי האָט ער דען נישט דערצו צוגעהאָלפען מיט דעם אַליין, וואָס ער האָט זיך דערין בעטייליגט אַלס הויפט-אַקציאָנער? האָט ער דען נישט מיט זיין אָנטייל-נעהמען אין אָט אָ דעם אונטערנעהמונג בערגערן גע-ברענגט דערצו, אַז ער זאָל אַריינלייגען אין די אַקציעס דאָס גאַנצע פערמעגען פון דער טאָכטער זיינער? צי האָט נישט אויך דער פאַסטאָר מאַנצאָוו צוליב דעם אַריינגעשטעקט אַ גרויסען טייל פון זיין פערמעגען דערין? און וויפיל שווער-אויסגעהאָרעוועטע קוים-אָבגעשפּאָרטע געלטער פון געמיינע לייט? און די אַלע זענען געווען איינגעגלויבט, אַז מיט׳ן אונטערנעהמונג וועט דאָס קליינע שטעדטעל אויפלעבען. און דאָס אַלצ-דינג איז געקומען אינדירעקט דורכ׳ן פאָטער זיינעם.

און וואָס דעמאָלט, אויב גרעטע בערגער און מאַנצאָוו האָבען דערין דאָס פערמעגען זייערס פערלוירען? וואָס דעמאָלט?

וואָס וועט דעמאָלט ווערען פון איהם? איז דער פאָטער זיינער נישט אינדירעקט דערין שולדיג? מילא ער אַליין קאָן נאָך דעם גרוי-סען אָנוועהר דערפון אַרויסנעהמען דורך אַנדערע אונטערנעהמונגען, אָבער בערגער און מאַנצאָוו? וואָס וועט דערויף גרעטע רעדען, וואָס וועט דערויף זאָגען ריכאַרד זיינער, דער ליבער, טרייער ריכאַרד זיינער?

דאָס אַלצדינג, וואָס ער האָט זיך אַצינד אויסגעמאָלט אין זיין אַנגסטיגער פאַנטאַזיע, איז אַזוי שלעכט אויסגעפאַלען, אַז ער האָט זיך גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלען די אייגענע צוקונפט זיינע אָהן אָט אָ די מענשען, וועלכע זענען איהם אַזוי ליב און טייער.

דאַן בלייבט דאָך פאַר איהם שוין מעהר קיינער נישט איבער, אויסער דער פאָטער זיינער און קעניגסבערגער!

ביי אָט אָ דעם לעצטען נאָמען האָט אין איהם ווידער אויפגעטויכט אַ נייער שרעקליכער חשד.

ווי איז, אויב נישט דער פאָטער זיינער איז דערין שולדיג, נאָר — און פאַר די אויגען זיינע האָט זיך בעוויזען קעניגסבערגערס ברייטע, שלויע, פויליש-יודישע פוקסען-געזיכט, וואָס שמייכעלט אַזוי צופרידען — בעת עס האַנדעלט זיך וועגען עפּעס אַ ראַפינירטען בערזען-קו *) — וואָס דעמאָלט, וואָס דעמאָלט?

דאָ איז אין איהם אויפגעגאַנגען אַזאַ אומבעשטימטע עמפּינדונג, אַזוי ווי ער וואָלט פאַר זיך געזעהן אַ אונענדליכע פלאַכקייט פון אַנ׳-איינטעניגער גראָהקייט, אָהן פאַרב, אָהן ליכט, אָהן דופט. דעמאָלט האָט ער ערשט דערפיהלט דיביידע ווערטער, וואָס האָבען פאַר איהם געהאַט אַזאַ זעלטזאַמען קלאַנג פון פערצווייפלונג; יאָ, דעמאָלט, דע-מאָלט... אָט דעמאָלט איז שוין טאַקי אַלצדינג אויס פאַר איהם.

ער האָט נאָך אַצינד אַליין נישט געוואוסט, וואָס דאָס האָט פאַר איהם צו בעטייטען, ער האָט נאָר געפיהלט, אַז אָט אָ די ווערטער ברענגען פאַר איהם אַ שרעקליכע צוקונפט, אַ פערצווייפלונג און אַנגסט אָהן שום אויסגאַנג און סוף, מיט בלוטיגע טרעהרען...

אינדעם האָט דער זייגער אויסגעשלאָגען איינס.

צָט אָ דער ראַצעדיגער טאָן האָט איהם אויפגעוועקט פון די גע-דאַנקען זיינע. ער איז אויפגעשטאַנען און ווי אין גייסט אָבוועזענד האָט ער צוגעהאָרכט, ווי דער טאָן איז אַלץ שוואַכער געוואָרען און האָט זיך באַלד אינגאַנצען איינגעשטילט. דערביי דאַכט זיך איהם אויס, אַז דער טאָן האָט אַזוי טרויעריג אָבגעקלונגען, אַזוי אונגעוועהנליך טרויעריג.

ער איז פּאַמעליך אַרונטער די טרעפּ. נאָר ווידער פערנעהמט ער אָט אָ די פערקלעמענדיגע שטילקייט אינ׳ם הויז דאָ, אַז ער האָט אינסטינקטיוו אַליין פערלאַנגזאַמט און געדעמפּט די טריט זיינע און זיך געהיטען קיין גערויש נישט צו טון, נישט צוצושטערען דאָ די רוהיגקייט. דערנאָך איז ער אַדורך איבערן פאַר-גאָרטען און איז אַרויס אין דער גאַס אויפ׳ן לאַנד דאָ. היינט האָט ער געוואָלט מיטאָג עסען אַליין, נישט צוזאַמען מיט דער גרויסער צאָהל בעקאַנטע, מיט וועלכע ער האָט זיך דאָ בעקענט אויף דער זומער-וואוינונג. ס׳האָט זיך איהם אַצינד נישט געוואָלט זיין אין קיין געזעלשאַפט, ווייל ער וואָלט נישט

---

*) קו (Coup) — קלאַפּ, קונץ, איבערראַשענדע האַנדלונג.

אימשטאַנד געווען מיט זיי צו רעדען, אַז זיי וועלען זיך ווענדען צו איהם, און נישט מיטלאַכען מיט זיי, אַז זיי וועלען לאַכען.

נאָכ׳ן מיטאָג איז ער אַוועק זיך שיפען, כדי זיך צוצושטרייען אַ ביסעל. ווי אַ מחנה אָנגערייצטע הינט האָבען זיך די געדאַנקען זיי־גע נאָכגעיאָגט נאָך דעם לאַנגגאָניגען חשד זיינעם, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסקריגען אויס דעם אָנגעלויף פון קומערנישען און פיינליכע מחשבות.

ערשט אַצינד, ווען ער האָט די רודער פעסט אין וואַסער אַריין פערנומען, אַזוי אַז ער האָט זיי קוים מיט מיה געקאָנט אַרויסשניי־דען פון דער טיפעניש, דעמאָלט ערשט האָט זיך פון איהם אָבגעטון זיין אומרוהיגקייט. ער האָט געמוזט זעהן די רודער צו האַלטען אינ׳ם וואַ־סער וואָס מעגליך פערפענדיקוליאַרער, אַז ער זאָל נישט פערגעהן צום געמויזעכץ; אַז ער זאָל מיט די רודער גלייכמעסיג בעוועגען, כדי דאָס שיפעל זאָל זיך נישט אַ בייג טון אויף אַ זייט א. ד. ג. און צו־ליב דער אונגעשיקטליכקייט זיינער, איז ער געוואָרען אַזוי אויפמערקזאַם, אַז דער חשד מיט די שרעק־פאָרשטעלונגען האָבען זיך איהם צוריק פערגראָבען אונטער דער שוועל פונ׳ם בעוואוסטזיין.

אַז ער איז צוגעקומען אין מיט פון האַוועל*), האָט ער איינגע־האַלטען די רודער, דאָס שיפעל האָט זיך גענומען זאַנפט שאָקלען, און באַלד איז עס געבליבען רוהיג שטעהן. ער האָט די הענט פער־לייגט אויף די קניה און זיך אַריבערגעבויגען מיט׳ן אויבערשטען טייל קערפער.

אַזוי זיצענדיג קוקט ער זיך מיט שטאַרע אויגען צו צום וואַסער. דאָס וואַסער ליגט אויסגעשפרייט ווי אַ גאָלדיג גלאַנצענדיג פלאַך, וואָס זויגט אין זיך דורשטיג איין די מיליאָנען זונען־שטראַהלען און שי־מערט ווייט אַוועק מיט פרעכטיגען פייכטען גאָלד.

ווען ער האָט זיין בליק געלאָזט לויפען איבער דעם ווייטען, שפיגעלדיגען וואַסער־פלאַך, האָבען איהם רעפלעקטירט פאַר די אויגען אַזויפיל בלישטשענדיגע פונקען, אַז ער האָט דערפון כמעט אַ וועהטאָג דערפיהלט. דאָרט הינטען שניידט זיך שוואַרץ אַרויס דער פיכטען־וואַלד צום קלאָרען, בלויען הימעל מיט שאַרף געשפיציגטע צווישען־ליניען,

*) האַוועל — אַ טייך ביי דער עלבע, וואָס געהט אַרויס פון דאַמבעקער זעע.

און דאָרט גאָר ווייט, אויף דער אַנדערער זייט, שפּיגעלט זיך דאָס אויסגעשפּרייטע לאַנד ווי אַ שמאָלער, גרינער פּאַס איבערן וואַסער. אין דער דופּטענדער, זוניגער לופט טאַנצען אום גראַציעז איבער דעם וואַסער די בלויע און גרינע גלאַנצענדיגע ליבעלען *) און שטעלען זיך אָב אויפ׳ן ראַנד פון שיפעל, וויגענדיג זיך הין און הער מיט׳ן שלאַנ-קען קערפּער; פליגען זשומען רעשדיג אין דער זאַנפטער שטילקייט, און די גאַנצע נאַטור אַרום ליגט דאָ אַ זאַנפטע אויסגעשפּרייט אין וואונדערפולער רוהיגקייט. דער ווינט ליגט דאָ ווייט אויסגעשטרעקט און שלאָפעדיג אויף דעם וואַסער און דער׳שטיקט מיט׳ן גלעטענדיגען אָטעם-הויך יעטוועדען מינדסטען ווועלען-הייב. עס האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי דאָס וואַסער וואָלט אויך אַיינגעשלאָפען מיט אַ טיפען זומער-שלאָף, אַ זומער-שלאָף אין זונען-גאָלד.

אינדעם דערזעהט ער, ווי ס׳קומט פּאַמעליך אַהער צושווימען אַ וואַסער-רויז.

אָהן בעוועגונג, ווי אַ טויטער אויף דעם רוקען, שווימט אָן פּאַרביי איבערן פלאַך דאָס העל-גרינע בלאַנקע ריזיגע בלאַט פון דער וואַסער-רויז.

עס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ ברייט צודריקט האַרץ, אויף וועמעס שלאַנקען שטענגעל ס׳העגנט שמאָלץ די וואַסער-רויז, ווי פערשעמט מיט די בלייכע עלפענביין-בלעטער פונ׳ם גרינעם בלאַט-שלייער אַרומגענו-מען.

ער האָט אַ ריס געטון דאָס שלאַנקע רויזען-שטענגעל, אַז דאָס האַרץ-פאָרמיגע ברייטע בלאַט האָט זיך אַ שאָקעל געטון און זיך אָב-געשטעלט. אַז ער האָט גענומען די רויז אין דער האַנט אַריין, האָט דאָס גרינע בלאַט-האַרץ נאָך אַלץ געציטערט פונ׳ם געוואַלטזאַמען ריס. באַלד איז עס וואַקלענדיג און ציטערנדיג אַליין אַוועקגעשוואומען ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען ער איז געגאַנגען אַרום האַלב פיר נאָך מיטאָג איבער דער גאַס דאָ אויפ׳ן לאַנד, וואָס פיהרט צו דער ווילע שרעטער, דערזעהט ער פון גאָר ווייט, ווי האָרסט עפּענט אויף די גאָרטען-טיר און געהט

---

*) ליבעלען — שיינע, שלאַנקע רויב-אינזעקטען, וואָס לעבען אין וואַסער און אנדערע אין דער נאָהענט ביי אַ וואַסער.

אַריין אינעווייניג אינ׳ם הויז אַריין. ער האָט גענומען פערגיכען די טריט זיינע, כדי צו זעהן, צי מען וועט דעם פוקס אויפנעהמען אָדער מען וועט איהם אויך נישט אַריינלאָזען. האָרסט איז שוין אָבער נישט אַרויסגעקומען צוריק.

לעאָ האָט גענומען דורכגעהן דעם גאָרטען אינ׳ם הויז אַריין. פיליכט איז דער פוקס אַרויפגעגאַנגגען צו איהם, אַז מען האָט איהם דאָרט נישט אויפגענומען. ער האָט איהם אָבער נישט געטראָפען, נישט אויף די טרעפּ, נישט אינ׳ם צימער ביי זיך. דאָס פערוואונדערט איהם שטאַרק. ער געהט צו צום פענסטער, כדי צו זעהן, צי האָרסט קומט נישט אַרויס צוריק פון דער הויז-טיר אונטען. עס געהט אָבער אַוועק פינף מינוט, צעהן מינוט, אַ פערטעל שעה...

ער שטעהט נאָך אַלץ אַ צורייצטער ביים פענסטער. איהם האָט מען נישט געוואָלט אויפנעהמען, און האָרסטען האָט מען יאָ אַריינגעלאָזט!

אינדעם בליצט אין אין איהם אויף אַ האָפנונג. פיליכט איז עס דעם דירעקטאָר אַצינד שוין בעסער געוואָרען, האָט מען דעריבער אָנגענומען האָרסטס וויזיט. אויב אַזוי, טאָר ער נישט אויסענבלייבען דאָרט.

אינ׳ם זעלבען אויגענבליק איז ער שוין מיט אַ שטאַרק קלאַפּענדיג האַרץ געשטאַנען פאַר דער טיר פון דער פּאַרטער-וואוינונג און געקלונגען. די דיקע דינסטמויד איז אַרויסגעקומען, זי האָט איהם אָבער דאָסמאָל געלאָזט שטעהן אין דער אָפענער טיר, ווייל זי מוז פריהער געהן פרעגען „דאָס פריילייין”. באַלד דערויף דערהערט ער געדעמפט פונ׳ם נעבען-צימער אַ לעבהאַפט געשפּרעך און מיט אַ געמישט געפיהל דערביי דערקענט ער די אונטער-דער-נאָז-שטימע פון האָרסטען.

ענדליך האָט איהם די דינסט-מויד אַריינגעלאָזט.

עפּעס אַ באַנג געפיהל, עפּעס אַנ׳אַהנונג פון אַ פיינליכער אונזוויסקייט האָט איהם אַריינגעברענגט אין פערלעגענהייט. אַז ער איז אַריינגעקומען אינ׳ם צימער, צו וועלכען די דינטסט-מויד האָט איהם געעפענט די טיר, זעהט ער גרעטע בערגער שטעהט ביים פענסטער און האָרסט ווידער שטעהט ביים טיש, און מיט עפּעס אַ בעזונדער, כמעט אימפּערטינענט שמייכעלע אויפ׳ן געזיכט קרייזעלט ער זיך בערוועז די וואָנסען.

לעאָ האָט זיך פערנייגט פאַר גרעטען און האָרסטען דערלאַנגט

די האַנט, נאָר האָרסט האָט זיך געמאַכט נישט זעהענדיג און דער-ביי גענומען מיט ביידע הענט צוזאַמענקנייטשען אַ בלאַט, וואָס איז געלעגען פאַר איהם.

פלוצלונג דרעהט ער זיך צו איהם אויס מיט'ן רוקען. אין דער ערשטער מינוט איז ער פון אָט אָ דער אַסטעטאַטיווער *) בעליידיגונג אַזוי פערבליפט געווען, אַז ער איז געבליבען שטעהן אָהן ווערטער.

אָט דרעהט זיך האָרסט צו איהם אום פּאַמעליך און בערעכענט מיט אַ פעררייסענעם קאָפּ און ווי צוויי טויט-פיינד פערמעסטען זיי זיך מיט אַ טויטענדען האַס אין די אויגען. נאָר ער האָט זיך בעצוואונגען, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס ער האָט אַצינד צו איהם אַזאַ אונגעהויערען כעס דערפיהלט; ער געפינט זי דאָך דאָ אין אַ פרעמדער וואוינונג און אין געגעגוואַרט פון אַ דאַמע.

„איז מיר ערלויבט צו פרעגען, מיין גנעדיג פריילין, וואָס מאַכט אַצינד אייער פאָטער? כ'האָב ליידער היינט אינדערפריה געהערט, אַז ער איז קראַנק געוואָרען! איהר ווייסט דאָך, ווי הערצליך איך אינטערעסיר זיך מיט אַלעם, וואָס אָנבעטרעפט אייער פאָטער!"

זיין שטימע האָט אַזוי הייזעריג אָבגעקלונגען, אַזוי ווי ער וואָלט אַצינד געדאָרפען יעטוועדעס וואָרט אַרויסנייטען פון זיך. קוקענדיג, ווי זי דרעהט זיך אום צו איהם, בעמערקט ער, ווי טויט-בלאַס זי איז און ווי עס זענען די אויגען איהרע פערוויינט. ער האָט זי נאָך קיינמאָל נישט אַזוי געזעהן, דאָס גאַנצע קאַלטקייט און שטרענגקייט איז אַצינד פון איהר פערשוואונדען געווען און זייער אָרט האָבען פערנומען אַזעלכע ווייבליכע, ווייכע שטריכען.

ס'איז איהם נאָר נישט קלאָר געווען, וואָס אינ'ם בליק איהרען האָט אַזאַ אַנגסט געציטערט.

נאָר דאָס האַרץ האָט זיך איהם דערפון קראַמפּהאַפט צוזאַמענגעצויגען. לאַנגזאַם, מיט אַ פערשטיקטער שטימע האָט זי גענומען דערצעהלען, אַז דאָס איז דער פאָטער איהרער טאַקי זעהר שטאַרק נישט געזונד געוואָרען צוליב דער שרעק, וואָס איז איהם געשעהן, אָבער נאָך איידער ס'איז מעגליך געווען ווייטער צו רעדען, מישט זיך אַריין האָרסטס שאַרפע שטימע:

*) אַסטענטאַטיוו — בערעכענט דערויף צוצוציהען אויף זיך דעם בליק.

„פּערצייהט, פריילין גרעטע, וואָס איך שלאָג אייך איבער. ביטע, אויב איהר ווילט איבערלייענען!" און ער ווייזט אָן מיט דער האַנט צום בלאַט, וואָס ליגט אויפ׳ן טיש, און דערביי איז עס אויס־געקומען ווי אַ גראָבע איינלאַדונג צו וואָלפען, ער זאָל עס דורכליי־ענען.

לעאָ נעמט דאָס טעלעגראַם און לייענט.

„אַקציעס אינגאַנצען אָהן ווערט. דאָס אונטערנעהמונג פּאַראויס באַנקראָט געווען. שטאָדט אין גרויס אויפרעגונג. אַלע בעשולדיגען וואָלף מיט קעניגסבערגער. בריף קומט. גרוס.

מאַנצאָוו."

ער האָט עס דאָך געאַהנט. ער האָט עס דאָך געאַהנט!

אַצינד טאָר ער אָבער נישט קיין שוואַכקייט אַרויסווייזען, נאָר נישט דאָ הינען, וואו עס שטעהט פאַר איהם גרעטע בערגער, און האָרסט מיט דעם אימפּערטינענטען שמייכעל קוקט זיך צו, וואָס פאַר אַ ווירקונג די טעלעגראַמע מאַכט אויף איהם!

נאָר קיין שוואַכקייט נישט אַרויסווייזען! און ער האָט צוזאַמענ־געקריצט מיט די ציינער, אָבער די ערשטע ווערטער זיינע האָבען אָב־געקלונגען ווי אַ פערשטיקט שלוכצען. די ערשטע עטליכע סעקונדען איז ער אַזוי צומישט געוואָרען, אַז ער האָט גאָר נישט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט איהם, וואו ער געפינט זיך, צי ער זיצט, צי ער שטעהט, און צי איז ווער נעבען איהם דאָ. ווי אין גייסט אָבוועזענד, האָט ער מיט שטאַרע אויגען אויפ׳ן פאַפּיר געקוקט.

קיינער האָט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט.

מיט מיה האָט ער קוים געקאָנט אָבעטעמען, זיך פאַסען.

ער האָט זיך צוגעווענדט צו גרעטען, און מיט אַ שטימע, וואָס האָט געציטערט פון אויפרעגונג, האָט ער זי געבעטען, זי זאָל אי־בערגעבען דעם פאָטער איהרען דעם געזעגענונגס-גרוס פון איהם. ער וועט נאָך דעם היינטיגען אָוועגד אַהיימפאָהרען און זעהן, צי ער קאָן נישט עפּעס טון דערפאַר. וואָס ער האָט געמיינט מיט דעם, דאָס האָט ער אַליין נאָך נישט געוואוסט.

„איהר מעגט זאָגען מיין הערר דירעקטאָר, אַז דער אונטערגאַנג פון׳ם אונטערנעהמונג האָט מיך טיפער געטראָפען פאַר אַלעמען. ער האָט דערביי פערלוירען אייער פערמעגען, מיין גנעדיג פריילין. דאָס קען איך נאָך פיללייכט פאַר אייך צוריק קריגען. איך וועל עס

טון! אָבער איך פערליר היינט פיל מעהר! איך קאָן אַייך דאָס אַלצ-דינג נישט איבערגעבען, נאָר איך פיהל זיך אַצינד, אַזוי ווי פון איצט אָן וואָלט ביי מיר אַלצדינג אויס געוואָרען, אַלצדינג אויס. ווען איהר ווערט שפעטער צוגעהן צום קראַנקען-בעט זיינעם, קושט איהם אין מיין נאָמען מיט עהרפורכט די האַנט!"

דערביי האָט ער זי אָנגענומען ביי דער רעכטער האַנט, וואָס איז שוואַך אַרונטערגעלאָזט געווען. זי האָט עס איהם געלאָזט טון, זייענדיג אָהן ווילען, און ער האָט זי געקושט און דערביי זעגען איהם טרעהרען אין די אויגען אַריין געקומען. זי דערפיהלט די ווארימע טראָפּענס אויף דער קיהלער האַנט איהרער, און די הייסע, ציטערנדע ליפּען; זי קוקט אויף דעם טונקעלען קאָפּ, וואָס האָט זיך דאָס ערש-טע מאָל אַזוי טיף אַראָבגעבויגען פאַר איהר, און אַ זאָנדערבאַר גע-פיהל, פון וועלכען זי קאָן זיך גישט קיין רעכענונג אָבגעבען, נעהמט דורך די ברוסט איהרע. זי האָט אָבער נישט אויסגעגעבען מיט קיין איין קלאַנג איהר אויפרעגונג דערביי.

בלויז דאָס געזיכט איהרס איז נאָך בלייכער געוואָרען, ווען ער איז פונ'ם צימער אַוועק.

האָרסט האָט זיך נאָך אַלץ געקרייזעלט די וואָנסעס. אָט אָ די סצענע איז איהם פאָרגעקומען „שרעקליך סענטימענטאַל".

## זעקסאונצוואַנציגסט קאַפּיטעל.

דער צוג האָט זיך פּאַמעליך געריהרט.

דער גרויסער, קיילעכדיגער זייגער אויפ'ן אַנהאַלטער באַהנהויף האָט האַרט און מעטאַליש אויסגעשלאָגען די אַכט קלעפּ זיינע. לעאָ האָט מעכאַניש נאָכגעצעהלט די קלעפּ, און אַז ער איז צוגעקומען צו דער צאָהל אַכט, האָט ער זיך אויף אַנ'אויגענבליק דערמאָהנט אָן העלענען.

אַרום אָט אָ דער צייט קומט זי פונ'ם געשעפט אַרויס, כּדי זיך צו טרעפען מיט איהם.

אָבער באַלד איז די ערינערונג אָן איהר צוריק פערשוואונדען אינ'ם ים פון זיינע כאַאָטיש אַרומווימלענדיגע עמפּינדונגען און געדאַנקען. דאָס בעוואוסטזיין זיינס האָט דורכגעטאַנצט בלויז אַנ'איינציגען געדאַנק איבער דער שוועל אַרויפגעבערענגט, דעם געדאַנק איבער דער צוקונפט זיינער.

און נישט דערפאַר, ווייל אָט אָ דאָס האָט זיך איהם קלאָר פאַר'ן אינווייניגסטען אויג פאָרגעשטעלט. ער איז אַצינד נישט פעהיג געווען רוהיג און קאַלט צו טראַכטען, אינ'ם כאַאָס פון זיין מח האָבען זיך נאָר דורכגעוואָרפען שטיקלעך און ברעקלעך, לייכטע עמפינדונגען, בליץ-שנעל פערשווינדענדע געדאַנקען, איבערלעבונגען פון די לעצטע וואָכען, זיין קינדהייט; דאַן האָט זיך איהם אויסגעמאָלט, כּמעט פּלאַסטיש אָננעהמעוודיג, עפּעס אַ סצענע, נאָר ער האָט אונמיטעלבאַר נישט געקאָנט פערשטעהן דעם אינהאַלט איהרען; אינצווישען האָט איהם עפּעס אַ מעלאָדיע אין די אויערן אָבגעקלונגען, וואָס ער האָט עפּעס אַמאָל געהערט, עפּעס אַ מעלאָדיע פון אַ געמיין גאַסען-לידעל, וועלכעס האָט גאָר נישט געפּאַסט צו דער שטימונג זיינער אַצינד און

וואָס האָט אַלע זיינע געדאַנקען אַריבערגעשריגען און זיך אַריינגעגנב׳עט אין די ריינסטע עמפינדונגען זיינע...

אין דער צייט ווען ער האָט זיך, כמעט ציטערנדיג פון קעלט, אין אַ קופע-ווינקעל צוזאַמענגעדריקט, האָבען ווייזעלנווייז זיינע פער-טריקענטע ליפּען געמורמעלט עפּעס ווערטער אָהן שום צוזאַמענהאַנג, יוועלכע זענען, ווייזט אויס, געשטאַנען אין אַ טונקעלער בעציהונג צו דעם בעוואוסטזיין-אינהאַלט, וואָס האָט אַלעמאָל אין איהם אויפס ניי אויפגעטויכט. ער האָט צומאָלס נישט געשפּירט אַצינד דאָס גליק זיינס, וואָס ער פערנעהמט איינער אַליין אַ קופּע. ס׳איז איהם אַלצדינג אַצינד גלייכגילטיג געווען, אַזוי אַפּאַטיש האָט ער זיך געפיהלט און מיט שטאַרע אויגען ערגיץ געקוקט פאַר זיך...

בלויז אַנ׳איינציג געפיהל האָט ער קלאָר און דייטליך פערנומען: אַ פירכטערליכע אַנגסט פאַר דער צוקונפט. פאַרוואָס אייגענטליך, דאָס וואָלט ער זיך אַצינד אַליין נישט געקאָנט דערקלערען; ער האָט נאָר געפיהלט, אַז קוים דערגרייכט ער ביים פאָטער זיינעם, וואָס ער וויל, וועט ער דעם טרויס זיינעם פון דער עטישער רעפאָרמאַציאָן ביי יו-דען מיט זיין אייגענער פּערזאָן פערווירקליכען. אַצינד שטעהט ער פאַר דער הויפּט-פּראָבע פון זיין לעבען, אַצינד מוז ער זיך אָבזאָגען פון איהם! וואָס וויל ער אייגענטליך פון איהם, דאָס איז איהם נאָך אַלץ נישט קלאָר. צום ערשט האַנדעלט עס זיך אין דעם, וואָס ער מוז אַרויסרעטען דאָס פערלוירענע פערמעגען פאַר די מענשען, וואָס זענען איהם אַזוי ליב.

דערביי קומט איהם פאַר די אויגען דער אַלטער פּאַסטאָר און דאַן ווידער זיין פריינד ריכאַרד. און דאָסמאָל וועקט זיך אין איהם ווידער דאָס טונקעלע געפיהל אויף, אַז דאָ האָט אויך געמוזט אַ ריס ווערען, אַ ריס אין דער פריינדשאַפט פון ריכאַרדען צו איהם. אויף וויפיל ער מעג זיין פריי פון פּאָראורטיילען, פונדעסטוועגען מוז אַצינד פאַלען אַ טריבער שאָטען אין דער פריינדשאַפט זייערער, ווען איינעמס פאָטער האַלט דעם אַנדערנס פאָטער פאַר אַ שווינדלער. אַצינד וועט עס צווישען זיי אויך — אויס ווערען.

ביים וואָרט שווינדלער, וואָס לעאָס ליפּען האָבען פאַר זיך הויך געמורמעלט, איז איהם אַ קאַלטער שוויס אויפ׳ן שטערן אַרויסגעקומען. שווינדלער!

אָט האָט ער עס אַרויסגערעדט! אָט אָ דאָס וואָרט האָט איהם

אַזוי וואַהנזיניג געשראָקען. ער פיהלט עס שוין פון דעם ערשטען אוי-גענבליק אָן, ווי ער האָט דערהערט וועגען דורכפאַל פונ׳ם אונטער-נעהמונג. ער האָט עס געשפירט ווי אַ באַנג, קרענקליך אַנגסט-געפיהל פאַר עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן קיינמאָל נישט פערהיילט ווערען, וואָס מוז מיט אַנ׳אייזערנער נויטווענדיגקייט אָנקומען. ער האָט עס באַלד דעמאָלט דערשפירט, ווען ער איז געשטאַנען קעגען גרעטען מיט האָרסטען. איהם האָט זיך אויסגעדאַכט, אָט שליידערן זיי עס איהם אין געזיכט אַריין, אָט רופען זיי אַזוי אָן דעם פאָטער זיינעם. נאָר ער געפינט אַיין, אַז האַלב פון גרויזאַמקייט וועגען, האַלב פון העפליכ-קייט וועגען האָט מען עס נישט געוואָלט אַרויסזאָגען. דאָס איז אָבער נאָך פיל ערגער, אַז מען האַלט עס אין זיך. און אָט דערין שטעקט דער הומאָר פונ׳ם גאַנצען געשעהעניש, אָט קומט עס אויפ׳ן זינען אַרויף דעם זוהן, דעם ליבענדען, בראַוון דאַנקבאַרען זהן, אָט אָ דאָס „עהרליכע" וואָרט און קלאַמערט זיך אָן איהם אַיין מיט דער תאוה פון יענעם גלח, וואָס שמייסט זיך אַליין אָן, צו דער רוט, און ווי יענער פייניגט ער זיך אַליין מיט אָט דעם וואָרט. ער האָט נאָך אַלץ ווי אין גייסט אָבוועזענד, מיט שטאַרע אויגען ערגיץ געקוקט פאַר זיך.

דער צוג לויפט אַלץ דורכאַנאַנד. ס׳איז צוגעפאַלען די נאַכט, און ער האָט עס גאָר נישט בעמערקט. ס׳איז אָנגעצונדען געוואָרען דאָס קליינע לאַמטערנדעל אין דער מיט פונ׳ם קופּע-ווינקעל, ס׳האָבען נאָך דאָ אָבגעקלאַפּט די טריט פונ׳ם קאָנדוקטאָר, וואָס האָט דאָס לאַמ-טערנדעל אָנגעצונדען, נאָר ער האָט דאָס גאָר נישט בעמערקט.

דורך דעם אָפענעם פענסטער האָט מיט טויזענד אויגען די נאַכט אַראָבגעקוקט צום איינזאַמען דאָ, וואָס איז געלעגען אויסגעשטרעקט אויף דער קופּע-באַנק. די פרישע, געווירציגע זומער-לופט האָט דורכ-געיאָגט אינ׳ם קופּע און ווילענווייז אַריינגעטריבען גרויע רויך-שטיקער פונ׳ם לאָקאָמאָטיוו-דאַמפּ. דער הימעל ליגט אויסגעשפרייט אַ שוואַרץ-בלויער, און אָהן שיער שטערען בלישטשען מאַטע אָדער העלע, ווי קינ-דערשע אויגען פאַרן שלאָף. איבערן גאַנצען הימעל האָט זיך נישט קיין וואָלקענדעל געזעהן און נישט פערשטעלט מיט זיך דעם לייכטען גלאַנץ פון קיין איינציגען שטערן. אַ גרויסע און פולע גלאַנצט, אין רוהיגער איינזאַמקייט, דאָס זילבער-ראָד פון דער לבנה, און עס דאַכט זיך אויס, אַז פון די בלייכע שטראַהלען איהרע וועהט אַרויס אַ לייכטע

קעלט. ווען דער צוג טראָגט זיך דורך דורך אַ וואַלד, ווייזט זיך אויס, ווי די טונקעלקייט ווערט נאָך שטאַרקער און זי רייסט אויף די שוואַר-צע אויגען איהרע און דרינגט זיי אַיין נאָך טיפֿער אין דער נאַכֿט אַריין. טיילמאָל הערט זיך אַ קלאָגענדיג רוישען פֿון די ביימער, און דורך די טעלעגראַפֿען-דראָטען אין ביידע זייטען פֿונ׳ם צוג זשומעט עס ווי אַ שווערער, באַנגער זיפֿץ, און ווען עס פֿאַלט אויף זיי אַ לבנה-שטראַהל, בליצט דאָרט אויף אַזאַ ווייסקייט. און דורך אַלעם ברומט אָב אין דער נאַכֿט דאָס איינטעניגע רעדער-געקלאַפֿעריי און סאַפֿען פֿון צוג, אַז עס הילכֿט אָב פֿייגליך אינ׳ם קאָפֿ פֿונ׳ם ליגענדען דאָ. באַלד ווי דער וואַלד רייסט זיך איבער און אַ פֿרייער, ווייטער שטח בע-גריסט שטילשווייגענד דעם צוג, דאַן זעהט עס אויס, אַזוי ווי די טונקעלקייט וואָלט זיך צוריקגעצויגען, גלייך זי וואָלט זיך בעסער ווע-לען אינ׳ם וואַלד פֿערבעהאַלטען, און אַ בלייכֿע דעמערונג איז פֿער-שפֿרייט געוועען איבערן גאַנצען שטח, און אין דער ווייטעניש אַריין האָט זי זיך אַוועקגעצויגען אַליין בלייכֿער און בלייכער, ביז זי האָט זיך פֿערלוירען גאָר הינטען ביים האָריזאָנט אין אַ פֿאָרמלאָזער איינערליי-עדיגער גראָהקייט. עס פֿליהט פֿאַרביי איין וועכטער-הייזעל נאָכֿ׳ן אַנדערן, איין דאָרף נאָכֿ׳ן אַנדערן. אין איינצעלנע הייזער זעהען זיך נאָך טייל-מאָל פֿייערלעך און שיינען און פֿלאַקערן אומבלאָנדזשענדיג און רויט-גליהענדיג אין דער מאַטער נאַכֿט, ווי גרויסע, בראַנד-רויטע אויגען. און אַז דער צוג נעהמט דונערן פֿאַרבייאַיילענדיג איבער אַ בריק, דאַן גענעצט דאָס אויס אַנטקעגען איהם אַ טיפֿע טונקעלקייט, בלויז איינציגע ברייטע פֿאַסען פֿונ׳ם לבנה-שיין גלאַנצען זילבערן פֿון דאָרט אַרויס. אַ פֿיינער דופֿט פֿונ׳ם בלייכען וואַסער-דאַמפֿ שוועבט צופֿלאַטערנדיג און זיך צוזאַמענוויקלענדיג איבער דעם שפֿיגעל-פֿלאַך, און געזעהען פֿון ווייטענס, נעהמט עס אָן אַזעלכֿע ריזיגע געשטאַלטען, אַזוי ווי דאָרט וואָלטען, אינ׳ם לבנה-שיין, געשפֿענסטישע פֿאַנטאָמימען אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען. ווען דער צוג פֿלעגט זיך דערנעהנטערן צו אַ סטאַציע, פֿלעגט קלאָגענדיג און אויסגעצויגען אָבהילכֿען אין דער נאַכֿט אַ פֿייף פֿונ׳ם לאָקאָמאָטיוו, בעגלייט מיטען אויסעטעמען פֿונ׳ם דאַמפֿ און מיט׳ן פֿערלאַנגזאַמטען רעדער-געקלאַפֿעריי פֿון די וואַגאָנעס. דעמאָלט געהט לעאָ צו מיד צום פֿענסטער און קוקט אַרויס אויפֿ׳ן פֿעראָן, צו די בלייכֿע איבערנאַכֿטיגע, פֿאַרבלאָזע געזיכֿטער פֿון געצעהלטע נייע פֿאַ-סאַזשירען, צו די קעלנער, וואָס מוטען אָן מאַנאָטאָן מיט שלעפֿעריגע

שטימען אַלערליי שפּייזען, און שטאַרקט זיך נישט צו געגעצען. וויי־לענוויינ בעווייזט זיך אַ מיד געזיכט שלעפעריג און פערדראָסיג פון אַ קופּע אַרויס און הייסט זיך עפּעס דערלאַנגען מיט אַ פעראומערטען טאָן.

באַלד האָט זיך ווידער אַזאַ שטאַרקער פייף דערהערט, אַז ס׳האָט איהם אַזש וועה געטון דערפון, און דער צוג האָט גענומען ריהרען פון אָרט. מיט׳ן מאָנאָטאָנעם רעדער־געקלאַפּעריי פונ׳ם אייזענבאַהן־צוג האָבען זיך אַלץ געשטאַרקט די קאָפּ־שמערצען זיינע. אָהן אויפהער פלעגט יעטוועדער איינציגער וואַגאָנען־שטויס, דאָס כסדר׳דיגע קלאַפּען פון די רעדער, מיט אַ פיינליכען, שטעכעדיגען עכאָ אָבברומען אינ׳ם מח זיינעם, אַז ער פלעגט קרעכצענדיג היין און הער זיך וואַרפען, אויספּרובירען די פערשידענסטע לאַגעס און צוליב דעם קאָפּ־וועה־טאָג אויף קיין פאַל נישט קאָנען איינשלאָפען.ביים פאָהרען ביינאַכט פלעגט ער זיך אַלעמאָל אַזוי פיהלען, נאָר אַזוי שטאַרק, אַזעלכע נער־ווענע וועהטאָגען האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געליטען. ס׳האָט זיך איהם געלייגט אויפ׳ן מח ווי אַ שווערע לאַסט און אַנגסטיג איהם צו־געדריקט, און אין די שליפען האָט ער אַזאַ שטעכעניש געשפּירט, אַזוי ווי עס וואָלטען אונאויפהערליך, מיט אַ גרויזאַמער מאָנאָטאָנקייט, טויזענד נאָדלען זיך אין איהם אַריינגעשטאָכען און צוריק אַרויסגערי־סען. דערצו האָט נאָך צוגעבּרענגט, וואָס ער האָט פון נעכטען מי־טאָג אָן קיין ביסען אין מויל נישט געקאָנט נעהמען. דאָס האָט נאָך פערמעהרט דאָס שלעכט פיהלען זיך זיינס, חאָטש ס׳איז איהם אַצינד נישט אין זינען געלעגען, פון וואַנען עס נעהמט זיך דאָס איבעלקייט, וואָס שלאָגט איהם צום האַרץ. ער האָט אַצינד אַלצדינג פערגעסען, אַלע איינצעלהייטען פונ׳ם לעצטען טאָג, וועלכעס האָט איהם געפּיי־ניגט, צוליב די פיזישע יסורים, וואָס ער מוז אויסשטעהן; אַלס אי־בערבלייבעניש פונ׳ם גאַנצען יסורימדיגען מאַטערניש איז איהם פערבלי־בען דאָס שטאַרקע, פיזישע וועהטאָג־געפיהל, וואָס האָט זיך צוזאַמענ־געשמאָלצען מיט זיינע קערפערליכע ליידען.

אַזוי ליגט ער דאָ, ווי אַ דערשלאָגענער, טיילמאָל פריהרענדיג פון פיבער, טיילמאָל דערהיצט צום דערשטיקט ווערען, צווישען די אָפענע פענסטער פונ׳ם קופּע, דורך וועלכע עס וועהט דורך די פרישע נאַכט־לופט. ער קוקט שטאַר אויף דעם געלען קליינעם ליכט־פונק פונ׳ם קופּע־לעמפּעל אין ווינקעל ווי אַ טויטער מיט אָפענע אויגען, אַפּאַטיש, שלאָפלאָז, אָהן טרוים...

ער קאָן שוין נישט מעהר בעהערשען זיינע געדאַנקען. זיי קו־מען אָן, ווערען פערשוואונדען, אַ בונטער שטראָם פון פערפלאָנטער־טע ערינערונגען, דאָס איבערבלייבעניש פון פערשטאָרבענע אײנדרי־טען, אָהן אויסוואַהל, אָהן ציל, אָהן סוף. מיט פערהלש׳טע, אָפענע אויגען, לאָזט ער עס אויף זיך פערפלייצען. אַז ער האָט געוואָלט עפּעס אַנ׳ערינערונג איינהאַלטען און זיך בעסער צו איהר צוקוקען, זי זאָל איהם וואָס עס איז דערמאָהנען פון דער פערגאַנגענהייט זיי־נער, פלעגט זי גלייך פערשווינדען, פערדרענגט ווערען דורך אַנ׳אַנ־דערע, אַ קאַפּריערדיגע, און ער איז נישט אימשטאַנד געווען דעם מינדס־טען אַטאָם ווילען אויסצונוצען, ער זאָל זי קאָנען בעהערשען. און ווען ער האָט אויפגעהויבען די אויגען און זיך גענומען אײנקוקען אינ׳ם איינזאַמען, געשפענסטישען לעמפּעל אָדער גענומען אַרויסקוקען אין דער נאַכט אַריין, האָט ער נישט געוואוסט דעמאָלט, צי ער איז געשלאָ־פען, צי ער האָט געטרוימט, צי ס׳איז מיט איהם וואָס געשעהן. באַלד האָבען זיך ווידער געלאָזט פיהלען די פיזישע שמערצען זיינע, נאָך טאָפּעלט שטאַרקער, אַזוי ווי זיי וואָלטען געוואוסט, אַז ער איז נישט פערנומען אַצינד מיט קיין זאַך און האָט דעריבער גענוג צייט, דאָס גאַנצע ביטערניש זיינס צו געניסען.

ווי ער איז אַזוי געשטאַנען ביים פענסטער און אַרויסגעקוקט, נעהמט ער און שפּאַרט אָן דעם צוזעהטאָגטען קאָפּ זיינעם אויף דעם פערפּענדיקוליאַרען קאַנט פון פענסטער, אָבער דאָס שטענדיגע מאָנאָ־טאָנע טרייסלען און שאָקלען פונ׳ם וואַגאָן האָט נאָך מעהר פערשטאַרקט די שמערצען זיינע, אַז ס׳איז נישט מעגליך געוואָרען אַריבערצוטראָ־גען. ער האָט דאָס געפיהל געהאַט, ווי אָט באַלד מוז ער אומפאַלען פון מידיגקייט און וועהטאָג. ער האָט אָבער מיט די צייהן פערקריצט און זיך פעסט צוגעהאַלטען מיט ביידע הענט אָן דעם אָפענעם קופּע־פענסטער.

אָט האָט אַ ווינט־פאַל אַ בלאָז געטון אַהער אַריין, אַז ער האָט אַזש גענומען ציטערן פון קעלט, ס׳איז אַצינד קיהל געוואָרען די נאַכט־לופט. ער האָט זיך אָבער שוין נישט געוואָלט אַנידערלייגען אויף דער באַנק. דעריבער איז ער שטעהן געבליבען ביים פענסטער און אַרויסגע־קוקט צום הימעל. דאָ זענען שוין פיל שטערען אַזוי מאַט־העל געווען, אַזוי ווי זיי וואָלטען געהאַלטען ביים אויסלעשען זיך און האָבען נאָר ווײלענווייז געפּרובט אַ ביסעל אויפבלישטשען. און די טונקעלקייט

האָט ביסלעכווייז אַראָבגעוואָרפען דעם בלייכען, לבנה-גלאַנציגען שימער איהרען, וואָס האָט אויסגעזעהן, ווי דער ווינט וואָלט איהם אַראָבגעבלאָזען, ווי דעם פיינעם שטויב פון שמעטערלינג-פליגעל, און אויפ׳ן זעלבען אָרט האָט זיך גענומען בעווייזען אַ שלעפעריגע, אונאַנגענעהמע גראָהקייט. די דעמערונג זאָגט אָן דאָס אויפשטעהן פונ׳ם טאָג, און הינטען ביים האָריזאָנט האָט לעאָ טאַקי דערזעהן מיט די מידע, ברענעדיגע אויגען דעם ערשטען מאַטען שטרייף פון אַ ברודיגער ווייסקייט. און ווען דער צוג איז דורך אַ דאָרף פאַרבייגעלאָפען, האָט שוין לעאָ געקאָנט אויפהאַפּען עטליכע קאָנטורען פון די הייזער.

די רויהע מאָרגען-לופט האָט אויף איהם אַנגענעהם געווירקט. זי האָט געקיהלט דאָס הייסע געזיכט זיינס, און דער הייסער שטערן זיינער, וואָס האָט פיבערנדיג געברענט, האָט געשפּירט דאָס קיהלקייט ווי אַ דערלייכטערונג. אָבער גראָד צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך אַ ביסעל אָבגעפרישט און צו זיך געקומען, האָבען אין איהם ווידער גענומען אויפוואַכען די טריבע געדאַנקען זיינע, די זעעלישע וועהטאָגען, וואָס ער האָט נעכטען איבערגעליטען; און אַלץ מעהר און מעהר איז אין איהם קלאָר געוואָרען דאָס בעוואוסטזיין פון דעם אַלעם, און פון דעם, וואָס ער האָט געהערט, און וואָס איהם איז בעוואוסט געוועזען, און וואָס ער וויל פונ׳ם פאָטער זיינעם.

און ווידער איז איהם פאַר די אויגען געקומען די סצענע צווישען איהם מיט האָרסטען און גרעטען. ווען זיי זענען, מיט האָס איבערפולט, געשטאַנען איינס קעגען ס׳אַנדערע, האָט ער דאַן אינסטינקטיוו דערפיהלט, וואָס פאַר אַ תהום עס ליגט צווישען זיי. דאָ האָבען זיך אַקעגענגעשטעלט איינער געגען אַנדערן דער דייטש און דער יוד, און ביידע די פון יונגען געשלעכט, וואָס דאַרפען בויען די צוקונפט. דאָ האָבען זיי זיך די ראָלען פערטוישט, האָרסט איז דאָ שוין מעהר נישט געוועזען קיין ווערטהער, נאָר ער איז עס געוועזען, ער האָט עס פערטרעטען מיט׳ן גאַנצען האַרץ זיינעם די מאַכט פון געפיהל, איהם איז עס אויסגעקומען די ווערטהער-ראָליע צו שפּילען מיט זיין האַרצענס בלוט, ווערענד האָרסט איז גאָר געווען דער ניכטערער דייטשער נאַציאָנאַליסט און קאַריעריסט, וואָס האָט דעם יודען-האַס פערנומען דורכ׳ן אינסטינקט און אויסגערעכענטקייט. ער האָט אָבער דאָס רעכט געהאַט, אין האָרסטען צו זעהן דעם טיפּ פון דעם יונגען דור, גיכער

איז עס ער, ווי ריכאַרד מאַנצאָוו, זיין גרויסער, שטאַרקער, טרייער ריכאַרד, וועלכער...

ביי דעם האָט זיך זיין געדאַנקען-קייט איבערגעריסען; ווייל אַרויסקוקענדיג אַזוי, האָט ער דערזעהן הינטען ביים האָריזאָנט אַ פיי-נעם, גראָה-געלען פּאַס. די דעמערונג איז וואָס אַמאָל אַלץ מעהר אַנט-רונען, און אויף דער ערד האָט זיך פערשפּרייט אַנ׳אונהיימליכע, טויטע גראָהקייט, אַזוי ווי זי וואָלט געהאַלטען ביים שטאַרבען. נאָך הינטען איז דער געלער פּאַס אויסגעוואַקסען אַלץ גאָלדיגער און ברייטער. באַלד האָט די פערפאַרבונג גענומען איבערגעהן אויף די נאָהענ-טע וואָלקענס אַרום און ביסלעכווייז האָבען זיי זיך פערבאָדען אינ׳ם געלען פאַרבען-ים און זיך גענומען העל און נחת׳דיג איבערן הימעל צושפּרייטען. עס האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי עס וואָלט דאָס לעבענס-פריידיגע און דרייסטע געל אַרויס בעקעמפען דאָס טויטע גראָה פונ׳ם הימעל, פון דער נאַכט. די שטערען זענען וואָס אַמאָל אַנגסטיגער און בלייכער אָבגעפאַלען. דאָס ווייטע געל איז וואָס אַמאָל געוואָרען אַלץ טונקעלער און טונקעלער. אָט האָט זיך אַ פיינער, אַנגענעהמער טאָן פערמישט אַהין, וואָס איז אַלץ אָנזעהעוודיגער געוואָרען און אָנגענומען אַ לייכטע רויזען-פערפאַרבונג.

די זון לאָזט פון זיך וויסען.

לעאָס בליקען האָבען זיך ג׳ריג צוגעקוקט צו אָט אָ דעם איינ-זאַמען שוישפּיל, אַזוי ווי דאָס וואָלט זיך אַצינד נאָר פאַר איהם אַליין אָבגעשפּילט אין אָט אָ דער אונענדליכער שטילקייט. אַ וואונ-דערבאַרער שטראַהלען-שטראָם האָט זיך אַ גאָס געטון פון די ערשטע פינקעלדיגע, גלוט-רויטע זונען-פאַסען, וואָס די זון האָט איבערן האָ-ריזאָנט פערשפּרייט. עס האָט אויפגעפלאַמט מיט פּורפּור, רויט, אָראַנזש און געל און זיך צוזאַמענגעשמאָלצען ביי די גרעניצען אין פיינע פאַר-בען-ניואַנסען.

לעאָ קוקט זיך צו צו אָט אָ דעם הערליכען שוישפּיל מיט טיפ-סטער ריהרונג. אַז ער האָט געזעהן אויפשווימען די זון פונ׳ם פייער-ים און גליהענדע וואָלקענס אין דער אייביג זיגרייכער שיינהייט איה-רער, האָט ער זיך געפיהלט דערביי אַזוי פייערליך צום מוט. ער האָט זי דאָך שוין אַזוי לאַנג נישט געזעהן פריי און נישט ווי אַ גרויס-שטאָדטישער סטודענט, זי, די פרייע, הערליכע זון! דאָס האָט איהם געשטימט אַזוי ערנסט, אַזוי וועהמוטיג!

אַ בלייבּע העלקייט האָט זיך צולייגט איבערן שטח. ער גיט אַ קוק אויפ׳ן זייגער. ער ווייזט אויף פיר. האָט ער נאָך אַצינד כּמעט אַ פיר שעה צו פאָהרען, און וועט זיין אין דער היים. ער הייבט אָן אומרוהיג צו ווערען. ער זעצט זיך ווידער צו און פּרובירט דורכצוטראַכטען, שאַרף און קלאָר זיך אַ חשבון אָבּצוגעבען פון דעם אַלצדינג, וואָס איז געשעהן. אָבער באַלד ווי ער איז אין די געדאַנקען זיינע צוגעקומען צום באַנקראָט פונ׳ם אַקציען-אונטערנעהמונג, איז איהם אינ׳ם גריבלענדען פערשטאַנד זיינעם ווידער אויפגעפאַלען דאָס וואָרט, וואָס האָט איהם פריהער שעה׳ן-לאַנג אַזוי בעשעפטיגט און געפייניגט.

שווינדלער!

איז דען אָט אָ דאָס וואָרט נישט בערעכטיגט? און ער זוכט אַרום אין די טאַשען זיינע און לייענט די טעלעגראַמע. „טאַקי פּליטה. צו וואָס קומען? אַלצדינג אין אָרדנונג! פיין! פיין! גרוס.

דיין פעטער קעניגסבערגער״.

אָט אָ די טעלעגראַמע האָט ער דערהאַלטען, ווען ער האָט דעמאָלט, נאָך יענער סצענע מיט האָרסטען און גרעטען, אין דער אויפרעגונג זיינער טעלעגראַפיש אָנגעפרעגט אין דער היים, צי די ידיעה וועגען דעם באַנקראָט פונ׳ם אונטערנעהמונג איז וואָהר. ער האָט אַלץ דורכאַנאַנד געלייענט דעם ענטפער, וואָס ער האָט דערהאַלטען, און איז וואָס אַמאָל אַלץ אומרוהיגער געוואָרען. וואָס ביי אַזאַ וויכטיגער זאַך ענטפערט קעניגסבערגער, דאָס איז איהם נישט אויפפאַלענד געווען. דער פאָטער האָט דאָך געוויס גענוג צו טון ביי דעם אַלעם, נאָר דאָס „אַלצדינג אין אָרדנונג״, דאָס האָט איהם שטאַרק פערוואונדערט. אויב דאָס אונטערנעהמונג איז טאַקי רואינירט געוואָרען, דאַן איז דאָך דעם פאָטערס גרויסער אָנטייל דערין אויך פערלוירען געגאַנגען. מיט דעם איז אָבער דער פאָטער זיינער אין זיינע, אין לעאָס, אויגען מאָראַליש גערעטעט געווען, און ער האָט דערויף דאַנקבאַר אָבגעעטעמט. דעמאָלט הייסט עס, אַז דאָס איז פונ׳ם פאָטער זיינעם געווען אַ פאַלשע געשעפטליכע שפּעקולאַציע, פאַר וועלכע ער האָט אינ׳ם אָנוועהר מיט אַ גרויסער סומע געלט בעצאָהלט און וואָס האָט נאָר ליידער פיל געמיינע לייט, וואָס וועלען דעם אָנוועהר פון זייערע אָבּגעשפּאָרטע געלטער נישט קאָנען לייכט אַריבערטראָגען, אויך מיטפערוויקעלט אין אָט אָ דעם דורכפאַל. דאָס איז אַ ריין געשעפטליכע

שולדיגקייט פונ׳ם פאָטער זיינעם געוועזען, אָבער מאָראַליש בלייבט ער דעמאָלט אין זיינע אויגען גערעטעט. דעמאָלט איז ער נישט אַזאַ איי-נער פון יענע אייגעננוציגע, געלט-דורשטיגע יודען, וואָס ער האַסט זיי אַזוי.

נאָר דאָס „אַלצדינג אין אָרדנונג" לאָזט אָבער אָט אָ דעם פאַל נישט אָנגעהמען. ער גריבעלט דעריבער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, אָבער דער רעזולטאַט זיינער קומט אַלעמאָל אַרויס דערזעלבער.

אַז דאָס אונטערנעהמונג איז רואינירט געוואָרען, האָט דאָך גע-דאַרפט אויך פערלוירען געהן דער אָנטייל פונ׳ם פאָטער זיינעם, וואָס האָט דאָך געזאָלט האָבען איבערגענומען גאַנצע דריי פערטעל פון די אַקציעס פאַר זיך. אָבער ווען אַצינד איז „אַלצדינג אין אָרדנונג" און דער פאָטער זיינער האָט נישט פערלוירען גאָר נישט דערין, דאַן איז דאָך נישט אַנדערש, ווי אַ שווינדעל, אַנ׳אונגעהייערער שווינדעל האָט דערביי געשטעקט. קיין אַנדער מעגליכקייט איז נישט פאַרהאַן! פילייכט עפּעס אַ בערזען-קו, טראַכט לעאָ, וואָס האָט נישט געהאַט דערין קיין שום ידיעה, פילייכט עפּעס איינס פון יענע מאַנעווערס, פאַר וועלכע מען קאָן נישט בעשטראָפען, און דאָך איז עס מאָראַליש מיאוס, שרעקליך מיאוס.

ווען זיינע געדאַנקען זענען ביז צו אָט אָ דעם סוף צוגעקומען, זענען איהם די וויהעס אַזוי הייס געוואָרען, אַז ער האָט געמיינט—אָט-אָט רייסען זיך איהם די טרעהרען פון די אויגען אַרויס. ער האָט זיך געפיהלט אַזוי שלעכט צום מוט, אַזוי פערצווייפעלט, אַז ער וואָלט זיך אויף דער ערד געוואָרפען פון פיינליכען וועהטאָג. דאַן זענען איהם אויפ׳ן זינען צוריק די צוויי ווערטער „אַלצדינג אויס" און ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלען, ווי אַזוי ער וועט ווייטער קאָנען לע-בען מיט אָט דעם האַרץ, איבערפולט פון בעשולדיגונגען קעגען דעם פאָ-טער זיינעם, מיט אָט אָ דער שאַנדע איבער זיין נאָמען.

איז דאָס די גרויסע, זיטליכע רעפאָרמאַציאָן?

האָט ער דען נישט געפריידיגט אַלעמאָל פון די אַלטע, וואָס זע-נען איינגאַנצען גאָר נישט ערהליך צו די יונגע? און גלייבט ער, אַז דער פאָטער זיינער וועט זיין אַנ׳אויסנאַהם, וועט זיין ווינציגער „יוד" ווי יעטוועדער אַנדערער? אָט האָט ער טאַקי בעוויזען זיין אָנגע-העריגקייט צו דער אַלטער גענעראַציע, אָט שטעהט ער אַצינד, לעאָ, פאַר דעם גרויסען נסיון פונ׳ם לעבען זיינעם, וועט איהם פערפעהלען

מענליכקייט דערויף? ניין, מורמעלט ער פאַר זיך, דאָס טאָר נישט גע-שעהן. ער וועט אַלע כּחות זיינע אָנשטרענגען, כּדי מיטצוהעלפען אין דער אַרבייט, אין דער מיסיאָן פונ׳ם דייטשען פאָלק.

דאָ איז איהם ווידער האָרסט אויפ׳ן זינען אַרויף געקומען, און ער האָט דערביי געפיהלט, ווי אונמעגליך עס איז מיט איהם האַנט אין האַנט צו געהן. יענעמס האַס צו איהם, דעם יוד, איז צו מעכ-טיג געווען, אַז ער זאָל מיינען, דאָס מען וועט איהם אויפנעהמען מיט אויס-געשפרייטע אָרעמס. און ער איז אינגאַנצען פערצווייפעלט געבליבען!

דאָ דאָס אַלטע יודישע געשלעכט, דאָרט די יונגע דייטשע גע-נעראַציע, פיינד פון קאָפּ ביז די פיס, און עס בלייבט נישט קיין אַנדער ברירה, נאָר אויסצוואַרטען אָדער מוטיג אונטערצוגעהן.

אָבער איז דען נישט ריכאַרד אויך איינער פון דער יונגער גע-נעראַציע, זיין ריכאַרד?

פונדעסטוועגען האָט ער זיך מיט אָט אָ די פראַגען לאַנג נישט פערנומען. דאָס געקנייטש פונ׳ם פאַפּיר, וואָס איז איהם אַראָבגעפאַלען און וואָס ער האָט דערויף מיט׳ן פוס אַ טרעט אַרויף געטון, האָט איהם צוריק געבּרענגט צו דער ווירקליכקייט.

„פיין! פיין!“ שטעהט עס אין דער טעלעגראַמע. און באַלד זעהט ער אינ׳ם גייסט פאַר זיך דאָס אויסגעשטאָפּטע געשטאַלט מיט׳ן יודישען געזיכט, מיט די גראָבּע אָנגעבלאָזענע ליפּען, אָט אָ דעם קעניגסבּער-גער! פיין! פיין! דאָס איז דאָך געווען דער ליבלינגס-שטייגער ביי איהם, ווען ס׳פלעגט איהם געלינגען עפּעס בעזונדערס ליסטיגס. דאַן פלעגט ער דעם קאָפּ איינגראָבען אין די פּלייצעס, די רעכטע האַנט אויפהויבען צום אויג, און מיט די אויגען פערזשמורען און נחת׳דיג שעפּטשען: „פיין! פיין!“

און ווידער האָט ער דערפיהלט אַ מין גרויל פאַר אָט אָ דעם זשאַ-בע-אַרטיגען ווענזן! — —

— — — אָט איז שוין אַצינד האַלב אַכט געוואָרען. ער האָט שוין נישט געקאָנט מעהר אַיינרוהען און איז אַנ׳אויפגערעגטער געשטאַנען ביים פענסטער. יעטוועדעס דאָרף, דורך וועלכען דער צוג האָט זיך פאַרבייגעיאָגט, איז איהם בעקענט געווען. אָט אויף יענער זייט ליגט געמערסדאָרף, אָט דאָרט פרעזערסהיים, וואוהין ער פלעגט, אַלס שי-לער, אַזוי אָפט אויספלוגען מאַכען. ער דערנעהנטערט זיך אַלץ מעהר צו זיין היימאַט. די ערטער, די ביימער, די פעלדער רעדען צו איהם

אַלץ מעהר און מעהר פון די ערינערונגען אויס זיין קינדהייט. אָט איז דאָרט דאָס שלאָס-רואין פאַר'ן שטעדטעל, וואָס ער מיט ריכאַרדען פלעגען אַזוי אָפט אַהין וואַנדערן, וואו זיי פלעגען אָפטמאָל אַזוי יונג-ליש טרוימען.

און דערבײַ האָט זיך אין איהם איבערגעוועלטיגט דאָס געפיהל פון וועהמוט, אַז עס זענען איהם כמעט טרעהרען אין די אויגען אַריין געקומען. די שווערע נאַכט, וואָס ער איז דאָ אויסגעשטאַנען, די זעעלי-שע יסורים, וואָס ער האָט איבערגעליטען, די נערוועזע קאָפּ-שמער-צען זיינע, דאָס אַלץ צוזאַמען מיט אַ נאָגענדיג הונגער-געפיהל, דאָס האָט איהם אַזוי אָבגעשוואַכט, אַז ער איז שיער נישט אומגעפאַלען פון שוואַכקייט.

מיט ביידע הענט האַלט ער זיך פעסט אָן ביים פענסטער, און דערבײַ ווייזט זיך איהם פאַר די אויגען ווי דורך אַ שלייער דאָס אַלצדינג, וואָס פליהט פאַר איהם פאַרבײַ: דער שלאָס-פּאַרק, דאָס טייכעל, די בריק, דאָס קליינע פאַבריקעל. ער זעהט פאַר זיך מענ-שען, הערט קולות און דאָס געקלאַפּעריי פון די וואַגאָנעס. אָבער דאָס אַלצדינג דערטראָגט זיך צו איהם אַזוי פערשטיקט, אַזוי ווי פון אַ ווײַ-טער ווייטעניש.

ער דערקענט נישט קיינעם, ער קוקט נאָר אַלץ פאַר זיך מיט שטאַרע פערטרעהרטע אויגען, מיט אַ שטומפּ, טונקעל געפיהל אין זיך.

ער שפּירט שוין נישט מעהר דעם קערפּער זיינעם, איהם ווייזט זיך אויס, ווי ער איז אַצינד פעדער-גרינג, בעפרייט פונ'ם קערפּער, ווי ער שווימט אום אינ'ם אָקעאַן פון דער לופט, אָהן וועזען, אַזוי ווי אַ הויך. ער הערט נישט דאָס פייפען, נישט דאָס מעכטיגע סאַפּען פונ'ם זיך אָבשטעלענדען לאָקאָמאָטיוו אויפ'ן באַהנהויף, נישט דאָס גע-קלאַפּעריי פון די רעדער, וואָס האָבען זיך פערלאַנגזאַמט, נישט דאָס געערוף און געשריי פון די פּאַרבײַאײַלענדע. ער האָט נאָכאַנאַנד אַלץ זיך קראַמפּהאַפט אָנגעהאַלטען מיט ביידע הענט ביים פענסטער.

ווען דער קאָנדוקטאָר האָט אַ פּראַל אויף געטון די טיר פון זיין קופּע. האָט ער נישט בעמערקט, ווי עטליכע מענשען, וואָס האָבען איהם געקענט, זענען צו איהם צוגעלאָפען. ווי אין גייסט אָבוועזענד, קוקט ער זיי אָן מיט שטאַרע בליקען, און אַז ער האָט גענומען אַ טריט שטעלען אַרויסצוגעהן, האָט ער זיך אַ וואַקעל געגעבען און איז אָהן אַ געשריי אַרויסגעפאַלען פונ'ם קופּע אַרויס צו דער ערד...

## זיבענאונצוואַנציגסט קאַפּיטעל.

מען האָט איהם אַריינגעטראָגען אינ'ם באַהנהויף-רעסטאָראַן און זיך מיה געגעבען צו דערוועקען איהם פון זיין אָהנמאַכֿט. ס'איז נישט געוועזן אַזוי שטאַרק; ווייל באַלד אין עטליכֿע מינוט אַרום האָט ער זיך גענומען בעוועגען, אויפגעעפענט די אויגען און שטאַר, ווי אין גייסט אָבוועזענד, אָנגעקוקט די מענשען, וואָס זענען געשטאַנען אַרום איהם. ביסלעכֿווייז האָט ער צוריקגעקריגען דאָס בעוואוסטזיין, און ווען ער האָט דערזעהן דאָס איהם גוט-בעקאַנטע געזיכֿט פונ'ם פאָסט-סעקרעטאַר, איז איהם באַלד קלאָר געוואָרען, וואו ער געפינט זיך. מיט איין הויב האָט ער זיך געגעבען אַ שטעל אויף. ווען ער איז שטעהן געבליבען, האָט ער זיך נאָך אַ ביסעל געוואַקעלט, אַזוי אָבגעשוואַכט האָט ער זיך געשפירט, אָבער אין מח זיינעם איז עס איהם אַלצדינג מיט אַמאָל אַזוי אונהיימליך קלאָר געוואָרען. ער האָט שוין פערשטאַנען, וואָס ער טוט דאָ אַצינד, וואָס ער וויל, צו וואָס ער איז דאָ אַהער געקומען, וואָס די נאָהנטסטע שעה דאַרף פאַר איהם ברענגען. ער בעדאַנקט די מענשען פאַר זייערע בעמיהונגען, געהט אַרויס פון דער באַהנהויף-געביידע און רופט צו אַ דראָשקע.

ווען די דראָשקע נעהמט פאַמעליך צו פאָהרען אינ'ם שטעדטעל אַריין און פאַר לעאָן בעווייזט זיך איין בעקאַנט הויז נאָכֿ'ן אַנדערן, האָט איהם פון אינווייניגסטער אומרוהיגקייט כמעט הערענדיג דאָס האַרץ גענומען קלאַפּען. אָט אָ די שטילקייט דאָ, אָט אָ די קליינע ווינקעלדיגע הייזלעך, אָט אָ די געצעהלטע מענשען, וואָס בעווייזען זיך איבער די גאַסען, אָט אָ דער גריבערדיגער ברוק, וואָס האָט איהם אין דער דראָשקע געוואָרפען און געטרייסעלט און איהם שרעקליכֿע קאָפּשמערצען פערשאַפט, — ס'איז נאָך אַלץ דאָס אייגענע ליבע היימאַטס-

שטעדטעל זיינס. זיין אומרוהיגקייט איז דורכאַנאַנד אַלץ געוואַקסען. אינדעם האָט ער דערזעהן אַ בעקאַנטען איבער דער גאַס אָנקומען אַהער, דעם אַפּטייקער, וואָס ביי איהם איז׳ן אויפגעפאַלען, ווען ער איז נאָך אַ יונגעל געווען, די אומגעלומפּערטע הענט און פיס זיינע. ער גריסט זיך צו איהם פון דער דראָשקע אַראָב, אָבער יענער קוקט איהם אָן אַ פערבליפטער.

האָט ער זיך נישט צוריק געגריסט צו איהם? טאַקי ווירקליך זיך נישט צוריק געגריסט? ער האָט איהם געוויס געזעהן, און ער האָט זיך נישט צוריק געגריסט! וואָס טוט זיך עס?

לעאָ איז טויט-בלאַס געוואָרען. דאָס האַרץ זיינס האָט איהם גע-נומען קלאַפּען ווי צום צופּלאַצט ווערען. באַלד איז איהם ווידער פון כעס דאָס בלוט אין געזיכט אַריין געקומען, אַז ער האָט געוואָלט פון דער דראָשקע אַראָבשפּרינגען און דעם קערל פאַר דער ברוסט אַ נעהם טון: „פאַרוואָס האָסטו זיך נישט צוריק געגריסט? וואָס האָב איך דיר גע-טון?" ער האָט געזוכט מיט די אויגען נאָך אַ בעקאַנטען צו בעגעג-נען. אָבער גראָד דערפאַר, וואָס קיינער האָט זיך איהם שוין נישט אויפ׳ן וועג געמאַכט, האָט די אויפרעגונג זיינע גאָר קיין שיער נישט געוואוסט. אָט איז ער שוין באַלד נעבען זייער הויז. אַצינד פאָהרט ער דעם פאַסטאָרס הויף פאַרביי, אָבער זיינע זוכענדיגע בליקען האָבען נישט בעמערקט קיינעם ביים פענסטער. אָט אָ דער הויף האָט ווידער אין איהם דערוועקט די ערינערונג וועגען דעם פאַסטאָרס טעלעגראַמע, און ער האָט דערויף מיט די צייהן צוזאַמענגעקריצט. אַצינד ווייסט ער שוין, וואָס ער האָט דאָ צו טון. ער מוז אַצינד שטאַרק זיין; דען ער האָט אַ גרויסע פליכט אָבצוטון, אַ גרויסע, ביטערע שעה דורכצו-לעבען.

ווען די דראָשקע האָט זיך סקריפּענדיג פאַר זייער הויז אָבגע-שטעלט, האָט עס איהם אַ שווינדעל געטון פאַר די אויגען, און ער האָט זיך געשפּירט, ווי אָט פאַלט ער באַלד נאָכאַמאָל אום פון אָבגע-שוואַכטקייט. אַריינקוקענדיג דורכ׳ן פאַרטער-פענסטער, וואו עס האָט זיך געפונען די קאַנטאָר פונ׳ם פאָטער זיינעם, האָט ער דערזעהן דאָס אונגעהייער ערשטוינט געוואָרענע געזיכט קעניגסבערגערס, וואָס האָט זיך ביים אָבשטעלען פון דער דראָשקע אומגעקוקט פונ׳ם שרייב-פולט אין דרויסען אַרויס.

אַז לעאָ איז אַריינגעקומען אינ׳ם פאָדער-הויז, איז איהם קעניגס-

בערגער אַקעגען געלאָפען, איהם דערלאַנגט די האַנט, האַלטענדיג דעם פעדער-האַלטער צווישען די צייהן, און אומבעהאָלפען אויסגעשריגען:

נו, לעאָ, ביסט געקומען גאָר. האָסטו נישט דערהאַלטען מיין טעלעגראַמע? ב׳זעלבען טאָג!"

„וואו איז דער פּאַפּאַ?" פרעגט ער מיט אַ מידער שטימע.

„דער פעטער איז נאָך אויבען!" האָט אָבגעקלונגען דער מיט אַ ברייטען פויליש-יודישען אַקצענט אַרויסגערעדטער ענטפער.

מיט שווערע טריט הויבט זיך לעאָ אַרויף איבער די טרעפּ צום ערשטען שטאָק, בעגלייט פון די שטילע טריט פון קעניגסבערגערן, וואָס דאָס טויט-בלאַסע געזיכט זיינס האָט ער בעטראַכט מיט אונזיכערע בליקען.

איהם האָט בעאומרוהיגט דאָס שווייגען לעאָס. מיט עטליכע טרעפּ פאַר דער טיר פונ׳ם ערשטען שטאָק, איז ער איבער איהם פאַרביי געשפּרונגען אויף צופריהער, כדי צום ערשט אויבען צו זיין און דער ערשטער איבערצוגעבען דעם אַלטען וואָלף די בשורה פון לעאָס אָנקו-מען. ער האָט גענומען שטאַרק קלינגען.

ווען דאָס אַלטע דינסט-מיידעל האָט איהם געעפענט די טיר און איז געבליבען שטעהן מיט אַנ׳אויסגעשריי פון ערשטוינונג, דערזעהענ-דיג לעאָן, איז קעניגסבערגער דערווייל פּאַראויס אַריינגעלאָפען. עטליכע טירען האָבען זיך שטאַרק הינטער איהם פערקלאַפּט.

„הערסט, פעטער, ער איז דאָך געקומען גאָר, דער לעאָ! האָב איך עס דען נישט געוואוסט? ער איז דאָך אַזוי משוגע!"

דער אַלטיטשקער איז אויפגעשפּרונגען. אויף דעם געלען פּאַרמעט-געזיכט זיינס האָט זיך בעוויזען אַנ׳אויסדרוק פון לעבהאַפטער ער-שטוינונג און זאָרג, אָבער נישט ענטפערנדיג קעניגסבערגערן קיין וואָרט, איז ער אַרויסגעגאַנגען צום זוהן זיינעם, וואָס איז נאָר-וואָס געהאַט איבער דער טיר אַריינגעקומען.

„גוטען מאָרגען, פּאַפּאַ", זאָגט ער וייך, און ווערט טיף גע-ריהרט, אַז ער קוקט אָן דעם אַלטיטשקען מיט דער שוואַרץ-גראָהער באָרד, מיט׳ן געזיכט, וואָס איז צואַקערט פון שאַרפע ליניען אין מיט דעם אויף פאָרנט אַ ביסעל אַיינגעבויגענעם קאָפּ אונטער דער לאַסט פון די יאָהרען און אַרבייט.

ער האָט איהם אַ קוש געגעבען, ווי ער איז עס שטענדיג גע-וועהנט געוועזן צו טון.

דער אַלטער מורמעלט דערויף עטליכע ווערטער, וואָס דאַרפען אָנגענומען ווערען אַלס בעגריסונג. ער בעטראַכט בעזאָרגט דאָס קרענקליך בלייכע געזיכט פונ׳ם זוהן זיינעם, ביי וועלכען עס איז אַרום די מויל-ווינקלען אַזאַ האַרטער צוג געלעגען. אַזוי שטעהענדיג איינער קעגען אַנדערן, קוקען זיי זיך ביידען אָן, בשעת ווען קעניגסבערגער שפּירט זיי נאָך, וואַרפענדיג בליקען פון איינעם צום אַנדערן.

„ווערסטו נ״ט געהן שלאָפען, לעאָ? ביסט דאָך אַ גאַנצע נאַכט געפאָהרען! און ביסט דאָך געוויס מיד. ווילסט אפשר פריהער טרינקען קאַווע? אָדער אפשר עפּעס עסען? זעץ דיך אַנידער, טו דיר אויס די שטיוועל און לייג דיך צו אויף דער סאָפע! אָדער אפשר ווילסטו בעסער אַרויפגעהן אין צימער דיינעם? הע, קאַטינקאַ, מאַך צורעכט פאַר דעם יונגען הערר ס׳בעט!״

און ווי אַ קליין קינד פיהרט ער צו דעם זוהן זיינעם צו דער סאָפע, אויף וועלכער ער האָט זיך שווער אַראָבגעלאָזט. נאָר חאָטש ער האָט זיך געפיהלט אַזוי מיד און אָבגעשוואַכט, האָט ער זיך אַלץ פעסט געהאַלטען אינ׳ם מח מיט אַ האַרטנעקיגער ענערגיע אָן דעם איינציגען געדאַנק: ער מוז געוואָהר ווערען, ווי עס האַלט מיט דעם דורכגעפאַלענעם אונטערנעהמונג, ביי וועלכען דער פאָטער זיינער האָט זיך בעטייליגט.

ער האָט זיך אָבגעזאָגט פון צו עסען, פון צו טרינקען. ער האָט געציטערט די ערשטע פראַגע צו שטעלען, און יעטוועדעס מאָל, ווען דער פאָטער האָט עפּעס געפרעגט ביי איהם, ווען ער האָט זיך פול ליבע אַרום איהם בעמיהט, פלעגט ער אַלעמאָל פּרובען דאָס מויל עפענען.

„דו זעהסט אויס ווי נישט געזונד, לעאָ? איז דיר עפּיס? פאַרוואָס ביסטו אַציגד געקומען? האָסט דאָך געשריבען, אַז דו וועסט ערשט קומען אין מיטען סעפּטעמבער! נו, האָסטו עפּעס פיל צוזאַמענגעאַרבייט מיט׳ן הערר דירעקטאָר? אַ פיינער מאַן, אַ נאָבעלער מאַן״, זאָגט דער אַלטער, כּדי צו ברענגען דערמיט דעם זוהן זיינעם, ער ער זאָל אָנהויבען רעדען. אָט אָ דאָס שטילשווייגען, אָט אָ דאָס בלאַסע פינסטערע געזיכט, דאָס האָט אין איהם אַנ׳אַנגסט-געפיהל אַרויסגערופען און ער האָט געזוכט איהם דערצו צו ברענגען, אַז ער זאָל נעהמען רעדען.

דערהערענדיג דעם דירעקטאָרס נאָמען, איז לעאָ באַלד געקומען

צו זיך. ער האָט די גאַנצע קראַפט זיינע צוזאַמענגענומען און ס'האָבען איהם די ליפּען געציטערט, ווען ער האָט דאָס מויל געעפענט, און נאָכ־דעם ווי ער האָט נאָר הייזעריג אַרויסגעלאָזט די ערשטע קלאַנגען, האָבען זיי זיך באַלד ווידער צוזאַמענגעשלאָסען. ענדליך האָט ער אַ פרעג געטון:

„אַלזאָ, האָט דאָס אונטערנעהמונג טאַקי געקראַכט, פּאַפּאַ?"

דער אַלטער האָט אונענטשלאָסען אַ קוק געטון דאָ צו קעניגס־בערגערן, דאָ צום פענסטער אַרויס. ער האָט בלויז מעכאַניש מיט'ן קאָפּ צוגעשאָקעלט.

„טאָטאַל *) פּלטה!" מישט זיך קעניגסבערגער אַריין, און לעאָ גיט אויף איהם אַ קוק פון אויבען ביז אַראָב, אַזוי שטאַר און דורכ־דרינגענדיג, אַז יענער בלייבט צוטומעלט, ווייסט נישט, וואָס דאָס האָט צו בעטייטען, און נעהמט פון פערלעגענהייט לאַכען.

„און דערביי אַזוי פיל געמיינע לייט? און דער דירעקטאָר מיט פריילין גרעטעס פערמעגען, און דער פּאַסטאָר אויך, און דער אַפּ־טייקער? וואָס?"—זייהט ער דורך צווישען די צייהן.

דער פאָטער האָט ווידער צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. ער האָט נאָך נישט אַלץ פערשטאַנען, וואָס דער זוהן איז אויסען מיט זיינע פראַ־גען, אָבער דאָך האָט ער אַצינד נישט געקאָנט ביי זיך פועל'ן, ווי אַלעמאָל, און זאָגען: „דו זאָרג דיך נאָר פאַר די ביכער דיינע!" ער פיהלט היינט עפּעס אַזאַ זעלטזאַמע פורכט, זיין פאָטערליכען אויטאָרי־טעט אויסצונוצען; ווייל נישט נייגיריגקייט האָט אַרויסגערעדט אַצינד פונ'ם זוהנס בלייכען, פערצווייפעלטען געזיכט, נאָר עפּעס אַנדערש, גאָר עפּעס אַנדערש, וואָס ער קאָן זיך עס נישט בעשיידען און וואָס ברענגט אויף איהם אָן אַ דומפּע בעזאָרגטקייט.

„נו, אודאי זענען עס אָנגעוואוירען געוואָרען, די געלטער פון בערגער, מאַנצאָוו און די אַנדערע; זעהסטו, לעאָ, אין דערין בעשטעהט דאָך טאַקי די גאַנצע קונץ! פיין! פיין!" מישט זיך קעניגסבערגער ווי־דער אַריין. „מיר זענען מיט אַלצדינג אַרויס! האָסט גאָר נישט גע־ברויכט צו קומען! מיר האָבען זיך פיין פערזיכערט, און נאָך מיט אַ פּראָפיט! איך זאָג דיר, פיין, פיין! אַזעלכע דומע גוים..."

דאָ האָט ער אַ דערשראָקענער אָבגעהאַקט. ער האָט פּלוצלונג

---

*) טאָטאַל — אינגאַנצען. פאָלשטענדיג.

בעמערקט, ווי דאָס געזיכט לעאָס איז שרעקליך בלייך געוואָרען, ווי יעטוועדער טראָפּען בלוט איז דערפון פערשוואונדען, ער האָט דער-זעהן די אויפגעריסענע שטאַר-קוקענדיגע אויגען, פון וועלכע דאָס גאַנצע בעוואוסטזיין איז אַנטרונען, און דאַן האָט ער געזעהן, ווי לעאָס קאָפּ איז איבערן טיש אַראָבגעזונקען. ער האָט דערהערט אַ געוויין, אַזאַ דומפּ און דערשלאָגען געברום, אַזוי ווי עס וואָלט פון טיפסטער ברוסט געקומען און זיך קוים מיט מיה אַרויסגעריסען, ווי דאָס קורצע, רויהע, אָבגעטיילטע געהילך פון אַ טויט-פערוואונדעטען הירש...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ פערבליפּטער, מיט שטאַרע אויגען, קוקט ער אויף דעם זי-צענדען דאָ... ער האָט נישט געקאָנט פערשטעהן, פאַרוואָס ער וויינט. ער האָט נישט געהאַט צומאָלס די מינדסטע אַהנונג, וואָס זאָל די ריכ-טיגע סבה דערפון זיין, זי חאָטש אין איין פּונקט צו טרעפען. ער האָט נישט געפונען קיין אַנדער פערענטפערונג צו לעאָס בענעהמונג, נאָר דאָס יודישע קראַפט-וואָרט זיינס „איינפאַך משוגע". אָבער צוזעהענדיג, ווי אייפעריג דער אַלטער בעמיהט זיך דעם זוהן זיינעם צו בערוהיגען, און ווי ער געהט אום איבער איהם בעזאָרגט ווי איבער אַ קליין, קראַנק קינד, איז ער אויך מיט נישט-זיכערע טריט צו איהם צוגעגאַנ-גען און צו איהם עטליכע ווערטער אַ מורמעל געטון. ער לייגט אַרויף די האַנט אויף לעאָס פּלייצע און טרייסט איהם:

„נו, זיי-זשע רוהיג! מיר זענען מיט אַלצדינג אַרויס! דו ברויכסט גאָר נישט אַזוי צו זאָרגען פאַר אונז! פיין, פיין!"

דאָ איז לעאָ אַ שפּרונג אויף געגעבען, אַז דעם פאָטערס אָרעם וואָס האָט דעם קאָפּ זיינעם געהאַלטען אָנגעלעהנט, איז אַראָבגעלאָזט געבליבען, און ער האָט מיט דער צוגעמאַכטער פויסט אַ קלאַפּ געטון קעניגסבערגערן אינ'ם געזיכט אַריין.

קעניסבערגער איז דערויף געבליבען שטעהן אַ צוטומעלטער. ער איז רויט געוואָרען פון כעס און ערשטוינונג איבער אָט אָ דעם נישט-פאָרגעזעהענעם אָנפאַל אויף איהם, און גענומען לעאָן פערוואַרפען מיט זידעל-ווערטער, ווייל ער האָט זיך נישט דערוועגט אויף לעאָס קלאַפּ, אויך אָבצוענטפערן מיט'ן זעלבען שלאָגעריי. דער אַלטיטשקער האָט גענומען יאָמערן, נישט וויסענדיג, ווען ער זאָל געריכט געבען.

„דאָס איז דער דאַנק מיינער, פעטער", סאָפּעט קעניגסבערגער, און דאָס געזיכט זיינס בלאָזט זיך דערביי אַלץ מעהר אָן פאַר האַס קעגען

דעם פעטער זיינעם, קעגען וועלכען ער האט יאהרענלאנג געשפירט אנ׳אינסטינקטיווע אבנייגונג, „כ׳האב געדארפען פאר דיר הארעווען ווי א פערד, טאג מיט נאכט, און אצינד קומט דער זוהן דער דיינער, אט א דער גוי, און שלאגט מיך און הרג׳עט מיך! פאר מיין ארבייט? האב איך דיר נישט געראטען סיי דעם פיינעם אויספערקויף פון די לעצטע אקציעס און סיי די בעשפרעכונגען אין די גרויסע צייטונגען? צוליב דעם האב איך פאר דעם זוהן דיינעם געדארפען ארבייטען טאג מיט נאכט! איך וועל אוועק, פעטער, אז דו ווילסט אזוי. כ׳וועל אודאי אוועק! איך קאן נישט צוזאמען זיין מיט אזא משוגענעם!״

„אט א דאס רופסטו „משוגע״, וואס איך וויל נישט פערליידען דיינע שווינדלערייען?״ זייהט לעא דורך די צייהן, אין כעס דעריבער, וואס קעניגסבערגער האלט זיך נאך פאר בעליידיגט. „איך ווייס אפילו נישט, וואס איהר, פאפא און קעניגסבערגער, האט דא געמאכט, נאר דאס, וואס אלע האבען זייערע געלטער אנגעוואוירען — און איהר נישט, פערקעהרט נאך, איהר האט נאך דערביי פערדינסט געהאט, — דאס פערשטעה איך נישט, דאס קאן איך נישט בעגרייפען! דאס האט נישט געקענט צוגעהן אויף קיין עהרליכען אופן, דאס איז פשוט שווינדעל...״

„לעא״, שרייט אויס דער פאטער, „וואס רעדסטו? א פיין, א שלוי צוגעטראכט בערזען-געשעפט, ווי זיי אלע טוען עס, דאס רופסטו אן — אזוי — מיט אט אזא ווארט! דו פערשטעהסט דאך גארנישט דערין״!

„נו, דער פעטער איז טאקי גאנץ גערעכט!״ און קעניגסבערגער ענטוויקעלט פאר איהם דעם גאנצען מאנעווער, וואס דורך זיין הילף זענען עס די אקציעס פון זייערע הענט איבערפערקויפט געווארען צו אומנאטירליכע פרייזען. די אויגען זיינע האבען געלויכטען פון פער-גניגען איבער די „פיין, פיינע״ קאמבינאציעס, וואס ער האט פאר איהם ענטוויקעלט. אבער לעא האט איהם נאר האלב פערשטאנען, אויף וויפיל ער האט זיך אלץ נישט אנגעשטרענגט, נישט קוקענדיג אויף זיין אבגעשוואכטקייט, און זיך געסטארעט נאכצופאלגען דעם ליסטיגען בער-זען-קו פון קעניגסבערגערן. בלויז דאס איינציגע האט זיך אין איהם אלס געוויסקייט דורכאנאנד אלץ שטארקער און שטארקער איינגעגע-בערט, אז אט א דער גאנצער מאנעווער איז אויפגעבויט אויף א פיין-

בערעכענטען, ראַפינירטען שווינדעל, וואָס מיידט אויס האָר-שאַרף דאָס געזעץ.

און זיין פערצווייפלונג האָט אַצינד דערגרייכט דעם העכסטען פונקט איהרען. ער האָט שוין נישט געהערט מעהר, ווי זיי האָבען איהם ביידע אייפעריג צוגערעדט, ער זאָל אין בעט געהן, זיך אויסצורוהען. ער האָט אַזוי פערפינסטערט אויסגעזעהן. זיי האָבען זיך געשראָקען, ער זאָל נישט קראַנק ווערען. נאָר ער איז אָבער אַלץ נאָך אַפּאַטיש געזעסען און נאָכאַנאַנד אַלץ געטראַכט פון אָט אָ דעם איינעם וואָרט „שווינדלער". ווען ער האָט איינמאָל די אויגען אויפגעהויבען, האָבען זיי זיך פערקוקט שטאַר צום בילד אויף דער וואַנט, אָבער אין קיין איינציגער מינע פונ'ם געזיכט זיינעם איז נישט געווען צו בעמערקען, צי ער האָט דאָס בילד דערקענט.

דעמאָלט ערשט, ווען דער פאָטער זיינער האָט זיך ביי איהם געבעטען מיט אַ ציטערנדער שטימע: „לעאָ, געה דאָך שלאָפען", דע-מאָלט ערשט האָט ער זיך אויפגעחאַפּט פון זיין לעטאַרגיע. ער דערקענט אַצינד דאָס שמאָלע, פיינע געזיכט פון דער מוטער זיינער, אָנגעטון אינ'ם זיידענעם קלייד. און עס האָט זיך איהם עפּעס אין האַלז געשטעלט, אַז ס'האָט איהם שיער נישט דערשטיקט.

אינדעם דערהערט ער קעניגסבערגערס שטימע, ווי ער רעדט צאָרנדיג: „נו, וואָס וויל ער דען? האָט ער דען נישט געקריגען אַלע-מאָל קיין געלט? האָט ער עס דען נישט גענומען? האָסט געדאָרפען דאָס גאַנצע לעבען דיינס האָרעווען, אַז ס'זאָל קומען דער יונג, וואָס וויסט פון גאָרנישט, און צו דיר זאָגען: „שווינדעל?" אַרבייטסטו דען נישט פאַר זיינטוועגען? איז דען דאָס געלט, וואָס דו האָסט פערדינט, נישט פאַר זיינטוועגען? נו, פאַרוואָס זאָל איך עס קאָנען רוהיג צו-זעהן? ער מעג עס דאָך הערען, דער לעאָ? האָט ער דען נישט גענו-מען אַלעמאָל פון דעם געלט דיינעם און זיך אָנגעזויפען און אָנגעגעסען ווי אַ גוי? האָט ער דען געפרעגט, פון וואַנען עס איז? אַצינד, אַז ער האָט עס גענומען אַלעמאָל, צו וואָס די מעשות און גזירות?"

„הלואי וואָלט איך עס קיינמאָל נישט געטון, פּאַפּאַ!"

„נו, וואָס וואָלסטו דעמאָלט געמאַכט? קאָנסטו דען לעבען פון טרוימען און ביכער לייענען? קאָנסטו דען פאַר זיך עפּעס פערדינען? נו, אויב דו קענסט עס, וואָס האָסטו צו רעדען?" ענטפערט ער מיט אַ פערעכער מינע דעם קוזין זיינעם.

„איז ער דען נישט גערעכט, לעאָ?" מישט זיך אַצינד אַריין דער פאָ-טער זיינער. „פאַר וועמען אַרבייט איך דען און דאָס גרויסע פערמע-גען פאַר וועמענס וועגען האָב איך נאָכאַנאַנד געזאַמעלט? און דאָס פער-דינסט דאָ לעצטענס פאַר וועמענס וועגען האַלט איך? צי גיב איך עס דען אויס פאַר מיר? וואָס דאַרף איך דען? כ'האָב דאָך דיר געגעבען אַלצדינג, וואָס דו האָסט געוואָלט, אויף ביכער און לערנען און אויף דאָס אַלצדינג, וואָס איך האָב נישט געקאָנט האָבען אין דער יוגענד מיינער, ווען איך בין אַרומגעגאַנגען מיט שלייקעס און קעמלעך פון שטוב צו שטוב. און אַצינד קומסטו און זאָגסט מיר, כ'האָב בעשווינ-דעלט די קריסטען, און וואַרפסט עס אויף מיינע אַלטע, גראָהע האָר".

„יאָ, פעטער", רופט זיך קעניגסבערגער אָן, „ער איז געוואָרען אַ ריינער גוי דורך דעם לאַנגען מאַנצאָוו, דו נעהמסט זיך פאַר זיי אָן, ווייל דו קענסט זיי נישט, די גוים. אָבער איך" — זיינע אויגען האָבען געברענט פון נקמה-דורשט און כעס — „איך קען זיי און טראָג אַ כעס אויף זיי. האָסטו אַמאָל געקריגען, אַזוי ווי איך אַלס קליין פיריעהריג יונגעל, אָנגעשלאָגען, ווען דו האָסט זיך אויף דער גאַס געוויזען? האָט מען דיר נאָכגעשריען „משה'ל" און דיר אין געזיכט אַריין געשפּיגען, ווי מיר אין אונזער שטעדטעל? האָסטו אַמאָל געהונ-גערט און ווען דו ביסט אַהינגעגאַנגען און געזאָגט: „איך בין הונגע-ריג", האָט מען דיר געגעבען מיט'ן פוס אינ'ם לייב אַריין, אַז דו ביסט געפאַלען פון יסורים? האָסטו אָט אָ די גוים, אָט אָ די קריס-טען געזעהן? ניין, נו, ווייס אַצינד, פאַרוואָס איך טראָג אַזאַ האַס אויף זיי, ווען איך זעה זיי! האָב איך דען נישט אַקוראַט אַזאַ האַרץ ווי זיי, בין איך דען קיין מענש ניט אַזוי ווי זיי? בין איך דען אַ שטיק פיה? געוויס האָבען מיר זיי בעשווינדעלט, אָבער פיין, פיין! און אַצינד קאָנען זיי קומען, די גוים דיינע, מאַנצאָוו און בערגער, נו, זאָלען זיי קומען די נאַרישע, נאַרישע גוים!..."

ער האָט עפּעס אַ ווילדקייט געהאַט אין די ווערטער זיינע, וועל-כע האָבען זיך פון איהם האַסטיג און רויה אַרויסגעריסען, אַזוי ווי ער וואָלט וועלען איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויסשרייען, וואָס פאַר אַ ליידענ-שאַפטליכע נקמה-דורשט ס'האָט דאָס בעהאַנדלונג פון די קריסטען אינ'ם האַרץ זיינעם גענעהרט.

אַצינד איז לעאָ אינגאַנצען פערצווייפעלט געוואָרען. ער זעהט אַנ'אונגעהייערען אָבגרונד צווישען זיך און דיביידע יודען, וואָס

שטעהען פאַר איהם, אַנ׳אָבגרונד, וואָס איהם איז אונמעגליך אַריבערצושפרינ־גען. אינ׳ם מח זיינעם האָבען זיך איינגעגראָבען די צוויי נעמען, וואָס קעניגסבערגער האָט צום לעצט דאָ אָנגערופען. און גלייך איז איהם ווידער אויפ׳ן זינען אַרויף, אַז אַצינד איז שוין אויס זיין פריינד־שאַפט צו זיי, אויף אַלעמאָל שוין אויס. זאָל ער זיי זאָגען אַצינד: „גיטס אַוועק אייער רויב! כ׳דאַרף נישט דאָס זינדיגע געלט אייערס״, זיי וואָלטען דאָך איהם גאָרנישט פערשטאַנען! און ווען ער זאָל צו זיי זאָגען: „גיטס אַוועק צוריק, וואָס איהר האָט אַרויסגעקריגען בלויז דורך אַ ראַפינירטען שווינדעל״, וואָלטען זיי דאָך געהאַלטען איהם פאַר משוגע. ס׳איז דאָך שוין נישט פאַרהאַן פאַר זיי קיין געמיינזאַמע בריק, דורך וועלכער זייערע לעבענס־אָנשויאונגען זאָלען קאָנען געגענזייטיג פער־שטאַנען ווערען. אין איהם איז אַצינד אַ בעשלוס אויפגעקומען, אַ בע־שלוס, וואָס האָט איהם דאָס גאַנצע בלוט פונ׳ם געזיכט אַרויס צוגע־נומען, און וואָס האָט איהם אַזוי אָבגעשוואַכט, אַז ער איז שיער נישט אומגעפאַלען: זיך אָבזאָגען פון זיי, מיט וועלכע ער האָט נישט קיין שום געמיינשאַפטליכקייט און וויל עס נישט האָבען. אָבער דער בע־שלוס האָט נאָך אומגעציטערט אין דער זעעל זיינער אָהן אַ בעשטימטער פאָרשטעלונג, אָהן אַ בולט געשטאַלט; ער האָט נאָר דאָס גאַנגע גע־פיהל פערנומען, אַז באַלד וועט עס אַנ׳אָנזעהעוודיגע פאָרם בעקומען און איהם אינגאַנצען בעהערשען.

רעדט נישט שמערצליך צו איהם דאָ פון וואַנט אַראָב די מוטער זיינע מיט די אויגען? אָדער וויינט זי נישט גאָר? ווי דורך אַ שלייער אַדורך קוקט ער שטאַר אָן דאָס בילד, אַזוי ווי ער וואָלט זיך וועלען דערפון אַנ׳ענטפער פערשאַפען אויף די פיינליכע פראַגען, וואָס האָבען זיך דראָהענדיג דערוועקט אין איהם.

ער האָט נאָך געוואָלט מאַכען אַ לעצטען פרוב. ער רעדט פון גרעטע בערגער, וואָס איהר פערמעגען איז אַצינד אָנגעוואוירען גע־ווען, די טאָכטער פונ׳ם לעהרער זיינעם, וועמען ער האָט דאָס גאַנ־צע לעבען זיינס דאַנקבאַר צו זיין, פון מאַנצאָווען, וועמענס זוהן ס׳איז זיין ליבסטער פריינד און פערטרויטסטער חבר געווען. אַצינד מוז דאָך צווישען זיי אַלצדינג אויס ווערען.

„איך פערליר דעם, וואָס איז פאַר מיר ווי אַ צווייטער פאָטער געווען, און די פריינדשאַפט פון אַ גאַנצער פאַמיליע, און מיט׳ן פריינד מיינעם פערליר איך אַ שטיק פון מיין האַרץ!״

די שטימע זיינע האָט ציטערנדיג אָבגעקלונגען. ער שטעהט אויף און שטעלט זיך אַוועק פאַר'ן בילד פון דער מוטער זיינער, אַזוי ווי ער וואָלט געוואַרט פון איהר אַ צושטימונג צו זיינע ווערטער.

„וואָס הייסט עס", רופט זיך קעניגסבערגער אָן, „ווילסטו, מיר זאָלען זיי דאָס געלט צוריקגעבען? שטות".

„עס טוט מיר טאַקי אויך לייד, וואָס מאַנצאָוו און בערגער האָבען דערביי זייער געלט פערלוירען. אָבער צי בין איך דען שולדיג, לעאָ, בעטראַכט זיך דאָך", וואָגט דער אַלטער וואָלף אָבצוווענדען, „אַז זיי האָבען אַליין געוואָלט דאָס געלט זייערס אַריינלייגען אין די אַקציעס!"

„און ווען דו זאָלסט זיי אַפילו צוריקגעבען דאָס געלט זייערס", שפעט קעניגסבערגער מיט אַ גיפטיג געלעכטער, „ווילען זיי עס דען צוריקנעהמען, אָט אָ דער בערגער און מאַנצאָוו? פון אונז, פון יודען, אַ געשאַנק? שטות! זיי ווילען עס נישט טון, אָט אָ די נאַרישע גוים!"

„געוויס נישט", בעשטעטיגט דער אַלטער.

„און ס'וואָלט דאָך אַ משוגעת געווען, זיי עס צוריק צו געבען! פון ווען אָן מאַכט מען עס אַזעלכע געשעפטען?" האָט קעניגסבערגער פערענדיגט.

לעאָ איז נאָך אַלץ געשטאַנען פאַר'ן בילד פון דער בלאַסער פרוי. פעראייניזאַמטע פאַסען זונען-שיין, דורכ'ן פענסטער אַריין, האָבען זיך אָבגעשלאָגען איבער דעם בלייכען געזיכט, אַז ס'האָט געקריגען כמעט אַ פערזאָרגט אויסזעהן. די טרעהרען האָבען זיך איהם פון די אויגען געגאָסען, בעת ער האָט עס אַזוי דורכדרינגענדיג אָנגעקוקט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך שטום דורכגערעדט מיט דער פערשטאָרבענער.

באַלד האָט ער זיך פאַמעליך אומגעווענדט, און מיט אַ שטימע, אַזאַ זעלטזאַם געבראָכענער, וואָס האָט די ביידע אַרום איהם שווייגענדיג געגאַכט, זאָגט ער שטיל:

„איך האָב אַזוי פיל היינט פערלוירען. די אַלע מענשען, וואָס כ'האָב אַזוי ליב געהאַט, פערלוירען דורך דיר, פאַפאַ. אַצינד האָב איך דיך אויך פערלוירען!"

און ער האָט גענומען געהן פאַמעליך און געהיטען צו דער טיר, פאַמעליך און געהיטען, כדי אַכטונג צו געבען, ער זאָל קיין פעהלען טריט נישט מאַכען, דען ער האָט זיך געשראָקען פונ'ם וועהטאָג און

איינגעמאַטערטקייט נישט אומצופאַלען. ער האָט זיך געפיהלט אַזוי נישט-צום אויסדריקען עלענד און קראַנק.

ווען דער פאָטער האָט צו איהם צוגעאײלט און איהם געוואָלט בעהמען פאַר׳ן אָרעם און צוהאַלטען, האָט ער איהם אינסטינקטיוו אויס-געמיטיין, כמעט ווי ער וואָלט אַ פורכט געשפירט פאַר אָט אָ דער בע-ריהרונג, און האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַזאַ בליק, מיט אַזאַ בליק... אַז דער אַלטער איז דערפון געבליבען ווי אַנטשטאַנען.

די טיר האָט זיך הינטער לעאָן פאַמעליך צוגעמאַכט, אָבער דער אַלטיטשקער איז נאָך אַלץ געשטאַנען און איהם נאָכגעקוקט מיט שטאַ-רע אויגען.

ער הערט, ווי לעאָ געהט אין זיין צימער אַרויף אויפ׳ן צוויי-טען שטאָק. ער הערט די פאַמעליכע טריט אַלעמאָל שטילער ווערען, און דער אַלטער יוד שטעהט נאָך אַלץ און קוקט פאַר זיך מיט שטאַרע אויגען, אַזוי ווי ער וואָלט געזעהן אַ מין פרעמדע ערשיינונג.

## אַכט און צוואַנציגסט קאַפּיטעל.

פערצעהן טאָג ליגט שוין לעאָ שווער קראַנק צו בעט. גאַנץ זעלטען קומט ער צום זינען, ס׳מעהרסט ליגט ער מיט צומישטע געדאַנקען און רעדט אויס אַלערליי ווערטער, די איינציגע בריקען, איבער וועלכע דאָס קראַנקע זעעלען-לעבען זיינס רייסט זיך אַרויס. קיינמאָל דערמאָהנט ער נישט אין די צומישטע רייד זיינע דעם פאָטער, האָטש דער אַלטיטשקער, וואָס זיצט ביים בעט זיינעם, בענקט אַזוי עס צו הערען פון איהם. ס׳מעהרסט פערנעהמט דאָס אויער זיינס אַ מיידעלשען נאָמען, וואָס ער האָט איהם פריהער נאָך קיינמאָל פון לעאָן נישט געהערט. ווען ער הערט דעם נאָמען ערנאַ בערגער, שאָקעלט ער מיט׳ן קאָפּ צו, אַזוי ווי ער וואָלט זיך דערמיט קלאָר געמאַכט, וואָס צווישען קראַנקען מיט דער שיינער פרוי איז פאָרגעפאַלען. ווען דער קראַנקער האָט אַרויסגעקרעכצט דעם נאָמען פונ׳ם פריינד זיינעם, האָט זיך דער אַלטער געשיבעט, צי זאָל ער נישט שיקען איהם רופען; ער האָט עס אָבער נישט געוואַגט, ווייל ער האָט אינסטינקטיוו געפיהלט, אַז דער קראַנקער, ווען ער וועט געזונד ווערען, וועט ער עס איהם נישט קאָנען מוחל זיין, וואָס ער האָט געשיקט נאָכ׳ן פריינד זיינעם! איז דען אָט אָ דער נישט שוין פון וואָכען-לאַנג דאָ אין גיבערסטאָל, און ער דערמאָהנט זיך גאָר נישט צו איהם אַריינצוקומען, האָטש מען ווייסט דאָך אין גאַנצען שטעדטעל פון לעאָס געפעהרליכער קראַנקהייט? איז עס דען נישט אַ שווייגענדיג אָבזאָגען זיך פון דער פריינדשאַפט זיינער? איז ער דען זיכער, ווען ער וועט שיקען איהם רופען, אַז ער וועט קומען?

ניין, זאָגט ער צו זיך, און שאָקעלט צו וועהמוטיג מיט׳ן אַלטען קאָפּ, אויף וועלכען די לעצטע שוואַרצע האָר האָבען זיך אין די

לעצטע עטליכע וואָכען אומגעביטען אויף גראָהע. ער פיהלט, אַז אין אָט די לעצטע עטליכע טעג איז ער בכלל זעהר פערעלטערט געוואָרען, די באָרד איז שוין אינגאַנצען פערגראָהט, און אַרום די מויל-ווינקלען האָבען זיך געלייגט טיפע, ערנסטע קנייטשען, און דער קאָפּ איז נאָך שטאַרקער אַראָבגעבויגען געוואָרען צו דער ברוסט, פון וואָס דער רו-קען האָט זיך אַזוי אויסגעקרימט, אַזוי ווי ער וואָלט לעבענס-לאַנג שווערע משאות אויף זיך געטראָגען.

מאַנכעס מאָל, ווען דער קראַנקער פלעגט אויסריידען דעם נאָ-מען פון דער מוטער זיינער, אָפּט נאָך מיט אַזעלכע טענער, וואָס זיי-ער קראַנקע, הייזעריגע פערפאַרבונג האָט איהם ביים האַרץ געשניטען, און עס פלעגט איהם דעמאָלט דאָס געזיכט זיינס דורכצוקען, פלעגט ער דערויף אָנהאַפּען די וויכע, פייכטע, בלייכע האַנט פון׳ם קראַנ-קען און כסדר גלעטען מיט די זייניגע, אַזוי ווי ער וואָלט געזוכט דערמיט צו קומען מיט איהם אין אינערליכער בעריהרונג, מיט איהם, וואָס האָט זיך פון איהם אָבגעזאָגט. אַזוי פלעגט ער אָבזיצען שעה׳ן-לאַנג און גלעטען די שמאָלע, בלייכע האַנט, און זיך נישט פערגינען נישט קיין אָברוה, נישט קיין שלאָף. ריין מעכאַניש פלעגט ער זיך צוהערען, ווען קעניגסבערגער פלעגט צו איהם פון קאַנטאָר אַרויפקומען און איהם בריף ברענגען אָדער מיטטיילען פון נייע געשעפטען. אָדער קעניגסבערגער פלעגט מיט איהם צוזיצען ביים בעט פון׳ם קראַנקען און איהם בערוהיגען, ווען דער אַלטער פלעגט זיך בעקלאָגען, אַז „דער בחור" איז אַזאַ עקשן און וועט אודאי דורכפיהרען דעם בעשלוס זיינעם און וועט פון איהם אַוועק. און דאָס געזיכט זיינס פלעגט דע-מאָלט קריגען עטוואָס טיף-טרויעריגעס! זיין איינאונאייציגער בחור! טאָג איין און טאָג אויס האָט ער דאָך געאַרבייט נאָר פאַר איהם! נאָר פאַר איהם האָט ער דאָך געשפּאָרט און געזאַמעלט דאָס גאַנצע לעבען זיינס! און אַצינד, אַז ער איז אַלט געוואָרען און האַלט באַלד דערביי, צו זאָגען איהם: „קום, זוהן מייגער! אָט נעהם דאָס אַלצדינג, כדי ס׳זאָל דאָס לעבען דיינס נישט זיין אַזוי פול זאָרגען, ווי ס׳איז מיין לעבען געוועזען", שטויסט ער אָב פון זיך די אויסגעשטרעקטע האַנט מיט אַ פערביטערטער קללה, מיט אַזאַ בליק, אַזוי טויט-טרויעריג, אָט ער וועט איהם שוין קיינמאָל נישט קאָנען פערגעסען, אָט אָ דעם וויס-טען טויט-טרויעריגען בליק...

וואָס איז ער עס פאַר אַ בחור? עפּעס פרעמדס איז אין איהם

פאַרהאַן, אַזוינס, וואָס ער האָט עס ביי זיך קיינמאָל נישט געפיהלט, און וואָס אין זיך האָט ער דערפאַר דעם זוהן זיינעם געשעצט און פאַר איהם פורכט געהאַט! דאָס האָט ער איבערגענומען פון דער קרענק-ליכער מוטער זיינער, וואָס איז אויך נישט קיין געבוירענע „סוחר׳טע״ געווען, דעמאָלט נאָך, ווען זיי האָבען געהאַט דאָס קליינע געוועלבעל אין דער פאָרשטאָדט.

דאָס איז עפּעס פרעמדס אין איהם געווען, וואָס ער האָט נישט געקאָנט בעגרייפען. עפּעס אַזוינס, וואָס דערמאָהנט איהם אָן דער תמעוואַטער עהרליכקייט פון די „גוים״, פון די „קריסטען״. ער האָט נישט געקאָנט בענעהמען, מיט וואָס ער האָט עס פערדינט דאָס זידעל-וואָרט פונ׳ם זוהן זיינעם; ווען ער פיהרט דורך פאַר זיך זיינע אַלע יאָהרען, זעהט ער בלויז אַ לעבען פון קאַמפּ, פון זאָרג, פון אַר-בייט. און פאַר וועמען האָט ער אַזוי געזאָרגט און געאַרבייט? צי פאַר זיך דען? פאַר זיך, וואָס ער האָט זיך נאָר איינמאָל אין דריי יאָהר אַ בייעם אָנצוג געלאָזט מאַכען, קיינמאָל קיין טראָפּען ווייןֹ זיך נישט פערגונען און געלעבט שפּאָרזאַם, אַזוי ווי דעמאָלט ביי זיין פרויס לע-בען... אין יענעם געסעל... אין דער פאָרשטאָדט!...

דאָס האַלט ער דאָך אַלצדינג פאַר איהם, פאַר דעם קראַנקען דאָ. און אַצינד נעהמט ער און שטויסט איהם פון זיך אָב, איהם, דעם אייגענעם פאָטער זיינעם, מיט אַזאַ בליק, מיט אַזאַ וויסטען, טויט-טרויעריגען בליק.

אַז ער האָט טאָג-טעגליך אָבגעגעבען זיך צו אַזעלכע געדאַנ-קען, איז ער וואָס אַמאָל געוואָרען אַלץ מעהר אָהן מוט און פערצוויי-פעלטער. די קראַנקהייט אַליין האָט איהם נישט אַזויפיל געשראָקען, ווייל דער דאָקטאָר האָט איהם בערוהיגט מיט די ווערטער, אַז דאָס איז איהם אפילו געקומען דורך אַנ׳אונגעהייערע אָנגעשפּאַנטקייט פון די נערווען און דורך אַ שטאַרקע, זעעלישע אויפרעגונג, נאָר מיט אַבסאָ-לוטער רוהיגקייט און גוטער צוזעהונג קאָן עס בעזיגט ווערען. ער האָט זיך נאָר געשראָקען פאַר דער צוקונפט זיינער, אַז בעת דער קראַנ-קער וועט אויפשטעהן, וועט ער זיין שבועה אויספיהרען און פון איהם אַוועק!

און אַז לעאָ וועט עס טון, דערין האָט ער קיין ספק נישט גע-האַט. ער איז שוין אַ גרויסער עקשן געווען נאָך אַלס יונגעל. אין דער צייט וואָס פון איין זייט האָט ער אַרויסגעוויזען בלויז שוואַכקייט

און אַ מידע ענערגיע, פלעגט ער ביי אַנדערע זאַכען אַרויסווייזען אַזאַ עקשנות, וואָס פלעגט זיך בשום אופן נישט לאָזען בייגען. דערהויפט דערוועקט זיך אין איהם זיין טראַץ דעמאָלט, ווען ער ווייסט, אַז ער איז גערעכט. דאָס האָט ער נאָך יונגעלווייז שוין עטליכע מאָל געהאַט בעוויזען.

און דאָס איז ווידער אַ שטיק אינ'ם זוהנס כאַראַקטער, וואָס בעריהרט איהם אַזוי פרעמד. בכלל זעהט ער, אַז וואָס מעהר דער זוהן איז אויסגעוואַקסען, אַלץ וויינינגער בעריהרונגס-פונקטען געפינט ער אויס, אין וועלכען זייערע כאַראַקטערען זאָלען צוזאַמענשטימען. ער זאָגט עס צו זיך מיט אַ מין פאָרוואורף, ווייל ער האָט דאָך איהם אייגענטליך קיינמאָל נישט ערצויגען, ווייל זינט דער פרויס טויט האָט דאָך לעאָ גאָר קיין אייגענטליכע ערציהונג נישט געהאַט. ער איז עפּעס אַליין פאַר זיך אויסגעוואַקסען, אַזאַ שטילער, טרוימערישער בחור, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט זיך אַיינצוגורען איבער די ביכער, און אַליין איז ער דאָך טאָג איין און טאָג אויס פערנומען געווען מיט די געשעפטען. ווען ער האָט עפּעס געבראויכט, געלט אויף שול-זאַכען, ביכער, פלעגט ער שעמעוודיג צו איהם צוקומען, און ער האָט עס איהם אַלעמאָל פריינדליך געגעבען. דאַן איז ער יאָהרענלאַנג אַלס סטודענט דערווייטערט געווען פון דער היים, און אַזוי זענען זיי זיך געוואָרען וואָס אַמאָל אַלץ פרעמדער און פרעמדער. און אָט איז עס מיט אַמאָל אַרויסגערעדט געוואָרען, אַז זיי פערשטעהען זיך נישט, אָט איז עס אויסגעקומען אַצינד, אַז דער אַלטער יוד קאָן שוין נישט מעהר בעגרייפען דעם יונגען. ס'האָט אַ ברייטער שטראָם געגומען קע-גען זיי געהן, און ס'איז נישטאָ קיין בריק, וואָס זאָל איבערפיהרען צווישען זיי, ווייל קיינער קאָן זי נישט אויפבויען.

פיל מאָל האָט ער שוין געקלערט אויסצונוצען זיין אויטאָריטעט אַלס פאָטער. ער האָט אָבער געוואוסט, אַז אַצינד וועט ער ביים זוהן זייגעם, וואָס איז אינערליך פון איהם אָבגעפרעמדט געוואָרען, שוין גאָר קיין ערפאָלג נישט האָבען, אַז ער בעזיצט שוין נישט יענע טיפע אַכטונג פאַר איהם, וועלכע זאָל איהם צווינגען געהאָרזאַם צו זיין. ער פיהלט זיך נישט גענוג שטאַרק זיך אַקעגענצושטעלען געגען לעאָס טראָץ און עקשנות, ער, דער אַלטיטשקער, וואָס האָט עס אַלעמאָל בלויז דורך ליסט און שלויקייט, דורך אַ רוהיג און געדולדיג אויס-וואַרטען און נאָכגעבען אויף אַזוי ווייט געבראַנגט, ביז ער איז סוף-

כל-סוף רייך געוואָרען. ער האָט זיך נישט געקאָנט צוזאַמענגעהמען אויף אַ פעסטען בעשלוס, ווייניגסטענס אָט אַצינד, בעת עס ליגט פאַר איהם דער בלייכער קראַנקער, אַז ער זאָל איהם קאָנען זאָגען: „גוט, געה וואוהין דו ווילסט! קריגסט שוין נישט פון מיר מעהר גאָרנישט. ביסטו דען אימשטאַנד פאַר זיך אַ גראָשען צו פערדינען, זאָלסט האָבען פון וואַנען צו לעבען?"

ער האָט דעם געדאַנק נישט געקאָנט פערענדיגען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געשראָקען פאַר דעם געדעכעניש פון דער בלייכער, פערשטאָרבענער פרוי זיינער, וואָס האָט איהם אָט אָ דעם זוהן איבערגעלאָזט אַלס איינציג איבערבלייבעניש פון איהר.

צי קאָן ער איהם אָבער נאָכגעבען זיין רצון? צי קאָן ער דען אַצינד בטל מאַכען אָט אָ דאָס גרויסע, גלענצענדע געשעפט, וואָס האָט דאָס פערמעגען זיינס אויף אַמאָל כמעט פערטאָפּעלט? ניין, דאָס וואָלט דאָך נאַריש געווען און ס'איז דאָך גאָר נישט געמאָלט אויך. דעמאָלט וואָלט דאָך עס פאַר אַלעמען באַלד בעוואוסט געוואָרען, אַז ער האָט דאָס גאַנצע פערדינסט פונ'ם אַקציען-אונטערנעהמונג נאָר אויסגעשפעקולירט פאַר זיך, בעת אַצינד טראָגט זיך עס אום פון מויל צו מויל בלויז אַלס נישט-זיכערער אומבעשטימטער קלאַנג. און ווען ער זאָל זיי ביידען, פון וועמען לעאָן איז זיך אַזוי שווער אָבצורייסען, ווען ער זאָל בערגערן מיט מאַנצאָווען זייערע געלטער צוריקגעבען...

ס'איז אַנ'אונזין, זיי זענען דאָך נישט קיין קינדער, וועמען מען קאָן אויס מיטלייד צוריקגעבען, וואָס זיי וועהרען אָן אינ'ם שפּיל. זיי וועלען עס איהם שטאָלץ צוריקשליידערן, און ער וועט זיך נאָר לעכערליך מאַכען דערמיט. חוץ דעם ווערט דאָך דעמאָלט באַלד קלאָר ווי דער טאָג זיין שולדיגקייט דערין.

„ניין, ער ווייסט צו גוט, ווי דאָס איז נישט געמאָלט! און ווייל ס'איז נישט געמאָלט, וועט ער דאָך נישט קאָנען אויסמיידען דאָס צורייסען זיך מיט'ן זוהן זיינעם...

אינדעם האָט זיך דער קראַנקער קרעכצענדיג איבערגעדרעהט אויף דער לינקער זייט און דורך דער בעוועגונג אַרויסגעשלעפּט די האַנט, וואָס דער אַלטיטשקער האָט נאָך אַלץ צערטליך געהאַלטען אין די זייניגע. ס'האָט זיך דער גראָהער קאָפּ זיינער אַראָבגעלאָזט צו דער ברוסט ווי בעשווערט דורך דער לאַסט פון די דריקענדע געדאַנקען. און אַזוי

אײנגעבויגען איז ער געבליבען זיצען אויף דעם שטוהל און מיד גענומען קוקען פאַר זיך.

אָבער וויפיל ער האָט נישט דריבער נאָכגעטראַכט, קײן אויס-וועג דערפון האָט ער אַלץ נישט געזעהן, קײן שום אויסוועג נישט.

ס'איז שוין געהאַט אַריבער דער נאָכמיטאָג. אַ פּאָר שעה נאָכ-אַנאַנד האָט דער אַלטער וואָלף צושטרייט געאַרבייט אין קאַנטאָר, און פאַר דער צייט איז דערווייל די אַלטע קאַטינקאַ, דאָס יודישע דינסט-מיידעל, ביי לעאָס בעט געזעסען, בעוואָפענט מיט אַ גרויסען זאָק צום שטריקען. אַרום זיבען אַ זייגער איז דער אַלטער צוריק אַרויפגעקומען, און אין דער האַנט זיינער האָט ער אַ דעפּעשע גע-האַלטען.

ער שיקט אַוועק די דינסט צוריק אין קיך אַריין און פערנעהמט ווידער דאָס אַלטע אָרט זיינס. דורכ'ן אָפענעם פענסטער וועהט אַריין דאָ אינ'ם צימער פון קראַנקען אַ פרישער סעפּטעמבער-ווינט אויס דער גאָרטען-זייט פונ'ם הויף, פון וועלכען עס געהט דאָ דורך אַ פיינער דופט פון פערבליהטע רויזען. ער געהט צו צום פענסטער און פער-מאַכט עס.

אונטען געפינט זיך דער קליינער גאָרטען, וואָס געהערט צום הויף דאָ, אַזוי אָבגעהיטען און ריין געהאַלטען. עס זענען זויבער צו-געזעהן די בייטען, און די קוואַדראַטישע פאָרם זייערע איז ביי די עקען פערזעצט מיט רויזען-שטרויכען, וואָס בעווייזען, מיט וויפיל בע-מיהונג עס ווערט בעהאַנדעלט דער גאָרטען דאָ. באַלד אין ווינקעל דאָרט געפינט זיך די אַלטאַנע, אין וועלכער לעאָ האָט אַזוי ליב גע-האַט צו אַרבייטען און לעבען, בעת ער פלעגט אַהיים קומען אויף די זו-מער-קאַניקולען. ער אַליין איז ער דאָך נישט אַזאַ פריינד פון בלומען, ווען די אַלטע דינסט וואָלט דעם גאָרטען נישט צוגעזעהן — פון לעאָס וועגען — וואָלט דאָס אַלצדינג דאָ פערווילדט געוואָרען.

ווען ער האָט אַ בליק געוואָרפען צום בלאָהען הימעל, האָט ער דערזעהן אויפשווימען אַ העל-בלייכע קיילעכדיגע לבנה פון די ווייסלי-כע וואָלקענס אַרויס, און בעת דעם איז נאָך פון דער אַנדערער זייט הימעל פול און גרויס די גאָלדיגע זון געשטאַנען, און ס'האָט אויסגע-זעהן, ווי זי וואָלט זיך אָבגערוהט אויפ'ן קירכען-טורים. ס'איז אויס-געקומען, אַזוי ווי זי וואָלט זיך אַ ברייטע און קיילעכדיגע צולייגט

דאָרט אויף איהם און מיט די לעצטע, גלוט-שטאַרקע שטראַהלען אַראָב-געקוקט איבער דעם קליינעם שטעדטעל. גאָלד אָבער האָט גענומען אַוועק איין רויטער פּאַס נאָכ'ן אַנדערן פונ'ם בלוט-ראָד אַרום איהר, און ס'האָט אויסגעזעהן, ווי איין גאָלד-פּאַס נאָכ'ן אַנדערן גראָבט זיך איין פונ'ם דאַך אַראָב אין דער קירך. אָט קוקט נאָך אַ ברייט שטיק פלאַך איבער דעם דאַך אַריבער און זעהט צו, ווי אַ יונגעל, וואָס האָט געגנב'עט עפּעל, קלעטערט דערפרייט אויפ'ן פּאַרקען, די לאַכעדיגע אויגען גי-בען איהם אויס און דערצעהלען פונ'ם געלונגענעם קונץ-שטיק און אַז ער האָט שוין נישט וואָס מורא צו האָבען, מען זאָל איהם חאַפּען.

מיט'ן אונטערגעהן פון דער זון איז גלייך פערשוואונדען דאָס העל-גלאַנצענדיגע גאָלד, וואָס האָט ציטערנדיג געשפּילט אויפ'ן פענס-טער-ברעט און אויף די דילען. אָט איז די גראָהע דעמערונג געקומען אינ'ם צימער אַריינצושלייכען און איהם פערצויגען מיט אַ פיינעם, טונ-קעלן פלאָר *).

ווען ער האָט זיך צוריק אַנידערגעזעצט אויפ'ן בעט, האָט ער ווידער גענומען די לינקע האַנט פונ'ם קראַנקען אין די זייניגע און איז אַזוי געבליבען זיצען פערקלערט אין זיך אַ האַלבע שעה אַנ'ערך, און דערווייל האָט די טונקעלקייט אַלץ געדיכטער אָנגעפילט דאָס צי-מער און אַלץ שוואַרצער דורך די פענסטער אַריינגעאָטעמט.

ער האָט געטראַכט פון דער דעפּעשע, וואָס איז פריהער געהאַט אָנגעקומען און וואָס איז געווען צום זוהן זיינעם. אונטערגעשריבען איז זי געווען מיט אַ מיידעלשען נאָמען, מיט דעמזעלבען נאָמען, וואָס לעאָ פלעגט אַזוי אָפט אַרויסרעדען אין זיינע צומישטע געדאַנקען, און וואָס אַחוץ דעם האָט ער דעם נאָמען נאָך קיינמאָל פון איהם נישט געהאַט געהערט. בלויז אין די לעצטע עטליכע וואָכען איז עס איהם געהאַט אויסגעקומען צו לייענען. אויף דער צווייטער זייט פון אַנ'אָנגעקומענעם בריף איז געווען אויפגעשריבען דער שיקער פונ'ם. דערנאָך איז אין דריי טאָג אַרום אָנגעקומען נאָך אַ בריף צום זוהן זיינעם מיט דערזעלבער האַנטשריפט און הינטען איז געווען דערויף: געשיקט—ערנעסטי, בערלין, קעפּניקער-גאַס, 94, II. דערנאָך איז דעם פערגאַנגענעם זונטאָג אָנגעקומען אַ רעקאָמאַנדירטער בריף, ווידער צום

*) פלאָר — בליטען, געדיכטקייט.

זוהן זיינעם, און ווידער מיט דערזעלבער פיינער דאַמען-האַנטשריפט. נאָר אויף דער צווייטער זייט, אויף וועלכען ס׳האָט זיך געפונען דער נאָמען פון דער אָבשיקערין, זענען אַ טייל בוכשטאַבען געוועזן פער-קלעקט און ס׳האָבען זיך געזעהן ברודיגע קיילעכדיגע טינט-פלעקען. דאָ זענען אודאי אַראָבגעפאַלען טרעהרען אויף די נאָך פייכטע בוכ-שטאַבען.

און אָט האַלט ער אַ דעפעשע אין האַנד, וואָס קעניגסבערגער האָט איהם איבערגעגעבען שוין אַנ׳אויפגעריסענע:

„זיי געזונד, לעאָ. איך האָב דאָך דיך אַזוי ליעב.

העלענע”.

אָט אָ די רעטזעלהאַפטע דעפעשע האָט איהם מערקווירדיג אויפ-גערעגט, ער האָט די דריי בריף געהאַט אַוועקגעלייגט נישט-געעפענטע, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אויסקוקען לעאָס עסקים, וואָס דאַרפען איהם נישט אָנגעהן. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז אומגעפעהר האַנ-דעלט זיך עס דאָ וועגען לעאָס קליינע ליבעס-אַפערע *), און קעניגס-בערגער, ווען ער האָט איבערגעלייענט דעם קריסטליכען נאָמען „הע-לענע ערנעסטי”, האָט ער דערויף שפּאָטיש אַ לאַך געטון, אַ בעוועג געטון מיט די אַקסעל און מיט דער האַנט זיינער און גרינגשעציג אויס-געשריגען: „עפּעס אַ שיקסע! נו, וואָס אַ שטייגער קאָן זי עס פער-לאַנגען פון איהם?”

אָבער ווען ס׳איז אָט אָ די מערקווירדיגע דעפעשע היינט אָנגע-קומען, האָבען זיי זיך ביידע פרעגענדיג אָנגעקוקט און נישט אויס-גערעדט קיין וואָרט. נאָר איבער קעניגסבערגערס געזיכט איז דורך אַ גרימאַסע, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס אַ גרויסע ענטדעקונג געמאַכט. באַלד דערויף איז אָבער דער אַלטיטשקער אַרויסגעגאַנגען צו לעאָן.

אַצינד זיצט ער ביים בעט זיינעם און מאַכט איהם די קאָלדרע צורעכט און גלעט איהם די האַנט זיינע. אינ׳ם צימער איז שוין גע-האַט אינגאַנצען טונקעל געוואָרען. ס׳האָט זיך נישט געהערט גאָרנישט אויסער דאָס שווערע עטעמען פונ׳ם שלאָפענדען און דאָס איינפאָרמיגע טיקען פונ׳ם וואַנד-זייגער. דאָס אַלטע דינסט-מיידעל האָט געהאַט די לאָמפ אַריינגעבראַכט און אַוועקגעלייגט דערנעבען שוועבעלעך, נאָר ער-

*) אפערע — פּאָרפאַל, אָנגעלעגענהיים.

האָט עס אָבער נישט בעמערקט. אינדעם דערהערט ער שווערע טריט, אָן וועלכע ס׳לאָזט זיך פערנעהמען די בעמיהונג, זיי זאָלען זיך הע-רען וואָס מעגליך שטילער.

„נו, פעטער, וואָס מאַכט ער? זאָל איך אָנצינדען פייער?" און אין דערזעלבער מינוט איז ער שוין ביים טיש און צינדט אָן די לאָמפּ. אויף דער זייט צו, דורך וואַנען ס׳איז געפאַלען אַ שאַרפע ליכטיגקייט איבערן בעט, איז באַלד אַריבערגעגומען געוואָרען דער גרינער אַבאַ-זשור, וואָס האָט אַנגענעהם די שיין געדעמפּט.

„נו, פעטער", און קעניגסבערגער קוקט איהם אויפוואַרטענדיג אָן, „וואו האָסטו די בריף?" פיליפּכט האַנדעלט עס זיך דערין וועגען עפּעס וויכטיגס, ווייל דאָך לעאָ אויף זיי קיין פּאַראיבעל נישט האָבען, ווען ער וועט דערנאָך געוואָהר ווערען, פאַרוואָס זיי האָבען געעפענט די בריף.

און אַזוי שווייגענדיג זיצען זיי ביידע, קאָפּ צו קאָפּ געבויגען, און לייענען די דריי בריף, וואָס דער אַלטער וואָלף האָט פון דער קאָמאָדע אַרויסגענומען.

„ליבער לעאָ מיינער!

פון פלאָרען, וואָס האָט זיך עס דערוואוסט פון האָרסטען, בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז דו ביסט אַהיימגעפאָהרען און גאָר פּלוצלונג, פּונקט דאַן ווען איך האָב דיך אַזוי געוואָלט זעהן. דאָס איז אַזוי אומגערעכט פון דיר; דען כ׳פיהל זיך דאָך די צייט נאָכ-אַנאַנד אַזוי נישט-גוט, און כ׳האָב עס געזאָגט דער מאַמאַ, דערויף האָט זי מיך געשלאָגען, ווייל כ׳האָב זיך אַזוי שלעכט אויפגעפיהרט. נאָר איך האָב דאָך עס געטון בלויז, ווייל דו ביסט אַזוי צוגעשטאַנען צו מיר און ווייל כ׳האָב דיך דאָך אַזוי ליב. אין דער היים איז מיר אַזוי שטאַרק שלעכט אַצינד. די מאַמאַ קריגט זיך אַלעמאָל אַזוי, און איך פיהל זיך וואָס אַ טאָג אַלץ מעהר נישט-גוט. און איך שעם זיך אַזוי שטאַרק פאַר דער מוהמען, זי ווייסט אָבער אויך נישט, אַז דו ביסט עס געוועזען. נאָר כ׳ווייס אָבער גאָר נישט, וואָס צו טון אַצינד! קום צוריק צו מיר, דו גוטער מיינער, וועל איך דיך דעמאָלט אַהיים-פיהרען צו דער מאַמאַ. עס קאָן דאָך נאָך אַלצדינג צוריק גוט ווערען. כ׳האָב דאָך כמעט נישט קיינעם מעהר ווי דיך...

גוטער, ליבער לעאָ! ווי דו זעהסט אַרויס, האָב איך דעם בריף

אָנגעהויבען שרייבען אינ׳ם געשעפט. ענטשולדיג מיר דעריבער דעם קלעק, וואָס כ׳האָב געמאַכט! פאַרוואָס ביסטו אַזוי גיך אָבגעפּאָהרען, אַזוי גיך, אָהן „אַדיע״ מיר צו זאָגען? איז עס שיין פון דיר? אַצינד ליגט צווישען אונז אַזאַ שרעקליכע דערוויטערונג. דאָס איז אַזאַ שווע-רע צושיידונג פאַר מיר, אָבער אַיאָ, ליבער מיינער, דו קומסט באַלד צוריק? צי ביסטו נישט איבער עפּעס בייז אויף מיר? זאָלסט מיר באַלד שרייבען. קאָנסט שרייבען צו דער מאַמאַ, נאָר אויב דו ווילסט מיר אַ פריידְ אָנטון, אַך, אַזאַ גרויסע פרייד אָנטון, טאָ קום אַליין צו פאָה-רען. דעריבער, האַרץ-געליבטער מיינער, פערענדיג איך אַצינד, און גריס און קוש דיך.

דיין דיך איניג-ליבענדע

העלענע.

נ. ב. ענטשולדיג מיר די שלעכטע האַנטשריפט, דער קליינער האַנס איז אַזוי נישט-אַנשטענדיג און שלאָגט מיר אַלעמאָל די האַנט אונטער.״

דער אַלטער וואָלף נעהמט דעם צווייטען בריף און עפענט איהם. די לאָמפּ זורזשעט מאָנאָטאָן אינ׳ם צימער דורך און וואַרפט אַ מאַט-רויטע שיין איבער די צוזאַמענגעבויגענע קעפּ פון די ביידע לייע-נער. איבער דער וואַנט הייבען זיך אַרויס די שאָטענס פון די קעפּ זייערע אין אַזאַ אויסטערלישער ריזיגער פאָרם און שלאָגען זיך גע-שפּענסטיש אָב פונ׳ם גראָה אויף דער וואַנט.

„געליבטער שאַץ!

כ׳האָב נאָך נעכטען געוואָלט שרייבען, נאָר כ׳האָב מיך געשפּירט אַזוי שטאַרק נישט-גוט און כ׳האָב אַלץ געהאָפט, גוטער ליבער מיינער, אַט קריג איך אַזאַ ליבען בריף פון דיר, וואָס איך וואָלט מיך דאָך מיט איהם אַזוי געפרייט. אָבער ס׳איז קיין פרייד מיר נישט בעשערט. ליבער מיינער, זאָג מיר, האָסטו דען דעם בריף מיינעם נישט דער-האַלטען? פאַרוואָס לאָזטו דיין דיך אַזוי איניג ליבענדע העלענען אין אַזאַ אונגעוויסקייט, נישט געבענדיג פון זיך גאָרנישט צו וויסען, נישט קיין איינציג וואָרט, דיין העלענען, וואָס דו ווייסט דאָך, ווי שטאַרק און איניג זי ליבט דיך, ווי זי טראַכט אַלץ נאָר פון דיר, און ס׳אַר אַ טרייסט ס׳איז פאַר מיר דער גליקליכער געדאַנק, וואָס דו האָסט מיך אויך ליב געהאַט און האָסט מיך נאָך געוויס ליב. אַלזאָ, זעה, שרייב מיר דאָך, גוטער מיינער, צי האָסטו דערהאַלטען דעם בריף מיינעם,

צי נישט — די מאַמאַ איז יעדען טאָג אַזוי שלעכט צו מיר, אָפטמאָל אַזוי שלעכט צו מיר, אַז ס׳בענקט זיך מיר ערגיץ ווייט אַוועק. און זי רופט מיך אָן מיט אַזעלכע ווערטער, און כ׳האָב דאָך געטון בלויז, וואָס דו האָסט פון מיר פערלאַנגט. כ׳וויים גאָר נישט, וואָס עס וועט ווערען, אַז דו וועסט נישט שרייבען צו דער מאַמאַ אָדער דו וועסט נישט קומען. כ׳האָב זיך דאָך שוין גענוג אָנגעליטען! פיליילכט בין איך מיט וואָס נישט געווען קעגען דיר, דו טוסט מיר אָבער דאָס ביטערסטע אומרעכט, און דו טוסט מיר וועה, וואָס דו ענטפערסט מיר נישט. — ס׳איז האַלב איינס אַ זייגער ביידערנאַכט און איך געה אַצינד מיט׳ן בריף, אָהן דער מאַמאַס וויסען, צום פּאָסט-קאַסטען. שרייב, לעאָ, אַנישט וויים איך נישט, וואָס כ׳וועל טון.

דיין דיך אייביג ליבענדע

העלענע."

אין אָט אָ די שורות זענען פיל בוכשטאַבען געווען פערקלעקט דורך טרעהרען. וואָלף מיט קעניגסבערגערן האָבען עס טאַקי בעמערקט, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געהאַט קיין האַרץ צו שפּעטען דע-ריבער, אַפילו קעניגסבערגער אַליין האָט נישט געקאָנט ביי זיך פועל׳ן, ער זאָל זיך אויסרעדען מיט אַ שפּאַט-וואָרט איבער דאָס האַרץ-פער-קלעמענדע פונ׳ם בריף. ער הייבט זיך אויף, פערנעהמט לייכט דעם לינקען אָרעם איבערן אַלטענס פּלייצע און קוקט אַריבער צום דריטען בריף, אויף וועלכען ס׳איז פון אויבען געווען צובעמערקט „רעקאָמאַנ-דירט".

„ליבער לעאָ!

דו האָסט דאָך מיר אַזוי פיל גוטון דערמיט, וואָס דו האָסט מיר נישט געענטפערט! ביידע בריף האָסטו דערהאַלטען. אַצינד וויים איך שוין, וואָס דאָס שווייגען דיינס האָט צו בעטייטען. דאָך אָבער, לעאָ, דו זאָלסט אַזוי פון מיר אַוועקגעהן, וואָס דו ווייסט, אַז איינציג אויף דער וועלט האָב איך נאָר דיך ליב! וואָס בלייבט מיר שוין מעהר? מעהר שוין גאָרנישט, גאָרנישט! און וואָס קאָן איך אַצינד טון, אַז כ׳האָב — — אַזוי פיל ביטערניש איבערגעטראָגען און קענען געלערנט, אָבער מעהר קאָן איך שוין נישט. אָ, ליבער לעאָ, איך בין נישט בייז אויף דיר, כ׳האָב נאָך דיך אַזוי שטאַרק ליב. נאָר דאָך, נאָך שווערערס איבערצוטראָגען, בין איך שוין נישט אימשטאַנד. איך וועל שוין צו אָט אָ דער וועלט מעהר נישט געהערען. ווי גוט ס׳וועט מיר

זיין – די עלטערן מיינע וועלען עס מיר פערגעבען, און דו, לעאָ, פערגעס מיך אויך נישט אַזוי גיך; דען ווער עס ליבט דיך אַזוי שטאַרק, ווי איך, בעדאַרף נישט אַזוי שטאַרק ליידען. נאָר לאָמיך אָט אָ דעם געדאַנק שוין פערגעסען, די לעצטע שעה'ן מיינע נישט פערביטערן, כ'בעט דיך נאָר, ליבער לעאָ, זאָלסט זיך חאָטש טיילמאָל אָן מיר דערמאָהנען! חאָטש טיילמאָל. אַז האָסט מיך ליב געהאַט, דאָס ווייס איך, דעריבער לעאָ, נעהם דאָס בילד מיינס אַלס לעצט אָנדענקען פון מיר. מיט דיין בילד אויף דער ברוסט געה איך פון דער וועלט. אין אָקטאָבער וועסטו קאָנען קומען אויף מיין קבר. קיינער ביי אונז אין דער היים האָט קיין אַהנונג נישט, ווער ס'האָט מיר עס געטון. בעוואָהר מיר אַ גוט אָנדענקען... אַך, איך קאָן נישט מעהר שוין שרייבען. אַז כ'וועל מאָרגען צייט האָט האָבען און די מאַמאַ וועט נישט נעבען מיר זיצען, וועל איך דיר שרייבען נאָך אַ פּאָר ווערטער. מיין האַרץ עפען איך פאַר דיר, און דאַן, אין אָוועגד, שייד איך מיך פונ'ם לעבען. קום נישט, נאָר לאָז דיין דיך דאָך אַזוי שטאַרק און איניג ליבענדער העלענען שטאַרבען. מיר איז אַזוי שלעכט, מעהר קאָן איך נישט.

העלענע".

די לעצטע שורות זענען געוועזען מיט אַ גאַנץ אַנדער האַנטשריפט ווי די ערשטע. זיי זענען געוועזען אַזוי קרום און אומבעהאָלפען, אַזוי ווי מען מאַכט די ערשטע איבונגען אינ'ם שרייבען, אָדער אַזוי ווי געשריבען מיט אַ ציטערנדיגער האַנט, די שרייבערין האָט געמוזט די אויפרעגונג איהרע מיט געוואַלט אין זיך דערשטיקען, נאָר די קרומע שרייב-צייכען און אויסגעקרימטע ליניעס גיבען אויס די שרעקליכע אויפרעגונג פונ'ם מיידעל.

אַ לאַנג שטילשווייגען לייגט זיך איבערן צימער, קעניגסבערגער בעהמט די דעפּעשע, קנייטשט זי אויף און לייגט זי אויף די בריף:

„זיי געזונד, לעאָ. איך האָב דיך דאָך אַזוי ליב.

העלענע".

דאָס איז געוועזען דער סוף.

זיי שווייגען; דען זיי האָבען געאַהנט, אַז דאָ איז אַ מענשען-לעבען צו גרונד געגאַנגען.

דעם אַלטיטשקען האָבען זיך געשטעלט טרעהרען אין די אויגען, און ער ווייסט אַליין נישט, צי דאָס איז אויס מיטלייד מיט'ן עלענדען מיידעל אָדער מיט'ן זוהן זיינעם, וואָס איז דאָך אַזוי שולדיג אין

דעם. פיליכט, בליצט אין איהם אויף אַ געדאַנק, פיליכט, וועט ער אַצינד פערבלייבען ביי איהם, אַצינד, ווען ס׳קומט איהם אויס אויף זיין גע-וויסען אַזאַ שווערע זינד צו טראָגען. נאָר פון זיין מויל איז קיין וואָרט נישט אַרויס. קעניגסבערגער האָט אויך געשוויגען. זיי האָבען זיך געפיהלט, אַזוי ווי זיי וואָלטען בייגעוואוינט דאָס שטאַרבען פון אַ יונג מענשען-לעבען, ווען יעטוועדעס וואָרט איז אַ פרעכע שטערונג פאַר דער הייליגקייט פונ׳ם טויט...

## ניינאונצוואַנציגסט קאַפּיטעל.

מיט אַכט טאָג שפּעטער, אין דער לעצטער וואָך פון סעפּטעמבער, האָט ערשט לעאָ געקאָנט אויפשטעהן פון בעט. ער האָט זיך נאָך אַלץ געשפּירט אַזוי אָבגעשוואַכט, אַז דאָס געהן האָט איהם יסורים פערשאַפט. ער האָט אָבער די גאַנצע כחות זייגע צוזאַמענגענומען, כדי ער זאָל נישט בעדאַרפען בעגלייט צו זיין פון׳ם פאָטער זיינעם אָדער פון׳ם פעטער. דערצו נאָך דאַרף ער איבער אַזויפיל זאַכען נאָכטראַכטען, אַזויפיל אין זיך דורכצומאַכען, אַז ער האָט אַצינד נאָך מעהר ווי אַלעמאָל ליב געקריגען די איינזאַמקייט. און אַזוי פלעגט ער שעה׳ן־לאַנג איינזאַם אָבזיצען אינ׳ם צימער זיינעם, אָדער פלעגט אומוואַנדערן איבער די וויייניג בעטרעטענע וועגען אינ׳ם נאָהענטען וואַלד, וואו אין זיין מיט האָט זיך געפונען די אַלטע שלאָס־רואינע, וואָס איז זיינס און זיין פריינדס ליבלינגס־אָרט געווען. דאָ פלעגט ער אָבליגען דעם גאַנצען נאָכמיטאָג און בעלוישען מיט דער איבערגעגעבענער דאַנקבאַרער ליבע פון אַ קראַנקען דאָס לעבען פון דער נאַטור, וואָס איז אַצינד איבערגעגאַנגען צום גרויסען אָבשטאַרבען אינ׳ם הערבסט. דאָ האָט ער איבערגעלעבט נאָכאַמאָל פיל טעג פון דער יוגענד זיינער, זיסע ערינערונגען אויס דער צייט פון זיין קינדהייט, וואָס האָבען איהם פערבונדען מיט ריכאַרד מאַנצאָווען.

נאָר דאָ דערמאָהנט ער זיך דערין, וואָס מאַנצאָוו געפינט זיך אַצינד בלויז עטליכע מינוט ווייט פון איהם, און וואָס שוין גאַנצע צוויי מאָנאַטען, אַז ער פערברענגט דאָ אינ׳ם שטעדטעל, זיך נישט האָבענדיג נאָך קיין איינמאָל בעגעגענט. געוויס, זיי מיידען זיך בכיון ביידע אויס. טיילמאָל האָט זיך איהם אויסגעדאַכט, אַז ער האָט געזעהן פון ווייטענס דאָס הויכע געשטאַלט זיינס, און מאַנכעס מאָל, ווען

ער פלעגט אַזוי זיצען פאַר דער רואינע, האָט ער איהם טאַקי געזעהן איבערן זעלבען וועג אָנקומען אַהער; דאַן פלעגט ער טיף אינ׳ם וואַלד אַריינלויפען, ער פלעגט דעמאָלט פערגיכען די טריט זיינע און ווי אַ פערצאַפּעלטע חיה זיך פערגראָבען אין דער איינזאַמקייט פונ׳ם וואַלד.

זיין פערגאַנגענהייט האָט ער אַצינד געזעהן ליגען וויט הינטער זיך, ווי קוקענדיג דורך אַנ׳איבערגעקעהרטען בינאָקל. ער האָט כמעט קיינמאָל נישט געטראַכט פון איהר, און האָט ער זיך דערמאָהנט, איז עס געווען אַזוי שווערפעליג, מיט ביטערע יסורים, מיט טרעהרען. נאָר פון העלענען פלעגט ער אָפט טראַכטען. ס׳איז איהם אַ וואונדער געווען, וואָס ער האָט נישט געקריגען פון איהר קיין בריף. פיללייכט איז זי אויף איהם בייז, ווייל ער איז אַוועקגעפאָהרען, זיך נישט גע-זעגענענדיג מיט איהר. אָבער באַלד דעם ערשטען טאָג, ווי ער איז אויפגעשטאַנען פון בעט, האָט ער איהר געשריבען אַ לאַנגען בריף, אין וועלכען ער האָט איהר דערצעהלט פון דער קראַנקהייט זיינער. זי דאַרף נישט בייז זיין אויף איהם, ער האַלט אַצינד ביי אַ ווענד-פונקט אינ׳ם לעבען זיינעם, און ער ברויכט ליבע צו האָבען, פיל ליבע. ער האָט אַצינד אַלצדינג צוריסען, וואָס האָט איהם צו דער פאַמיליע זיי-נער צוגעקניפּט. אַצינד מוז ער זיך אויף די אייגענע פיס שטעלען און אַליין זיין ברויט פערדינען. דער ריס צווישען איהם און דעם פאָטער זיינעם איז שוין נישט צום פערהיילען, און אין דער פינסטער-ניש פון דער זעעל זיינער לייכט איהם, ווי אַ פיינער, צערטליכער שי-מער, בלויז דער געדאַנק וועגען זיין טריי, דייטשיש מיידעל. דערויף האָט ער איהר געשריבען די טונקעלע ווערטער: אַצינד איז עס קלאָר צווישען איהם מיט איהר, יעטוועדער אומריינער הויך איז אין איהם פערלאָשען. אַצינד האָט ער שוין אַלצדינג געפונען, איהר, זיך אַליין און מיט דעם די גאַנצע צוקונפט זיינע... אָט אָ דעם בריף האָט ער דער אַלטער קאַטינקאַ אַוועקגעגעבען צו בעזאָרגען, און ס׳איז איהם אַ וואונדער געווען, יאָ, עס האָט איהם רוהען נישט געלאָזט, וואָס שוין צעהן טאָג און ער האָט נאָך אַלץ קיין ענטפער נישט דער-האַלטען.

ער האָט טאַקי נישט געוואוסט, אַז דער בריף איז גאָר נישט אַוועקגעשיקט געוואָרען. דער אַלטער דינסט איז שטרענג פערזאָגט גע-ווען, אַז יעדער בריף, וואָס ער וועט איהר אָבגעבען צו בעזאָר-גען, זאָל זי ברענגען צום אַלטען וואָלפען. דער אַלטער האָט זיך ריכטיג

משער געוועז, אַז דער ערשטער בריף, וואָס לעאָ וועט שרייבען, אויפשטעהענדיג פון דער קראַנקהייט זיינער, וועט זיין צו העלענען, און ער האָט זיך נישט טועה געוועזען דעריין. ווען ער האָט איהם גע-לייענט, האָט ער בעטריבט צוגעשאָקעלט מיט'ן גראָהען קאָפּ, ווייל ער האָט דאָ אַרויסגעזעהן, אַז דער בעשלוס פונ'ם זוהן זיינעם, איהם צו פערלאָזען, איז נאָך פערבליבען אין איהם אַלץ אַזוי שטאַרק. דאָך האָט ער נישט געהאַט דאָס האַרץ, דעם האַלב קראַנקען, דעם שוואַכען לעאָן איבערצוגעבען די ידיעה פון העלענעס טויט. דער פאַקט וועט דאָך נישט בלייבען בסוד, ער האָט נאָר געוואָלט אָבוואַרטען, ביז דער זוהן זיינער וועט צוריק קומען צו די כחות, אינ'ם טאָג, ווען ער וועט דעם „זיי געזונד" זאָגען, כדי, ווי ער האָט געשריבען צו העלענען, „נישט צו לעבען פונ'ם געלד, אויף וועלכען עס קלעפּען פרעמדע קללות און פרעמדע טרעהרען." אָבער ווייל ער האָט מורא געהאַט דעם זוהן זיינעם אינ'ם געזיכט אַריין צו קוקען, פלעגט ער איהם נאָכאַנאַנד אַלץ אויסמיידען. דער עיקר האָט ער מורא געהאַט, ער זאָל זיך נישט אומ-גערן מיט אַ וואָרט אויסרעדען, אַז לעאָ זאָל נישט קאָנען קומען אויפ'ן חשד דערפון.

דערצו נאָך האָט ער היינט אָבגענומען לעאָס אַ צווייטען בריף, וואָס איז געוועזען אַזוי רעזיגנירט און אַזוי פערצווייפעלט, אַז וואָס אַמאָל האָט ער זיך אַלץ מעהר געשראָקען פאַר דער מינוט, ווען ער וועט זיך דערוויסען פונ'ם מיידעלס טויט. ער האָט איהם בכיון אויס-געמיטען. לעאָ פלעגט איינער אַליין זיצען ביי זיך אין צימער. און אינ'ם גאַנצען הויף דאָ האָט אַ שטילקייט געהערשט, אַזוי ווי ער וואָלט נאָך אַלץ שווער קראַנק געלעגען, און יעטוועדער איינציגער שרעקט זיך מיט קיין הויך וואָרט נישט איבערצורייסען די שטילקייט.

אָבער איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג איז געקומען די ענטשיידונג.

די אַלטע דינסט האָט געבורענגט אַ בריף, וועלכען דער אַלטיטש-קער האָט נישט געהאַט געעפענט, ווייל דערויף איז געשטאַנען מיט פיינע, לאַטיינישע אותיות „בורשענשאַפט גוועסטפאַליאַ". ס'איז דאָך נישט מעגליך, אַז אַ בריף פון לעאָס סטודענטישען פערבאַנד זאָל קאָ-נען ענטהאַלטען די ידיעה פון העלענעס טויט, און נישט האָבענדיג קיין אַהנונג פון גאָרנישט, האָט ער דעם בריף אָבגעשיקט צו לעאָן אינ'ם צימער אַרויף.

ווען דאָס אַלטע מיידעל האָט איהם דעם בריף איבערגעגעבען,

האָט לעאָ גראָד געהאַלטען ביים אַרויסגעהן שפּאַצירען, ווי ער איז געוועהנט אַלע נאָכמיטאָג. ער גיט אַ וואָרף אויפ׳ן טיש דעם הוט מיט׳ן שטעקען, שטעלט זיך אַוועק ביים פענסטער און עפענט דעם בריף. פונ׳ם קאָנווערט נעהמט ער אַרויס אַ בריף-בויגען און אַ צייטונג. ווען ער האָט איבערגעלייענט דעם בריף האָט ער זיך מיט ביטערניש צו-לאַכט. די בורשענשאַפט זיינע גיט איהם גראָד די עצה, ער זאָל אַרויסטרעטען פון דאָרט. מען ראָט איהם באַלד עס צו טון, אַנישט וועט ער פּילייכט שפּעטער אי. פּ. דעמיטירט *) ווערען.

ווי קינדעריש קומט איהם דאָס אַלצדינג פאַר אין זיין זעעלישען צושטאַנד אַצינד, ווי קינדעריש — אַנטקעגען דעם רויהען ערנסט פונ׳ם לעבען, וואָס איהם איז אויסגעקומען די לעצטע וואָכען קענען צו לערנען!

מיט אַ פעראַכטענדער האַנט-בעוועגונג שליידערט ער אַוועק דעם בריף אויפ׳ן טיש.

באַלד דערויף נעהמט ער די צייטונג. אויפ׳ן ראַנד פון דער צווייטער זייט האָט זיך געפונען אַ דיקער, לאַנגער טינט-שטריך, וואָס האָט אָנגעוויזען אויף אַנ׳אַרטיקעל און דערביי איז געווען צוגעשריבען מיט גרויסע, פעטע בוכשטאַבען: מאַקס פאָן האָרסט.

דער נאָמען פונ׳ם טויט-פיינד זיינעם זאָגט איהם נישט אָן קיין גוטס. מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ לייענט ער:

„נעכטען איז ביי דער שטראַלער-בריק געפונען געוואָרען דער טויטער קערפּער פון אַ יונג מיידעל, וועלכעס איז ביי דער רעקאָגנאָס-צירונג **) דערקענט געוואָרען פאַר די זינט אַכט טאָג פערפאַלען געוואָרענע עלטסטע טאָכטער פונ׳ם אויף דער קעפּניקער-גאַס וואוינענ-דען בעאַמטען ע. דער טויטער קערפּער האָט געמוזט קעגען שטראָם אָנגעקלאַפּט ווערען מיט׳ן קאָפּ אָן אַ באַלקען אָדער אַ שיפעל, ווייל דער קאָפּ איז צושעדיגט געווען, און אַ גרויסע וואונד האָט דאָס גע-זיכט פונ׳ם מיידעל, וואָס איז פריהער זעלטען שיין געווען, אינגאַנ-צען פערדאָרבען. ווי ס׳איז אונז בעוואוסט פון אַ זיכערער קוועלע, האָט דאָס מיידעל געהאַט בעציהונגען מיט אַ יודישען (נאַטירליך!) סטודענט,

*) א. פּ. (in perpetuum) דעמיטירט — אויף שטענדיג אויסגעשלאָסען.
**) רעקאָגנאָסצירען — אָנערקענען, ערקלערט ווערען פאַר ריכטיג.

וואָס איז פלוצלונג, ווען ס׳האָבען זיך געלאָזט בעמערקען די פאָלגען פון זייער פערקעהר, אַוועקגעפאָהרען פון איהר. כדי אויסצומיידען די שאַנדע, האָט זיך דאָס עלענדע מיידעל דערטרונקען. דער דאָזיגער „עהרענמאַן״ איז דער זוהן פון יענעם באַנקיר וו. אין ג., וואָס זאָל האָבען פאַר עטליכע מאָנאַטען געבערענגט צום באַנקראָט פון אַנ׳אַקציען-אונטערנעהמונג. ווידער אַ נייער ביישפיל וועגען דער קאָרופציאָן *) פון אונזערע פערהעלטניסען איבער די יודען! די אַלטע בעשווינדלען דעם עהרליכען, בראַוועון מיכעל, און די יונגע פערפיהרען די טעכטער זיינע! שלאָפסטו נאָך אַלץ, דו גוטער מיכעל? וואַך אויף!!!״

לעאָ קוקט שטאַר אין דער צייטונג מיט׳ן צושראָקענעם אויסדרוק פון אַ צומישטען. נישט קיין איינציג וואָרט, נישט קיין וועה-געשריי האָט זיך פון דער ברוסט זיינער געקאָנט אַרויסרייסען. ס׳האָט איהם אַ שווינדעל געטון פאַר די אויגען, אַז ער האָט זיך געמוזט צוהאַלטען, ער זאָל נישט אומפאַלען. באַלד האָט ער מיט אַ טיף קרעכצען זיך אַראָבגעלאָזט אַ דערשלאָגענער אויף דער שטוהל.

ס׳איז איהם נאָר דאָס איינע געפיהל געבליבען, אַז ס׳איז איהם גאָרנישט געבליבען פון אַלעם, אַז דורך אָט אָ דער בשורה איז פאַר איהם אַלצדינג צושטערט געוואָרען, די גאַנצע צוקונפט זיינע. און דאָס איינע געפיהל איז אַזוי איבערפולט געווען פון וועהטאָג, אַז ס׳האָט איהם אויסגעטריקענט די טרעהרען, און בלויז איין איינציגער ברום האָט זיך פון איהם אַרויסגעריסען, אַזוי דערשלאָגען און פערשטיקט.

די צוקונפט זיינע, די גרויסע הייליגע צוקונפט! און דאָס לעבען זיינס, דאָס נייע, הייליגע לעבען זיינס!

און אַצינד? און אַצינד?...

אין איהם האָט זיך דערוועקט אַ שרעקליכער בעשלוס.

ער האָט זיך מיט מיה אויפגעהויבען, זיך צוגעוואַקעלט צו דער טיר און זי פערשלאָסען. באַלד דערויף איז ער מיט מידע, שלעפּענדיגע טריט צוגעגאַנגען צום טיש און גענומען שרייבען, און אַלץ געשריבען, אַלץ געשריבען, אַלץ געשריבען.

אַ שעה לאַנג האָט זיך אינ׳ם צימער נישט געהערט גאָרנישט אויסער דאָס ציטערנדע ראַצען פון דער פעדער און די שווערע, קרעכצענדיגע אויסאָטעמונגען פונ׳ם שרייבענדען.

*) קאָרופציאָן — פערדאָרבונג, זיטען-פערדאָרבונג.

אָט לייגט ער אַריין צו זיך אינ׳ם בוזים-טאַש די בריף צום פאָטער זיינעם, צו ריכאַרדען, צו בערגערן, צו דער פרוי ערנסטעי און געהט אַרויס.

...דער וואָפען-הענדלער מיהלבערגער האָט זיך שטאַרק פערוואונדערט, ווען לעאָ איז צו איהם אַריינגעקומען אין געוועלב אַריין און זיך געהייסען געבען אַ קעסטעל מיט צוויי דועל-פיסטוילען צוזאַמען מיט׳ן צוגעהער. מאָרגען וועט ער איהם צושיקען דאָס געלט דערפאַר. מיט׳ן בעדינג, ער זאָל עס שטרענג בסוד האַלטען, גיט ער איהם איבער, אַז ער האָט מאָרגען זעקס אינדערפריה אַ דועל, און ס׳איז דער קאָמאַן-שטייגער, מען זאָל נעמען פיסטוילען אויף הינטען צום לאָדען און נישט אויף אויבען צום לאָדען.

דאָס קיילעכדיגע, רויטע געזיכט פונ׳ם קליינעם נפש האָט געבומען שיינען פון פערגניגען, וואָס ער איז דער איינציגער, וועמען לעאָ האָט פערטרויט די דאָזיגע, פאַר דעם קליינעם שטעדטעל אונערהערטע, ראָמאַנטישע אַפּערע. ער האָט אַפילו שטאַרק חשק געהאַט צו וויסען, ווער ס׳איז דער געגנער זיינער, לעאָ האָט זיך אָבער מיט אַן אָבזאָגענדיג אַקסעל-צוקען געקווענקעלט אָנצורופען דעם נאָמען.

„איהר פערשטעהט דאָך, בעסטער הערר מיהלבערגער, אַזאַ סעקרעטע זאַך”...

„געוויס, געוויס, איילט זיך מיהלבערגער צוצוגעבען מיט אַ העכסט וויכטיגער מינע, אָבער זעגט איהר מיט׳ן פיף-פאַף — נו, איהר ווייסט דאָך, כ׳ברויך דאָך אייך נישט צו פרעגען, אַ סטודענט קען דאָך דאָס אַלצדינג”.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט צעהן מינוט שפּעטער געהט שוין לעאָ איבערן אַלטען וועג זיינעם צום שלאָס-רואין.

ער האָט דורכאַנאַנד אַלץ געטראַכט פון העלענען.

טיילמאָל האָט ער זיך אויך דערמאָהנט אין דער מוטער זיינער.

ווען ער איז געהאַט צוגעקומען צום שלאָס-רואין, האָט ער דערזעהן ווייט אונטען איבערן זעלבען וועג אַ הויך געשטאַלט אָנקומען.

ער האָט אַ ציטער געטון מיט׳ן גאַנצען קערפּער. דאָס איז ריכאַרד געוועזן.

אַצינד טאָר ער זיך אויף קיין מינוט נישט אָבהאַלטען...

ס׳האָט אַ שאָס אַ קנאַל געטון.

ווען דאָס בלאָנדע, מענליכע געזיכט האָט זיך איבער איהם אַרי-בערגעבויגען, האָט ער שוין קיין וואָרט נישט געקאָנט אויסרעדען. ער האָט בלויז בעוועגט מיט די ליפּען און זיך אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט פאַר דער ברוסט, וואו ס'זענען געלעגען די בריף. און ער האָט שוין אויך, ווייזט אויס, נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס ריכאַרד האָט צו איהם שטאַמלענדיג גערעדט.

ער האָט נאָר געזעהן דורך די טרעהרען דאָס ליבע, שמערציג פערצויגענע געזיכט פונ'ם פריינד זיינעם, וואָס האָט זיך אַריבערגע-בויגען איבער איהם און איהם געקושט.

דערויף האָט ער שטיל, וועהמוטיג געשמייכעלט.

באַלד האָט אַ צוקען גענומען דורכגעהן איבער'ן גאַנצען קערפּער.

ווען ריכאַרד האָט געוואָלט אויפהייבען דעם אויבערשטען טייל קערפּער, כדי צו פערשאַפען פאַר איהם אַ בעקוועמערע לאַגע, האָבען לעאָס אָרעמס ווי פערשטאַרט זיך אַראָבגעלאָזט.

און פאַר דעם יונגען דייטש איז קלאָר געוואָרען, אַז ער האַלט אַ טויטען אין זיינע אָרעמס, דעם אַלטען פריינד זיינעם, דעם יונגען יוד...

